DAVID AND SYLVIA STEINER YIZKOR BOOK COLLECTION

STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY
NO. 13743

# *Derechin Memorial Book*

Sefer Derets'in



THE NEW YORK PUBLIC LIBRARY – NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
YIZKOR BOOK PROJECT

NEW YORK, NEW YORK AND AMHERST, MASSACHUSETTS

# ספר זכרון
# לקהילות
# דרצ׳ין, הולינקה,
# קולונה-סיניסק

# אנדענק-בוך
# פאר די קהילות
# דערעטשין, האלינקע,
# קאלאנע - סינייסק

# DERETCHINER YISKOR BOOK

חברי מערכת הספר:

רעדאקציע־קאָלעגיע פון ספר:



פון רעכטס צו לינקס: שטייען — אריה (לייבל) בעקנשטיין, מאיר באקאלטשוק, אברהם און מאַשע קולאקאָווסקי; זיצן — חיים ראבינאָוויטש, מלכה אַלפּער און יחזקאל ראבאן (רעדאקטאָר)

# בפתח הספר

ספר הזכרון, המוגש ע"י חבר עורכיו ליוצאי דרצ'ין, קולוניה־סינייסק והאלינקה, החיים בארץ, בארצות־הברית ובמדינות אחרות של הפזורה היהודית, נועד לשמש מ צ ב ת ז כ ר ו ן לקדושי הקהילות, אשר נורו ונטבחו וחונקו ונשרפו ונקברו חיים בשדות עיירתנו ואשר נפלו בקרבות נגד הצורר האכזר והרצחני ביערות שבסביבותיה, כשידם לופתת את נשק הנקמה, לבם הומה לגאולת עמם — ואל קבר ישראל לא הובאו.

אנדרטה הוא הספר לקהילה הקדושה של דרצ'ין ושל היישובים בשכנותה — לדברי ימיה, לעממיותה, למעשיה ולמאבקיה, מראשיתה ועד להיכחדה מעל פני האדמה. מאות שנים של חיים יהודיים, על כל החן והסבל המקופלים בחיי עיירה יהודית בתחום המושב שבממלכת הצארים ובירכתי מדינת פולין האנטי־שמית, משתקפות בדפי הספר. כל זה מסופר, למען נדע אנו ובנינו ובני־בנינו את אשר היה וחיה ופעל — ונכרת.

★

עשרות בני דרצ'ין כתבו את ספר הזכרון הזה, אנשי־עם שלא מלאכתם כתיבה, אולם זכר ילדותם ונעוריהם הזוהרים בעיירתם השלווה וזכר יקיריהם, שנספו ברחובותיה, בשדותיה וביערותיה בשנות המלחמה והשואה — כל אלה לא נתנו מנוח לנפשם עד שהעלו על הניר את זכרונותיהם, הגיגיהם וסיפורי ענותם ומאבקם. הם־הם שהביאו את האבנים להקמת מצבת הזכרון הזו.

הספר מביא את סיפורה העממי של דרצ'ין, באופיו של החומר הנמסר מעל דפיו ובסגנונו. אין הוא מתיימר לשמש סקירה היסטורית סינתטית וממצה של כל המאורעות המתוארים בו — לא של דברי ימי העיירה, לא של מוסדות קהילתה ופעולותיהם, לא של השמדת היהודים בשנות השואה ואף לא של לחימתם הנועזת והעקשנית של בני דרצ'ין באויב הנאצי. זהו קובץ סיפוריהם של דרצ'ינאים רבים וכל אחד מהם כתב מתוך זכרונו את אשר ראה במו־עיניו מפינתו הוא, מן הרחוב שלו ומבית אבא־אמא שלו. מכאן גם השוני בראיית דברים ובתיאורים.

לא דאגנו למהימנות ההיסטורית הצרופה, האובייקטיבית בבחירת החומר ובהגשתו לקורא, מה גם שעד כה אין הדברים ידועים על כל פרטיהם. הנחה אותנו הרצון לתת את רשות הדיבור והכתיבה לכל בני עירנו ולהניעם שיספרו עליה את כל החרות בזכרונם.

פירסמנו את דבריהם של כל הכותבים בלשון בה נכתבו. ריבוי החומר אילץ אותנו לקצר בחלק של הרשימות, מבלי לפגוע בעיקרי הדברים וברוחם. והנה מתקבלת מכל הזכרונות, הסיפורים והתיאורים האישיים והמשפחתיים תמונה ברורה, ולדעתנו תמונה מלאת אור וזוהר של חיי עיירתנו, רווית כאב ודמע של גסיסת קהילתה ואפופת הוד וגאון של גבורת בניה־לוחמיה.

★

עיירה יהודית היתה דרצ'ין, בתוך כתליה ובחוצותיה, בבתי־המדרש שלה, בהווי חייהם של אבותינו, ברוח שהפעימה את תנועות־הנוער והמפלגות, בבתי־הספר שלה, בשאיפותיה ובחלומותיה, בימי חולין שלה כבימי שבת וחג.

עד שלהי המאה התשע־עשרה שלטה בה המסורת התורנית היהודית, שמילאה כל פינה מפינותיה. מראשיתה של המאה המסוערת שלנו היתה זו הרוח הלאומית, שקבעה את אופיין של תנועות הנוער, המפלגות ומוסדות הציבור בדרצ׳ין. היו בה גילוייהם של האידיאלים הנאורים, שהתסיסו את המוני בית־ישראל בארצות מזרח אירופה ומרכזה.

בגאון זכאים אנו להעלות על נס את חלקה של דרצ׳ין במלחמת־הנקם של הפרטיזנים נגד הרוצח הנאצי. כל היסטוריוני מלחמות היערות מספרים על כך. ללא ספק נבעה רוח הלחימה של בני עירנו מהחינוך הלאומי שקיבלו ומהזיקה השרשית שלהם אל עמם ואל שאיפתו לגאולה.



נקפו שנים מאז ימי השואה והלחימה. עברו גם שנים אחדות מאז ניגשנו לאסוף את החומר לספר־הזכרון ולעבדו. לא קל היה הדבר.

במסרנו את הספר לידי אנשי דרצ׳ין, האלינקה וקולוניה־סינייסק נכיר תודה לחברי־המערכת על עמלם הרב והפורה, — בראש וראשונה למלכה אלפר, שטרחה ללא ליאות ועסקה בכל פרט הקשור בהאדרת הספר ובהוצאתו לאור; לחיים רבינוביץ, שדלה מתוך זכרונו המופלא את תולדותיה ועברה של עיירתנו; לחברי המערכת מאיר בקלצ׳וק, אריה בקנשטיין ולבני הזוג מאשה ואברהם־הירש קולקובסקי, שנתנו ידם בכל אשר יכלו ועזרו לא במעט לקביעת מתכונתו, תוכנו ואופיו של ספר זה.

דברי תודה לחברי „ועד ספר הזכרון בארה״ב" על גיוס חומר וכספים להוצאתו לאור. תודת המוציאים לאור שלוחה למשפחת יעקב מישקין בוונצואלה, שתרמה למימון מפעל הזכרון הקהילתי הזה.

לפרטיזן הלוחם שמואל בורנשטיין, אשר פרקים מספרו „פלוגת הדוקטור אטלס" מובאים בספר זה, ולסופר הישיש בן־עירנו שלמה יודסון, שמספרו „משלושה עולמות" פורסמו כאן תיאורי הווי מלבבים — שלוחה תודתם של העושים במלאכת ספר הזכרון.



נזכור בשעת גילוי המצבה הזו את ר׳ חיים־צבי סיני־מילר ז״ל, שלא חדל מחלומו על ספר־זכרון לעיר, לה הקדיש ממיטב מרצו ויכולתו כמורה וכציוני פעיל ומפעיל; נזכור את דוד רבינוביץ ז״ל, שהשקיע עבודה רבה בביצוע ההכנות הארגוניות, באיסוף החומר ובריכוז כספים בארץ ובחו״ל להוצאת הספר — שני יקירי דרצ׳ין אלה לא זכו לראות פרי יוזמתם ועמלם.



הקורא בדפי הספר ידובב בלחש מעומק לבו את תפילת הקדיש הזכה והדוויה על קברותיהם הרחוקים והפזורים על פני שדות ויערות של אבותינו ואמהותינו, אחינו ואחיותינו, בנינו ובנותינו יקירי־הנפש, ושל משפחות שלמות שלא נשאר מהן שריד ופליט.

לפיכך נקח את הספר לידינו בדחילו ורחימו, נקרא בו ברטט של אזכרת נשמות טהורות ועם סיום הקריאה נצמיד שפתיים רוטטות אל דפיו ושורותיו המעלים זכרון הקדושים והלוחמים.

**י. רבן**, העורך

# פאָרוואָרט צום ספר

דער ספר הזכרון, וועלכן די רעדאקציע־קאָלעגיע גיט איבער אין די הענט פון דערעטשינער, קאָלאנער און האלינקער ברידער און שוועסטער, וואס לעבן אין ישראל, אין אמעריקע און אין פארשיידענע מדינות פון דער אידישער צעזייטקייט, איז ניט סתם אַן אָנדענק־בוך, — ס'איז אַ מ צ ב ה נאָך אונזערע קדושים, וועלכע זיינען געווארן דערשאָסן, געשאָכטן, דערשטיקט, פארברענט און לעבעדיקערהייט פארשאָטן אין די פעלדער פון אונזער שטעטל, אַ מצבה נאָך די וועלכע זיינען געפאַלן אין די שלאכטן קעגן דעם אכזריותדיקן און מערדערישן שונא פון אונזער פאָלק אין די וועלדער ארום אונזער שטעטל, מיט זייער נקמה־געווער אין האנט, מיט א הארץ א בענקענדיקן נאָך דער גאולה פון פאַלק — און זיינען צו קבר־ישראל ניט געבראכט געוואָרן.

אַ דענקמאָל איז דער ספר נאָך דער הייליקער קהילה פון דערעטשין און די שכנותדיקע יישובים — נאָך איר געשיכטע, פאלקסטימלעכקייט, אויפטוען און געראַנגל זינט אירע ערשטע שריט מיט הונדערטער יאָרן צוריק ביזן טאָג ווען זי איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד. הונדערטער יאָרן פון אידישן לעבן, מיטן חן און פיין וואָס זיינען פארבונדן מיטן לעבן פון א אידישן שטעטל אין תחום־המושב פון דער צארישער הערשאפט און צולעצט אין אַ וייטן ווינקעלע אין אַנטיסעמיטישן פוילן, שפיגלען זיך אָפּ אין די בלעטער פון ספר. דאס אַלץ ווערט דא דערציילט, כדי מיר און אונזערע קינדער און קינדס־קינדער זאלן וויסן אלץ וואס איז געווען, וואס האט געלעבט — און איז פאַרשניטן געווארן.



צענדליקער דערעטשינער האָבן געשריבן דעם אָנדענק־ספר, פאלקס־מענטשן וואס שרייבן איז ניט זייער מלאכה, אבער די זכרונות פון זייערע קינדער־און־יוגנט־יאָרן אין דעם אידילישן שטעטל און דער אָנדענק פון זייערע טייערסטע, וועלכע זיינען אומגעבראכט געוואָרן אין די היימישע גאסן, פעלדער און וועלדער — דאס אַלץ האט זיי ניט געלאָזן צורו, ביז זיי האָבן ארויפגעבראכט אויפן פאפיר זייערע מעמואַרן, געדאנקען און שילדערונגען. זיי אלע האָבן דאס געבראכט די שטיינער, פון וועלכע ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן די מ צ ב ה — דער ס פ ר.

אין אים ווערט דערציילט די געשיכטע און געשילדערט דער לעבנס־שטייגער פון דערעטשין, פאָלקסטימלעך און פשטותדיק געשריבן, סיי לויטן אינהאלט און סיי לויטן סטיל און טאָן. דער ספר־הזכרון וויל זיך ניט גרויס האַלטן אלס סינטעטישע און אויסשעפנדיקע היסטאָרישע איבערזיכט פון אלע געשעענישן, וועלכע ווערן אין אים באשריבן — די געשיכטע פון דערעטשין, די קהילה און אירע אַנשטאַלטן און אויפטוען, די פארניכטונג פון דערעטשינער אידן אין די יאָרן פון מלחמה און אומקום, דער דרייסטער, עקשנותדיקער קאמף פון די דערעטשינער קעגן דעם נאַצישן שונא. דער ספר איז אייגנטלעך א זאמלונג פון שילדערונגען און זכרונות פון א סך דערעטשינער, און יעדער איינער האָט געשריבן פון זיין זכרון, וואס ער האט געזען מיט זיינע אויגן, פון זיין ווינקעלע, פון זיין גאַס און פון זיין טאַטע־מאַמעס היים. דערפאר זיינען טאקע די באשרייבונגען פארשיידנארטיק.

מיר האָבן ניט געשטרעבט צו היסטאָרישער, אָביעקטיווער אויטענטישקייט ביים צונויפזאמלען די מאַטעריאלן און ביים באַארבעטן זיי און צוגרייטן צום פאַרעפנטלעכן. דערצו מוז מען אונטערשטרייכן, אז עד היום זיינען נאך ניט באקאנט אַלע פאקטן מיט זייערע פרטים. מיר האבן געוואלט געבן דאס ווארט און וועקן צום שרייבן יעדן איינעם פון אונזערע שטעטלשע, אז זיי זאלן ברענגען צום אויסדרוק אַלץ וואס איז איינגעקריצט אין זייער זכרון און דריקט זיי אויפן הארצן.

מיר האָבן געדרוקט די זאַכן אין דער שפראַך, אין וועלכער זיי זיינען געשריבן געוואָרן. ס׳האָט זיך אָנגעזאַמלט זייער פיל מאטעריאל און מיר זיינען געווען געצוואונגען טיילוויז צו קירצן די זכרונות, ניט אָנרירנדיק דעם עיקר און דעם גייסט זייערן.

אזוי האט זיך באקומען פון אלע זכרונות, דערציילונגען און שילדערונגען, די אינדיווידועלע, משפחותדיקע און אַלגעמיין-געזעלשאפטלעכע, א קלאָר בילד, לויט אונזער אָפשאַצונג אַ בילד פון דערעטשין פול מיט ליכט און שיין פון איר לעבן און שטייגער, דורכגעזאפט מיט ווייטאק און טרערן פון איר אונטערגאנג, באהויכט מיט שטאָלץ און שיין פון אירע העלדישע זין און קעמפער.



אידישלעך איז געווען דערעטשין, אינעווייניק צווישן אירע ווענט און אין אירע גאסן און געסלעך, אין אירע בתי-מדרשים, אין לעבנס-שטייגער פון אונזערע טאטעס און זיידעס, מאמעס און באָבעס, אידישלעך אין דעם גייסט וואָס האט באהערשט אירע יוגנט-פארבאנדן און אירע פאַרטייען, אין אירע שולעס און בתי-ספר, אין אירע שטרעבונגען און חלומות, אידישלעך אין אירע וואָכעדיקע און שבת-יומטובדיקע טעג.

ביזן סוף פון ניינצענטן יאָרהונדערט האט אין איר געהערשט די טראדיציע פון תורה-לערנען, וואס האט אויסגעפילט אלע אירע ווינקעלעך. זינט דעם אָנהויב פון אונזער אויפגעשטורעמען יאָרהונדערט האט דער נאציאָנאלער גייסט געריכטעט דעם אינהאלט און כאראקטער פון די יוגנט-באַוועגונגען, פאַרטייען און געזעל-שאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין דערעטשין. עס האָבן אין איר לעבן געווירקט אנטפלעקונגען פון די ליכטיקסטע אידעאַלן, וועלכע האָבן אויפגעברויזט און אקטיוויזירט די אידישע מאסן אין מזרח-און-מיטל-אייראָפּע.

מיר מעגן מיט שטאָלץ דערמאָנען און לויבן דעם אָנטייל פון הונדערטער דערעטשינער אין די נקמה-שלאכטן פון די פאַרטיזאנער קעגן דעם נאצישן רוצח. אלע היסטאָריקער פון דער פארטיזאנישער באוועגונג דערציילן וועגן דעם. דער קעמפערישער גייסט פון אונזער יוגנט איז זיכער געקומען פון דער נאציאָנאַלער דערציאונג אין די דערעטשינער לערן-אַנשטאלטן און פון זייער וואַרצלדיקער פארבונדנקייט מיט זייער פאָלק און מיט זיינע שטרעבונגען אויסגעלייזט צו ווערן פון פאַרפאָלגונגען און קנעכטשאַפט.



יאָרן זיינען פארביי זינט דער מלחמה און דעם אומקום. עס זיינען שוין אוועק עטלעכע יאר זינט מיר האָבן זיך גענומען צונויפזאמלען די מאַטעריאלן צום ספר און זיי באארבעטן. ניט לייכט איז געווען די אַרבעט.

איבערגעבנדיק דעם ספר אין די הענט פון דערעטשינער, האַלינקער און קאָלאָנער, פילן מיר פאר אונזער פליכט צו דאַנקען די מיטגלידער פון דער

רעדאַקציע־קאַלעגיע פאַר זייער גרויסער און פרוכטבאַרער ארבעט, — קודם־כל א דאנק מלכה אַלפער, וואָס האט ממש אומדערמידלעך געהאָרעוועט און זיך פארנומען מיט אלע איינצלהייטן פון באַרייכערן דעם אינהאלט און ארויסגעבן דעם ספר; א דאנק און א יישר־כוח חיים ראַבינאָוויטשן, וועלכער האט פון זיין וואונדערבארן זכרון געשעפט די מאטעריאלן פאר דער געשיכטע און פארגאנגענהייט פון אונזער שטעטל; א דאנק די רעדאקציע־מיטגלידער מאיר באַקאַל־טשוק, אריה בעקנשטיין, מאשע און אברהם־הירש קולאַקאָווסקי פאר זייער הילף, מיט וואָס זיי האָבן נאר געקענט, אויסצובערייטערן דעם פארמאט און אינהאלט און אויסקריסטאליזירן דעם כאראקטער פון ספר־הזכרון.

א ברידערלעכער דאנק די מיטגלידער פון „אמעריקאנער קאָמיטעט פאַרן אָנדענק־בוך”, וועלכע האָבן געזאמלט מאטעריאלן און מאָביליזירט געלט פארן ספר. א דאַנק דער משפחה פון י ע ק ב  מ י ש ק י ן אין וועגעצועלא, וועלכע האט זיך מיטבאַשטייערט ברייטהאַרציק פארן פאנד פון אויפשטעלן אַט דעם מאָנומענט פאר אונזערע אומגעבראכטע ברידער און שוועסטער.

דעם פאַרטיזאנישן קעמפער שמואל באַרנשטיין, פון וועמענס בוך „פלוגת הדוקטור אטלס” מיר האָבן גענומען אייניקע קאַפּיטלען פאר אונזער ספר, און דעם ליבן שרייבער שלמה יודסאָן, פאר די פארעפנטלעכטע הארציקע שטייגער־דערציילונגען פון אַמאָליקן דערעטשין, גענומען פון זיין בוך „פון דריי וועלטן” — שיקן א האַרציקן דאַנק די וואס האָבן געארבעט ביים רעדאקטירן דעם דערעטשינער אָנדענק־בוך.

★

ביים אַנטהילן די מצבה פאר אונזער קהילה וועלן מיר גדענקען ר׳ חיים־צבי סיני־מילער ז״ל, וועלכער האָט געחלומט וועגן א ספר־זכרון פארן אידישן דערעטשין, וואָס איר האט ער געווידמעט יאָרן אלס לערער און אלס אַקטיווער און אקטיוויזירנדיקער ציוניסט; און מיר וועלן גדענקען דוד ראבינאָוויטשן ז״ל, וואס האט אַ סך ארבעט אריינגעלייגט אין דער נויטיקער צוגרייטונג צום בוך, געזאמלט פילע מאטעריאלן און אליין געשריבן, מאָביליזירט מיטלען און געזאָרגט פאר יעדער קלייניקייט.ביידע טייערע דערעטשינער טוער האָבן ניט זוכה געווען צו זען די פרוכטן פון זייער איניציאטיוו און האָרעוואַניע.

★

ווער ס׳וועט לייענען דעם ספר וועט שטיל, פון טיפן הארצן, שעפטשען דעם ריינעם, אויסגעווייטאָקטן קדיש אויף די ווייטע, צעזייטע קברים פון אונזערע טאטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, זין און טעכטער און פון גאנצע משפחות, פון וועלכע ס׳איז קיין שריד ופליט ניט געבליבן.

מיט יראת־הכבוד וועלן מיר דעריבער נעמען דעם ספר אין אונזערע הענט, לייענען זיינע בלעטער מיט א הייליקן ציטער פון אזכרת נשמות, און ווען מיר וועלן ענדיקן דאס לייענען, וועלן מיר צודריקן אונזערע ציטערנדיקע ליפן צו זיינע בלעטער און שורות, וועלכע ברענגען אונז דעם אָנדענק פון די קדושים און קעמפער.

**י. ראַבאָן**, דער רעדאקטאָר

# א שטילער קדיש
# נאך אונזערע טייערסטע



פון

אברהם־קדיש פעדער,
פאַרזיצער פון דרעטשינער
יזכור־בוך־קאָמיטעט אין אמעריקע

ווען איך האב גענומען אויף זיך די ארבעט אלס פארזיצער פון קאמיטעט פארן אנדענק־בוך פון דרעטשין, האב איך גוט געוואוסט, ווי גרויס ס׳איז די אויפגאבע און נאך גרעסער די אחריות.

אנגעהויבן ארבעטן פארן יזכור־בוך האבן מיר אין יאר 1964. די ערשטע און אלגעמיינע פארזאמלונג פון די דרעטשינער בני־עיר וועגן דעם אנדענק־בוך האבן מיר געהאט חול־המועד סוכות, מיטן אנטייל פון מלכה אלפער בעת זי האט באזוכט אמעריקע.

דער געדאנק ארויסצוגעבן א יזכור־בוך האט שוין פון לאנג געעגבערט אין די מוחות פון אייניקע דרעטשינער לאנדסלייט. מיר האבן אין אזא ספר געזען די איינציקע מעגלעכקייט צו פאראייביקן דעם אנדענק פון אונזער קליינעם שטעטל, וואו מיר זיינען געבוירן געווארן, דערצויגן געווארן און פארבראכט אונזערע זיסע יוגנט־יארן.

דאס איז טאקע די אויפגאבע פון אונזער יזכור־בוך. אין אים ווערן פאראייביקט שמחות און טרויער, דאס לעבן און שאפן, ליידן און פיין פון אלע אונזערע נאנסטע, ביז זיי זיינען דערפירט געווארן צום לעבן אין געשלאסענעם געטא, געשלעפט געווארן צו דער שחיטה, טיילווייז באוויזן זיך אריבערכאפן אין די וועלדער און מלחמה האלטן מיטן שונא, און אין זייער מערהייט אומגעקומען אויף קידוש השם.

זאל דער ספר אונז דינען אלס אנדענק נאך די אומגעקומענע אין די גריבער און געפאלענע אין שלאכטן, וועלכע זיינען צו קבר ישראל ניט געקומען. זאל עס זיין א מצבה פאר די, וועלכע האבן העלדיש געקעמפט קעגן דעם גרעסטן שונא פון אונזער פאלק אין משך פון זיין לאנגער און פיינפולער געשיכטע. פאר אונז און פאר אונזערע קינדער וועלן זיי דינען אלס העלדן, וועלכע האבן פאר־טיידיקט זייער כבוד אלס מענטשן און אידן.

עס קומט א דאנק אלע די, וועלכע האבן זיך באטייליקט אין דער ארבעט און געהאלפן ארויסצוגעבן דעם ספר, ווער מיט מאטעריאל און ווער מיט זיין

באשטייערונג. א באזונדער דאנק דער דערעטשינער סאסייעטי און די מיטגלידער פון יזכור־בוך־קאמיטעט, אונזערע ליבע בני־עיר יונה סילקאוויטש, צירל קאמענעצקי, פענע בערמאן, איידע סארנאטסקי, יהודית יאנקעלעוויטש, גוטע באיארסקי, דעם פרעזידענט פון דער סאסייעטי בערניקער, רחל עפראס, חיה פילזער, דוד יאנאווסקי, און אחרון אחרון חביב — אונזער סעקרעטאר ראזע סיסקינד און קאסירער שרה זלאטניק, וועלכע האבן שווער און איבערגעבן געארבעט פאר דער זאך פון ספר.

מיטן דערעטשינער יזכור־בוך שטעלן מיר א מצבה לזכרון נצח פאר אלע אומגעקומענע און פארפייניקטע אידן פון דער קהילה דערעטשין. דער ספר איז א טרער אויף די צעזייטע און צעשפרייטע ברידער־קברים פון אונזערע ברידער און שוועסטער, טאטעס און מאמעס, פריינט און חברים פון דערעטשינער אידישן ישוב, וואס איז שוין מער ניטא.

מיט יראת הכבוד וועלן מיר נעמען דעם ספר אין אונזערע הענט און אים לייענען ווי א שטילן קדיש נאך אונזערע טייערסטע.

כסלו תשכ"ז — נאוועמבער 1966

## DERETCHINER YISKOR BOOK COMMITTEE

A. FEDER, Chairman
SARA SLOTNICK, Treasurer
ROSE SISKIND, Secretary
365 W. 28th St.
New York 1, N. Y.
Tel. WA 4-1286

N. BLIS
J. SILKOWITZ
F. BERMAN
I. SARNOTSKY
R. EFROS
G. BOYARSKY
S. KANINETSKY

SHUMAN
SH. BERNICKER
S. BERNICKER
P. LANCE
SH. PILCER
D. YANOFSKY
J. YANKELEWICK
LEVIN

Worthy Landsleit:

As you know, the Deretchiner Landsleit in America, together with our Landsleit in Israel are publishing a **YIZKOR (MEMORIAL) BOOK for our hometown DERETCHIN.**

Deretchin was a small town, but it was rich in culture, Rabbinical personalities and fine people. This will be **the only monument** for our town, for our dear beloved martyrs who were so brutally murdered during the last war. In this YIZKOR BOOK they will be commemorated.

If you have a picture from streets or houses of certain people of interest in our hometown, which will shed a light on the way of life in Deretchin, please send it to the Committee. Also if you could send us articles describing your life there in school, organizations, World War I, and especially from the World War II. Please send it to us as soon as possible and all the material and pictures will be reviewed by the Editotrial Board and whatever they will find of interest, will be printed.

Naturally, worthy Landsleit, a book like this costs about 4 to 5 thousand dollars. Our landsleit in Israel do more financially for this cause than they can afford, therefore we appeal to you, please do your share, send us your generous contribution for this sacred cause. We thank heartily for those of you who already sent in their cntribution.

If you know some Deretchiner who desn't know yet about this project, please talk to them, also to your children, and see that they should contribute to the Yizkor Book.

We hope that your name will be among the contributors to this everlasting Memorial. Write to your out-of-town Deretchiner friends, tell them about the Yizkor Book. Or send to us their addresses and we will write them.

Please do not delay. — We expect to hear from you in a few days.

Fraternally yours

השוב'ע לאנדסלייט און פריינט:

ווי אייך איז שוין בעקאנט, גייען מיר די דערעטשינער לאנדסלייט אין אמעריקע צוזאמען מיט אונזערע לאנדסלייט אין ישראל, ארויסגעבן א **דערעטשינעם יזכור בוך**. דערעטשין איז געווען א קליין שטעטעלע, אבער איז געווען רייך מיט קולטור, גאונים, עסקנים און פאלקס מענטשן. דער איינציגער זכר און מצבה נאך אונזער שטעטעל, נאך אונזערע נאענטסטע, וועלכע זיינען אין דער לעצטער מלחמה אומגעקומען אויף קידוש השם, וועט זיין דער דערעטשינער **יזכור בוך**, דאס וועט זיין א נר תמיד.

בעטן מיר אייך, אויב איהר פארמאגט בילדער פון הייזער, גאסן, פון געוויסע מענטשן פון דער אלטער צייט, בילדער וואס האט פארגעשטעלט אונזער לעבן אין דער אלטער היים. און אויך בעטן מיר אייך, אונז צו שיקן געשריבענע מאטעריאל וואס איהר געדיינקט פון דער אלטער היים, פון אייערע איבערלעבונגען, פון שול, פון ארגאניזאציעס, פון דער ערשטער וועלט מלחמה און ספעציעל פון דער לעצטער וועלט מלחמה, שרייבט עס נאך היינט, לייגט ניט אפ און שיקט עס גלייך צו מיט בילדער, אויב איהר פארמאגט. די אלע געשריבענע מאטעריאל און בילדער וועט גיין צו די רעדאקטארן פון בוך, און וואס זיי וועלן געפינען פאר נויטיג צו דרוקן, פילייכט מיט איבערבעסערונגען — דאס וועט ניט זיין אין אונזער רשות — וועט מען דרוקן.

גלייכצייטיג חשוב'ע לאנדסלייט, איז עס א פראגע פון געלט, ארויס צו געבן א בוך דארף קאסטן פון 4 ביז 5 טויזענט דאלאר, אונזערע לאנדסלייט אין ישראל, טוען איבער זייערע כוחות, די מערבטע געלט דארף קומען פון אונז אין אמעריקא.

מיר בעטן אייך און אפעלירן צו אייך און צו אייער אידיש הארץ, ריפט זיך אפ וואס שנעלער, שיקט וויפיל אייערע כחות און אייער קעשענע ערלויבט אייך. און אויב איהר האט שוין אייער ביישטייערונג געגעבן, דאנקען מיר אייך זייער.

מיר האפן חשוב'ע לאנדסלייט, אז איהר וועט ניט אפשטיין און איהר וועט אונז העלפען אין דער ארבעט, זאל אייער נאמען זיין צווישען די ביישטייערערס, העלפט אונז קויפען א ציגעל צו בויען דעם בנין.

די געלט קען נאר געשאפען ווערען בלויז פון דערעטשינער לאנדסלייט, דערציילט וועגען דעם דערעטשינער יזכור בוך צו אייערע קינדער. שרייבט צו אייערע בעקאנטע דערעטשינער, וועלכע וואהנען ניט אין ניו יארק, אדער אין אן אנדער לאנד, דערציילט זיי וועגען דעם יזכור בוך, אדער שיקט צו אונז זייערע אדרעסן.

מיר בעטן אייך נאך אמאהל און נאך אמאהל, לייגט עס ניט אפ...
מיר ערווארטן צו הערען פון אייך אין די נאענטסטע טעג.

מיט ברידערליכען גרוס,

**ABRAHAM FEDER**, Chairman **SARA SLOTNICK**, Treasurer **ROSE SISKIND**, Secretary

Please make checks or money orders payable to: מאני ארדערס און טשעקס זאלען געמאכט ווערען אויפן נאמען:
**DERETCHINER YISKOR BOOK COMMITTEE**

and send to: און געשיקט ווערען צו:
**ROSE SISKIND, 365 West 28th Street, New York 1, N. Y.**

ווענדונג פון אמעריקאנער יזכור־בוך־קאמיטעט צו די לאנדסלייט




יזכור־בוך־קאָמיטעט אין אמעריקע: פון רעכטס צו לינקס — שטייען: סעם בערניקער, דוד יאנאָווסקי, איידע סארנאטסקי־פעדער. פרוי בערניקער, שמעון בערניקער ז״ל, קדיש פעדער (פאָרזיצער); זיצן: גוטע באַיארסקי, רחל עפראס־פעלדמאן. רוחמה זיסקינד־אבעלאָוויטש (סעקרעטאר), שרה־ביילקע זלאָטניק־יאַנאָווסקי ז״ל (קאסירער), צירל קאַמענעצקי־פרידמן, יהודית יאנקעלעוויטש־לאנצעוויצקי.

# צו אונזערע דערעטשינער ברידער און שוועסטער אין אמעריקע

## שלום וברכה!

ס'לויפן די יאָרן און אָט זיינען שוין אוועק מער ווי 28 יאָר נאָכן אומקום פון אונזערע טייערע אין געטאָ און אין וואלד, פון קעלט און הונגער, אדער אין שלאכט-פעלד פון די בלוטיקע הענט פון די נאציס און זייערע מיטהעלפער.

אונזערע חכמים זכרונם לברכה האָבן אמאָל געזאָגט, אז מיט יעדער נשמה וואָס קומט אום און ווערט פארשניטן, ווערט חרב מיט איר א גאנצע וועלט. און דאָ זיינען בלויז אין דערעטשין אומגעקומען אזויפיל וועלטן אין פיין, ווייטאָקן און אין מוטיקן קעגנשטעלן זיך דעם שונא, אָפט מיט ליידיקע הענט אָדער מיט קנאַפּן געווער — טאַטעס און מאַמעס, קינדערלעך, זיידעס און באַבעס, יונגעלייט, זין און טעכטער און נאָך און נאָך.

מיר אלע, וואָס האָבן מיט באָרוועסע פיס אדער אין שיך געטראָטן אויף דערעטשינער ערד; וואָס האָבן אין די קינדער-יאָרן אין שבתדיקע זומער-טעג זיך געקייקלט פון פוסטן באַרג אראָפּ (דאָרטן, אנטקעגן די פאלאצן-קאזארמעס); וואָס האָבן שפאצירט אין די פריסאדעס אויפן זשעטלער שאָסיי, אָדער אין אָגער-סאָד — זומערצייט, אין שאָטן פון די קאשטאן-בוימער, און הארבסט-צייט, ווען די בוימער האָבן גענומען פון זיך אראָפּוואַרפן די געל-גאָלדענע בלעטער צוזאמען מיט די קאשטאנעס, און זיי האָבן גערוישט אונטער די פיס — — —

מיר אלע, וואָס זעען דאָס אלץ היינט דורכן נעפל פון בלוט און אומקום, געדענקען יעדע מינוט, אז דאָרטן, אין יענער ערד, ליגן — ניט אויפן בית-עולם, ניט אויפן אלטן און ניט אויפן נייעם — אפשר מער טויטע אידן ווי אין אלע יאָרן וואָס דערעטשין האט עקזיסטירט אלס אידיש שטעטל.

בא יעדערן פון אונז שטייט אין הארצן די מצבה, דער פיינפולער זכרון, אָבער לויטן אידישן מנהג שטעלט יעדער איינער אויך א מצבה, א שטיין אויפן קבר. גיי שטעל א שטיין אויף ברידער-קברים, וועלכע זיינען צעשפרייט איבער פעלדער און וועלדער, צו וועלכע מ'קען אפילו ניט צוקומען. זיי זיינען אונטער דער הערשאפט פון די וואָס האלטן זיך פאָר טרעגער פון פאָרשריט און גלייכבארעכטיקונג פאר דער גאנצער וועלט — פאר אלעמען, „קראָמע יעווריעוו”!

זאָל יעדערער פון אונז האָבן די מצבה פאר די אויגן, אין דער פאָרם פון א ספר, פון יזכור-בוך, אין וועלכן ס'זיינען מיט קדושה און ליבע צוזאמענגעקליבן געוואָרן זכרונות, באשרייבונגען, אויסדרוקן, געשיכטעס און לידער וועגן אלץ וואָס מיר האָבן פארלאָרן אין אונזער היים-שטאָט. מיר ווילן דערמיט פאראייביקן די נעמען פון די אומגעקומענע אויף קידוש-השם אין געטאָ און פון די וואָס זיינען געפאלן אין קאמף קעגן דעם גרעסטן שונא פון אידישן פאָלק.

זאָלן די קומענדיקע דורות לערנען פון די בלעטער פון אונזער יזכור-בוך, אז זיי שטאמען פון ארבעטזאמע, פראָדוקטיווע עלטערן, וועלכע האָבן, בויענדיק פאר זיך א לעבן, אויך געבויט יענע מדינה, וועמענס „שטיפבירגער” זיי זיינען געוועזן, פון עלטערן, וואָס האָבן געקעמפט פאר א בעסערן מאָרגן פאר זיך און פאר יענעם, פארן אידישן פאָלק און פאר אנדערע פעלקער.

די קומענדיקע דורות מעגן ארייננקוקן אין ספר. אויף אונז ליגט די פליכט און די מצווה, לויטן אויסדרוק פון דער תורה — ושננתם לבניך, זאָלסט עס איינחזרן מיט דיינע קינדער, ווייזן זיי די בילדער, דערציילן זיי דעם אינהאלט און טאָן אלץ כדי זיי צו דערנענטערן צום עבר פון זייערע עלטערן.

תחזקנה ידיכם. טוט וואָס איר קענט כדי צו מאכן דעם ספר רייכער אין אינהאלט, שענער אין אויסזען און צוגענגלעך אין פרייז פאר יעדן איינעם פון אונזערע דערעטשינער.

מיט גרוסן, אין נאָמען פון אלעמען

**מלכה אלפער**

## ביים ארויסגעבן דעם ספר / דוד ראבינאָוויטש ז״ל

אין אלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן און ליטע איז פון די אידן קיין זכר ניט געבליבן. ס'איז אפילו ניט געוועזן ווער ס'זאָל מצבות אויף די קברים שטעלן. דער איינציקער וועג צו פאראייביקן דעם אָנדענק פון די נאָנטע און טייערע קרבנות און פון די באליבטע און אומ-פארגעסלעכע היים-שטעט און שטעטלעך איז נאָר דורך אויפקלייבן זכרונות און באשרייבונגען פון די וואָס זיינער ביים לעבן געבליבן און פארעפנטלעכן דאָס אין אָנדענק-ביכער, וועלכע דערציילן די געשיכטע פון די אומגעקומענע קהילות און אויסגעהרגעטע אידן, ווי אויך אי-בערגעבן די קומענדיקע דורות די געשיכטע פון אידישן ווידערשטאנד אין די געטאָס און וועלדער — א געשיכטע פון אומבאשרייבלעכער גבורה, וואָס האָט זיך אנטפלעקט נאָך דער לאנגער, פיינפולער היסטאָריע פון אידישן צוויי-טויזנט-יאָריקן גלות ווי א ליכטיקע אָפּשטרא-לונג פון אונזער נאציאָנאלער, העלדישער ווי-דערגעבורט אין אונזער אייגענעם לאנד.

גרויסע שטעט און קליינע שטעטלעך האָבן שוין ארויסגעגעבן זייערע אָנדענק-ביכער. שוין לאנג איז אויך אין די קרייזן פון דערעט־שינער עולם געפּלאנט און געטאָן געוואָרן פארן



קבלת־פנים פאר יעקב מישקין און פרוי

ארויסגעבן דעם פנקס-דערעטשין. עס איז אויס-געוויילט געוואָרן א רעדאקציע־קאָלעגיע וואָס האָט אויף זיך גענומען די אויפגאבע אויפצו־זאמלען אלע מאטעריאלן — זכרונות, באשריי־בונגען, פאָטאָגראפיעס, היסטאָרישן מאטעריאל, א. ד. גל.

א באזונדערס שווערע און וויכטיקע ארבעט איז געווען ביים זאמלען די נויטיקע געלט־סומען פארן בוך. א באדייטנדיקע הילף האָט צוגעטראָגן אונזער בן־עיר יעקב מישקין פון ווענעצועלע. אָנהויב די פופציקער יאָרן האָט ער באזוכט צום ערשטן מאָל אין מדינת ישראל.

יעקב מישקין האָט זיך פארבונדן מיט מיר און מיט חיים ראבינאָוויטשן און באלד אונז געפרעגט, מיט וואָס ער קען העלפן דער שאַ-רית-הפליטה פון די דערעטשינער, וועלכע זיי-נען אָנגעקומען אין לאנד נאָך דער מלחמה און נאָכן אומקום פון מזרח-אייראָפּעאישן אידנטום. מיר האָבן נאָך דאן ניט געטראכט וועגן ארויס-געבן אונזער יזכור-בוך, און מיר האָבן אים פאָרגעלייגט צו גרינדן א גמילות-חסדים-קאסע, כדי צו העלפן מיט אָנפּראָצענטיקע הלוואות די נויט-באדערפטיקע פון אונזער שטעטל. ער האט באלד געשפּענדעט פאר דעם צוועק 2 טויזנט פונט און נאָך איין טויזנט האָבן מיר, די ישראלדיקע, געשאפן צווישן זיך. די גמילות-חסדים-קאסע עקזיסטירט נאָך ביז היינט.

מיט א פּאָר יאָר שפּעטער, בעתן צווייטן באַזוך פון דער פאַמיליע מישקין אין ישראל, איז שוין אין די דערעטשינער קרייזן רייף געוואָרן דער געדאנק פון אן אָנדענק-בוך, לזכר אונזער אומגעקומענער קהילה. מיר האָבן זיך געווענדעט צו זיי וועגן הילף ארויסצוגעבן דעם פנקס-דערעטשין. יעקב מישקין האָט באלד צושטייער געגעבן 3 טויזנט פונט פאר דעם צוועק און פרוי סאָפיע מישקין האָט, בעת א שפּעטערדיקן באזוך אין לאנד, בייגעלייגט איר שפּענדונג — נאָך טויזנט פונט. יעקב׳סביידע שוועסטער האָבן, באזוכנדיק ישראל, געשפּענדעט 600 פונט.

במשך פון די לעצטע יאָרן האָבן מיר אויך באקומען געלט פון די דערעטשינער אין אמע-ריקע, קאנאדע, ארגענטינע, דרום-אפריקע און פון אנדערע לענדער, וואו נאָר ס׳געפינען זיך דערעטשינער. אין ישראל גופא איז אויך צו-זאמענגעקליבן געוואָרן א סומע געלט אויף דעם צוועק.




דרצ׳ין
בתוך
סביבתה

דערעטשין
אין איר
אומגעגנט

# דערעטשין פון אמאל / חיים ראבינאָוויטש

צווישן די גרעניצן פון ליטע, פוילן און אוקראינע איז אין די פארנעפלטע יארהונדערטער פון דער צווייטער העלפט פון מיטלאלטער געלעגן האלב־וויסט א ברייט לאנד, פלאך, מיט א סך וואסערן, בלאטעס און וועלדער, מיט מאגערער ערד און מיט א שיטערער באפעלקערונג אין באפעסטיקטע בורגן און שטעטלעך און אין ארעמע דערפער ארום פירשטלעכע פאלאצן. דאס זיינען די ברייטע שטחים פון שפעטערדיקן ווייסרוסלאנד, וועמענס גרענעצן זיינען קיינמאל ניט גענוי פעסטגעשטעלט געווארן און וועלכע איז דערגאנגען צו זעלבשטענדיקייט ערשט נאך דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואלוציע, אלס טייל פון ראטנפארבאנד און איינע פון זיינע 15 רעפובליקן.

אין לויף פון די לעצטע 6־7 יארהונדערטער האט ווייסרוסלאנד געערט צו פארשיידענע מדינות אין מזרח־אייראפע, אנהויבנדיק פון ליטווישן פירשטנטום, שפעטער אריבער צו דער הערשאפט פון דער פויליש־ליטווישער אוניע און געבליבן אין די גרעניצן פון פוילן ביז איר צעטיילונג. נאך דער חלוקה פון פוילן געפינט זיך ווייסרוסלאנד אונטער רוסישער הערשאפט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין וועלכער די דייטשן אקופירן כמעט די גאנצע געגנט און האלטן זיך דארטן ביזן סוף פון דער מלחמה. נאך א קורצער הערשאפט פון דער רויטער ארמיי ווערט דער גאנצער מערבדיקער טייל פון ווייסרוסלאנד איינגעגלידערט אין דער נייער פוילישער רעפובליק און דאס דויערט ביזן אויברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. קנאפע צוויי יאר געערט ווידער די געגנט צו ווייסרוסלאנד. די סאוועטישע מאכט ווערט איבערגעריסן נאכן אנגריף פון דייטשישן מיליטער, בעת וועלכן די נאצישע מערדער באהערשן שוין אין די ערשטע וואָכן פון זייער אטאקע גאנץ ווייסרוסלאנד און באלעבאטעווען דאָרטן פונקט ווי זיי האָבן עס געטאן אין אלע לענדער פון אקופירטער אייראפע. אין 1944 אנטלויפן זיי פון דער געגנט, אונטערן דרוק פון סאוועטישן מיליטער און לאזן איבער אן ארעמע, אויסגעהונגערטע און בארויבטע שטיק לאנד, כמעט אן אירע אמאליקע יידישע יישובים אין די שטעט און שטעטלעך. פון דאן אן געערט די האלב־אויסגעליידיקטע געגנט ווידער צו דער ווייסרוסישער רעפובליק.

די אמתע הערשער פון די ריזיקע שטחים זיינען אבער געווען, ביזן אנהויב פון 19־טן יארהונדערט, ניט די מדינות צו וועלכע די געגנט האט אנבאלאנגט, נאר די פירשטלעכע משפחות וועלכע האבן באקומען אלס מתנה און בירושה דערפער און שטעטלעך מיט די פיל טויזנטער העקטארן ערד ארום זיי און געהערשט איבער דעם אייגנטום מיט זיין באפעלקערונג לויט זייער איינזען.

### דערעטשין אין איר אנהויב

אין מערבדיקן טייל פון ווייסרוסלאנד, וואס ליגט נאנט צו דער פוילישער גרענעץ, געפינט זיך ד ע ר ע ט ש י ן. היסטאריקער זיינען נוטה אָנצונעמען, אז די ערשטע אָנהויבן פון דערעטשין אלס יישוב זיינען געמאכט געוואָרן ערגעץ־ווען אויף די גרענעצן פון 14־טן און 15־טן יארהונדערטער. דערעטשין איז דאן געבויט געווארן אויפן האנדלס־שליאך, וואס האט געפירט פון סלאנים קיין גראדנע. דאס שטעטל ליגט טאקע קנאפע 32 קילאמעטער צו צפון־מערב פון סלאנים, 46 וויארסט צפונדיק פון רוזשנוי. צו צפון־מזרח פון דערעטשין פליסט די שטשארע אויף איר וועג אריינצוגיסן אירע וואסערן אין ניעמאן אריין. דערעטשין גופא ליגט אויפן טייכל, וועלכן אלטע געאגראפן האבן אנגערופן „זעלווא", אבער די שפעטערדיקע האבן אנגענומען דעם ארטיקן נאמען ס א פ א י א, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרן אויף אידיש די ש י פ ע. ס'איז פארש־

טענדלער און אנגענומען, אז דער נאמען „סאפּאיא" שטאמט ניט פון די ערשטע צייטן פון דערעטשין, נאר פון די שפּעטערדיקערע, ווען די ס א פּ י ע ה א ס זיינען געווארן די הערשער פון שטעטל און איר אומגעגנט.

דערעטשינער איינוווינער, און מיט זיי אויך פיל אנדערע וואס האבן זיך באקענט מיטן שטעטל און וועגן אים געטראכט, גערעדט און געשריבן, פארבינדן דעם נאמען און די אנהויבן פון זייער היים־שטאט מיטן נאמען פון דער פירשטלעכער סאפּיעהא־משפחה. פון פארשיי־דענע קוועלן, היסטארישע און כראניקאלע, באקומט זיך דער איינדרוק, אז דערעטשין האט פון אנפאנג אן געהערט צו דער סאפּיעהא־דינאסטיע.

אז מ'הויבט אבער אן צו נישטערן אין אלטע ביכער און דאקומענטן דערוויסט מען זיך, אז דערעטשין מיט די גרויסע ערד־שטחים ארום איר האבן דורכגעמאכט פארשיידענע גילגולים ביז די סאפּיעהאס האבן באקומען די שליטה איבער זיי.

אין דער צווייטער העלפט פון 15־טן יארהונ־דערט האט דער ליטוויש־פּוילישער מלך קאזימיר יאגיעללא אוועקגעגעבן דערעטשין אלס מתנה זיין טרייען אדל־מאן וואסיל קאפּאצעוויטש. דער זון פון קאזימירן, אלעקסאנדער יאגיעללא, האט שפּעטער באשטעטיקט נאכאמאל די מתנה, וואס איז שוין בירושה אריבער צו וואסילס זון, יאצעק קאפּאצעוויטש.

ס'וואלט אפשר ניט געווען אזוי וויכטיק צו דערציילן די אלע פּרטים, ווי אויך די וואס וועלן נאך ווייטער געבראכט ווערן, ווען זיי וואלטן ניט געהאט קיין דירעקטע שייכות, אזוי ווי עס טראכטן אידישע היסטאָריקער, צו דער געשיכטע פון דער אידישער באפעלקערונג אין ליטע און ווייסרוסלאנד, און ממילא אויך אין דערעטשין. אט איז אן אינטערעסאנטער פאקט וועגן דער הערשאפט פון דעם אויבן־דערמאנטן פירשט אלעקסאנדער יאגיעללא. אין יאָר 1495 האט ער באפוילן ארויסצוטרייבן אלע אידן פון ליטע. דער האנדל און די אנטוויקלונג פון די געגנטן אונטער זיין הערשאפט זיינען דערפון אזוי שטארק אויפגעשיטערט געווארן, אז ער איז געצוווּנגען געווען מיט 8 יאר שפּעטער, אין 1503, צוריק איינצולאדן די ארויסגעטרי־בענע אידן און זיי באזעצן אין זייערע פריערדיקע וווינערטער. זיי זיינען ווידער געעוֹפן געווארן אנצופילן די אויסגעליידיקטע קאסעס פון אנטי־סעמיטישן מלך. שפּעטער, שוין אלס פּויליש־ליטווישער קעניג, האט ער באשטימט אייניקע פעאיקע אידן אלס פינאנס־ראטגעבער אין זיין מלוכה'שן אפּאראט. געוויס האבן אויך דערע־טשינער אידן געליטן פון דעם גירוש און צוריק־געקומען אהיים כדי אויפצושטעלן זייערע צעשטערטע היימען, קראָמען און ווארשטאטן. פארן האר פון דערעטשין, פאר קאפּאצעוויטשן, האט ער געוויס אויך פארזיכערט א געוויסע צאָל נייע אידישע איינוווינער.

אין יענע יארן, אויפן שוועל פון 15־טן יארהונדערט, דארף מען זוכן דעם אנהויב פון דער אידישער קהילה אין דערעטשין, הגם איינצלנע אידישע משפחות, ארענדארן, צאָל־און שטייערן־מאנער, זיינען אויך פריער געווען דאָרטן, צוזאמען מיט א צאָל אידישע בעלי־מלאכות.

אן אינטערעסאנטער פאקט באשטעטיקט די ידיעות וועגן קריזיס, וואס האט באהערשט די שטחים פון ליטע און ווייסרוסלאנד פון וועלכע עס זיינען פארטריבן געוואָרן די אידן: אין יאָר 1501, א פּאָר יאָר איידער אידן זיינען צוריק גערופן געווארן צו קומען און באזעצן די געגנטן, האט די שוועסטער פון יאצעק קאפּאצעוויטש, די פרוי פון פירשט מיכאל סאנגושעק, איבער־געשריבן א גרויסן טייל פון אירע גיטער און פּויערים־קנעכט אויפן נאמען פון דער צערקווע, אבער דאס איבערשרייבן איז גילטיק געווען נאר ביז איר טויט. ווען זי איז געשטארבן האבן אלע גיטער ווידער געהערט צו אירע יורשים: צו איר זון אנדזשיי סאנגושעק, צום איידעם סעמען באהדאנאוויטש דעם פירשט פון אדינ־צעוויטש, דעם מאן פון איר טאכטער נאסטאזיא, און צו איר צווייטן איידעם, דעם פירשט איוואן אנדזשייעוויטש פאלובינסקי, דעם מאן פון איר טאָכטער ניעווידאנא. די פאלובינסקיס האָבן שפּעטער אפּגעקויפט אויך דעם טייל פון די אדינצעוויטשעס. געקויפט האט עס דער פירשט אלעקסאנדער פאלובינסקי, דער קאשטעלאניעץ

(גייסטיקער הויפט) פון נאָוואָגרודעק, וועלכער איז אזוי ארום געווארן דער פולער מושל פון גאנץ דערעטשין און איר אומגעגנט.

ערשט אין סוף פון 17־טן יאָרהונדערט פאלט דערעטשין ארונטער אונטער דער הערשאפט פון די סאפיעהאס. די טאכטער פון אלעקסאנדער הילארי, דעם מארשאלעק פון גרויסן ליטווישן גרויספירשט, האט חתונה מיטן פירשט יעזשי סטאניסלאוו סאפיעהא און אלס נדן דערלאַנגט זי אים דערעטשין מיט אירע גיטער. דאס איז געשען אין יאר 1686.

פון דאַן אָן געערט דערעטשין צו דער באַרימטער פירשטלעכער דינאסטיע, וואס טוט זייער פיל כדי צו פארוואנדלען די שטאט אלס זיצארט פון די סאפיעהאס. זיי האבן געהאלפן אויסצובויען א גרויסן טייל פון די הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן זיך באזעצט אידן און קריסטן איינגעלאדענע צו לעבן און ארבעטן אין דערעטשין. זיי האָבן אויך געגעבן בוי־מאטעריאלן אויפצושטעלן קראמען, בתי־מדרשים.

גענוי 100 יאָר נאָכדעם ווי דערעטשין איז אריבער צו די סאפיעהאס, און אפשר אויך מיט דער כוונה צו פייערן די וויכטיקע דאטע פאר דער פירשטן־משפחה, אין יאר 1786, איז אויפגעשטעלט געווארן דער פאמיליע־פאלאץ. מיט דער צייט האבן די סאפיעהאס איבערגעפירט אין זייער נייעם דערעטשינער פאלאץ הונדערטער קונסט־בילדער, ביכער און אלערליי טייערע צירונגען פון זייער רוזשנויער זיץ־ארט. אזוי איז דערעטשין געווארן דער הויפט־זיץ פון די סאפיעהאס. דער טעטיקסטער פון די סאפיעהאס ביים בויען דעם פאלאץ און די שטאט איז געווען דער גרויסער העטמאן און קאנצלער פון ליטע אלעקסאנדער סאפיעהא. אין יאר 1831, נאכן צוזאמענברוך פון פוילישן אויפשטאנד קעגן רוסלאנד, איז דער פאלאץ מיט אלץ וואס אין און ארום אים קאנפיסקירט געווארן דורך דער צארישער מאכט פון די הענט פון אלעקסאנדערס זון, פראנצישעק. די סאפיעהאס זיינען אזוי פארטריבן געווארן פון דערעטשין, אבער זייער נאמען איז נאך לאנגע יארן געבליבן אין זיכרון פון דער דערעטשינער באפעלקערונג, וועלכע האט אין זיי געזען די בויער פון דער שטאט.

### אידן — די אמתע בויער

זיינען טאקע די סאפיעהאס געווען די בויער פון דערעטשין? אָפיציעל איז עס אזוי פאר־



די סאפיעהא־פאלאצן

שריבן אין היסטארישע ביכער און כראניקעס, אבער אז מ׳נעמט זוכן און געפינען אלערליי פאקטן פון דער ווייטער דרעטשינער פאר־גאנגענהייט, ווערט אלץ קלארער, אז די אמתע בויער פון דער שטאָט זיינען געווען די אידן.

ס׳איז באקאנט דער וועג, וועלכן פוילן האט אויסגעקליבן אין מיטלאלטער כדי אויסצובוי־ען אירע שטעט. זי האט איינגעלאדן דייטשן, זיי באזעצט אויף ספעציעלע רעכט און פריווילעגיעס אין די שטאטישע צענטערן, כדי זיי זאלן אנטוויקלען די מלאכה, דעם האנדל. דאס איז געווען א גרויסע איבערוואנדערונג פון דייטשע בירגער קיין פוילן אויפן יסוד פון די א. ג. „מאגדעבורגער רעכט״. אבער די דייטשע קאלאניזאציע האט ארומגענומען בעיקר די פוילישע שטעט, קיין ווייסרוסלאנד זיינען דער־גאנגען נאר ווייניקע דייטשן.

דער פאקט, אז אין דרעטשין איז געווען א גאס מיטן נאמען „דייטשישע גאס״ ברענגט אויפן געדאנק א כמעט־זיכערע היפאטעזע וועגן דייטשן, וואס זיינען אמאל, מיט הונדערטער יארן צוריק געקומען קיין דרעטשין, מסתמא לויט דער איינלאדונג פון די פירשטן, און פרו־בירט אויפשטעלן דארטן א וועלכע ס׳איז קליין־אינדוסטריע. וויזט אויס, אז דער מין פון דייטשישער קאלאניזאציע איז אין דרעטשין ניט געלונגען. אין די לעצטע צענדליקער יארן איז באקאנט געווען אין דרעטשין בלויז איין דייטשישע פאמיליע, וועלכע האט זיך באַ־שעפטיקט מיט וועבעריי. אין לויף פון יארהונדערטער זיינען די דייטשן אוועק פון דרעטשין, געבליבן איז די שטאט אין איר גרויסער מערהייט און לויט איר בוי און כאראקטער א אידישע. נאָך די דייטשן איז ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה געווען בלויז איין געדעכעניש — דער נאמען פון א גאס.

ס׳לייגט זיך אויך אויפן שכל די מיינונג פון היסטאריקער דר׳ רפאל מאהלער, אז אין די ליטווישע און ווייסרוסישע שטעט אריין זיינען דייטשע איינזידלער געבראכט געווארן באלד נאָכן גירוש פון די אידן אין 1495. קען זיין, אז אזוי איז עס אויך געווען אין דרעטשין, אבער דאס איז צונישט געווארן און באלד נאכן צו־ריקקומען פון די אידן קיין דרעטשין איז דער אויפבוי פון דער שטאט געפאלן בעיקר אויף די אידישע פלייצעס.

פון אן אלטן דאָקומענט ווייסן מיר, אז אין יאר 1550 האט דרעטשין, צוזאמען מיט זשעטל און דווארעץ, געערט צו דער סלאנימער קהילה. קלאָר איז, אויף יעדן פאל, אז די אידן אין דרעטשין זיינען שוין דאן געווען אָרגאניזירט.

דער ערשטער דאקומענט, וואס דערציילט וועגן אידן אין דרעטשין, שטאמט פון יאָר 1619. פון א צווייטן דאקומענט, פון יאר 1766, דערוויסן מיר זיך די צאָל אידן אין דרעטשין אין יענעם יאר — 404 נפשות. וועגן יאר 1847 ווערט דערציילט, אז די צאָל אידן אין דרעטשין איז 542. 1־טן יאנואר 1878 האט די גאנצע באפעלקערונג געציילט 2269 איינ־וווינער, פון זיי 1725 אידן. אין 1897 זיינען אין דרעטשין געווען 1887 אידן. דאן זיינען געקומען די יארן פון עמיגראציע מעבר לים, פון ארויס־פארן אין די גרויסע שטעט און פון עליה קיין ארץ־ישראל, אזוי אז די צאָל אידן אין 1921 איז בלויז 1396, און זייער פראצענט אין דער אלגעמיינער באפעלקערונג איז אויך געפאלן פון 71% ביז 61.7%.

אין 1897 זיינען אין דרעטשין געווען 227 אידישע בעלי־מלאכות, אין דעם די גרעסטע גרופע — 71 שוסטערס; 46 טאג־ארבעטער; 28 פאבריקס־ארבעטער. 6 משפחות האבן זיך פארנומען מיט גערטנעריי.

און דאן קומט די לאנגע רשימה פון אנשטאל־טן און הילפס־פארבאנדן, וועלכע זיינען געווען טעטיק אין דרעטשין שוין אין יענעם 1897־טן יאָר, מיט איבער זיבעציק יאָר צוריק, און וועלכע זאָגן עדות וועגן אן אנטוויקלטער געזעל־שאפטלעכער טעטיקייט: גמילות חסדים, סומך נופלים, מלביש ערומים, לינת הצדק, הכנסת אורחים, ביקור חולים א. אנד.

און נאך מער באלערנדיק אין די צאל פון לערן־אנשטאלטן — א תלמוד־תורה און 15 חדרים. דרעטשינער אידן האָבן תמיד געזאָרגט פארן לימוד פון זייערע קינדער.

איז טאקע כדאי א ביסל ברייטער ארומריידן און דערציילן וועגן אויפקום, וואוקס, אנט־וויקלונג — ביז צום טראגישן אומקום פון אידישן דרעטשין.

## אזוי איז דערעטשין אויפגעקומען

ווי געזאגט, איז דערעטשין א סך יארן געווען די רעזידענץ פון דער בארימטער ליטוויש־פוילישער פירשטן־משפחה סאפיעהא. זיי האבן עס ביי די ברעגן פון דעם טייכל שיפא אויפגעשטעלט גרויסע צוויי־שטאקיקע פאלאצן, ארומגערינגלט מיט א וואונדערבאר־שיינעם פארק. אלייען האבן צעשניטן דעם פארק אין דער לענג און ברייט און ביי זייערע זייטן האבן זיך פאנאנדערגעוואקסן אלטע, הויכע ביימער, צווישן זיי א סך פרוכט־ביימער. א ספּעציעלן סארט בארנעס האבן די סאפּיעהאס אויסגעהאדעוועט אין זייער גאר׳טן און ער האט טאקע געטראגן דעם נאמען פון דער פירשטן־משפחה — „סאפּיעזשאנקעס״.

ביים פארק, אין אנהויב פון שטעטל און אנטקעגן דעם גרויסן פאלאץ, דארטן וואו ס׳האט זיך אנגעהויבן די דייטשישע גאס, איז געשטאנען דער „פוסטער בארג״, באוואקסן מיט אלטע ליפּעס.

אין פארק און אויפן „פוסטן בארג״ פלעגן קומען אפּרוען אין די זומערדיקע שבתים די דערעטשינער אידן מיט זייערע פרויען און קינדער. א לעגענדע איז ארומגעגאנגען אין דערעטשין און איז איבערגעגעבן געווארן פון דור צו דור, אז די היילן אין בארג האבן זיך אמאל געצויגן אונטער דער ערד פון דערעטשין ביז רוזשנוי. ביידע שטעטלעך האבן אמאל געהערט צו די סאפּיעהאס. דער מרחק פון דערעטשין ביז רוזשנוי איז ארום 50 קילאמעטער. די טונעלן זיינען געגראבן געווארן, זאגט די לעגענדע, צוליב שוץ־צוועקן.

דיזעלבע לעגענדע דערציילט טאקע, אז מיט הונדערטער יארן צוריק האט זיך פארגלוסט דעם הערשנדיקן פירשט אויסצובויען א שטעטל ארום זיין רעזידענץ. צו דעם צוועק האט ער געבראכט פון ליטע 30 אידישע משפחות, בעיקר האנטווערקער, ווי שניידערס, צעשלארעס, סטאלארעס, מולארעס, און אויך אייניקע האנדלס־מענטשן. ער האט זיי געגעבן בוי־מאטעריאלן פון זיינע וועלדער און זיי האבן זיך געבויט הייזער. לויט זיין פאראָרדענונג איז אין מיטן שטעטל אויפגעשטעלט געווארן א געמויערטער „ריאד קראמען״, אין דער פארם פון א „ח״. אן ערך 30 קראמען זיינען געווען אין דעם „ריאד״. שפּעטער האט ער אויך געהאלפן אויפבויען די גרויסע געמויערטע שול, ביי דער זייט פון וועלכער עס האט זיך נאכהער געפונען דער א. ג. אלטער בית־עולם. די מצבות אויף דעם בית־עולם זיינען שוין ביים סוף פון 19־טן יארהונדערט געווען אזוי שטארק אויסגעריבן און פארוואקסן מיט מאך, אז די אותיות האבן זיך כמעט ניט ארויסגעזען. מ׳האט טאקע געשאצט, אז דער בית־עולם איז אלט ארום 400 יאר.

פון דעם הייפל אידן, אראָפּגעבראכטע קיין דערעטשין זיך צו באזעצן, איז מיט דער צייט אויסגעוואקסן די אידישע באפעלקערונג פון דעם שטעטל, וועמענס צאל איז פארן לעצטן חורבן דערגאנגען ביז א דריי טויזנט נפשות.



מצבה פון ר׳ יעקב בן זאב בעקענשטיין

מען פלעגט אויך זייער אפט דערציילן אין דערעטשין, אז דאס צוויי־שטאקיקע הויז אין אנהויב זעלווער און סלאנימער גאסן איז ספעציעל אויסגעבויט געווארן לויטן קאפריז פון איינעם פון די סאפיעהאס, וועלכן ס׳האט זיך פארגלוסט זען פון פענסטער פון זיין פאלאץ אויף אנהויב דייטשישער גאס דאס הויז אויף עק זעלווער, — צוויי גאסן וואס האבן זיך געצויגן מיט א גלייכער ליניע פון איין עק שטעטל ביז צום צווייטן, דורכשניידנדיק דעם מארק־פלאץ. די זעלווער גאס איז געווען די איינציקע אויף וועלכער עס האבן געוווינט אין גרעסטן טייל קריסטלעך־קאטוילישע „מיעשטשאנעס", מיט איינצלנע אידישע הייזער צווישן זיי.

די מעשיות און לעגענדעס, ווי אויך א ריי פעסטגעשטעלטע פאקטן וועגן די אמאָליקע יאָרן פון אידישן דערעטשין האָב איך פארקריצט אין מיין זיכרון נאך פון יענע צייטן, ווען איך האב געלערנט גמרא ביי דעם עלטסטן דערעטשינער רבין, ר׳ דוד חיים שמעונס, א איד א למדן, שוין דאן, צום סוף פון 19־טן יארהונדערט א זקן פון א יאר 80. ער פלעגט עס דערציילן אונז, זיינע תלמידים, פארשיידענע זאכן וועלכע ער האט געהערט פון זיין זיידן און וועלכע זיינען איבערגעגעבן געווארן פון דור צו דור. א טייל פון זיינע דערציילונגען געפינט א באשטעטיקונג אין די ווייניקע דאקומענטן און ארבעטן פון היסטאריקער.

די ערשטע ליטווישע אידן, עכטע פּאָלקס־מענטשן, וועלכע האבן זיך מיט דער צייט מאטעריעל גוט איינגעארדנט סיי דורך ארבעט און סיי דורך האנדל, האבן זיך אויך באמיט, לויטן אידישן שטייגער, צו באזאָרגן גייסטיק די צוקונפט פון זייערע קינדער. אזוי איז געשאפן געווארן די תלמוד־תורה, אין דער געביידע צווישן שול און אלטן בית־עולם. עס זיינען אויסגעבויט געווארן נאך בתי־מדרשים, 2 געמויערטע און איין הילצערנער, ווי אויך א באזונדער בית־מדרש פאר די בעלי־מלאכות און



מערבה של כיכר־השוק

מערב־זייט פון מארק־פלאץ

ארבעטער, „דער חיט״. א טייל בעלי־בתים פלעגן שיקן זייערע קינדער לערנען אין סלאָנימער ישיבה.

פאר די אונטערגעוואקסענע טעכטער פלעגן אידן אראָפּברענגען פון דער פרעמד איידימס לומדים און תלמידי־חכמים, וועלכע מ׳האט געגעבן לאנגע יארן קעסט כדי זיי זאלן האבן די מעגלעכקייט צו זיצן על התורה ועל העבודה.

אזוי זיינען די תורה און די מעשים טובים געוואָרן דער אינהאלט פון אידישן משפחה־לעבן און פון דעם יידישן כלל אין דערעטשין. דאס שטעטל האט געשם׳ט מיט אירע בארימטע רבנים, גאונים און גרויסע לומדים אין משך פון אלע יארן פון איר עקזיסטענץ.

### דערעטשינער רבנים

עס שווימען אויף אין אונזער זכרון פון דער ווייטער פארגאנגענהייט, פון די לעצטע פאר הונדערט יאר, די נעמען פון די בארימטע רבנים, מיט וועלכע דערעטשין האָט זיך געיחוסט און קונה שם געווען: ר׳ אלי חיים מייזל זצ״ל, וועלכער איז שפעטער געווארן לאדזשער רב; ר׳ יאסעלע שלופער — נאכדעם סלאנימער רב; ר׳ שלום־בער — שפעטער קלעצקער רב; ר׳ יוסף זונדל — איישישקער רב; ר׳ לייב ביאליבלאצקי — לונער רב, נפטר געווארן אין דערעטשין; הרב פלאטקין — שפעטער סמארגאנער רב; און דער לעצטער רב, הרב באַקאלטשוק, אומגעקומען דורך די נאצישע מערדער צוזאמען מיט דער גאנצער אידישער קהילה.

די אלע אויבנדערמאנטע רבנים האבן פארנומען א בכבודיקן ארט אין דער רבנישער וועלט.

די פּראָצעדור פון נעמען א רב פלעגט באשעפטיקן דעם גאנצן קהל, און באזונדערס די פירנדיקע גרופּע פון די שטעטלשע בעלי־בתים. די ארטיקע בעלי־בתים, באקאנטע לומדים, פלעגן ארויספאָרן זיך באקענען מיט די פארגעלייגטע קאנדידאטן און די וואס האבן זיך



מזרחה של כיכר־השוק

מזרח־זייט פון מארק־פלאץ

ארויסגעוויזן אלס מער פאסנדע פלעגן איינ־געלאדן ווערן צו האלטן עפנטלעכע דרשות אין דער גרויסער שול אדער אין בתי־מדרשים. גאנץ דערעטשין, סוחרים און קרעמער, בעלי מלאכות און ארבעטער (וואס האבן דאן געהייסן אין דער טאגטעגלעכער שפראך „דער המון״), קינד און קייט פלעגן גיין הערן די דרשות אין נעמען אן אקטיוון אנטייל אין אויסוויילן דעם געעריקן קאנדידאט. דער אויסגעווייילטער רב פלעגט דאן אויפגענומען ווערן מיט גרויס פאראד און נאכן שרייבן דעם כתב־רבנות פלעגן פארקומען גרויסע פייערונגען.

וועגן הרב ר׳ שלום בער דערציילט אונז זיין אייניקל אליהו הערנזאן, דער איידעם פון ר׳ יוסף ראבינאָוויטש, וועלכער האט געוווינט א לענגערע צייט אין דערעטשין און געפינט זיך זייט 1932 אין ישראל, די פאָלגנדע כאראק־טעריסטישע רבנות־געשיכטע: הרב ר׳ שלום בער איז געווען א גרויסער למדן און חכם, און דערצו א זעלטענער בעל־תפילה. ער פלעגט שטענדיק דאווענען אין די ימים־טובים ביים עמוד און איז געווען זייער באליבט אין דערעטשין.

אמאליקע יארן פלעגט יעדע שטעטל נעמען אויך א חזן, וואס האט געדארפט זיין דערצו א שוחט. ר׳ שלום בער, אלס מבין אויף חזנות, האט כסדר ניט געלאזט נעמען קיין שוחט וואס איז כלומרשט אויך א חזן. פאר זיין דאווענען ביים עמוד אין די ימים נוראים פלעגט ער ניט נעמען קיין באצאלט פאר זיך, ער האט אין משך פון אייניקע יאר צוזאמענגעקליבן דאס געלט און פאר דעם אויסגעבויט די רבנות־שטוב, וועלכע האט זיך געפונען אויפן שול־הויף און האט יארן לאנג געדינט אלס „בית דין שטוב״.

איינמאל האט זיך דעם עולם פארוואלט דווקא צונעמען א חזן, וואס האט אויך געדארפט זיין שוחט — קעגן דעם ווילן פון רב. דאס האט דעם רב זייער פארדראָסן. צופעליק איז פונקט דאן אָנגעקומען א דעלעגאציע פון קלעצקער אידן און געבראכט ר׳ שלום בערן א פארטיקן כתב־רבנות. זייענדיק בייז אויף קהל, וואס האט ניט פרעגנדיק אים גענומען א חזן־שוחט, האט ר׳ שלום בער אָנגענומען די איינלאדונג און ארויס־געפארן קיין קלעצק.

שפעטער, נאכן טויט פון הרב ר׳ לייב לונער, האט מען געוואלט נעמען פאר א רב ר׳ שלום בערס זון, ר׳ חיים שמעון (דער פאטער פון אליהו הערנזאן), נאר אזויווי ס׳איז אין יענע טעג נפטר געווארן ר׳ שלום בער אין קלעצק, איז ר׳ חיים שמעון ארויסגעפארן אהין פאר־טרעטן זיין פאטערס ארט.

איינער פון די לעצטע רבנים, הרב פלאטקין, האט פארנומען דעם כסא־הרבנות נאָכן פאר־שטאָרבענעם רב ר׳ לייב ביאליבלאָצקי, באקאנט מיטן נאמען ר׳ לייב לונער. הרב פלאטקין האט געהאט א ברייטע קאנטשאפט אין די העכערע פוילישע ספערן, און ווען דערעטשין איז ארי־בער צו פוילן האט דער דאמאלסדיקער פוי־לישער אויסערן־מיניסטער, סאפיעהא, אן אור־אייניקל פון דער דערעטשינער סאפיעהא־דינאסטיע, זיך דערוויסנדיק אז אין דער אמא־ליקער רעזידענץ פון זיינע זיידעס פארנעמט דעם כסא־הרבנות הרב פלאטקין, אים ארויס־געפאדערט קיין ווארשע און געשיקט אלס דעלעגאט קיין אמעריקע כדי ער זאל דארטן אונטערהאנדלען וועגן פינאנסיעלער הילף פאר דער ניי־אנטשטאנענער פוילישער מלוכה.

אין דער צייט פון דער ערשטער פוילישער אָקופאציע, פון וועלכער די דערעטשינער אידן האבן געליטן פיל צרות, האט הרב פלאטקין אויסגענוצט זיינע פארבינדונגען און אויטא־ריטעט כדי צו ראטעווען פון ארעסט און פון שטראפן אייניקע ארטיקע יונגעלייט. ס׳איז באקאנט די געשיכטע מיט דער פינסקער מיידל, וואס איז באשולדיקט געווארן אין קאמוניסטישן שפיאנאזש און איז פארמשפט געווארן צום טויט. הרב פלאטקין האט איינגעשטעלט זיין גאנצע אויטאריטעט, איז אליין געפארן אין סלאנימער טורמע און פון דאָרטן ארויסגעראטעוועט דאס אומשולדיק־פאראורטיילטע מיידל, גאראנטירנ־דיק פאר דער העכערער מאכט, בעת זיין אקטי־ווער אינטערווענץ, אז ער איז זיכער אין איר אומשולד.

די רבנים זיינען געווען פיל מער ווי רעלי־גיעזע פירער פון זייער קהילה. אין די אלטע צייטן איז דער רב געווען דער מנהיג פון דער

עדה, כלפי פנים און כלפי חוץ. ער איז געווען דער פוסק ניט נאר אין שאלות פון כשרות, נאר אויך דער שופט אין פאר׳שיידענע סכסוכים צווי׳שן די אידישע איינוואוינער, דער גייסטיקער דערציער, דער משגיח אויף דער ארטיקער תלמוד־תורה. ער פלעגט לערנען תלמוד מיט דער ארטיקער יוגנט אין דער חברה ש״ס, האלטן אפטע דרשות אין די בתי־מדרשים און משפיע זיין גייסטיק אויפן גאנג פון אידישן לעבן.

דער געהאלט פון די רבנים איז געווען זייער קליין און זיי פלעגן ציען זייער הכנסה פון פארקויפן הייוון אויף שבתדיקע חלה און ליכט. מיט די זאכן פלעגט זיך פארנעמען די רביצן, ווייל די רבנים אליין פלעגן זיין פארנומען מיט לערנען און מיט קהלשע ענינים.

ביזן אנהויב פון 18־טן יארהונדערט איז די אידישע קהילה אין דרעטשין געפירט געוואָרן דורך אויסגעוויילטע אזוי־גערופענע „פרנסי־חדשים". עס פלעגן אויסגעקליבן ווערן 12 בעלי־בתים און יעדער איינער פון זיי פלעגט געוועלטיקן א חודש צייט. די „פרנסים" האבן אנגעפירט מיט אלע קהילה־ענינים און האבן אפילו געהאט רעכט צו באשטראפן א שולדיקן אידן און אים האלטן „ארעסטירט", צוגעשמידט צו דער „קונע" אין א ווינקל פון דער גרויסער שול.

די רבנים פלעגן ניט נאר משפטן אין סכסוכים צווישן אידן. ניט איינמאל פלעגט טרעפן, אז קריסטן וואס האבן געהאט ערנסטע געלט־סכסוכים מיט אידן, זיינען ניט געגאנגען אין „סוד", אין מלוכה׳שן געריכט, נאר צום רב פון אידישן קהל. ס׳רוב זיינען זיי צופרידן געווען מיטן פסק־דין וועלכן דער רב פלעגט ארויסגעבן.

פריצים פון דער נאנטער געגנט ארום דרעטשין, וועלכע פלעגן פארזייען ספעציעל פעלדער מיט ווייץ פאר שמורה־מעל אויף פסח, האבן זיך נוהג געווען איינצולאדן דעם רב אין פעלד אריין, כדי די נויטיקע ארבעטן זאלן אויסגעפירט ווערן אונטער זיין השגחה און אלץ זאל זיין כשר כדין וכדת. אייניקע פון די פריצים פלעגן אויך צושיקן צום רב יעדן ערב פסח, אנשטאט „מעות חיטים", קארטאפל און פארשיידענע גרינס צום פארטיילן צווישן די נויט־באדערפטיקע אידן אויף יום־טוב. דער גוט־באזיצער פון אלעקסאנדריע, א גוט לעם דרעטשין, פלעגט יעדן ערב יום־כיפור אריינשיקן עטלעכע גרויסע פורגאנעס מיט שטרוי און דאס אויסלאדן אויפן שול־הויף. די קינדער פלעגן עס פאנאנדערטראגן יעדער איינער אין זיין טאטנס בית־מדרש און אויסשפרייטן דאס אויף דער פאדלאגע, כדי ס׳זאל לייכטער זיין די מתפללים שטיין א גאנצן טאג און דאווענען אין בלויזע זאקן, אן שיך.

### דער בית־מדרש — א גייסטיקער צענטער

אויפן שול־הויף האבן זיך קאנצענטרירט די שולן און בתי־מדרשים. דארטן איז געשטאנען די גרויסע געמויערטע שול, 2 געמויערטע בתי־מדרשים און איין הילצערנער בית־מדרש — דער לעצטער האט געהערט צו חברה־קדישא. אין פאלוש פון הילצרנעם בית־מדרש איז יארן לאנג געשטאנען די טהרה־ברעט אויף וועלכער מ׳פלעגט ארויסטראגן די טויטע. עד היום געדענקט זיך, ווי מיר האבן זיך געשראקן, אין די קינדער־יארן אריינצוגיין אין הילצערנעם בית־מדרש צוליב דער טהרה־ברעט.

די בתי־מדרשים האבן געדינט אין יענע אלטע צייטן אלס גייסטיקע צענטרען און דערציונגסאנשטאלטן פון דער גאנצער אידישער באפעלקערונג. אויסער דעם וואס כמעט אלע אידן פון שטעטל מיט זייערע קינדער פלעגן 3 מאל א טאג דארטן מתפלל זיין — שחרית, מנחה און מעריב, — זיינען דארטן געזעסן א גאנצן טאג און געלערנט גמרא צענדליקער פרושים, ארטיקע און פרעמדע, איידימס וואס זיינען געווען יארנלאנג אויף קעסט ביי זייערע שווער־און־שוויגער. דער גרעסטער טייל פון די א. ג. פרושים פלעגן עסן „טעג" ביי די אָרטיקע איינוואוינער. יעדער איד, צי אָרעם צי רייך, האט געהאלטן פאר א מצוה און זכות צו געבן א פרוש איין טאג אדער עטלעכע טעג אין דער וואך עסן און טרינקען. אזוי האט מען זיך אויך געפירט מיט די ארעמע תלמוד־תורה קינדער, וואס פלעגן קומען פון די ארומיקע שטעטלעך און דערפער — זיי פלעגן באקומען ביי אָרטיקע אידן א געלעגער צום שלאָפן און

אויך עסן, אַז שום באַצאָלט. אידן האָבן געהאַלטן פאַר א חוב ניט נאר צו לערנען תורה זייערע אייגענע קינדער, נאר אויך דערמעגלעכן דאס אלע יענע קינדער וועלכע ווילן לערנען און קענען ניט דינגען זיך קיין רביים פאַר געלט. פאַרשטייט זיך, אז ס'זיינען אויך געווען פאַלן פון קינדער, וואס האבן אויסקאַמבינירט צו עסן ביי צוויי בעלי־בתים. אידן האָבן ס'רוב געוווּסט וועגן דעם, נאר קיינעם האט עס ניט געאַרט. אידישע מאַמעס פלעגן זאָגן: זאָל אַן אָרעם אידיש קינד הנאה האָבן, מסתמא איז ער א ביסל הונגעריק פון איין „טאָג". פרומע אידישע ווייבער, און אַזעלכע זיינען געווען די מערהייט אידישע פרויען אין יענע צייטן אין דערעטשין, האבן געהאַלטן פאר דער גרעסטער מצוה צו געבן א אידישן אָרעמען קינד צו עסן, כדי ער זאָל קענען לערנען תורה.

די בתי־מדרשים זיינען אויך געווען א צענטער פאר פאַרשיידענע טעטיקייטן לטובת באַדערפטיקע וואַנדערנדיקע אידישע אָרעמעלייט פלעגן אפט אנקומען קיין דערעטשין אויף א שבת, אדער מגידים וואס פלעגן קומען האלטן דרשות — די אלע זיינען פאַרזאָרגט געוואָרן מיט עסן און געלעגער, צוזאַמען מיט די סטאַבילע פרושים און ישיבה־בחורים. די מתפללים פלעגן זיי נעמען מיט זיך און ס'האט קיינמאָל ניט געטראָפן, אז אן אורח אויף שבת זאָל בלייבן אָן אַן אָרט צום עסן. עס האט זיך שטענדיק געפונען א דאַוונער, וואס האט געזאָרגט פאר אים.

אין דערעטשין האט זיך אויך געפונען א מיליטערישער גאַרניזאָן, וועלכער איז געווען סטאַנציאָנירט אין די אַמאָליקע סאַפּיעהישע פּאַלאַצן. אין דעם גאַרניזאָן זיינען תמיד געווען א 20־30 אידישע סאָלדאַטן. ווי דער שטייגער איז געווען אין יענע יאָרן, פלעגט דער רב אויספועלן ביי דער מיליטערישער מאַכט, אז מ'זאָל די אידישע סאָלדאַטן אָפּלאָזן אויף שבת, און זיי פלעגן גיין אין שול און עסן ביי אידישע בעלי־בתים. ס'איז געווען א באַזונדערע מצוה און כבוד צו נעמען פון שול צו זיך אהיים א אידישן סאָלדאַט אויף שבת.

אין יענע צייטן, ווען ס'זיינען נאָך קיין ביבליאָטעקן ניט געווען, און אויך צייטונגען זיינען געווען א זעלטענע דערשיינונג, האבן די בתי־מדרשים געדינט אויך אלס קולטור־צענטערן. ווינטער, אין די קאַלטע מאָנאַטן, פלעגן זיך אהין צוזאַמענקומען פאַרנאַכט, נאָך ד'ער ארבעט, פאַרשיידענע בעלי־מלאכות, קליינהענדלער, ארבעטער. זיי פלעגן זיך אויסזעצן אויף די וואַרעמע, לאַנגע „ליזשאַנקעס", ווער עס האט געקענט האט געלערנט א בלאַט גמרא און ווער — א פרק משניות, שוואַכערע למדנים האבן געזאָגט א קאַפּיטל תהלים, און דערביי פלעגט מען זיך דורכשמועסן וועגן פאַרשיידענע ענינים, פּערזענלעכע און קהלשע, הערן אַלערליי נייס וואס עמיצער האָט געבראַכט פון ערגיץ־וואו.

יעדער בית־מדרש איז געבויט געווען אזוי, אז אין מיטן ארום דער בימה איז געווען א גרויסער אויוון און ארום אים לאַנגע בענק — דאס זיינען געווען די „ליזשאַנקעס". זיי האבן ווינטערצייט געדינט אלס וואַרעמע זיץ־פּלעצער און אין די פאַרנאַכטן, בין מנחה למעריב, איז דאס אייגנטלעך געווען א מין פאָלקס־קלוב פאַרן ברייטערן עולם. אין די ווינטערדיקע נעכט פלעגן אויף די „ליזשאַנקעס" שלאָפן די פּרושים וואס האבן ניט געהאַט קיין וואַרעמע געלעגערס ערגיץ אין שטעטל, אדער סתם פאַרבלאָנדזשעטע אָרעמעלייט, וועלכע זיינען אנגעקומען ווינטער שפּעט ביינאַכט און ניט געהאַט קיין אנדער אָרט צום איבערנעכטיקן.

אין די שעה'ן בין מנחה למעריב פלעגן עס די מגידים האלטן זייערע רירנדיקע דרשות אויף אַלערליי רעליגיעזע טעמעס, אנרירנדיק שטענדיק אויך אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון אידישן לעבן אין דעם גרויסן תחום־המושב.

כמעט אין יעדן בית־מדרש האט זיך געפונען א חברה־ש"ס, און אירע מיטגלידער פלעגן זיך צוזאַמענקומען יעדן אָוונט און לערנען א בלאַט גמרא. די אידן פלעגן קומען נאָך א שווערן טאָג ארבעט, ווייל געווען זיינען זיי אלע האַרעפּאַשניקעס, שמידן, שניידער, שוסטער, קירזשנער, און אויך קרעמער; אלע זיינען זיי געווען גוט אויסגעמאַטערט, אבער אין בית־מדרש פלעגן זיי האבן הנאה צו זיצן און הערן תורה, א ביסל אַליין לערנען און זיך דורכשמועסן מיט אנדערע. דאס זיינען געווען די שעה'ן פון רוחניות, וועלכע זיי האבן געקענט געפינען נאר אין איין אָרט —

אין בית־מדרש. דאַרטן האָבן זיי זיך באַפריינ־
דעט מיט אַנדערע אידן, דערציילט וואָס ס׳ליגט
זיי אויפן הארצן, אויסגעהערט די צרות פון
אנדערע, געטרייסט זיך קעגנזייטיק און געשעפּט
מוט פון יענעמס טרייסט־ווערטער. אזוי איז דער
בית־מדרש געווארן דער פיזישער און גייסטיקער
אָפּרו־אָרט פאר די אידן פון שטעטל. איך
געדענק נאך עד היום יענע אוונטן אין „נייעם
מויער", וואו איך פלעג קומען לערנען אלע
אָוונט מיט דער דאָרטיקער חברה־ש״ס. נאָכדעם
ווי איך האָב געלערנט 3־2 יאָר גמרא ביי דעם
אלטן רבין ר׳ דוד חיים־שמעונס, א איד א גרויסער
למדן און ירא־שמים. א סך בעלי־בתים פלעגן
קומען דארטן לערנען אין די פארנאכטן, צווישן
זיי בעלי־מלאכות פון פארשיידענע פאכן. נאכן
ענדיקן א מסיכתא פלעגט די חברה־ש״ס מאכן
א סיום מיט א גרויסער סעודה ביי ר׳ ארע
מענדזשעס. מען פלעגט עסן און טרינקען, זינגען
און טאנצן און זיך פרייען ביז שפעט אין דער
נאכט.

דער בית־המדרש האט עס דערצויגן די אידן
אלס עם־הספר.

אין די בתי־מדרשים האט זיך קאנצענטרירט
דאס גאנצע קהל׳שע לעבן. דארטן פלעגן פאר־
קומען די אסיפות אויף וועלכע מ׳האט ארומ־
גערעדט פארשיידענע ענינים; אויף איינער
אזא אסיפה איז געגרינדעט געווארן א „ביקור
חולים" און ס׳איז אויסגעארבעט געווארן א
גענויער פראגראם ווי אזוי און ווען יעדער
איינער פון די מיטגלידער דארף באזוכן און
באדינען א שווערן חולה; דארטן איז געגרינ־
דעט געווארן דער א. ג. „הקדש", אדער הכנסת־
אורחים־שטוב, וואו פארשיידענע ארעמעלייט פון
דער פרעמד אדער מגידים פלעגן האבן אן
אומזיסטן ארט איבערצונעכטיקן. אין שטעטל
איז געווען א קהל׳שע באד, מיט א מקוה,
נאטירלעך, וועלכע האבן זיך געפונען אין דער
הקדש־גאסל, ניט ווייט פון טייכל „שיפא". אויף
די אסיפות אין די בתי־מדרשים האט מען
באשלאסן וועגן גורל און טעטיקייט פון די אלע
און אנדערע אנשטאלטן.

צווישן די בתי־מדרשים האט זיך אויך געפו־
נען א לובאוויטשער חסידים־שטיבל, מיט א
פאר צענדליק חסידים.

אויסער אלע סאציאלע טעטיקייטן און קהל׳שע
ענינים איז דער בית־מדרש געווען א צענטער
פון אידישן גלויבן אין די אלע אידייען מיט
וועלכע ס׳איז דורכגעזאפט די תורה און די
גאנצע רעליגיעז־עטישע ליטעראטור פון אידישן
פאָלק. דאָרטן האט זיך צעמענטירט די אידישע
קהל׳שע סאלידאריטעט, דארטן איז געפלעגט
געווארן דער גלויבן אין ניסים וואס וועלן
אויפגעהאלטן דעם קיום פון אויסדערוויילטן אי־
דישן פאָלק, דאָרטן איז געשטארקט געוואָרן די
האפענונג אויף א בעסערער צוקונפט און דארטן
זיינען אידן געזעסן, געלערנט און געחלומט וועגן
משיח׳ן און וועגן דער גאולה וואס וועט קומען
פארן אידישן פאָלק.

### אלטע לייט זיינען עולה קיין ארץ־ישראל

אין יענע יארן, די לעצטע צענדליקער פון
פאָריקן יארהונדערט, איז נאך ניט געווען באַ־
קאנט די אידייע פון מאדערנעם ציוניזם, פון
באזעצן ארץ־ישראל. רעליגיעזע אידן האבן
געלייגט זייער האָפענונג אויף משיח׳ס צייטן
און געגלויבט, אז נאר משיח וועט זיי אויס־
לייזן פון גלות און פירן קיין ארץ־ישראל.

אבער אויך דאן, ביים סוף פון 19־טן יאר־
הונדערט, זיינען שוין פון דערעטשין עולה
געווען קיין ארץ־ישראל איינצלנע עלטערע אי־
דן. נאטירלעך, זיינען זיי ניט געפאָרן בויען
דאס לאנד, נאר אויסלעבן דארטן זייערע לעצטע
יאָרן און קומען צו קבורה אין דער הייליקער
ערד, כדי די ביינער זאלן ניט דארפן זיך קיי־
קלען אהינצו ווען משיח וועט קומען און אלע
וועלן אויפשטיין תחית־המתים...

מיט איבער הונדערט יאר צוריק איז אוועק
קיין ארץ־ישראל א באקאנטער דערעטשינער
בעל־בית, ר׳ בער, דער שוויגער־פאטער פון
הרב ר׳ משה ראבינאוויטש, וועלכער איז גע־
ווען דער פאטער פון דער פארצווייגטער משפ־
חה ראבינאוויטש, מיט אירע אכט זין און פיר
טעכטער, אלע געבוירענע און אויפגעוואקסענע
אין דערעטשין. פון די צוועלף קינדער איז
אויף די עלטערע יאָרן עולה געווען דער זון
פון הרב ר׳ משה, ר׳ אריה־לייב ראבינאוויטש,
און צוזאמען מיט אים זיינען אוועק קיין ארץ

ישראל עטלעכע דערעטשינער בעלי־בתים, ווי ר׳ ארע מענדזשעס, ר׳ אברהמל העניעס, ר׳ איטשע עלאטעס, דער שמש פון „נייעם מויער״, און נאך איניקע עלטערע אידן.

### אַלטער און נייער בית־הקברות

דער אַלטער בית־הקברות איז, ווייזט אויס, פון די ערשטע צייטן זינט אידן האָבן זיך באזעצט אין דערעטשין. זיינע מצבות זיינען שוין געווען שטארק פאר׳זונקען און באוואַקסן מיט אלטן מאָך. ס׳איז שוין כמעט אוממעגלעך געווען צו לייענען די געקריצטע אויפשריפטן אויף די אלטע שטיינער. בעת ער איז געגרינ־דעט געווארן, מיט הונדערטער יארן צוריק, איז ער, ווי פארשטענדלעך, געווען אָן א זייט פון די וואוין־גאסן, אבער מיר געדענקען אים שוין שטיין אינמיטן שולהויף, בא דער וואנט פון דער געמויערטער שול, ניט ווייט פון דער תלמוד־תורה און בית־דין־שטיבל.



די משפחה פעדער אויפן קבר פון דער מוטער



די משפחה איינשטיין אויפן קבר פון דער מוטער צו איר יאָרצייט

דער „נייער" בית־עולם איז געווען אויפן וועג קיין זעלווע, ווייטער פון שטעטל. געגרינדעט געווארן איז ער אין אנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט און איז געווען ארומגעצאמט מיט א געמויערטער וואַנט. צום סוף פון 19־טן יאָרהונדערט האט דער דרעטשינער אַרענדאַר פון גרויסן גוט אלעקסאנדריע, ר׳ משה מאלעטיטשער, פארן טויט מנדב געווען א גרעסערע געלט־סומע אויף צו בויען דעם מויערנעם צאַם.

מיט מקבר זיין די מתים האט זיך פארנומען די „חברא קדישא". די ארבעט איז געמאכט געוואָרן פרייוויליק דורך אָרטיקע בעלי־בתים, חברה־קדישא לייט, וועלכע האָבן אפילו געהאט אן אייגענעם בית־מדרש לעם אלטן בית־עלמין. די אויסהאַלטונג פון בית־הקברות און דעם געצאלט פאר די גרעבער האט מען געדעקט מיט די קבורה־געלט וועלכע די חברה־קדישא האט געמאנט פון די משפחות פון מתים. ארום דעם מאָנען קבורה־געלט זיינען אפט אויסגעבראָכן אינצידענטן, ווייל ס׳איז געווען א מנהג צו מאָנען גרעסערע סומען פון מער פאַרמעגלעכע אידן, וועלכע זיינען בא זייער לעבן ניט געווען קיין צו גרויסע נדבנים. סוף־סוף פלעגט מען דורכקומען מיט דער משפחה פון נפטר און דאָס לעבן אין שטעטל פלעגט ווייטער גיין מיט זיין רואיקן שטראָם, נאכדעם ווי ס׳איז אויפגעברויזט געוואָרן צוליב אַ קבורה־געלט־אינצידענט.

אויף א לויה פלעגט גיין גאנץ דרעטשין. שענערע בעלי־בתים האָט מען געטראָגן ביזן בית־הקברות, פשוטע אידן האט מען געפירט מיט דער עגלה. אויפן שולהויף פלעגט מען מספיד זיין דעם מת און פונדאָרטן פלעגט די לויה זיך לאָזן מיטן לאנגן וועג צום בית־עלמין.

### פרנסי־חדשים

ווי ס׳האבן דערציילט אלטע לייט, זיינען ביזן מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט געשטאנען בראש פון די קהלשע עניינים די א. ג. „פרנסי חדשים", ד. ה. 12 אויסגעקליבענע גבאים, וועלכע האבן לויט דער באשטימטער ריי געוועלטיקט יעדער איינער א חודש אין יאָר. זיי זיינען אויך אָנערקענט געוואָרן דורך דער רוסישער מאַכט און זיינען געווען די דעה־זאָגער אין אידישן לעבן פון שטעטל.

זיי האבן אפילו געהאט רעכט צו באשטראפן אַ איד א באשולדיקטן אין אַ געוויסער עבירה מיט ארעסט — אין דער גרויסער שול איז געווען א ווינקל מיט דער א. ג. „קונע", און אן אייזערנער רינג צו וועלכן מ׳פלעגט אויף א קייט צושליסן דעם באשטראָפטן אויף א געוויסער צייט, טעג אדער שעה׳ן.

אין יענע יארן האט געהערשט די רעקרוטן־גזירה. די אידישע קהילה האט געדארפט יעדן יאָר צושטעלן א געוויסע צאָל קינדער, אין דער עלטער פון 8 ביז 10 יאָר, וועלכע פלעגן צוגענומען ווערן דורך דער צארישער מאַכט אויף 25 יאָר אין טיפן רוסלאנד, כדי דארטן זיך אויסבילדן אלס סאָלדאטן און דינען דעם צאר. זיי האָבן געהייסן „ניקאָלאיעווסקע סאָלדאַטן".

געוויינלעך זיינען דערביי געמאכט ווערן פיל אומגערעכטע מעשים. די פרנסי־חדשים זיינען ס׳רוב געווען פון די פארמעגלעכערע בעלי־בתים און געפירט די קהילה־עניינים מיט אַ שטרענגער האנט. „כאַפּערס" פלעגן מיט געוואַלט צונעמען בא אָרעמערע לייט קינדער און זיי אַוועקגעבן אין די הענט פון די צאַרישע הערשער. געווען פאַלן, ווען מ׳האט פאר געלט געקויפט קינדער בא אָרעמע עלטערן. די ערשטע קרבנות זיינען שטענדיק געווען קיילעכדיקע יתומים. זייער ווייניק פון די קינדער זיינען פארבליבן אידן, נאכן זיין פארוואָגלט 25 יאָר צווישן גוים טיף אין ראַסיי. נאָר איינצלנע פלעגן זיך אומקערן נאכן דינען אין צארישן מיליטער צוריק אַהיים. אזוי געדענק איך נאך פון מיינע קינדער־יאָרן צוויי „ניקאָלאיעווסקע סאָלדאטן" בא אונז אין דרעטשין — גרשון „דער יאָוון" און שאָמורקע. דער ערשטער פלעגט שטיין מיט אַ שפיל־טישל אויפן מאַרק און האָט אויך געדינט אלס „דעסיאַטניק"; דער צווייטער פלעגט יעדן זונטיק אויסרופן אין די גאסן, אַלס געדונגענער דורך די רוסישע סוחרים, וועלכן טאג מ׳זאל ברענגען אין מארק אריין חזירים צום פארקויפן. זיי זיינען ביידע געווען פארפרעמדט פון אידישקייט, אָבער דאך

זיינען זיי פארבליבן אידן. דער גרעסטער טייל
פון די „ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן" איז פאַר־
לאָרן געגאנגען, אָדער זיך באזעצט אין טיפן
רוסלאַנד, אין ווייטן סיביר, ווייל פאר זייער
דינען דעם צאַר האָבן זיי רעכט געהאט צו
וואוינען אין גאנץ רוסלאַנד. אויך די וואס זיי־
נען געבליבן אין די ווייטע רוסישע שטעט און
שטעטלעך זיינען ס'רוב געווען גוטע, הארציקע
אידן, און די פון זיי וואס זיינען רייך געווארן
האָבן פיל מיטגעהאָלפן זייערע אידישע ברידער.

## „סטאַראָסטעס"

שפּעטער, אין דער צווייטער העלפט פון 19־
טן און אנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט, געפי־
נען מיר שוין אין די אידישע שטעטלעך פון
„תחום המושב", און אויך אין דרעטשין, די
א. ג. „סטאַראָסטעס", וועלכע זיינען געווען די
פאָרשטייער פון אידישן קהל בא די צאַרישע
מאַכט־אָרגאַנען.

א לענגערע צייט איז אין דרעטשין געווען
„סטאַראָסטע" אַן אָרטיקער בעל־בית מיטן נאָ־
מען יעקב שעיה'ס. איך געדענק נאָך זיינע
קינדער — פעאיקע און אינטעליגענטע יונגעלייט
(אין זיין הויז האט שפּעטער געוואוינט די באַ־
קאַנטע משפחה אלפּער).

נאָך יעקב שעיה'ס איז אויסגעוויילט געוואָרן
אלס סטאַראָסטע, די לעצטע יאָרן פון פאַריקן
יאָרהונדערט, דער פּאָפּולערער אין דרעטשין
תבואה־סוחר לייבע ר' משה'ס ראַבינאָוויטש.
אויסגעקליבן האָט מען אים קעגן זיין ווילן,
און ער האט אלס זיין סעקרעטאַר באַשטימט
שלום מאַנסקין, דעם איידעם פון ר' יעקב
ראבינאָוויטש. נאָכן זיין אָפּיציעלער סטאַראָס־
טע אַ פּאָר יאר, האט לייבע ר' משה'ס זיך אָפּ־
געזאָגט פון דעם אַמט און שלום מאַנסקי איז
געוואָרן סטאַראָסטע. ער האָט אַמטירט ביזן יאָר
1915, ביז די דייטשן האָבן פארנומען דרעט־
טשין בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מאַנסקי איז געווען אַ פעאיקער און טיכטי־
קער פאָרשטייער פון די אידישע קהלשע אינ־
טערעסן פאַר דער רוסישער מאַכט, ער האט
די אַרבעט זיינע דורכגעפירט מיט פיל שכל
און טאַקט און ניט איינמאָל געהאָלפן אידן בעת
אַ צרה.

די אויפגאבע פון סטאַראָסטע איז געווען צו
פירן דעם „פאַמיליע־ספּיס" פון דער שטעטל־
שער געמיינדע, ארויסגעבן יעדן בירגער אַ
פּאַספּאָרט, פירן א רעגיסטראציע פון די יונגע
בחורים וועלכע דאַרפן זיך מעלדן צום מילי־
טער אין עלטער פון 21 יאָר, אָרדנען מיט דער
אידישער אַרענדע אויף איינקויפן כשר'ע פלייש,
פון וועלכן ס'איז גענומען געוואָרן אַ ספּעציע־
לער אָפּצאָל, כדי צו דעקן די מלוכה־קאָסטן
בנוגע דער אידישער געמיינדע.

א באַזונדערס וויכטיקע ארבעט האט געהאט
דער סטאַראָסטע בעתן „פּריזיוו", ד. ה. אין דער
צייט ווען ער האט געדאַרפט צושטעלן דער
מאַכט אין דער „אויעזדנער" שטאָט סלאָנים די
רשימה פון אלע יונגעלייט וועלכע דאַרפן זיך
צושטעלן צום מיליטער. ווי געוויינלעך און
פאַרשטענדלעך זיינען דאס געווען טרויעריקע,
טראַגישע טעג פאַר די אידישע משפחות, וועלכע
פלעגן זיך זעגענען אויף אַ לענגערער צייט פון
זייערע קינדער, — אידישע יונגעלייט, אויס־
געהאָדעוועטע אין אידישן, טראדיציאָנעלן לע־
בנס־שטייגער, אָן ידיעות אין דער רוסישער
שפּראַך, באגרעניצטע אין זייערע בירגער־
רעכט, „שטיף־קינדער" פון דער גרויסער „מאַ־
מע רוסלאַנד", — וועלכע זיינען אוועק דינען
דעם קייסער ערגיץ ווייט פון דער היים גאנצע
3 יאר מיט 8 חדשים. און דאָרטן פלעגן זיי
זיין אין אַ פרעמדער און פיינטלעכער אטמאָס־
פער, ניט געקענט זיך דערדינען צו דער ני־
דעריקסטער ראַנגע. ניט קיין וואונדער, וואָס
די צעשיידונג פון דער היים איז געווען אַ
טראַגעדיע סיי פאר די זין און סיי פאר זייערע
עלטערן, שוועסטער און ברידער.

אידן האָבן דעריבער פארלאַנגט פון סטאַ־
ראָסטע, אז ער זאָל אויסזוכן אַלערליי קאָמבי־
נאַציעס דורך וועלכע מ'קען אויסמיידן די מי־
ליטערישע קאַזאַרמע. גויים פלעגן באַשולדיקן
די אידן, אז זיי זיינען ניט קיין לאָיאַלע ביר־
גער, פחדנים וואס האבן מורא פאר מיליטער־
דינסט א.ד.ג.ל. — אָבער די טיפע און אמת'ע
סיבה פון וועלן אויסמיידן די מיליטער־דינסט
ביים צאַר איז געווען די איבערצייגונג פון אידן,

אַז זיי זיינען בירגער פון אַ נידעריקער מדרגה, האָבן קיין רעכט ניט צו וואוינען מחוץ דעם אידישן „תחום המושב", ווערן געיאָגט און גע־פּלאָגט דורך גזירות און אנטיסעמיטישע הער־שער — פאַרוואס און פאר וועמען זאלן זיי גיין און אַוועקגעבן יאָרן און ענערגיע אין מי־ליטערישע איבונגען?

פלעגט מען טאַקע זיך מאכן פארשיידענע קערפערלעכע פעלערן, כדי זיך צו באפרייען פון „פריזיוו", אָדער מ׳פלעגט עמיגרירן מעבר לים, אין די ווייטע מדינות, כאטש די משפחה האָט דערביי געמוזט צאָלן 300 רובל שטראָף. געווען אויך פאַרשיידענע אַנדערע קאָמבינאַ־ציעס, דורך וועלכע מ׳האָט געקענט זיך באַ־פרייען פון דינען דעם קייסער.

פיל פון די זאכן און שתדלנות פלעגט אויס־פירן דער אידישער „סטאַראָסטע", און שלום מאַנסקי איז געווען זייער פאַסיק אלס פאָר־שטייער פון אידישן כלל אין די צאַרישע אַמטן.



שלום מאַנסקי, דער לעצטער סטאַראָסטע

פון וואָס אידן האָבן געלעבט

דריי הויפּט־גאסן זיינען געווען אין דערעטשין — די דייטשע, זעלווער און סלאָנימער. אינמיטן שטעטל איז געווען דער מארק־פּלאַץ.

אין די גאסן און אויפן מארק האָבן געוווינט צום גרעסטן טייל די בעלי־בתים, הענדלער, קרעמער, שיינקארעס. אין צענטער האט זיך אויך געפונען דער ראַד־קראָמען, 30 אין צאָל.

אין די ערשטע הייזער פון יעדער גאס האָבן געוווינט תבואה־הענדלער און מילנערס.. די פויערים פון די ארומיקע דערפער פלעגן באלד ביים אָנקומען אין שטאָט אויף א מארק־טאָג פארקויפן זייערע תבואה־פּראָדוקטן די אידישע הענדלער.

די קרעמער פון ראַד און פון מארק־פּלאַץ פלעגן באדינען מיט פארשידענע סחורות: די גאנצע קריסטלעכע אומגעגנט פון צענדליקער דערפער און פריצישע הייפן. שיינקאַרעס פלעגן אין די מארק־טעג לייזן פון די פויערים פאר פארשיידענע געטראַנקען.

אין דערעטשין איז געווען א היבשע צאָל בעלי־מלאכות, ווי בעקער שוסטער, שניידער,



סאָלדאַטן אין דער צאַרישער אַרמיי:
ראובן שעלקאָוויטש און זיין קוזין מאָטל פון זעלווע

צעשלאַרעס, סטאָלאַרעס, מולאַרעס, קירזשנער, פעל־ארבעטער. געווען ביי אונז אויך אייניקע גאַרבערייען.

דינסטיק איז געווען דער אָפיציעלער מארק־טאג. טויזנטער קריסטן פון די ארומיקע דער־פער פלעגן אָנקומען מיט זייערע פורן, ס׳רוב צוזאמען מיט זייערע ווייבער און קינדער, און ברענגען תבואות, פרוכטן, אייער, הינער און נאָך פראָדוקטן פון שטאָל, שטייג, גאָרטן און וואַלד.

די אידישע בעלי־מלאכות פלעגן אויסשטעלן זייערע פראָדוקטן און אויסארבעטונגען לענג־אויס דעם מאַרק־פּלאַץ. צוערשט פלעגן די פויערים פאַרקויפן זייער סחורה און דאן קומען קויפן אלץ וואָס זיי האָבן נויטיק געהאט פאר זייער הויז אוןווירטשאַפט.

פון די אמאליקע יארן געדענק איך נאָר אין רוסישן הענדלער, וועלכער פלעגט קומען צו די מארק־טעג מיט אַ גרויסער פלאַטפאָרמע אָנגעלייגט מיט פארשיידענע סחורות, און צווי־שן זיי אויך רעליגיעזע זאכן, ווי צלמים, תפילה־ביכלעך א. ד. גל.

אויך זונטיק איז געווען אַ טאָג פון האַנדל מיט די פילע פויערים, וועלכע פלעגן קומען פון די ארומיקע דערפער אין צערקווע אַריין און דערביי זיך ארויסלאזן מאכן קניות און א ביסל אויסטרינקען „לכבוד זונטיק". געטאָרט האָט מען טאָקע ניט האנדלען אום זונטיק, אָבער אידן האבן זיך אן עצה געגעבן מיטן איינציקן „אוראַדניק" אין דערעטשין, וועלכער האט אויך געדאַרפט „פרנסה"...

ס׳פלעגט אָפט טרעפן, אַז די פויערים פלעגן זיך אָנשיכורן און מאכן סקאנדאלן. פארן אוועק־פארן צוריק אין דאָרף פלעגן יונגע שקצים באפאלן די בעקערשע סטראַגאַנעס און כאַפּן בייגל, קוכנס און זיסע געבעקס. אָבער דער דערעטשינער „אוראַדניק" איז תמיד געשטאַ־נען אויף דער וואַך און בארואיקט די הייסע געמיטער.

אזוי האבן דערעטשינער אידן געלעבט פון האנדל און מלאכה, שטענדיק געווען אין שרעק פאר דער פרנסה, שטענדיק געאַרבעט, געשמאַ־יעט און זיך געמאַטערט כדי צו פאַרדינען אויפן לעבן, אבער אידן האָבן געטראכט ניט



ביום־שוק בעיירה

א מאַרק־טאָג אין שטעטל

נאר וועגן עסן און אַ דירה — זיי האָבן אויס־געהאָדעוועט און דערצויגן קינדער, געשיקט זיי לערנען צו מלמדים, אין ישיבות, שפּעטער אויך אין די גימנאַזיעס אריין. אמאליקע יאָרן האָבן אידן אויסגעהאלטן איידעמס אויף קעסט, אַבי זיי זאָלן זיצן און לערנען. און אידן האָבן געגעבן צדקה פאר אָרעמע לייט, געקאָרמעט יתומים, ישיבה־בחורים, פרושים, געפּראַוועט ימים־טובים, געמאַכט שמחות — מיט איין וואָרט: געפירט א אידיש משפחה־לעבן, גע־כאַפּט יעדע פרייע מינוט אויף צום הערן און לערנען אַ בלאַט גמרא, א שטיקל ש״ס, א ביסל פון עין־יעקב א. ד. גל. געקרעכצט און געאויקעט, געבעטן פון רבונו של עולם א גאולה שלמה און געהאָפט אויף משיח׳ס צייטן.

### ישובניקעס

א באַזונדער קאַפּיטל האבן מיט זיך פאַר־געשטעלט אין און ארום אונזער שטעטל די ישובניקעס.

ארום דערעטשין זיינען געווען פיל צענדלי־קער דערפער און הייפן פון גוטבאַזיצער. כמעט אין יעדן דאָרף האט זיך געפונען איינער, און אפילו 2—3, אידישע משפחות, וועלכע האבן געהאַלטן אין אַרענדע, בירושה פון זייערע טאטעס, זיידעס און עלטער־זיידעס, גרויסע קרעטשמעס. בעת די באשריבענע צייטן איז פארבאטן געווען אידן זיך צו באזעצן אין דער־פער און נאָר די וואָס האָבן איבערגענומען בירושה פון זייערע עלטערן געוויסע אונטער־נעמונגען האָבן דורך פּראַטעקציע אויסגעפועלט וואוין־רעכט אויפן דאָרף, און דאס איז אריבער אלס „חזקה״ פון פאָטער צו קינדער.

די א. ג. ישובניקעס האָבן געהאט זייערע גערטנער און סעדער ארום זייערע הייזער, מיט גרינס און פרוכטן, אבער זייער הויפּט־הכנסה איז געווען פון האַנדל מיט די פויערים. זיי זיינען, אייגנטלעך, געווען די איינציקע הענד־לער אין דאָרף, און האָבן זיך פאַרנומען בעיקר מיטן פארקויף פון אלקאָהאָל־געטראנקען. בי׳ס־לעכווייז האָבן זיי אויסגעברייטערט זייערע געשעפטן און פארקויפט די פויערים אויך אנ־דערע נויטיקע סחורות, וועלכע מ׳דאַרף דרינ־גענד האָבן אין דער הויז־און לאַנדווירטשאַפט,



שמחה די קרעמערקע



איר מאן ר׳ יהודה־שמואל עפשטיין

ווי נאפט, שמירעכץ צו רעדער, שוועבעלעך, זאַלץ, טאבאק א. ד. גל. פאר זיינע פעלד־ארבעט און האַנדל צוועקן האט דער ישובניק געהאט א פערד־און־וואָגן. אויך האט יעדער ישובניק געהאט אַ פאָר קי און געהאָדעוועט הינער.

די קרעטשמע אליין, א גרויסע שטוב, האט געדינט די פויערים אלס זאַמל־אָרט, וואוהין זיי פלעגן זיך צונויפקלייבן אין די אָוונטן, טרינקען אויף קרעדיט, און דער פויער האָט געקענט צאָלן זיינע חובות נאכן שניט און נאכן אָראָפּנעמען די תבואה פון די פעלדער און גרינס פון די גערטנער. אַזוי איז דער קרעטשמער געווען אַ נויטיקער קרעדיט־אַנשטאַלט פאַרן פויער.

די קרעטשמע אליין, א גרויסע שטוב, האט געדינט די פויערים אלס זאַמל־אָרט, וואוהין זיי פלעגן זיך צונויפקלייבן אין די אָוונטן, טרינקען א ביסל שנאַפּס, שמועסן מיט די שכנים און מיטן קרעטשמער, ארומריידן אלערליי דאָרפישע ענינים און פראַגן, זיך דערוויסן וועגן און וואו ס'דאַרף פארקומען אַ גרויסער יאריד. וועגן וועלט־נייס פלעגן זיי זיך דערוויסן בעיקר פון דעם קרעטשמער דעם אידן, וואָס האט געוואוסט מער ווי די פויערים וועגן דעם וואָס ס'טוט זיך אין דער גרויסער וועלט. אפילו וועגן א גרויסער גוישער חגא האט דער איד געוואוסט בעסער ווי דער פויער.

מ'דאַרף ניט פארגעסן, אז אין יענע יאָרן, אויף דער גרענעץ פון 19־טן און 20־טן יאָרהונדערט, זיינען די ווייסרוסישע פויערים געווען כמעט אין זייערע הונדערט פראָצענט אַנאַלפאַבעטן, געפירט אן אָרעמן און פרימיטיוון לעבן, אזוי אז דער ישובניק איז בא זיי אין די אויגן געווען דער „גראַמאָטנער", ממילא דאַרף ער אויך זיין קלוג און וויסן אַלץ. זיי האָבן זיך צו אים באצויגן מיט רעספּעקט און אויך מיט פריינטשאפט — מחוץ יענע מאָמענטן, ווען א שונא־ישראל, א גלח אדער א פּאָגראָמשטשיק, פלעגט זיי דערציילן איינמאל און נאכאמאל, אז אידן האָבן אומגעבראַכט יעזוסן.

אויך פלעגן זיין פאַלן, כאטש איינצלנע, ווען א ישובניק פלעגט מיסברויכן מיטן פויערס אומוויסנהייט און אים בא עפּעס וואָס אָפּנאַרן. אזעלכע געציילטע פאַלן פלעגן וואַרפן אַ פלעק אויף אַלע אידן אין די אויגן פון די פויערים.

ס'רוב זיינען די ישובניקעס געווען גוטע, תמימותדיקע אידן, אָפּגעהיט אידישע מצוות און א טייל פון זיי זיינען געווען אויך לומדים. ניט איינמאָל פלעגט אַזאַ ישובניק אַ תלמיד־חכם דערציילן די פויערים עפּעס פון דער גמרא. אָפט פלעגן די פויערים ברענגען פאַרן ישובניק זייערע קריגערייען צווישן זיך און דער איד פלעגט אויסגעפינען אַ פשרה און אַ סוף מאַכן צום קאָנפליקט. אַזוי איז דער ישובניק געווען אין זיין דאָרף אַן אייגענער מענטש און די פויערים האבן פאר אים אָפּשיי געהאַט.

על־פּי־רוב פלעגט מען די ישובניקעס רופן לויט זייער וואוין־דאָרף, און דער נאמען איז געגאנגען פון דור צו דור: משה דאראלינער, יאָשע מילעוויטשער, מרדכי־בנימין נאצקעווער, משה־יקותיאל וואנילעוויטשער, אברהם־יעקב לאַנצעוויצער, זעליק מאַנקעוויטשער, אלתר מיכויסקער, לייזער קרופּעווער, זעליק אָסטראָווער, שכנאַ אָסטראָווער, בערל פאליזשינער, ישראל אורינער, שמואל לאַבזאָווער, יצחק אלעקשיצער, בנימין ראבעווער, יוחנן זאַלאָטשייעווער, זלמן רעפּניטשער, הירשל קורילעוויטשער, חיים האלוביער, שמעון זאמאָשטשער, שפירא דער קליינוואָליער און נאך פיל אַנדערע.

צוויי דערפער זיינען געווען ניט ווייט פון דערעטשין, וואָליע און שטשאַרע, אין וועלכע ס'האט זיך קאָנצענטרירט דער טראנספּאָרט פון וואַלד־מאַטעריאַלן פון דער שטשארע צום ניעמאַן. אין ביידע דערפער האט געלעבט א היבשע צאָל אידישע משפחות, וואָס האָבן זיך באשעפטיקט מיט וואלד־האַנדל און ארום זיי האָבן געלעבט הונדערטער פויערים פון ארומיקע דערפער ביים פירן די קלעצער פון די וועלדער צום טייך און אויך ביים טרייבן נאכדעם די פליטן מיטן וואסער.

אזוי האָט געוואוינט אין וואָליע ליטמאַן־אָרעס פארצוויגטע משפּחה, שמחה ראבינאָוויטש מיט די קינדער; אין קליינוואָליע — די שפּירעס; אין שטשאַרע — זלמן שטשאַרער, לייבע שטיין, שמחה־דוד. אין די דריי דערפער פלעגן זומער זיך צוזאמענקומען הונדערטער אידישע סוחרים און אויך פאַרשטייער

פון דייטשע פירמעס, וועלכע פלעגן קויפן בא די אידן די האָלץ־מאַטעריאַלן וואס מ׳האט זיי שפּעטער מיטן וואסער, דורך דער שטאָרע און ניעמאַן, צוגעשטעלט קיין מעמעל. דארטן זיינען אין יענע צייטן באקאנט געווען די גרויסע וואַלד־סוחרים נח יאָסעלעוויטש, די ברידער חייקין און אַנדערע.

אלע ישובניקעס, רייך און אָרעם, האבן זיך געהאלטן אין יענע יאָרן בא די אידישע טראַדיציעס. עטלעכע שכנותדיקע ישובניקעס פלעגן יעדן שבת אָפּהאַלטן אַ מנין מיט אַן אייגענעם ספר־תורה. ביים גרעסטן טייל ישובניקעס זיינען געווען מלמדים פאר די קינדער און די וואָס האָבן געלעבט נאנט פון דערעטשין האָבן געשיקט זייערע קינדער לערנען אין שטעטל אַריין.

די רייכערע ישובניקעס האבן זיך געקענט דערלויבן נעמען א תלמיד־חכם פאר אן איידעם און געבן אים לאנג־יעריקע קעסט, אז ער זאל זיצן אין דאָרף און לערנען.

פון די ישובניקעס זיינען ארויסגעקומען רבנים און משכילים. דער באקאנטער העברעאישער שריפטשטעלער בערשאדסקי איז געווען א זון פון שמעון זאמאָשטשער, דאַמאַשעוויצקי. שמעון אליין איז אויך געווען א איד א למדן און משכיל. א צווייטער זון זיינער איז געווען באקאנט אלס מאַטעמאַטיקער און האט בא די רוסן פארנומען א פּאָסטן אלס „זעמליעמער״, — מעסטער פון ערד־פּאַרצעלאַציעס.

יאָשע מילעוויטשערס א זון איז געווען רב פון מעמעל. מרדכי־בנימין נאָוויק פון נאַצקאָוו? האט געהאט אייניקלעך לערער — איינע פון זיי, חנה נאָוויק, אַ לאַנגיעריקע לערערין אין די שולן פון נאציאנאלן ארבעטער־פארבאנד אין אמעריקע, איז געווען פּאָפּולער צווישן דער אידישער אינטעליגענץ אין ניו־יאָרק.

פון די ישובניקעס זיינען אויך ארויסגעקומען באקאנטע אינדוסטריעלער און וואַלד־סוחרים.

בדרך־כלל זיינען די הייזער פון די ישובניקעס געווען ברייט־אָפן פאַר געסט, וואַנדערנדיקע תלמידי־חכמים און סתם אידן. יעדער איינער איז דורך דעם ישובניק און זיין משפחה אויפגענומען געוואָרן מיט עסן און טרינקען און נאַכטלעגער. דורכגייענדיקע אָרעמע לייט און בעלי־מלאכות וואס פלעגן גיין איבער די דערפער ארבעטן האָבן שטענדיק געפונען ביים ישובניק אַ וואָרעמע היים.

פארשיידענע גבאים און שמשים פלעגן פון צייט צו צייט באזוכן די ישובים און זאַמלען געלט פאר צדקה־צוועקן. אויף ימים־טובים, און בעיקר אויף די ימים־נוראים פלעגן ישובניקעס קומען אין שטעטל און אָפּהאלטן דעם יום־טוב בא באַקאַנטע אדער קרובישע משפּחות.

אזוי איז דער ישובניק געווען פארבונדן מיט זיין דאָרף און פויערים פון איין זייט — און מיטן שטעטל און אידן פון דער צווייטער, פון דאָרף האָט ער געהאַט זיין עולם־הזה, זיין פּרנסה, און פון שטעטל — זיין רוחניות, זיין גייסטיקע הנאה און די זיכערקייט אויף עולם הבא.

## אַרענדאַרן און פּאַקטערס

אזוי ווי די ישובניקעס האָבן אויך די אידישע אַרענדאַרן און פּאַקטערס פאַרנומען א בכבודיקן אָרט צווישן אידן און קריסטן.

כמעט אין יעדן גוט פון א פריץ האט זיך געפונען א אידישער פּאַקטער. ער פלעגט אָפּקויפן ביים פריץ זיין גאַנצע מילך־פּראָדוקציע און אויסאַרבעטן דערפון פּוטער, קעז און אַנדערע פּראָדוקטן. על־פּי־רוב פלעגט דער פּאַקטער באַקומען א הויז אין הויף פון גוטבאזיצער, אָדער ניט ווייט פון דאָרטן, און ער פלעגט צוזאַמען מיט זיינע ווייב און קינדער אויסאַרבעטן די פאַרשיידענע מילך־פּראָדוקטן, באַזונדערס כלערליי מינים קעז, און זיי פאַרקויפן אין שטאָט, אָדער אפילו שיקן אויף עקספּאָרט. דער גרעסטער טייל פּאַקטערס האט געלעבט אין די הייפן אויף דיזעלבע חזקה און ירושה־רעכט ווי די ישובניקעס. די חזקה פלעגט איבערגיין פון פאַטערס צו קינדער.

די פּאַקטערס זיינען געווען אין גוטע באַציאונגען מיט זייערע בעלי־בתים די גוטבאזיצער. זיי האָבן געהאַט א גוטע פרנסה, געהאלטן בא זיך גוטע מלמדים פאר די קינדער. זיי זיינען געווען די שטענדיקע פאַרמיטלער צווישן פריץ און די דערעטשינער סוחרים און בעלי־מלא־

כות, מיט וועלכער דער גוטבאַזיצער האט געדאַרפט האָבן האנדלס־באַציאונגען. די פּאַקטערס פלעגן עס רעקאָמענדירן דעם פריץ פאַרשיידענע שטעטלשע אידישע אַרבעטער וועלכע ער האט נויטיק געהאַט, ברענגען צו אים קצבים און תבואה־סוחרים אויף אָפּצוקויפן פון אים קי, קעלבלעך אדער תבואות.

דער פריץ פון זיין זייט, סיי דער רוסישער און סיי דער פּוילישער, האט געהאלטן זיין פּאַקטער אלס פארטרויאונגס־מאַן און זיך מיט אים באראטן וועגן פארשיידענע ענינים.

עס זיינען אויך געווען אידישע אַרענדאַרן וואס פּלעגן נעמען בא פריצים אין אַרענדע אויף עטלעכע יאר פעלדער און גערטנער און געצאלט זיי יעדְלעכע אַרענדע־אָפּצאָל. געווען פריצים וואס האָבן פארנומען רעגירונגס־און מיליטער־פּאָסטנס, און אויך סתם צעבאַלעוועטע און פוילע מענטשן, וועלכע זיינען ניט פעאיק געווען אָנצופירן מיט זייערע גיטער און געהאט פון זיי כסדרדיקע דעפיציטן. די אידישע ארענדארן האבן גוט געבאַלעבאַטעוועט, באַארבעט אלע טיילן פון די פריצישע גיטער און ארויסגעצויגן דערפון פרנסה פאר זיך און אַרענדע־אפּצאלן פארן פריץ. דער אידישער ארענדאר פלעגט האלטן פיל קי און געהאט מיט וואָס צו מיסטיקן די פארנאכלעסיקטע פעלדער און אראָפּנעמען פון זיי גוטע תבואה. געווען ארענדארן, וועלכע האָבן אין די פריצישע הויפן אויסגעבויט מילן, ברויזן און פאַבריקן אויסצופּערטיקן וואָלענע שטאָפן.

די אידישע אַרענדארן האָבן אזוי ארום אַנטוויקלט די פריצישע גיטער און צוגעפּאַסט זייער ווירטשאפט און אונטערנעמונגען צו די פאָדערונגען פון מאַרק און פון די ארומיקע פּויערים און אידן.

### אידישע איניציאטיוו

אויב מ׳זאל רעזומירן דעם סך־הכל פון די אידישע פרנסות אין דערעטשין און ארום איר, קען מען טאַקע פון ערשטן קוק באַשליסן, אַז דאָס זיינען געווען עכטע אידישע פרנסות אין די צווייגן פון האנדל און מלאכה. אָבער ווען מ׳מאכט אַן איבערזיכט פון דער אָרטיקער ווירטשאָפט און פון איר אַנטוויקלונג אין משך פון לאַנגע יאָרן, ווערט באַלד קלאָר אז נאר די אידישע איניציאַטיוו האט אַנטוויקלט דערעטשין און איר אומגעגנט אין אלע צווייגן פון פּראָדוקציע און האַנדל.

באַגרעניצטע אין זייערע רעכט, אָן מעגלעכקייטן פון אלזייטיקער בילדונג אין די מלוכה׳שע לער־אנשטאלטן, אָן רעכט צו וואוינען אין גרויסע טיילן פון דער רוסישער מדינה, שטענדיק אונטער דער דעספּאָטישער הערשאַפט פון די צאַרישע מאכט־אָרגאַנען — האָבן דאָך די אידן אויסגעבויט שטעט און שטעטלעך, געווען פּעאיקע בעלי־מלאכות און ארבעטער, איניצירט פיל ווירטשאפטלעכע אונטערנעמונגען, אַנטוויקלט א סך צווייגן פון אינדוסטרי און האַנדל. כאטש דאס געזעץ האט זיי פאַרבאָטן זיך צו פארנעמען מיט ערד־אַרבעט, האָבן זיי דאָך געפונען וועגן און אומוועגן זיך אויך דערמיט צו באשעפטיקן און אויך אויף דעם געביט ארויסגעוויזן זייערע איניציאטיוו־פעאיקייטן.

אדאנק דער אידישער ענערגיע איז אויסגעבויט געוואָרן דערעטשין, מיט איר קהלשן לעבן, מיט אירע אינסטיטוציעס, מיט איר ווירטשאַפטלעכער ראָל פאַר דער גאנצער אומגעבונג. אידן האָבן פיל מיטגעהאָלפן דער אנטוויקלונג פון דער פויערישער באָפעלקערונג.

אידן האָבן געשאַפן אָפּזאַץ־מערק פאַר דער גאַנצער פּראָדוקציע פון די אַרומיקע דערפער, סיי פון די פויערים און סיי פון די גוטבאַזיצער. כמעט דער גאנצער האַנדל פון לעבנס־פּראָדוקטן, תבואות, גריַנס, האָלץ, די פּראָדוקציע פון מילן, ברויזן און פאַבריקן — איז געלעגן אין אידישע הענט.

אזאַ קליין שטעטל ווי דערעטשין, מיט אירע עטלעכע הונדערט אידישע משפחות, האט באַדינט די גאנצע אומגעגנט מיט אירע צענדליקער טויזנטער פויערים און הונדערטער פריצים און זיי געבראכט גרויסע נוצן. אידישע ארבעטער און בעלי־מלאכות, שוסטער, שניידער, בוי־ארבעטער, שמידן א. ד. גל. פלעגן אוועק אויף גאַנצע וואָכן איבער די דערפער און דארטן אויספירן אלע נויטיקע מלאכות אין דאָרף און אין די פריצישע הייפן. ס׳זיינען אין משך פון הונדערטער יאָרן געשאַפן געוואָרן ענגע פאַרבינדונגען צווישן קריסטן און אידן

אין אונזער געגנט. אָפט פלעגט שוין אפילו אַ פויער אין דאָרף וויסן וועלכע מאכלים ער מעג דערלאַנגען דעם אידישן בעל־מלאכה וואָס האט פאַר אים אויסגעפירט געוויסע אַרבעטן.

ווען ס׳פלעגט זיי קיינער ניט העצן און ניט רייצן, פלעגן זיך די ווייסרוסישע פויערים באַציען פריינטלעך צו די אידן מיט וועלכע זיי האָבן געהאַט אזויפיל געמיינזאַמע ענינים.

מיט די פריצים איז עס געווען א ביסל אנדערש. בדרך כלל האט יעדער פריץ געהאט זיינע שטענדיקע אידישע סוחרים אדער בעלי־מלאכות און מיט די האט ער געלעבט גוט. אבער בא די פריצים איז דער אנטיסעמיטיזם געווען טיף איינגעוואָרצלט, ווי א מין טראדיציע לויט וועלכער מ׳דאַרף פיינט האָבן דעם אידישן כלל, אפילו ווען מ׳קען דאס מיטן שכל ניט באַגרינדן. נאר מיט „זיינע״ אידן איז דער פריץ געווען באפריינדעט און געהאט צו זיי צוטרוי אפילו מער ווי צו זיינע נאָנטע קריסטלעכע פריינט און שותפים.

אין דערעטשין איז געווען א דאקטאר א קריסט און אַ פעלדשער א איד — פלעגן די דארפישע קריסטן ליבער גיין צום אידישן פעלדשער, ס׳הייסט צו שמואל־משה וואלפאָוויטשן, אדער צו זיין זון מאיר־שיע, וועלכע זיינען צווישן די דאָרפישע געווען מער פאָפולער ווי דאקטאר נאָוויצקי.

די אפיציעלע רוסישע מאכט איז אין יענע יארן אין דערעטשין באשטאנען פון „פריסטאַוו״ און „אוראַדניק״. די צוויי זיינען געווען די הערשער איבערן לעבן פון די דערעטשינער איינוואוינער. געווען זיינע זיי ביידע גרויסע



ר׳ מאיר־שיע וואָלפאָוויטש דער פעלדשער מיט זיין פאמיליע

„נעמער״, און דאָס האָט געהאָלפן אין פאַרשיי־דענע פאַלן. א סך גזירות זיינען אָפּגעטעמפּט אָדער איינגעשטילט געוואָרן, דורך פאַרשיידע־נע קאָמבינאַציעס און אויסטייטשונגען, מיט דער הילף פון די „געשמירטע״ מאכט־האָבער.

אין משך פון דורות האבן אידישע קהילות אויסגעבילדעט אין זיך א ווידערשטאַנדס־פע־איקייט און אַ שנעלע אָריענטאַציע אין אַלערליי מעגלעכע סיטואַציעס, אין וועלכע די צארישע געזעצן האָבן זיי אַריינגעשטעלט. גלייכצייטיק איז אויך געוואַקסן דער נסיון וויאזוי אויסצו־מיידן די צרות, אָדער זיי פאַרקלענערן, ווי אַזוי אומגיין געזעצן און גזירות. און טאָמער איז געווען אַ שלעכטער „שררה״, א בייזער „פּריסטאַוו״ אדער אפילו אַ גובערנאטאר א שונא־ישראל, פלעגן אויך דערעטשינער אידן ניט פאַרצווייפלט ווערן. זיי פלעגן תפילה טאָן צום אויבערשטן און האפן אז ער וועט זיי שוין העלפן פטור ווערן פון דעם בייזן הערשער.



ר׳ שלמה „קאַזיאַנער רב״
מיט זיין ווייב און פלימעניק

### די קינדער לערנען תורה

אזוי האבן דערעטשינער אידן אין יענע יאָרן, און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, שווער געהאָרעוועט פאר זייער עקאָנאָמישער עק־זיסטענץ, אָבער דערביי האָבן זיי ניט פאַרלאָזן אויף קיין איין טאָג זייער גייסטיק לעבן.

די קליינשטעטלדיקע קהילה האָט געהאט איבער זיך ניט נאָר א שטענדיקן רב, א למדן און צדיק, אלס גייסטיקן מנהיג פון דער אי־דישער געמיינדע, — נאָר אויך א היבשע צאָל מלמדים, אין וועמענס חדרים ס׳האבן די דערעטשינער אידישע קינדער איינגעזאפּט אין זיך תורה, אידישקייט און חכמה.

ס׳קומען ווידער אויף די זכרונות פון די קינדערשע יאָרן. שוין צו 5 יאָר האָבן מיר אנגעהויבן לערנען בא א מלמד. געווען זיינען מיר אַ גרופּע אינגלעך, און געלערנט האָבן מיר בא ר׳ אברהם-חיים דעם דרדקי-מלמד, וועמענס חדר איז געווען אין א זייטיקן געסל, אין אַן ארעמן הייזל מיט אַ שטרויענעם דאַך. ער פלעגט אונז אָפּהאַלטן אַ גאַנצן טאג אין חדר און מיט אונז קנעלן „קמץ-א-אָ און קמץ-ב — באָ״ א. א. ו. דער מלמד אליין האָט קוים פאַרדינט אויף ברויט מיט וואסער, אָבער אין לערנען די קינדער פלעגט ער אריינלייגן זיין גאנץ לעבן. בא אים האבן מיר געלערנט עברי.

נאָך דעם דרדקי-מלמד האָבן מיר געלערנט חומש מיט רש״יביים מלמד אלטער דייכעס. נאָך אַ פּאָר יאָר חומש-לערנען זיינען מיר אַריבער אין חדר פון ר׳ שלמה „דעם קאַזיאַנעם רב״. חוץ מלמדות האט ר׳ שלמה, וועלכער האט זיך גערעכנט אלס גראַמאַטנער אין רוסיש,



דער מלמד ר׳ אלתר פּאלאקאָוויטש
(„ר׳ אלתר דייכעס״)

געפירט די מעטריקע־ביכער פון די דערע־טשינער אידן. ביי אים האָבן מיר שוין געלערנט תנ״ך און א ביסל גמרא. אויך אין דעם חדר האט מען געלערנט צוויי יאָר, און פון אים זיינען מ׳ר שוין אריבער צו גרעסערע גמרא-לומדים, ווי ר׳ וועלוול מייטעס, א איד א מוסמך, ר׳ אברהם יצחק-מאיר, ר׳ דוד חיים שמעונ׳ס און פארשיידענע אַנדערע מלמדים.

אין די אלע חדרים האבן די קינדער געלערנט פון פרי ביז נאַכט, און ווינטער-צייט אויך אין די אָוונטן. די רביים פלעגן שטאָפּן די קינדער מיט תורה און מוסר-השכל, אריינ-טענה׳ן אז א איד דאַרף קענען לערנען, פרום און אָרנטלעך זיין, מכבד זיין די עלטערן און ליב האָבן דאס אייגענע פאָלק.

די רביים פלעגן שבת באזוכן די עלטערן פון די קינדער און בא א שבת׳דיקער גלאָז טיי, אנגעגאסן פון „ליאַק״, פלעגן זיי פאַרהערן די תלמידים צי זיי געדענקען דאס וואס זיי האָבן געלערנט די גאנצע וואָך.

אויסער די מלמדים, רביים און זייערע חדרים זיינען אין דערעטשין, שוין ביים סוף פון 19-טן יארהונדערט, געווען אייניקע לערער, וואָס האָבן די קינדער געלערנט אידיש, העב-רעאיש און אויך א ביסל רוסיש. מער פון אלעמען געדענקט זיך פון יענע צייטן „דאַטשקע דער שרייבער״, אַ לערער מיט א וואונדערבאר-שיינער האנט-שריפט, און ער האָט טאקע געלערנט די קינדער פיין-שרייבעריי. פון ערגיץ פון דער פרעמד איז קיין דערעטשין געקומען איינער אַ לערער ראַזווילאָווסקי, וועלכער האט שפעטער געפירט אַ שולע אין וואַרשע.

מיט דער צייט איז אנטשטאנען דער א.ג. חדר מתוקן פון דעם אויסגעצייכנטן לערער און פעדאַגאָג אברהמע „דער מיכויסקער״. דאס איז שוין געווען א שולע מיט א מער־מאָדערנעם צוגאנג צום לערנען תנ״ך און עברית, און פונדאַנען איז געקומען דער אַנהויב פון השכלה-שטרעמונגען צווישן דער דערעטשינער יוגנט.

אין יענע יאָרן האָבן זיך אויך באוויזן אַ פּאָר יונגע לערער פון ווילנער געגנט, וואָס האָבן גענומען לערנען מיט אידישע קינדער רוסיש.

אָבער אויך די נייע שטרעמונגען, די השכלה און דאָס לערנען רוסיש, זיינען אין יענע יאָרן געגעבן געוואָרן נאָר די רייכערע קינדער, פון די א.ג. „בעלי-בתישע״ פאמיליעס. געוויינלעך האָבן די קינדער פון די אָרימערע שיכטן, פון די בעלי-מלאכות, אַרבעטער און סתם אָרעמע-לייט, געלערנט אין דער תלמוד-תורה אָדער בא די מלמדים פון דער ביליקערער קאַטע-גאָריע.

געדענקען מוז מען, אַז אין יענע יארן האט אין דערטשי׳ן, פונקט ווי אין אלע שטעט און שטעטלעך פון אידישן תחום-המושב, געהערשט אַ געוויסע מחיצה צווישן די א.ג. בעלי-בתים, יחסנים, און דעם א.ג. המון-עם, די אָרעמערע פאָלקס-מאַסן. די בע״ב האָבן געוואוינט אין די שענערע גאסן און בעסערע הייזער, אין די בתי-מדרשים האָבן זיי פאַרנומען דעם אויבן-אָן, לעם ארון-קודש, זיי פלעגן באקומען די „פעטערע״ עליות ביים לייענען שבת די תורה. בעת די קהל׳שע אסיפות אין בית־מדרש פלעגן זיך די בע״ב אויסזעצן ארום לאַנגן טיש, בעת דער המון, די פשוטע אידן, פלעגן שטיין ארום.

פלעגן טאקע די קינדער פון די א.ג. „יחסנים״ זיך שעמען חבר׳ן מיט די אָרעמערע קינדער, און אין יענע יאָרן זיינען דאָס געווען צוויי פארשיידענע וועלטן, מיט א בולטער קלאסן־דיפערענץ.

די לאנג-יאָריקע מחיצה האט גענומען זיך איינברעכן ערשט ביים סאָמע-סוף פון ניינ-צענטן יאָרהונדערט און אנהויב פון צוואַנ-ציקסטן, ווען נייע, פרישע ווינטן האָבן גענומען בלאָזן אין דער אידישער גאס אין גרויסן, אויפגעברויזטן רוסלאַנד. עס האָט גענומען א פאר יאָר ביז די נייע געדאַנקען, די אידייען פון סאָציאַליזם, זיינען דערגאַנגען אויך אין די קלענערע שטעטלעך, צווישן זיי אויך קיין דערעטשין.

א נייע, מאָדערנע תקופה האָט זיך דאן געעפנט אין לעבן פון דער דערעטשינער יוגנט.

# הם רוממו את שם דרצ׳ין / ח. צ. מילר־סיני

שוטף הזמן והולך, ובמרוצתו הולכים ודוהים, הולכים ומחווירים בזכרוננו אפילו אירועים ותהפעות בין מחיי הפרט ובין מחיי הצבור, אשר בשעתם גרמו לידי הזדעזעות מחרידה. אין כנראה מנוס משיני הזמן שלא יכרסמו בהם, ובלי משים הם מוסחים מדעתנו, יוצאים מרשותנו לחסות שר־השכחה. לכן יש להזדרז ולנצל עוד עכשיו, ומיד, את ההזדמנות ולכנס את הזכרונות בספר על דרצ׳ין והיהודים שישבו בה. תהיה זו המצבה היחידה, אשר תוקם ע״י שארית הפליטה של עירנו, שזכו להשאר בחיים, ומעל מצבה זו יוכלו הדורות הבאים לקרוא על ההווי שלה ועל קורותיה במשך מאות שנות קיומה.



חז״ל אומרים: „הכל תלוי במזל, אפילו ספר תורה שבהיכל״ — באחד קוראים בו לעיתים תכופות והשני עומד בפינה מבויש על שאין קוראים בו. מיליוני בני אדם נולדים בחשאי, ולידתם ידועה רק לבני המשפחה הקרובים ביותר. ועוברים הם מן העולם ג״כ בצנעה, כשהיעדרם מורגש רק בחוג הצר של המשפחה. רק אלה, שזכו להיות אנשי סגולה, והודות לכשרונותיהם המצויינים נתפרסמו בתור מלומדים גדולים ע״י הספרים החשובים שהשאירו וההמצאות שהמציאו, — הנציחו את עצמם בזכרון העם לדורות.

והוא הדבר בערים ועיירות, עיירות הגולה, משכנות ישראל האבלים, שאחרי השואה נתרוקנו מן היהודים. להרבה מהן לא יישאר בזכרון האומה כל זכר, אם לא היו בהן הגורמים דלקמן: א. אדם מפורסם שנקרא בפי העם על שם עירו, כמו הנגיד מדובנא, הרבי מגור, הרבי מליובאוויטש, ר׳ מנשה מאיליה. כל אלה הן עיירות קטנות, ואלמלא האנשים המפורסמים שנקראו על שמן, מי היה יודע ושומע מהן; ב. ע״י ישיבות גדולות שהרבה עשרות שנים קנו בהן שביתה, כמו ישיבת וולוז׳ין שהיתה למרכז תורה יותר ממאה שנה, ישיבת מיר ועוד, שהן ג״כ עיירות קטנות והודות לישיבות היו בשעתן מפורסמות בכל רחבי ארץ רוסיה הגדולה וממרחקים היו נוהרים אליהן ללמוד תורה, ונשארו שמותיהם גם אחרי חורבנן של העיירות בזכרון האומה; ג. ע״י זה ששרתו שם בקודש רבנים גאונים, בשבתם הדפיסו ספרים חשובים, בשער הספר מופיע שם עיר מושבם והאנשים שיש להם זיקה לספרים האלה, ייזכרו בפתיחת הספר גם בשם העיר של המחקר.

דרצ׳ין שייכת לחוג ג׳. תקופה ארוכה ישבו בה גאונים מפורסמים, שבשבתם נתפרסמו בין הלומדים ספריהם החשובים, וע״י זה הורם למעלה כבוד כסא הרבנות בדרצ׳ין ורב צעיר שנתקבל לשם היו לו כל הסיכויים לעלות מעלה מעלה בדרגת הרבנות, כמו הגאון ר׳ אליהו חיים מייזל שהרבנות הראשונה שלו היתה בדרצ׳ין ובאחרית ימיו היה רב בלודז׳, ועוד כאלה ששרתו בקודש אחר־כך בערים גדולות.

### „המגיד מדרצ׳ין״

אולם אחד היה לפני מאה ושמונים שנה, שהודות לו נישא שם דרצ׳ין על שפתי רבבות יהודים עד למרחקים, אפילו מחוץ לגבולות רוסיה הרחבה. היה זה הרב ר׳ יחזקאל פיזויל, שהיה נקרא „המגיד מדרצ׳ין״. הוא נולד בשנת תקט״ו, לפני יותר ממאתיים שנה, בעיירה פולונגי שעל שפת הים הבלטי, לאביו ר׳ זאב וולף, שהיה מנכבדי העיר. בעודו ילד כבר ניכרו בו אותות הכשרון לשאת מדברותיו בקהל־עם, כי בהיותו כבן חמש־שש היה מתעטף בטלית ועומד על „הבימה״, שהיה מקים לו לעצמו, ומטיף מלים כדרשן מובהק, וכאשר גדל בשנים השתלם בו אותו הכשרון עד להפליא. וכשהיה בן שמונה־עשרה נתקבל למגיד־מישרים בעיר דרצ׳ין. אחרי שבתו בה שלוש שנים חלה במחלת הראומטיזם ונסע לחוץ לארץ להתרפאות במעינות המינירליים, וכשהיה דורש בערים הגדולות, כמו פראג, למברג, בראדי ועוד, היו הרבנים הגאונים משם מפרס־

מים כרוזים המפליגים בשבחו וקוראים את הקהל לשמוע את „המגיד מדרצ׳ין" שפיו מפיק מרגליות, צעיר לימים ונשמת שדי תבינהו. כל השומע ישתומם „הנמצא כזה?!" יחס כבוד כזה היה אליו מגאוני הדור ההוא.

בשנת תקנ״ז עבר לוילנא, זכה עוד לדרוש בפני הגאון ר׳ אליהו מווילנא זצ״ל, וככה היה דורש ארבע־עשרה שנה בווילנא בכל בתי־כנסיות שבעיר בשם „המגיד מדרצ׳ין", עד שבשנת תקע״א נתקבל למגיד דמתא, שזה היה בתקופה ההיא מינוי נכבד מאד, ועמד בו עד יום הסתלקותו בשנת תקצ״ג, עשרים ושתים שנה. בן ע״ח היה בפטירתו.

מן הסיפור ההיסטורי הזה משתקפים המצב הרוחני והגשמי של העיר דרצ׳ין שלפני מאה ושמונים שנה, כאשר מלבד הרב והדיין ששירת בקודש היתה עוד דרישת הקהל למגיד־מישרים, ודוקא מהכי־מפורסמים בזמן ההוא.

עד לפני שמונים שנה היה תמיד בדרצ׳ין מלבד הרב גם דיין. אחרון הדיינים היה הרב מיכל ברקוביץ, ראש משפחת הברקוביצים, מזה אפשר לדון גם על המצב החמרי בימים ההם, כשהיה ביכולתה של הקהילה לפרנס שלוש משפחות, מלבד הוצאות החזקה לשאר המוסדות כמו תלמוד תורה, טהרת־המשפחה ועוד.



## „הבחור מכפר בייקי"

היה עוד אחד לפני שישים־שבעים שנה שבגללו נישא שם דרצ׳ין בפיות הרבה אנשים, אפילו שאינם בני ברית. אני כותב עליו כעל נעלם, כי איני יודע את שמו, ובתור נעלם אני רוצה להנציחו בספר.

בילדותי שמעתי אנשים משוחחים, כי בכפר בייקי, הנמצא בסביבת דרצ׳ין, גר יהודי שיש לו בן בגיל קרוב לשלושים שנה, רווק, והוא משותק, שוכב במטה, איש מכאובות וידוע חולי. פשוט, מוכה אלוקים, ומאידך גיסא — הוא ברוך אלוקים, כי סגולה היתה לו, ברית כרותה לשפתיו: את מי שבירך — היה מבורך, ומה שיעץ — עצתו נתקיימה. בסביבה היה נקרא: „הבחור מבייקי", אבל במרחקים היו מכנים אותו „היהודי הטוב מדרצ׳ין" — „דער דער־עטשינער גוטער איד". והיו נוסעים אליו ממאות פרסאות אפילו שאינם בני־ברית. כסף או פדיו־נות בעד זה לא היה מקבל, למרות שהורין היו עניים. על השולחן שבחדרו נמצאה קופסה לישוב ארץ־ישראל וכל מבקר אצלו היה מכניס בה את תרומתו.

כשגדלתי ולמדתי בישיבות וחוזר הייתי הביתה לפעמים לחגים, — לא התעניינתי לדעת מה טיבו של הבחור המופלא הזה ובמה כוחו וגדלו בתורה. אחר כך, כשהתחתנתי בעיר שאוויל, שהיתה רחוקה ממקום מולדתי, — הסחתי לגמרי את דעתי ממנו, ושכחתי את כל העניין. והנה כעבור כמה שנים היתה לי ההזדמנות, ע״י סיפור מפי עד־ראיה, לעמוד בעיקר על פקחותו, זולת שאר הסגולות שהיו לו.

היה זה בשלהי־קיץ שנת שתים־עשרה. נסעתי לרגלי מסחרי ללודז׳, באחת התחנות בין גרודנא לביאליסטוק עלה לקרון יהודי אחד בגיל העמידה וישב על־ידי. כאן בארץ כבר נגמלנו במקצת מהמנהג שהיה נפוץ בין יהודי ליטא ופולין, כאשר שני יהודים בפגישתם בדרך מסעם בפעם הראשונה — מתחילים תיכף לשאול אחד לשני: „מאין? ולאן? ולשם מה? מקום מגוריו, מקום לידתו ומשפחתו?" עד שלבסוף, ע״פ רוב, היו מסיקים מסקנה מכל השאלות, כי אם אין הם קרובים ממש, הרי יש קשר משפחתי כלשהו ביניהם ע״י מחותני המחותנים...

משקנה היהודי הזה שביתה אצלי, שאלני לאן אני נוסע, עניתי — ללודז׳, לשם מה כבר היה מיותר לשאול, כי ידוע היה, שמי שנוסע לעיר האריגים בוודאי הוא סוחר אריגים. אח״כ שאלני למקום מגורי — אמרתי: שאוויל, הוא עוד לא אמר די ושאלני איפה נולדתי. כש־אמרתי לו שמוצאי מדרצ׳ין — שונו פניו והוא התרגש, כאילו גל של זכרונות צף בבת־אחת במוחו. הה! הה! מדרצ׳ין! ומה שלום ה„גוטער איד" שם? אני, שהייתי אז שקוע בקריאת ספר מעניין, רציתי בכלל להימנע מלהיכנס אתו לשיחה ארוכה שתפריע לי בקריאה, ושנית, שכחתי לגמרי את השייכות של ה„גוטער איד" לדרצ׳ין. עניתי לו בהדגשה: אינני יודע! לצורת הביטוי שלי היתה משמעות ברורה: הרף ממני וחדל לדבר! אולם הוא לא הפסיק וביתר עוז אמר: אספר לך דבר אודותיו,

שהייתי עד־ראיה לו. זה לא רק יעניין אותך, כי אם גם תתרשם ממנו ויישאר בזכרונך לימים רבים. והוא מתחיל סיפורו:

הוא בעצמו מסביבת וולקוביסק. בשנות התשעים של המאה שעברה היו שולחים את הלקוחים לצבא ממחוזות סלונים־וולקוביסק לפלך לובלין, למחוזות חלם, קרסנוסטב וזמושץ׳. הוא שרת אז בצבא, באחת הפלוגות שחנתה באיזה כפר לא רחוק מקרסנוסטב. בכפר ההוא גר יהודי שהחזיק בית מרזח ומכר משקאות חריפים. זה היה בטרם יצא חוק המונופולין ברוסיה. היתה שם כנסיה קתולית, והכומר שלה היה שונא ישראל מובהק. מזמן זמם מזימות איך להיפטר מהיהודי הזה, וביום אחד שלח את משרתו לקנות בקבוק י״ש. משהביאו אליו פתח הכומר את הבקבוק, ושם בתוכו רעל, הדביק את הפקק בשעווה והחתימו כמו שהיה והחזירו באמתלא שחיכה לאורחים, וכיון שלא באו, הוא מחזירו. היהודי לא שם לב לצורת החותמת, וכשבא אכר לקנות י״ש, נתן לו את הבקבוק המורעל והקונה ששתה ממנו מת מתוך יסורים נוראים. מובן מאליו, כשנודע לשלטונות על המקרה — באו ואסרו את היהודי בנחושתיים וכלאו אותו. כל טענותיו, שהבקבוק הוחזר לו מידי הכומר והלז שם רעל לתוכו כדי להעליל עליו — לא הועילו, אחרי שישב כמה חדשים בבית־הסוהר, הוציאו אותו בערבון עד יום־המשפט.

היהודי המספר לי כל אלה היה יוצא ונכנס שמה, ראה את הדכאון הנורא השורר בבית ואימת־הדין הנסוכה על פני כל המשפחה — ויעץ לו לנסוע ל„יהודי הטוב מדרצ׳ין״. סיפר לו, איך אנשים נעזרו מברכותיו ועצותיו גם במקרים דומים. כשקיבל את ההודעה מבית־המשפט על מועד יום הדין — שמע לעצתו ונסע. כשירד מהרכבת ושאל לעגלון, איך נוסעים ל„יהודי הטוב בדרצ׳ין״, ענה לו שהוא נמצא בכפר בייקי הסמוך. יהודי מפולין מלפני ששים־שבעים שנה היה מבקר אצל הרבי שלו כמה פעמים בשנה והיו נהירין לו כל הנימוסין: תחילה יש להמתין אצל השמש, לאחר כך בתור אצל הגבאי, ולחכות עד שיזכה להיכנס לרבי ולהגיש לו את הפתק. וכאן נכנס בלי המתנות ותורים, אולם מאידך גיסא נדהם מהמראה העלוב שנחשף לפניו: ביקתה כפרית רעועה. שחלונותיה חסרות שמשות, סחבות וניר ממלאים את מקומן; במיטה שוכב אדם חיור וצנום, גל של עצמות. האם ממנו יכול הוא לצפות לישועה? האם כדאי היה להיטלטל דרך ארוכה כזאת? הוא סיפר לו מהחל ועד כלה מה שקרה, והבחור, אחרי ששמע אותו, אמר לו שיחזור הביתה ובתחנת הרכבת זלבה יקנה כרטיס לנסוע במחלקה א׳ ולא יתחשב שזה יעלה לו כמעט פי שלושה. התשובה המוזרה הזאת, שלפי דעתו לא היה לה כל קשר למשפט, הביאה אותו עוד יותר במבוכה. אך הבחור דנן שראהו במבוכתו חזר על דבריו עוד פעם ודרש שיעשה כעצתו. באין ברירה עשה לפי עצתו, שילם בעד הכרטיס יותר מעשרים רובל ונכנס לאחד התאים במחלקה א׳, מצא שם אנשים, שלפי תלבשתם וחזות־פניהם היו מאצילי הארץ. השמש עמדה כבר בשיפולי הרקיע, שעת דמדומים, עוד מעט יעבור זמן תפילת מנחה, לכן עמד תכף להתפלל. הדאגה למשפט שלא עזבה אותו אף לרגע, ונוסף לזה המחשבה שלחינם בזבז כסף וזמן — דיכאו את רוחו ושברו את לבו. הוא שהה בתפילתו זמן רב, שפך את מרי שיחו לפני קונו ועיניו היו לים של דמעות. דמעותיו המסו לבות האנשים שישבו על ידו, ואחד הם שאלו: איזה אסון נורא אירע לו שהוא מרבה כ״כ לבכות? היהודי סיפר לו הכל, על הכומר שהעליל עליו ושבעוד עשרה ימים הוא יעמוד לדין, ופלצות תאחזנו לתוצאות המשפט. הלה ניסה לדבר על לבו ולהרגיעו, שאלו לשמות ידידיו של הכומר. היהודי מסר לו בדיוק את השמות והוא רשם הכל אצלו.

נתברר, שהיה זה עורך־דין נוצרי מפורסם. כמה ימים לפני המשפט בא הלה בלווית עוד אחד אל הכומר. הם הציגו את עצמם כידידים מסורים ונאמנים לאחד מידידיו של הכומר בשם זה וזה, הידיד הלה, כאשר נודע לו שהם יעברו דרך הכפר — ביקש מהם שיסורו לכומר וימסרו לו פריסת־שלום ממנו.

הכומר קיבל אותם בסבר פנים יפות וצוה לערוך שולחן עם כל מיני מעדנים ומשקאות. ובאמצע הסעודה, כשהיו כולם בגילופין, סיפר עורך־הדין לכומר על רוב עושרו, שיש לו כמה אחוזות ויערות, וכל זה אין לו ערך בעיניו כל

עוד יהודי מחזיק בית־מרזח באחד הכפרים השייכים לו. כאן מצא הכומר הזדמנות נאותה להתגדר ביוזמתו ובחכמתו וסיפר לו, שגם בכפר זה יושב יהודי המחזיק בית־מרזח וכל השנים רצה להיפטר ממנו ולא עלתה לו, אולם כעת, אחרי שאמר לו מה שעשה, — הוא בטוח שהגיע קצו. הכומר הראה לו את המודעה לבית־המשפט בו הוא מופיע בתור עד, ואין לו צל של ספק שהעונש הקל ביותר ליהודי הוא גלות לסיביר לכל ימי חייו. אחרי בילוי של כמה שעות הם נפרדו מתוך הבעת תודה על קבלת־הפנים החמה ועל העצה הטובה.

ביום המשפט הופיעו שני האורחים האלה בהמשך המשפט, בשעה שהתובע קרא את כתב האשמה. כשגמר הקטיגור את נאום הקטיגוריה שלו, התחיל העו״ד של היהודי מערער על יסודות התביעה והוכיח, כי הכומר שם את הרעל בבקבוק. בסוף דבריו הזמין את שני האורחים לדוכן העדים והעו״ד הנוצרי סיפר הכל.

אירע ביום ההוא כמו שאנו קוראים במגילת אסתר „ונהפוך הוא", העונש שהיה צפוי ליהודי הוטל על הכומר: עבודת פרך בסיביר.

בזה אנו רואים פקחותו של ה„גוטער איד פון דערעטשין", כדברי חכמנו „איזהו חכם הרואה את הנולד". הוא ידע שבמחלקה א' נועדים אנשים רמי־מעלה, ובתוכם אנשים ששאר רוח להם לבקש את האמת ולהציל את הנרדף מיד רודפהו. והוא הבין, שיהודי העומד בעוד שבועיים למשפט נורא כזה בוודאי לבו שבור ורצוץ, וכשיתפלל — תפילתו תהא מלווה אנחות עמוקות ובכי בלתי פוסק. זה ימשוך תשומת לב האנשים הנמצאים אתו וישאלוהו לסיבת בכיו, וכאשר ייוודע להם, יוכל היות שימצא מישהו אשר מצפונו לא יתן לו מנוח ויהא מוכן לעשות כל שביכולתו כדי להצילו, וככה באמת קרה.

שאלתי לכמה אנשים זקנים מסביבת דרצ׳ין־סלונים, אולי הם יודעים את שמו של „היהודי הטוב" ופרטים עליו ויום מותו. לדאבוני, לא קיבלתי שום אינפורמציה נוספת. הרבה אנשים נושעו מעצותיו ומברכותיו של „היהודי הטוב מדרצ׳ין" — „דער דערעטשינער גוטער איד", כפי שכונה בפי רבים. ראוי הוא להנציחו בתור נעלם בספר על קורות דרצ׳ין, וכאיש מופלא אם גם נעלם יהא זכרו ברוך.

## סבי על כס הרבנות בדרצ׳ין / אליהו הרנזון

מתוך זכרונות מימי ילדותי מעלה אני תאריכים אחדים בחיי הקהילה היהודית בדרצ׳ין, תיאור חייה וציון התמורות שחלו בה במשך שלושים ומעלה שנה בין תאריך לתאריך.



בדחילו ורחימו פותח אני דברי ומזכיר את שנת תרל״ג (1873), השנה בה נאות סבי הגאון מרן שלום־דב הרנזון זצ״ל, המכונה לפי אחד מחיבוריו ה„היכלי שן", לקבל את הזמנת קהילת דרצ׳ין, דאז לבוא ולכהן פאר בתור רב ואב״ד. בזמנים ההם לא היה מקובל שרב מקבל את הקהילה, אלא להיפך. לסבי הגאון יצאו מוניטין בעולם היהודי כאחד הפוסקים והמחוקקים, ע״י חיבוריו הנודעים בספרות התורנית: „היכלי שן", המכיל שאלות ותשובות וחידושי סוגיות בש״ס, בהן הוא נתגלה כחריף ומחדש, והספר „דרכי נועם", שלפיהם פוסקים בהרבה שאלות גם בזמננו, בגולה ובארצנו. את חיבורו „דרכי נועם" הוציא סבי לאור בשבתו על כס הרבנות בדרצ׳ין.

הוא היה מגאוני ליטא הידועים, יליד סלוצק, בן למשפחה מיוחסת, שלפי סדר־היוחסין בבית הורי מוצאה מבית דוד המלך. בילדותו התפרסם כעילוי וכבן י״ט הגיע להיתר־הוראה. לא חשב לעשות את התורה קרדום לחפור בה, אבל נסיבות הזמן בבית חותנו אילצוהו לקבל משרת רבנות.

כאשר נאות לשמש רב ואב״ד בדרצ׳ין, התחשב בקהילה, בה ישבו לפניו רבנים מפורסמים, גאוני עולם ידועי־שם, כגון הרב הגאון ר' אליהו־חיים מייזל, אח״כ רב בלודז'. קהילת דרצ׳ין היתה מקום מיוחס לרבנים. כן התחשב

ביהודי דרצ׳ין, שהיתה עיירה קטנה בכמותה אך גדולה וחשובה באיכותה, בה ישבו כארבע מאות יהודים לומדי תורה, מהם גדולים וגאו־נים.

סבי היה אומר, כי מפליא הדבר לשם מה זקוקה קהילה כדרצ׳ין, שיש בה כל כך הרבה גדולי תורה, מהם גם מורי הוראה מוסמכים, לרב וראש עליהם, — אלא תוך כדי כך היה מתרץ קושיא זו ומסביר, שדווקא משום מספרם הגדול של בעלי־תורה לא יכלו אלה להתפשר ביניהם למי מהם חייב הש״ץ לחכות עם התחלת תפילת „שמונה־עשרה״ בעמדו לפני התיבה, ולשם מניעת עיכוב התפילה קיבלוהו כרב וראש הקהילה.

כאשר שכן סבי כבוד בדרצ׳ין ישבו בבד״צ שלושה מורי־הוראה ודיינים (ביניהם הרב הגאון ר׳ משה ב״ר אייזיק רבינוביץ, אח״כ מורה־הוראה בסלונים, ומו״צ הרה״ג ר׳ נטע). סבי היה נוהג לא לשבת תמיד בבד״צ וסמך ידיו על שלושת מורי־ההוראה, משום שהוא עצמו היה עסוק ועמוס יומם ולילה במתן תשובות על שאלות ממרחקים ובהרבצת תורה ברבים. בבואו דרצ׳ינה הביא עמו שלושים בחורים לומדי תורה, יסד ישיבת־כולל תחת פיקוחו ובה למדו הבחורים שכמעט כולם התכוננו לקבלת היתר־הוראה וסמיכה לרבנות.

בתקופה ההיא היה רוב־רובם של תושבי דרצ׳ין מכל השכבות, — הסוחרים, החנוונים, בעלי־המלאכה — יהודים תמימי־לב, נאמנים למנהגי ישראל ולמצוותיו, לומדי ש״ס, עין־יעקב ומשניות, באי בתי־המדרש ג׳ פעמים ביום ומוקירי לומדי התורה.

כולם היו יוצאים ונכנסים לבית הרב, שהיה מקובל ואהוב על בני עדתו. בבית־אבא מספרים היו על יהודי פשוט ועניו, צדוק „דער קיר־זשנער״, מחסידיו הנלהבים של סבא, שלמענו היה שמח ומשמח את הקהל כולו בחג שמחת־תורה. משנזדמן פעם לבית־המדרש רב־אורח מעיר אחרת ודרש בה את דרשתו, לא השביע רצונו של ר׳ צדוק, שנימק את דעתו השלילית על הדרשן במלים קצרות: „את דרשותיו של הרב דמתא ר׳ שלום־דב, שהוא גאון מפורסם, אין אני מבין ואין אני תופס, בעוד שאת דרשתו של הרב־האורח תפסתי והבנתי...״

עניו היה סבי ולא הפלה בין גדול לקטן, בין אמיד לקבצן. הוא היה אומר, כי כל אדם נברא בצלם אלוקים ולכל אחד משהו חשוב (וזה נסתר) בנשמתו.

בשנת תרמ״א (1881) העתיק סבי אוהל־תורה שלו לעיר קלצק, אליה הוזמן ע״י משלחת מהקהילה דשם, שהביאה אתה את כתב־הרבנות.



כמחצית יובל שנים חלפה. בשנת תרס״ו (1906), משנתפנה כס הרבנות בדרצ׳ין, הוזמן אבי, הרב הגאון ר׳ חיים־שמעון הרנזון זצ״ל, לשמש רב אב״ד בקהילה בה כיהן כרב וראש אביו, ה„היכלי שן״.

אבי נולד במזריץ׳־פודלסקי. גם הוא נתפרסם בילדותו כעילוי, כבן שתים־עשרה פסק שאלות, בהשגחת אביו הגאון, שממנו גם שאב תורה. גם אבי לא אץ לכהונת רבנות, התחיל במסחר, אלא שעיקר זמנו ומעייניו נתונים היו לתורה וגם למדעים שונים, עד שהיה למנהיג רוחני בעיר־מגוריו, במזריץ׳. לבסוף החליט לקבל עצת אביו הגדול ולקבל משרת רבנות. וכך הגיע לדרצ׳ין, התארח בבית אחד מנכבדי העיירה, ר׳ יוסף בהר״ב ר׳ משה רבינוביץ ז״ל (שלימים נעשה חותנו) וקיבל את כתב־הרבנות.

אלא שלא נסתייע הדבר ואבי הגאון לא נכנס לשמש בקודש כרב בדרצ׳ין. באותם הימים נפטר סבי, ואז ירש אבי את מקומו בק״ק קלצק ונשאר על כסא־הרבנות בקהילה זו.

זכור לי מפי אבי זצ״ל תיאור התמורות שחלו בחיי קהילת דרצין מאז תרמ״א, בה עזב סבי את העיירה, ועד תרס״ו, כאשר אבי הגיע לשם. במרוצת מחצית יובל השנים נתחוללו שינויים רבים ועמוקים במנהגיהם ואורח־חייהם של יהודי דרצ׳ין. ירד דור הלומדים ועוסקים בתורה וביראת־שמיים ועלה דור ההשכלה ותקומת התרבות החדשה בחיי הציבור.



כעבור עשרים שנה, בתרפ״ו (1926), באתי לגור בדרצ׳ין ועשיתי בה עד תרצ״ג. על שבע שנים אלו אספר במדור המיועד לכך.

# דערעטשין פון מיינע קינדער יארן / שלמה יודסאָן

איך ווייס ניט, אויב ס׳געפינען זיך נאָך היינט דערעטשינער, אין אלע לענדער וואוהין זיי האָבן ארויסגעוואנדערט פון זייער היים־שטעטל (און געוויס ניט אין חרוב׳ן דערעטשין גופא) כאטש איין מנין וועלכע האָבן געקענט דאָס שטעטל, וועגן וועלכן איך שרייב דאָ איצטער. דאס איז ד׳ערעטשין פון א 75—80 יאָר צוריק און דער זכרון פון יענע יאָרן און פון יענעם שטעטל שטייט נאָך היינט פאר מיינע אויגן.

מיינע קינדער־יאָר׳ן שוועבן מיר אויף אין זכרון, מיין לעבן אלס אינגל אין ליבן, היימישן דערעטשין, ביז דער גורל האָט מיר געצוואונגען פארלאזן מיין היים־אָרט און פאָרן קיין לאָדזש, וואו ס׳האט זיך שוין געפונען מיין פאָטער. איך האָב שוין דאן געוואוסט, אז איך וועל בענקען נאָך דערעטשין. און איך בענק נאָך מיין געבורט־שטעטל ביזן היינטיקן טאָג. גלויבט מיר, וואָס איך זאָג איז קיין גוזמא ניט.

נאָך אלס אינגל האָב איך ליב געהאט צו צייכענען און מאָלן זאכן וואָס האָבן מיר אינטערעסירט, און אזוי מאָל איך מיר פון צייט צו צייט דאָס הארמאָנישע בילד פון אונזער דערעטשין.

ס׳געדענקט זיך מיר דער אויסלייג פון אירע הויפּט־גאַסן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דעם לענגלעכן, שיין־אויסברוקירטן מארק: זעלווער גאַס און די דייטשע גאס אין דער לענג, סלאָנימער גאַס און יאַטקע־געסל אין דער ברייט פון שטעטל. אלע אונזערע גאסן און געסלעך האָבן געאָטעמט מיט ווארימקייט און היימישקייט, באזונדערס אין די זוניקע זומער טעג, ווען אידן, גרויס און קליין פלעגן זיך זען אין די גאסן.

די איינציקע „סטראַשנע״ זאַך, וואָס האט זיך געוואָרפן אין מיינע קינדערשע אויגן אין יענע יאָרן, איז געווען דער הויכער קלויסטער אויפן עק מארק־פּלאץ און סלאָנימער גאס, כאָטש אין די וואָכן־טעג האָט מען דאָרטן זעלטן געזען שקצים.

אין יענע יאָרן האָט מען אין דערעטשין ניט געוואוסט פון איין גביר אפילו. די באפעלקערונג, וואס האט דאן געציילט איבער טויזנט נפשות, איז באשטאנען פון בעלי־בתים, מיט אייגענע הייזער און קראָמען; בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געארבעט אליין, פאר זיך און פאר אנדערע; פון א קליינע צאָל מענטשן, וועגן וועלכע מ׳האָט ניט געוואוסט וואָס זיי טוען און פון וואָס זיי ציען זייער חיונה. און פונדעסטוועגן, אז מ׳האט אמאָל געזען א אידישן אָרימאַן גיין איבער די הייזער, איז ער ניט געווען קיין דערעטשינער, נאר א געקומענער פון ערגיץ־וואו. און אז מ׳האָט אמאָל געזען אין שטעטל עמיצן, א מאן אָדער א פרוי, שיין אָנגעטאָן, איז עס געווען פון דעם „הויף״, וואָס האָט זיך געפונען אויף יענער זייט טייכל, ארום א וויאָרסט פון דערעטשין.



אין דערעטשין האָבן אין יענער צייט ניט אויסגעפעלט קיין חדרים. ס׳איז שוין דאן געווען אַ תלמוד־תורה, נאָר קיין ישיבה איז קיינמאל בא אונז ניט געווען.

דער שטאָלץ פון דערעטשינער פרומע לייט איז, בדרך כלל, געווען דער איינדרוקפולער שולהויף, וואָס איז באשטאנען פון א שיינער שול און פיר בתי־מדרשים: דער „אלטער מויער״, דער „נייער מויער״, דער הילצערנער בית־מדרש און א חסידים־שטיבל בא דער זייט. אין דער געזעלשאפט פון די דאָזיקע אימפּאָזאנטע, הייליקע בנינים האט זיך געפונען דער בית־הרב, וואו ס׳האט געוואוינט די משפחה פון רב און וואָס האט אויך געדינט אלס „בית משפט״ פאר די שטעטלדיקע אידן, וועלכע פלעגן אהין קומען מיט זייערע טענות און תביעות — זאכן וואָס האָבן קיינמאָל ניט אויסגעפעלט אין דערעטשין.

אין די יאָרן, וועגן וועלכע כ׳שרייב דאָ מיינע זכרונות, איז מרא דאתרא פון דערעטשין געווען

דער באוואוסטער רב ר׳ יוסף־זונדל הוטנער, א מחבר פון וויכטיקע ספרים, וואָס האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך צוויי דורות באַרימטע רבנים: א זון וואס האט פארנומען א גרויסע רבנות־שטעלע אין וואַרשע און אן אייניקל — דער זון פון וואַרשעווער רב — א גרויסע רבנישע אויטאָריטעט וואס האט צוזאמען מיט הרב מאיר בערלין זצ״ל געאַרבעט אויף א נייער אויסגאַבע פון ש״ס אין ישראל.

וועגן אונזער דרעטשינער ר״ב פון יענע יאָרן האָב איך עפּעס אינטערעסאַנטעס צו דערציילן, אבער וועגן דעם א ביסל שפּעטער, נאָכדעם ווי איך וועל פארטיק ווערן מיטן בילד פון מיין געבורט־שטעטל, וואָס איך מאָל כסדר זינט 75—80 יאָרן, אזוי ווי עס האט אויסגעזען אין מיינע קינדערשע אויגן אין יענער צייט, ווען דרעטשין איז געווען „כתיקנה״, ס׳הייסט— אין אָרדענונג, און דרעטשינער געבאָרענע האָבן זיך נאָך ניט ארויסגעלאָזן אין דער ברייטער וועלט ארויס. אין די שפּעטערע יאָרן, ווען אייניקע פון אונזערע דרעטשינער זיינען אוועק אין ווייטע שטעט און מדינות, זיינען א פּאָר פון זיי בארימט געוואָרן, אבער ניט שטענדיק לשבח.

בדרך כלל, אָבער, האט דאָס אידישע דרעטשין ארויסגעגעבן באַרימטע לומדים, משכילים, שריפטשטעלער, צווישן זיי דעם הויךבאַגאבטן העברעאישן שרייבער בערשאַדסקי, מחבר פון „נגד הזרם״ און אנדערע באוואוסטע ראָמאַנען און נאָוועלן, וואָס האָבן באַרייכערט די יונגע העברעאישע ליטעראַטור פון יענער צייט.

און ס׳איז קיין וואונדער ניט, וואָס דרעטשין האָט אזוי פּאָעטיש משפיע געווען אויף גייסטרייכע און געפילפולע יונגעלייט. איך בין ביז היינט פול מיט אָפּשיי און פאַרערונג צו מיין געבורט־שטעטל, באַזונדערס איז דאָס געפיל בא מיר געשטאַרקט געוואָרן נאָכדעם ווי איך האָב זיך באקענט מיט אנדערע שטעטלעך אין אונזער געגנט, ווי די שכנותדיקע זעלווע, אָדער זשעטל, וואו כ׳האָב געלערנט א זמן אין דער ישיבה. ערשט דאַן האָב איך מיר געשאַפן א פול בילד פון שיינעם דרעטשין, מיט אַלע חן־קנייטשן און שטימונג־שאַפנדיקע ערטער און ווינקעלעך, וואָס שטאַמען נאָך, ווייזט אויס, פון יענע אַלטע צייטן, ווען דער דוכס סאַפּיעהא האט אויסגעקליבן דרעטשין אַלס זיין רעזידענץ פאַר די יאָרן פון זיין הערשאַפט אין ליטע.

אדאנק דער סאַפּיעהא־משפחה איז באקוועמער און שענער געבויט געוואָרן א באַדייטנדער טייל פון דרעטשין, אָבער דער גרעסטער און איינדרוקפולסטער אויפטו פון דוכס, וואָס איז ביז אונזערע יאָרן געבליבן אלס עדות פון זיין פּראַקטישן און עסטעטישן אונטערנעמונגס־גייסט, זיינען „די פּאַלאַצן״, וועלכע ער האָט געלאָזט אויסבויען אויף עק דייטשע גאַס, און דער „פּוסטער באַרג״ קעגנאיבער די פּאַלאַצן (ארום 9 יאָר נאָך מיין פארלאָזן אונזער שטעטל, ווען איך בין געקומען אהין אָרדנען מיינע פריזיוועניִנים, זיינען די פאלאצן פארוואנדלט געוואָרן אין רוסישע מיליטעריִשע קאזארמעס, פון וועלכע ס׳האָבן זיך געטראָגן ריחות פון סאָלדאַטשינע...).

דער „פּוסטער באַרג״ האָט אומאויפקלערלעך אינטריגירט די קינדער און יוגנט פון דרעטשין. דאס איז געווען א בערגל מיט א גרויסן, געראַמען קעלער אונטן, געפלאַסטערט מיט בעטאָן די פּאַדלאָגע און ווענט, מיט א געהיימניספולער פארצעמענטירטער טיר, וואָס האָט, לויט מעשיות און לעגענדעס, געזאָלט פירן צו א לאַנגן טונעל געגראָבן אַזש ביז רוזשינוי.

דאס שענסטע וואס דרעטשין האָט פארמאָגט איז געווען „דער אגרעסט־סאַד״, צו דער פראָנטזייט פון דייטשער גאַס, ארומגעצאַמט מיט א סאָליד־געבויטן פּאַרקאַן.

ניט אומזיסט האט יענער טייל פון דרעטשין, מיטן אלטן אגרעסט־גארטן, מיט די פּאַלאַצן און באַרג, באוואַקסן מיט אַלטע ביימער, געצויגן צו זיך די יוגנט פון שטעטל און געווען אַ פּלאַץ פאַר אירע באַגעגענישן.



ווען מען רעדט וועגן אידישן דרעטשין, איז כדאַי זיך צו באַקענען מיט איר גייסטיקער פּירערשאַפט, כאָטש פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט.

אין דעם עולם הרבנות איז אַמאָל געווען באקאַנט, אז אַ היפּשע צאָל פון רבנים, וואס

זיינען זוכה געווען צו א באזונדערן פרעסטיזש און אנערקענונג, האָבן זייערע ערשטע רבנות־שטעלעס געהאט אין דערעטשין און אז דער גדול־הדור ר׳ אליהו־חיים מייזעל, וועלכער האָט די צווייטע העלפט פון זיין לעבן פארנומען דעם פּלאץ פון הויפּט־רב אין לאָדזש, איז ניט געווען דער איינציקער פון די וועלט־בארימטע רבנים, וואָס האָבן זייער רבנות אָנגעהויבן אין דערעטשין.

צוריקקערנדיק זיך צו דער צייט, וועגן וועלכער איך שרייב דאָ איצטער, קען איך זיך ניט איינהאַלטן פון דערציילן דערעטשינער לאנדסלייט, וועלכע וועלן לייענען דעם דערעטשינער „יזכּור בוך״, א מערקווירדיקע געשיכטע וואָס אני הקטן האָב דאן, אין עלפטן יאָר פון מיין ל׳עבן געהאט מיטן רב פון דערעטשין אין יענער צייט און וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכּרון מער ווי אלע אנדערע איבערלעבונגען אין מיין היים־שטעטל.

ביים אנהויב פון מיין צענטן לעבנס־יאָר האָט מיין פאָטער ע״ה, וועלכער איז געווען באקאנט אין שטעטל ווי יודל דער שרייבער, פארלאָזן דאס קליינע ליטווישע דערעטשין און אוועקגעפאָרן קיין לאָדזש. ער האָט געזוכט און געפונען דאָרטן בעסערע געלעגנהייטן אויף אויסניצן זיינע גרויסע ידיעות אין העברעאיש און דייטש. אונזער קיין עין־הרע גרויסע משפּחה׳לע איז געבליבן ווארטן אין דערעטשין ב״ה דער פאָטער וועט קענען שיקן נאָך אונז.

מיר, דעם עלטסטן קינד אין דער משפּחה, האָט זיין אַוועקפאָרן געשטעלט פאר א פּראָבלעם. איך האָב נאָרוואס געהאט געענדיקט די זשעטלער ישיבה און כ׳האָב ניט געוואוסט, וואָס ווייטער צו טאָן מיט זיך.

אלס מקורב מיטן ר׳ב ר׳ יוסף־זונדל האָט מיין פעטער שלמה ראָזנבערג, א געניטער גמרא־מלמד און „קאַזיאָנער רב״ אין יענע יאָרן, ארויסגעבראכט א גוטן געדאנק וועגן דעם וואָס מיט מיר צו טאָן: אזויווי דער רב האָט צוויי זין, דער עלטערער, לייב, א בחורל פון דרייצן יאָר, און דער צווייטער, הערץ־מענדל, א אינגל אין מיין עלטער — ביידע ברידער מיט שאַרפע קעפּלעך צום לערנען, האָט מיין פעטער פאָרגעלייגט, אַז מ׳זאל אויסגעפינען א גרויסן למדן, וועלכער זאל דורכן זומער לערנען מיט מיר און מיט הערץ־מענדלען כאָטש א פּאָר שעה אין טאָג. דער רב איז מסכּים געווען מיט מיין פעטערס פּלאַן, און אזויווי מ׳האט אין שטעטל גופא ניט געקענט געפינען א מלמד א מומחה וואָס זאָל טויגן פאר אזעלכע צוויי תלמידים, האָט מען ארויסגעבראכט פון אן אנדער שטעטל א צוריקגעצויגענעם פון רבנות און ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ פּאַסיקן צימער בא אַן אלמנה אין הויז א חדר פאר צוויי תלמידים אויף צוויי־דריי שעה נאָכמיטאָק.

אויף דער דריטער וואָך פון דעם פּריוואַטן חדרל קומט א געוויסן טאָג אריין הערץ־מענדל א פארסאָפּעטער מיט א בקשה פון זיין טאטן דעם רב, אז איך זאָל קומען אים זען נאכן ענד־קן אונזער לערנען.

איך האָב זיך גענומען פילן „מאָדנע״. א ביסל שעמעוודיק, האָב איך תמיד געזוכט אויסצומיידן א געלעגנהייט פון ארייגעצויגן ווערן אין אַ שמועס מיט אַן עלטערן מענטשן, בפרט וועגן אַן ענין וואָס האט ניט צו טאָן מיט אינגלעך אין מיינע יאָרן, — און ווער רעדט נאָך א שמועס מיטן רב אליין, וועגן וועלכן מיין פעטער שלמה האַלט, אז ער איז כולו תורה! אָבער איך האָב פארשטאנען, אז מיין קווענקלען זיך און שעמען זיך וועלן מיר גאָרניט העלפן, האָב איך זיך געמאכט אַ האַרץ און גלייך נאָכן אָפּלערנען בין איך אוועק מיט מיין חבר הערץ־מענדל כדי זיך צו דערוויסן אויף וואָס זיין טאטע, דער גרויסער רב, דארף מיר האָבן.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין בית הרב, האָט מיר מיין חבר צוגעפירט צו זיין טאטן, וועלכער איז געזעסן אין אַ טיפן פאָטעל און זיין אויסערגעוויינלעך גרויסער קאָפּ איז געווען אריבערגעבויגן איבער א גרויסער גמרא, אין וועלכער ער האָט מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן געהאַלטן אין זוכן.

דערפילט אז עמיצער שטייט לעם אים, האט דער רב אויפגעהויבן זיין קאָפּ און דערזעענדיק מיר געזאָגט: „גוט, שלמה׳קע, וואָס דו ביסט געקומען״. ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען גיין אין א חדר מיוחד, געבנדיק מיר א צייכן מיט דער האנט, אז איך זאָל אים נאָכגיין.

דער קליינער צימער, אין וועלכן דער רב האָט מיר אריינגעפירט, איז געווען באַשטעלט מיט אַלמערס פול מיט ספרים, מיט א טיש, אויף וועלכן עס זיינען געלעגן פאַרשריבענע בויגנס פּאַפּיר און שרייב־געצייג און מיט א פּאָר באַקוועמע שטולן.

דער רב, ר' יוסף־זונדל, האָט מיר אָנגעוויזן אויפן שטול וואָס איז געשטאַנען פאַרן טישל, און ווען איך האָב זיך אוועקגעזעצט, האָט ער אַראָפּגענומען פון די כתבי־יד די אויבערשטע פאַרשריבענע בלאַט און מיר געגעבן אין האַנט אריין, כּדי זיך צו איבערצייגן, אויב כ'וועל קענען לייענען דאָס אָנגעשריבענע.

ביי מיין ערשטן בליק אויפן פאַרשריבענעם בלאַט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זע נאָר קנוילן פון געצווּקטער און פאַרפּלאָנטערטער שריפט פון גמרא־לשון, און דערביי האָב איך געפילט, ווי דער רב שטייט איבער מיר און וואַרט אויף אַן ענטפער. איך האָב זיך אָבער ניט פאַרלאָרן. מיינע יונגע אויגן זיינען געלאָפן אַ צווייטן און דריטן מאָל איבערן אָנגעשריבענעם טעקסט, ביז איך בין זיכער געווען, אַז איך קען לייענען און, צום טייל, אויך פאַרשטיין וועגן וואָס עס האַנדלט זיך אין די געשריבענע שורות. איך האָב נאָך אָבער אַלץ ניט פאַרשטאַנען, צוליב וועלכן צוועק דער רב האָט נאָך מיר געשיקט. אָבער דאָ האָט דער רב, נאָך אַלץ שטייענדיקערהייט, גענומען ריידן צו מיר:

„צי מיינסטו, שלמה'קע, אַז דו קענסט לייענען די האַנטשריפט און וועסט אויך קענען איבערשרייבן דעם כתב־יד, אַז אַלע זאָלן דאָס קענען לייכט לייענען?"

„מיר דאַכט זיך, אַז יע" — האָב איך, מעשה גרויסער מענטש, געענטפערט, כאָטש מיר איז נאָך ניט געווען קלאָר, צו וואָס מען דאַרף מיר דאָ בכלל באַ אַזאַ מין זאַך.

דער רב האָט קענטיק זיך אָנגעשטויסן וועגן וואָס איך טראַכט און גענומען מיר אויפקלערן:

„די פאַרשריבענע בלעטער, וועלכע דו זעסט דאָ אויפן טיש, זיינען א טייל פון א ספר, וואָס דאַרף געדרוקט ווערן. אַזוי ווי מיין האַנטשריפט איז א ביסל אַ שווערע, אַז שריפטזעצער אין דרוקערייען זאָלן וועלן פון איר זעצן, האָט עס ביזאַהער א פּרוש, וואָס האָט געלערנט אין „אַלטן מויער", געטאָן פאַר מיר. צוערשט האָט ער איבערגעשריבן דעם כתב־יד פון מיין ערשטן ספר, „חבל יוסף", איידער ער האט געדאַרפט גיין צום דרוק, און לעצטנס האָט ער אויך אָנגעהויבן אַרבעטן אויפן כתב־יד פון צווייטן ספר „חבל יוסף תנינא", אָבער עס האָט זיך פּונקט געמאַכט אַזוי, אַז ער האָט געדאַרפט צוריקפאָרן אַהיים..."

דער רב האט מיר נאָך דערציילט, אַז אין שטעטל קען ער קיינעם ניט געפינען, וואָס זאָל קענען מאַכן אַזאַ שטיקל אַרבעט, און מיין פעטער שלמה האָט אים אַן עצה געגעבן, ער זאָל פּרובירן מיר און זען, אויב איך וועל קענען מאַכן דעם פּרוש'ס אַרבעט.

כדי צו זיין זיכער גלייך אויפן אָרט, אויב איך טויג צום איבערשרייבן זיין שווערן כתב־יד, האט דער רב מיר געבעטן אויפן אָרט זיך אוועקזעצן און ווייזן אים וואס איך קען אויפטאָן (דער פּרייז וואָס דער פרוש האט געקראָגן פאַרן איבערשרייבן א בויגן פון דאָפּלטע בלעטער איז געווען פינף קאָפּיקעס).

פּאַרטיק געוואָרן מיט מיר, נאָכדעם ווי ער האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף געוויסע סימנים אין כתב־יד וואו ס'ווערן געמאַכט הערות אויפן ברייטן בלאַנק באַ דער זייט, איז דער רב צוריק אַוועק אין צימער וואו ער איז געזעסן באַ דער גמרא בעת מיין אָנקומען און איך האָב זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט, ניט זייענדיק אינגאַנצן זיכער אַז עס וועט זיך מיר איינגעבן.

גאַנצע דריי שעה האָט מיר גענומען דעם ערשטן טאָג איבערצושרייבן אין אַ קלאָרער האַנטשריפט צוויי מיט אַ האַלבן בויגן. הייסן הייסט עס, אַז דעם ערשטן טאָג פון מיין אַרבעט אלס פאַרדינער האָב איך פאַרדינט צוועלף און א האַלבע קאָפּיקעס.

איך האָב זיך אָבער ניט אַנטוישט. מיר איז געפעלן געווען די אַרבעט און ס'קען זיין, אַז איך וואָלט עס אפילו געהאַט געטאָן אומזיסט.

אויפן דריטן טאָג נאָכמיטאַק איז מיר שוין די אַרבעט געגאַנגען לייכטער און איך האָב איבערגעשריבן גאַנצע פיר בויגנס, וואָס מיינט, אַז כ'האָב פאַרדינט אין דריי שעה גאַנצע צוואַנציק קאָפּיקעס. אָבער ווען עס איז געקומען

צום פערטן טאָג, זיינען מיר גראָד פאַרטיק געוואָרן מיטן לערנען א שעה פריער ווי געווײנלעך, און אזױוױ דער טאָג איז געווען א מהיה׳דיקער און איך בין שוין מער ווי א וואָך ניט געווען אין „אגרעסט־סאָד״, האָב איך געטראַכט, אז כ׳וואָלט געדאַרפט צולויפן אהין אויף א שעה־אנדערהאלבן, און ס׳וועט מיר נאָך בלייבן פיל צייט פאַר מיין ארבעט ביים רב. אומר ועושה — און איך האָב אוועקגעשפּאַצירט אין סאָד. אויסער מיר איז דאָרטן אין יענער צייט קיינער ניט געווען, און איך האָב געפילט, אז דער גאנצער סאָד געהערט צו מיר. איך בין געלאָפן און געשפּרונגען פון איין אָרט צום צווייטן; די פרילינגדיקע לופט האָט מיר דורכגענומען און געגלעט פון אלע זייטן, פונקט ווי זי וואָלט מיר געווען דאנקבאר פאַר מיין באזוך אין אזא שעה, ווען קיין אנדערער איז אין סאָד ניטאָ. פאַרנומען מיט אזעלכע געדאנקען און געפילן האָב איך זיך מיטאמאָל געכאפּט, אז ס׳איז שוין צו שפּעט צו גיין טאָן מיין ארבעט פאַרן רב, און איך בין אוועק אהיים.

אויף מאָרגן נאָכן לערנען, ווען איך האָב געזאָלט גיין צו מיין ארבעט ביים רב, האָב איך געפילט אז כ׳קען דאָס בשום אופן ניט טאָן, וויל וואָס פאַרא תירוץ קען איך אויסטראַכטן פאַר מיין נעכטיקן ניט־קומען? בין איך פון חדר ווידעראמאָל אוועק אין „אגרעסט־סאָד״, טראַכטנדיק, אז דער רב וועט שוין געוויס געפינען עמיצן אנדערש אויף מיין אָרט. אָבער דעם קומענדיקן נאָכמיטאָג איז הערץ־מענדל ארייַנגעקומען אין חדר און מיט זיין מאָנאָטאָנער שטימע נאכאמאל געזאָגט: „שלמה׳קע, דער טאַטע האָט געבעטן, אז דו זאָלסט קומען״. ניט האָבנדיק קיין ברירה בין איך גלייך פון חדר אוועק צום בית הרב, דערביי בין איך זיכער געווען, אז דאס איז דאס לעצטע מאָל פון מיין גיין צום רב.

כ׳האָב אָבער געהאַט א טעות. אריינקומענדיק א פאַרשעמטער און פאַרלאָרענער אין גרויסן צימער, וואו דער רב איז געוויינלעך געזעסן איבערגעבויגן איבער א גרויסן ספר, האָב איך דערשטוינט געזען ווי דער רב שטעלט זיך אויף און פירט מיר גלייך אריין אין קליין חדר׳ל, דערביי רעדט ער צו מיר אזוי רואיק און לאנגזאם, ווי ציילנדיק זיינע ווערטער: „שלמה׳קע, אויב דו מיינסט, אז פינף קאָפּיקעס א בויגן זיינען ניט גענוג, וועל איך דיר געבן צען קאָפּיקעס פאַר יעדן בויגן...״.

איך בין געוואָרן אזוי שטאַרק גערירט פון דער צערטלעכקייט, מיט וועלכער דער גרויסער רב, דער גאון ר׳ יוסף־זונדל האָט גערעדט צו מיר, צו א אינגל, וואָס איז נאָך קיין גאנצע עלף יאָר ניט אלט. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך געשוואוירן, אז איך האָב גאָרניט געמיינט מיט מיין ניט־קומען די צוויי טעג צו דער ארבעט; אז איך האָב אפילו ניט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן געלט, — אָבער דער רב האָט מיר ניט געלאָזט ריידן מער און מיר געזאָגט, אז פון היינט אָן וועל איך קריגן צען קאָפּיקעס פון בויגן.

דער רעזולטאַט איז געווען, אז פון יענעם טאָג אָן האָט מיין ארבעט זיך פאַרדאָפּלט מיט איר שנעלקייט, ביז מיינע פאַרדינסטן האָבן אָנגעטראָפן מער ווי דריי רובל א וואָך. אזוי האָט זיך דאָס געצויגן ארום זיבן חדשים, ביז דער לעצטער בויגן פון ספר „חבל יוסף תנינא״ איז געווען איבערגעשריבן מיט מיין האנטשריפט.



ביים סוף פון מיינע זכרונות וויל איך נאָכאמאָל אונטערשטרייכן, אז איך האָב שטענדיק און אומעטום געטראָגן אין זכרון מיין געבורטסשטעטל דערעטשין. און ווען איך האָב געשריבן אָט־די שורות, איז פאַר מיינע אויגן געווען אונזער שטעטל, פונקט ווי זי האָט אויסגעזען אמאָל, אין דער ליכט פון א שיינעם זומערטאָג, פון יאַשע דעם שמידס קוזשניע ביז צו דער גארבארניע און הקדש אויף יענער זייט טייכל אין דער ברייט פון דערעטשין, און אין איר לענג — פון עק זעלווער גאס ביז צו די „פּלאַצן״ און „אגרעסט־סאָד״ אויף דייטשער גאס.



שלמה יודסאָן

# דריי דערציילונגען פון אמאליקן דערעטשין

שלמה יודסאָן, געבאָרן אין דערעטשין, האָט אין די יונגע יאָרן עמיגרירט קיין אמעריקע און איז יאָרנלאַנג געווען מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס" און „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל". די דריי דערציילונגען זיינען גענומען פון זיין ערשטן בוך שריפטן „פון דריי וועלטן", ארויסגעגעבן דורכן „קלעצקין־פאַרלאַג" אין ווילנע אין יאָר 1929.

## 1. מורא

איך וואָלט זיך אפשר געפילט פארן גליק־לעכסטן אינגל אין שטעטל, ווען נישט די מורא, וועלכע האָט מיר פארביטערט מיינע בעסטע קינדער־יאָרן.

אזוי גיך ווי די נאכט פלעגט זיך ארונטער־לאָזן, פלעגט זיך אויפכאפן אין מיר עפעס א מאָדנער שרעק־געפיל. אלצדינג ארום האָט גע־קריגן א שוידערלעכע באדייטונג, און פון דער לופט האָט זיך געטראָגן א ריח פון „בית־עלמין", „תכריכים" און „טהרה־ברעט".

פאר שדים האָב איך נישט אזוי מורא געהאט ווי פאר מתים, כאָטש מען פלעגט בא אונז אין שטעטל דערציילן אזעלכע שרעקלעכע מע־שיות פון שדים און נישט גוטע, וואס האָבן זיך אריינגעגנאַדזעט אין כאטשעס סטאָדאָלע; אין דער אלטער חורבה הינטערן באָד, און ביי איטשענקע קלמנס אין פארהויז; פאר שדים האב איך זיך געשראָקן נישט מער ווי פאר אבי וועלכע לעבעדיקע זאך, וואס קאָן אָנטון א היזק אָדער אָפטון א שפיצל. די אמתע מורא איז פאר מיר געקומען פונם טויט. דער טויט איז פאר מיר געווען דער קוואַל פון אלע שרעקן.

האָט זיך געמאכט, או עמעצער איז געשטאָרבן, בין איך שוין געווען פארזאָרגט אויף וואָכן לאנג מיט אימה־פולע נעכט. בייטאָג פלעג איך זיך אמאָל אפילו בריהן פאר זיך אליין, נעמען מיט א כיוון טראכטן פון אלע מתים, וואָס איך האָב געקענט ביים לעבן, און דערצו, כלומרשט העלדיש, זיך מאכן ווי מיך טשעפעט עס גאָר־נישט. אָבער קוים אין געקומען די נאכט און א פארגליווערטע שטילקייט האָט אלץ ארומ־געוויקלט, האָט אזוי ווי א פרעסטל דורכגענומען מיין לייב; די געהיימניספולע פינצטערע מורא האָט געדריקט איבער מיינע אויגן און דער טויט האָט זיך פאר מיר געפלאָנטערט אין זיין ווייסער גאַרדעראָבע.

— נאָר איינער, — פלעג איך אָפט, בייטאָג געווינלעך, טענהן צו זיך אליין — פארוואָס האָבן די אנדערע קינדער נישט מורא? אָט וואוינט משהקע לעבן סאמע באָד און אים אַרט עס גאָרנישט; אָט וואוינט יאָשקע לעבן די מאָהילקעס און ער גייט ווינטער ביינאכט פון

חדר אליין; און הערץ מענדל דעם רבס קאָן אינמיטן נאכט יאָגן זיך נאָך קעץ אויפן בית־עלמין און עס פאלט אים גאָרנישט איין מורא צו האָבן, און דו, שוין באלד א גרויסער בחור האָסט מורא פארן שאָטן אויף דער וואנט?

דאָס איז אלץ געווען בייטאָג. קוים אָבער איז נאָר געוואָרן פינצטער אינדרויסן, זענען מיינע געדאנקען ווי פאראליזירט געוואָרן. מיט וואָס נאָר איך האָב זיך געזוכט פונאנדערצושלאָגן, האָט נישט געהאָלפן. איך טראכט, דאכט זיך, פון קלעטערן אויף א בוים, פון שפרינגען איבערן גרובן לעבן די קאזארמעס, אָדער פון שפילן זיך אין מלחמה; אָט האָב איך שוין כמעט אויסגעארבעט א גאנצן פלאן פאר א מאנעווורע אויפן קומענדיקן פרייטיק. — ווען איך קום אָבער צו צום סוף און וויל ווארפן א בליק אויף דעם, וואָס מיין געדאנק האָט נאָר־וואָס אויפגעבויט, שווימט פלוצלינג ארויס פאר מיינע אויגן א מתים־וועלט, וועלכע מיין געפיל האָט אין דער אייגענער צייט זיך אויסגעוועבט אין דער פינצטער.

שלאָפן פלעג איך שטענדיק גיין ווען אלע אין הויז זענען נאָך אויף געווען, כדי די מורא זאָל צו מיר נישט האָבן קיין צו גרויסע שליטה און פלעג איך זיך אויפכאפן אינמיטן דער נאכט און פילן די טונקעלע לופט מיט מיין הוילן פנים, פלעג איך זיך גלייך איבערדעקן מיט דער קאָלדרע, צונויפקאָרטשען זיך, פונקט ווי איך וואָלט זיך פילן זיכערער, האָבנדיק מיינע גלידער נענטער צו זיך, און מאטערן זיך ווידער איינצושלאָפן, ביז איך פלעג ווערן אָפגעגאָסן מיט שווייס. האָט עמעצער געכראָפעט, אָדער עס האָט זיך ווער צעהוסט אין שלאָף, פלעג איך ווערן אָן אָפגעפרישטער. כ׳פלעג אָפציען טיף דעם אָטעם און געפילט ווי ס׳איז מיר געוואָרן גרוימער אין הארץ.

אז איך פלעג זיך אמאָל אָננעמען מיט הארץ און פרובירן אין מיין געדאנק צוגיין נענטער צו דעמדאָזיקן ענין, פלעגט ביסלעכווייז מיין מורא זיך נעמען פארוואנדלען אין א זאך, פאר וועלכע איך האָב גאָר קיין נאָמען נישט געקאָנט געפינען. ס׳איז נישט געווען מער יענע שרעק, וואָס פייניקט אומבאוואוסט און טרייסלט אויף די נערוון, ווען מען איז אין איינזאמקייט און אין דער פינצטער, נאָר, ס׳איז געשטאנען פאר מיר קלאָר און בולט א געשטאלט, וועלכע איך האָב נישט געוואגט צו קוקן אין פנים אריין...

געוואלט, דער טויט! — פלעג איך טראכטן, ווי קאָן מען דאָסדאָזיקע אומגליק אויסמיידן? ווי קאָנען מענטשן לעבן רויק, אין דער צייט, ווען זיי ווייסן, אז ערגעץ־ווו לויערט שוין נאָך זיי דער טויט? און דאָ פאלט מיר איין דער, יענער, פון די עלטערע מענטשן, וואָס איך קען, און דאָס הארץ פארקלעמט מיר. אָט באלד, באלד, ווי לאנג נאָך קאָנען זיי לעבן? און מיין פאנטאזיע גייט זיך אזוי ווייטער, און מאָלט מיר שוין דידאָזיקע געזיכטער אינם בלאס געלן קאָליר פונם טויט, און עס גייט מיר א שוידער איבערן לייב און איך זוך אויסמיידן און פארגעסן דידאָזיקע פנימער, כדי זיי זאָלן שפעטער, נאָכן טויט, נישט שטיין אזוי שארף פאר מיינע אויגן.

אָבער ביסלעכווייז האָט זיך אָנגערוקט א צייט, ווען איך האָב זיך געפילט, ביז א געוויסן גראד צופרידנגעשטעלט מיט מיין מורא. דען אויסגעפינענדיק דעם ריכטיקן מאָטיוו פון מיין מורא, האָט מיין באנאכטיקער איך נישט אויסגעוויזן מער אזוי לעכערלעך בא מיין באטאָגיקן, ד. ה., אז מיין מורא איז נישט א נאריש, שוואך געפיל, נאָר פארקערט, א קלאָרער שטארקער באגריף פונם אומפארמיידלעכן סוף פונם מענטש.

און איינמאָל, ס׳איז געווען א שיינער, מילדער ווינטער־אָוונט, פאלט מיר איין א געדאנק, צו שטעלן זיך אליין אויף פראָבע.

די גאנצע משפחה אונזערע האָבן געהאט זייערע „שטעט" אין „הילצערנעם" בית־המדרש. זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאָס איז אויך געווען מיין בית־המדרש, און איז בא מיר געווען פארעכנט פארן חשובסטן אין שטעטל, כאָטש דער רב פלעגט דאוונען אין דער „אלטער מויער און דער גביר רבי משה — אין שול. פריילעכער איז געווויס געווען אין הילצערנעם בית־המדרש ווי אין די אנדערע, ווייל זינט דער הקדש האָט זיך צוגעמאכט, פלעגן די דורכפאָרנדע אָרימע לייט דאָרט האָבן זייער אכסניא. דאָרט אויף דער „לעזשאנקע" האָט מען צו יענער צייט געקאָנט זען א „פנים חדשות"

און הערן א וויץ פון ווייטע מקומות. היינט דאָס „יתומל״ און אלטער רעשקעס, אז זיי פלעגן זיך פונאנדערלאָזן מיט זייערע קונצן ווען די באלעבאטים פלעגן זיך צעגיין: שפּרינגען איבער שטענדערס און וואַרפן פּעקלעך אויף די פרושים פון הינטער דער בימה; אָננעמען פולע מיילער מיט קעראָסין און שפּריצן אויף ברענענדיקע הבדלות, פון וועלכע עס פלעגט שטראָמען א רעגן פון פונקען, און נאָך אזעלכע קונצן, פלעגט טאקע ווערן אמת פריילעך, און ס׳האָט זיך פשוט נישט געוואָלט אוועק פון דאָרט.

אָבער אקעגן דידאָזיקע אלע מעלות האָט דאָס הילצערנע בית־המדרש געהאט איין חסרון, וועלכער האָט זיי אלע צען מאָל אריבערגעוויגן — דאָרט אין פּאָליש, באם רעכטן אריינגאנג, האָט חברה־קדישא געהאלטן דאָס „טהרה־ברעט״.

יאָר איין, יאָר אויס איז עס געשטאנען אין זעלבן ווינקל, אין דער זעלבער פּאָזיציע, דער אויבן צוגעדריקט צו דער וואנט, און דער אונטן אָרויסגערוקט אזש ביזן טרעפּל, ווו עס מאכט זיך אויף די ברייטע טיר אין בית־המדרש אריין, כדי עס זאָל נישט אומפאלן. מיט דער לינקער זייט איז עס געווען צוגעדריקט צו דער מערב־וואנט, און האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א ביידל אין א סאָד.

עס האָט נישט פּאסירט קיין איין מאָל איך זאָל דורכגיין פארביי, עס זאָל נישט א ציטער טון בא מיר ווו א פארבאָרגענער נערוו. עס האָט געמעגט זיין בייטאָג, אין העלסטן זונשיין, האָב איך נישט געקאָנט אויפעפענען פול מיינע אויגן און עס דרייסט אָנקוקן. אפילו שבת אדער יום־טוב, צום „לייענען״, ווען דער פּאָליש איז פול מיט מענטשן, האָט דאָסדאָזיקע ברעט געשטערט מיין שטימונג. היינט ווער רעדט שוין פון אָוונט. אין אָוונט וואָלט איך אליין נישט דורכגעגאנגען פארביי, אז מען זאָל מיך אָפּגילטן. און טאָמער האָב איך אמאָל באמערקט דעמדאָזיקן ווינקל לײדיק, האָט מיך די מורא נאָך מער געדריקט, וואָרים איך האָב געוווּסט, אַז שפּעטער אָדער מאָרגן, וועט זי דאָ ווידער שטיין מיט פּייכטע פלעקן אויף זיך.

ס׳איז שוין געווען א שטיק אין אדר. די אָוונטן האָבן נישט מער געהאט דעם ערנסטן אויסדרוק ווי אין מיטן ווינטער. זיי זענען געוואָרן וואָס אמאָל קירצער, און דערמיט אליין שוין, דערטרעגלעכער, פאר די שרעקנדיקע נאטורן. די אטמאָספערע איז געווען פול מיט שלח־מנות, המן־קלאפעריי און א הארציקע פורים־שטימונג.

זיצנדיק אזוי, אין איינעם פון דידאָזיקע אָוונטן, אין בית־המדרש, האָב איך מיטאמאָל דערפילט אין זיך, ווי איך וואָלט געווען עמעצער אנדערש, און נישט איך, און גלייך א זאָג געטון צו זיך: היינט גיי איך אליין אהיים! און קוים האָב איך דאָס נאָר ארויסגעזאָגט, ווי אן עכאָ האָט גלייך אָפּגעענטפערט פון אלע מיינע אינעווייניקסטע קעמערלעך: היינט גיי איך אליין אהיים! נאָך אמאָל האָב איך שוין די זאך נישט געקאָנט איבערלעבן. פארפאלן!

איך האב זיך געמאכט הארץ און פארלאָזט אויף א נס.

עס איז געווען נאָך מעריב. דער עולם איז שוין געווען צעגאנגען. אויסער די פּאָר פרושים, וואָס זענען געווען פאררוקט אין די ווינקלען הינטער זייערע שטענדערס, און די עטלעכע אָרימעלייט אויף דער בימה, איז קיינער נישט געווען אין בית־המדרש. נאָר־וואָס האָט ירח־מיאל דער טשעשלער מיט וועמען איך פלעג אָפּט גיין ביז צו אונזער הויז, פארלאָזט דאָס בית־מדרש, און איך האָב גלייך געזען, אז ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק, וועל איך היינט מוזן זיין א העלד.

ס׳איז אוועק א האלבע שעה, א גאנצע, און איך האָב אָבער אלץ נישט געהאט קיין מוט אויסצופירן מיין פלאָן. האָב איך געטון א טראכט פון דער לעצטער סעקונדע, ווען איך וועל מוזן גיין, איז מיר געוואָרן גאָר נישט היימלעך אויפן הארץ, און כ׳האָב זיך געוואונשן, אז עמעצער זאָל אריינקומען, מיט וועמען איך זאָל כאָטש קאָנען דורכגיין דעם שולהויף. אָבער צו מיין שלימזל איז קיינער נישט געקומען, און איך האָב שוין פארלוירן אלע האָפנונגען.

מיטאמאָל דערזע איך דורכן פענצטער, ווי עמעצער גייט איבערן שול־הויף מיט א לאָמטערן. איך בין האסטיק אויפגעשפּרונגען, גענומען

לויפן צו דער טיר מיט גרויסע טריט, און עפּעס צוגעבאָמקעט אונטער דער נאָז, ריכטיק ווי איך וואָלט זיך מיט דעם ווילן פאַרטומלען.

קומענדיק צו דער טיר, האָב איך געפילט ווי עס איז מיר הייס געוואָרן אומעטום, און ווי עפּעס האָט מיך א נעם געטון בא די שלייפן.

— פאַרפאַלן! — האָב איך געזאָגט צו זיך אליין.

איך האָב געעפנט ברייט די טיר. א בלאסרויטע שיין איז געפאַלן אין דער קרום איבערן פּאָליש. ס׳איז געפאַלן פונקט אויפן טהרה־ברעט.

איך האָב געפילט ווי מיין האַרץ גליטשט זיך אראָפּ. אָבער, פאַרפאַלן!

איך האָב געלאָזט די טיר אָפן און זיך האַסטיק דורכגעכאַפּט דורכן פּאָליש. מיינע אויגן האָבן ביסטרע געקוקט אין פאַרשאָלטענעם ווינקל, וווּ דאָס טהרה־ברעט שטייט (אזוי ווי דער טיהר־בענדיקער קוקט אָן די ווילדע בעסטיע, באַם ארויסכאַפּן זיך פון דער שטייג). איך האָב געציטערט מיט אלע מיינע אברים.

— מאַך צו די טיר, באַנדיט איינער! — האָט זיך דערהערט א קול פון אונטערן טהרה־ברעט.

איך האָב די טיר שוין נישט צוגעמאַכט...

א האַלב טויטער פאַר שרעק בין איך קוים דערלאָפן אהיים.

אין עטלעכע טעג ארום באַגעגנט מיך דאָס „יתומל״.

— אויב דו וועסט מיר לאָזן אָפן די טיר אין בית־המדרש נאָך אמאָל, ווען איך פאַרברענג מיט ביילקע דעם בעדערס, וועסטו זיך א שוואַרץ יאָר אויסריכטן! — האָט דאָס יתומל צוגעציילט די ווערטער און דערביי געסטראַשעט מיטן פינגער.

## 2. ליקוי־חמה

אזוי גיך, ווי עס האָט זיך פאַרשפּרייט דאָס נייעס פון דער „לקוי־חמה״, האָט זיך אין שטעטל אָנגעהויבן צו רודערן. וווּ מען איז געגאַנגען, האָט מען גערעדט נאָר דערפון, און שפּעט אין די אָוונטן האָט מען נאָך געקאָנט טרעפן קופּקעס מענטשן אויפן מאַרק אָדער בא כאַטשען אויפן קלאָץ, רעדנדיק וועגן דעמדאָזיקן וויכטיקן נייעס, וואָס איז געשטאַנען אין „הצפירה״. עפּעס א קלייניקייט א „לקוי־חמה״? און נאָך אַזאַ ווי דאָס מאָל האָט געזאָלט זיין? אין „הצפירה״ איז געשטאַנען, אז זינט דעם יאַר 1724 איז אזא „לקוי־חמה״ נישט געווען.

בא שמואל, יוסף נחס, דער איינציקער אין שטעטל צו וועמען די „הצפירה״ פלעגט אָנקומען, האָט מען די שוועלן אָפּגעשלאָגן. מענטשן האָבן געוואָלט זען מיט די אייגענע אויגן, וואָס אין „הצפירה״ שטייט מכוח דעם, און אז עס איז אָנגעקומען דער נייער „נומער״ מיט א גאַנצן „מאמר״, וווּ עס איז געווען גערעדט באריכות פון לקוי־חמות אין אלגעמיין און פון דער היי־יעריקער איבערהויפּט, האָבן מענטשן זיך פשוט פאַסמאַקעוועט: הא! וואָס מיר וועלן עס דערלעבן? א זאַך, וואָס טרעפט זיך איין מאָל אין הונדערט יאָר!

איך בין דאַן נאָך געווען צו יונג — א יאָר ניין, איינגאַנצן — צו קענען פאַרשטיין, וואָס א „לקוי־חמה״ איז, און אפילו אז איך האָב דעם „מאמר״ אין „הצפירה״ איבערגעלייענט, איז מיר אויך גאָר קיין קלאָרס פון דעם נישט ארויסגעקומען. די גאַנצע געשיכטע האָט מיך געהאַלטן אין א פאַרחלומטן, פאַרטראַכטן צושטאַנד. טיף אין מוח האָט זיך עפּעס יאָ געוועבט א בילד פון הימלען, פון זונען, פון לבנות און גלאַט פּלאַנעטן, וואָס דרייען זיך ארום אין גרויסן חלל און קומען איינער דעם צווייטן אין וועג, אָבער אז איך פלעג עס וועלן דערגרייכן מיט מיין שכל, פלעגט דאָס בילד אָנהייבן צעגיין און צערינען. איך האָב מקנא געווען די „גרויסע״, וואָס האָבן איבער דעם גערעדט מיט אזא זיכערקייט, פונקט ווי זיי וואָלטן עס פאַר די אויגן געהאַט.

אז עס איז געקומען נאָענט צום באַשטימטן טאָג, האָט מען אין די ווייבערישע שולן, איבערהויפּט אין „הילצערנעם״ בית־המדרש געקאָנט

זען, ווי פרושים און סתם באלעבאטישע בחורים פארדרויכערן שטיקער גלאָז, וואָס איז באוווּסט אלס א סגולה צו קאָנען קוקן דורך דעם אויף דער זון.

באלעבאטים האָבן צוגעגרייט צעבערס מיט וואסער, א מיטל, וועלכעס איז לכל הדעות געווען אָנגענומען פאר דעם בעסטן.

איך האָב שוין אויך געהאט אָנגערויכערט א פאָר גרויסע שטיקער גלאָז, צוליב וועלכע איך האָב געמוזט אויסברעכן א שויב אויפן בוידעם; געהאט צוגעגרייט דעם „ווייקשאף" און געווארט מיט אומגעדולד אויף דעם געהיימ־נישפולן טאָג.

עס האָט זיך מיר גאָרנישט געקאָנט גלייבן, אז אינמיטן העלן טאָג, ווען די זון גייט ארום רויט און הייס איבער א קלאָרן הימל, זאָל מיט אמאָל ווערן פינצטער, ווי ביינאכט, כאָטש נעם און לייען „קריאת־שמע". אָבער א וועלט וועט זיך דאָך נישט לאָזן מאכן צו נאר!

לויט דעם מאמר אין "הצפירה", האָט די „לקוי־חמה" זיך באדארפט אָנהייבן עטלעכע מינוט נאָך זעקס, גלייך נאָכן ערשטן „מנין", און ענדיקן, שפעט אין טאָג אריין. נו, טאָ ווי שטייט מען אָבער אויף אזוי פרי? פיל מאָל האָב איך געוואָלט אויפשטיין צום ערשטן מנין, אָבער קיינמאָל נישט געקאָנט. און ווי וועט טאקע זיין, אז איך וועל פארשלאָפן?

דידאָזיקע דאגה האָט באאומרויקט נישט נאָר מיך אליין, אפילו גרעסערע ווי איך האָבן מורא געהאט, אז זיי וועלן פארשלאָפן.

דער „סקידלער" בחור, דער עלטסטער פרוש אין הילצערנעם בית־המדרש, האָט אויפגעגעבן א פלאן, צו פראווען די נאכט וואָס פאר דער לקוי־חמה, א „משמר", אום צו זיין זיכער נישט צו פארשלאָפן. אלע האָבן זיין פלאן אויפגעכאפט מיט שמחה און ווו נאָר א בחור אין שטעטל, האָט ער זיך געגרייט צום משמר.

איך האָב קוים געפועלט באם טאטן ער זאָל מיך אויך לאָזן גיין. איך האָב דערפאר געמוזט צוזאָגן צו „פאָלגן" דער מאמען לכל הפחות א חודש נאָכאנאנד.

ענדלעך איז די צייט געקומען.

נאָך מערב האָבן די משמרניקעס גענומען קלויבן זיך אין הילצערנעם בית־המדרש, און ביסלעכווייז האָט זיך דאָרט צוזאמענגעקליבן כמעט דאָס גאנצע יונגווארג פון שטעטל. אָנפאנגס האָט מען אין דער „אלטער מויער" אויך געוואָלט נאָכטון און האָבן דאָרט א משמר פאר זיך, נאָר אזוי ווי דאָרט איז געווען ווייניק יונגווארג, האָבן זיי זיך געמוזט אונטערגעבן און אָנשליסן זיך אָן הילצערנעם בית־המדרש.

דאָס גאנצע שטעטל איז שוין פעסט געשלאָפן. עס האָט זיך יעדער איינער פרי געלייגט, כדי צו קאָנען אויפשטיין פארטאָג. די הייזלעך זענען געשטאנען שטיל און אומעטיק. זיי האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן זיך געטוליעט אין די קילע שאָטנס פון דער נאכט. אויף די דעכער איז געפאלן די בלאסע שיין פון דער יונגינקער לבנה, וועלכע איז געהאָנגען ווי א זילבערנער „סערפ" הינטערן „ראַד" קראָמען. פון צייט־צו־צייט האָט זיך געהערט ווי פייוול „קריוואול", דער אלטער קאליקער וועכטער, גיט סיגנאלן אויף זיין פייפל.

אין בית־המדרש איז געוון לעבעדיק. מען האָט גלייך געקאָנט זען, אז דאָס איז נישט קיין געוויינלעכער משמר. עס האָט קיינער נישט געלערנט, אפילו „בעריל מתמיד" איז געזעסן אין ווינקל פון ארון קודש, דעם שטענדער צוגעשפארט צו זיך, מיט דער האנט אין דער צוגעמאכטער גמרא, און געקוקט פארטראכט אין דער וועלט אריין. א סך זענען געשטאנען אָדער געזעסן אין „קופקעס" און גערעדט פון דעם וויכטיקן מאָמענט, וואָס דארף באלד אָנקומען. אנדערע האָבן זיך דערציילט גלאט אזוי מעשיות, און ווידער אנדערע זענען געפאָרן רייטנדיק אויף שטענדערס און געפירט מאַנעוור־רעס ארום בימה. איך בין געגאנגען פון איין קופקע צו דער צווייטער; א פאָר מאָל זיך ארויפגעזעצט רייטנדיק אויף א שטענדער. איך האָב אָבער געפילט, אז קיין זאך איז מיר נישט צום הארץ. עפעס האָט מיר דער גאנצער „משמר" אויסגעזעען ווי א חלול־הקודש. מיר האָט זיך געוואָלט, אז אין אזא מאָמענט זאָל זיין שטיל. יעדער איינער זאָל זיין מיט זיך אליין, אום צו קאָנען ביחידות אריינזאפן אין זיך די געטלעכע גרויסקייט, וועלכע פירט די זונען און פלאַנעטן אין די שטעגן, וואָס ער האָט פאר זיי אין הימל צוגעגרייט.

אז עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָט זיך דער עולם גענומען צו די פאַררויכערטע גלעזער. עס האָט זיך יעדער איינער אויסגעזוכט א פלאַץ, וואָס איז נישט פאַרשטעלט אין מזרח, און זיך מכין געווען צו דעם ספּעקטאַקל. איין קאָמפּאַניע איז אוועק הינטער דער שטאָט אויפן פּוסטן באַרג. איך האָב געזאָלט גיין מיט דער קאָמפּאַניע, כאָטש איך וואָלט בעסער געוואָלט זיין אליין. עס איז נאָך נישט געווען טאָג גענוג און איך האָב זיך געפילט אומעטיק.

קומענדיק נאָענט צום פּוסטן באַרג, האָט זיך דער טאָג דערווייל א שטיק ארויסגערוקט. דער מזרח איז געווען מוטנע־רויטלעך, געליאַמעוועט מיט פיאָלעט־ראָזע שטרייפן, וועלכע האָבן זיך צעשפּרייט ווי א פעכער ביזן מיטן פון גרין־ און בלוי געמישטן הימל. אויף די גראָזן איז געלעגן א זילבערנער טוי און פון די בלעטער האָבן גרויסע טראָפּנס, ווי קאַלטע טרערן, ארויסגעקוקט מיט אנגסטן צום טאָג.

א דינער, דורכזיכטיקער טומאַן איז געווען אויף אלץ פאַרצויגן. איך האָב געפילט דעם גאַנצן אָטעם פון דער נאַטור. עס איז געווען אזוי קיל, אזוי געהיימניספול!

און באַלד, באַלד האָט געדאַרפט געשען דאָס גרויסע, אפשר דאָס גרעסטע וווּנדער.

די ליכטיקייט איז געשטיגן גראַדנווייז, מען האָט געקאָנט זען, ווי עס ווערט העלער און העלער. די לאַנדשאַפט איז געוואָרן אלץ ברייטער און אויסגעשפּרייטער. פון איין זייט איז דאָס דאָרף „אלעקשיץ״ ארויסגעשוווּמען פון טומאַן, און פון דער צווייטער, האָט דער וואַלד אָנגעהויבן צו ווערן בולט מיט זיין טיפן גראַנאַטקאָליר. פייגעלעך האָבן זיך אויפגעכאַפּט און מונטער, ווי נישט פילנדיק פון קיין זאַך וואָס דאַרף באַלד פאָרקומען, געצוויטשערט דעם נייעם טאָג אנטקעגן.

דורכן קאָפּ זענען מיר געלאָפן געדאַנקען:

— הונדערט פינף און זעכציק יאָר זענען אוועק זינט עס האָט פּאַסירט אזא זאַך וואָס דאַרף אָט באַלד פּאַסירן. אָ, ווי גרויס איז די אייביקייט!? — און נאָך אמאָל אזוי פיל יאָר וועלן אוועקגיין, ביז עס וועט נאָך אמאָל פּאַסירן דאָס זעלבע וואָס פּאַסירט היינט. ווו וועט פון אונז דאַן א זכר בלייבן? ווער וועט אונז דאַן דערמאָנען? ווער וועט אונז געדענקען?

דאָס האַרץ איז מיר פול געוואָרן מיט מוטנע, זויערלעכע געפילן. איך האָב געפילט, אז מיר איז אוממעגלעך צו בלייבן מיט דער קאָמפּאַניע, און בא מיר איז געבליבן אויסצוזוכן א פלאַץ פאַר זיך אליין.

מיר איז ארויפגעקומען אויפן געדאַנק די „קרעניצע״ אין סאָד. איך האָב בא זיך געקלערט: אויב מען קאָן זען די לקוי־חמה אין א צעבער וואַסער, וועט מען דאָך אין קרעניצע געוויס קאָנען!?

איך האָב זיך גלייך פאַרקירעוועט אהין.

די קרעניצע איז געווען זייער טיף. איר אויבערפלאַך האָט געגלאַנצט מיט א רויקן שיין. פון איין זייט, ווו דאָס ווענטל איז געווען נידעריקער, איז אראָפּגערונען א דינינקער שטראָם, האָט זיך געשלענגלט איבער דורכגעוואַשענע שטיינדלעך און קלאָרן זאַמד, ביז עס האָט דערלאַנגט צום טייכל, אונטערן באַרג. זי האָט געשיינט ווי א רויקער שפּיגל, פּונקט ווי עס וואָלט אין איר גאָרנישט פאָרגעקומען און איר שטענדיקער אריבערפליסן וואָלט געווען אן אייביקע רויקייט. ס׳האָט זיך אין איר אָפּגעשלאָגן דער הימל און א קרומע צווייג פון א נאָענטן בוים.

איך האָב מיך אוועקגעזעצט אויף א פלאַכן שטיין דערביי און געוואַרט.

מיטאמאָל איז אויף די בוים־שפּיצן געפאַלן די בלאַסע שיין פון דער נאָר־וואָס אויפגייענדיקער זון.

און די שיין איז געוואָרן אלץ שטאַרקער, און וואָס די זון האָט זיך אלץ העכער געהויבן, האָט זיך די שיין אלץ מער און מער פאַרשפּרייט איבער די צווייגן. די גאָר אלטע גרינע ריזן האָבן שוין א העלפט אין ליכט געשטעקט. ענדלעך האָב איך זי דערזען אין קרעניצע. איר קאָליר איז געווען פון פריש אויסגעגאָסענעם מעש.

און טאַקע באַלד האָט איר רונדקייט זיך גענומען פאַרפלאַכן, פון דער לינקער זייט. די פאַרפלאַכונג איז וואָס אמאָל געוואָרן אלץ קענטיקער, ביז עס איז אריינגעפאַלן אין א האַלבן קרייז. דאָס געשטאַלט פון דער זון האָט

זיך לאנגזאם אזוי געביטן און האָט אָנגענומען די פאָרם פון דער לבנה, ווען זי הייבט אָן צו וואקסן אויף צוריק. לאנגזאם, ביסלעכווייז, איז די זון אינגאנצן אויסגעלאָשן געוואָרן, לאָזנדיק בלויז א סימן פון איר הויט, — א רונדער, דינער, שטרייף מאטע ליכט איבערן הימל. ארום איז געוואָרן פינצטער, אָבער טאקע ווי באנאכט, און אן אומהיימלעכקייט איז מיך באפאלן. איך האָב מורא געהאט זיך צו רירן פון פלאץ. איך בין געזעסן א פארגליווערטער. א ווינטל האָט זיך געטראָגן פון צווייג צו צווייג, איבערגעבנדיק אין דער שטיל סודות פון דער לופטן. די בלעטער האָבן זיך געשאָקלט אין דער גרויער פינצטערניש, און דורכן גאנצן סאָד האָט זיך געטראָגן א געהיימניספולער אָטעם. עס איז מיר געגאנגען א סקרוך איבערן לייב. עס האָט זיך מיר געדאכט, אז עס זענען צוריקגעקומען די „ששת ימי בראשית”, ווען גאָט זאָגט א וואָרט און א גאנצע וועלט ווערט באשאפן.

מיטאמאָל האָט זיך באוויזן א האלב רונדער שטרייף ליכט אויפן פלאץ פון דער אויסגעלאָשענער זון און דער סאָד איז געוואָרן דורכזיכטיק.

ביסלעכווייז איז דער שטרייף געוואָרן ברייטער און ליכטיקער, ביסלעכווייז האָט די ליכטיקייט זיך ווידער צעגאָסן איבער אלץ ארום, ביז דער לעצטער פלעק איז פון דער זון פארשווונדן.

איך בין אריין אין שטעטל דורך דער דייטשער גאס. דער מארק און דער שול־הויף זענען געווען פול מיט מענטשן. אין דער ברייטער גאס־רינע האָט געפלייצט וואסער ווי נאָך א שלאגס־רעגן. עס האָבן שוין אלע די צעבערס אויסגעגאָסן.

## 3. צו הקפות

א גאנץ יאָר פלעגט מען אין שול זעען בלויז דעם יונגן עולם, די שוואכע דאוונערס, וואָס קומען נאָר אָפּפטרן דאָס דאוונען און אנטלויפן. שבת, ווען אין די בתי־מדרשים האלט מען נאָך באם לייענען אָדער באם אָנהייב מוסף, פלעגט מען אין שול שוין אויפלייגן די טליתים און זיך איילן אהיים. אפילו שבת־מברכים, אָדער יום־טוב, ווען דער חזן מיט די משוררים פלעגן דאוונען, איז מען דאָרט אויך ארויס נישט שפעטער ווי פון די בתי־מדרשים, ווייל די שול־מענטשן האָבן זיך פון תמיד אָן דערלויבט געוויסע פריווילעגיעס, דעם „פאָרנט” פון דאוונען האָט מען שטענדיק געקריוודעט; פון שחרית האָט מען אויך נישט געמאכט קיין צו גרויס וועזן. מען פלעגט אוועקשטעלן שלמה דעם טשעסלער און ער פלעגט עס אָפּמאָלן אזוי ווי אין א מיל, און אום יום־טוב פלעגט מען דאָרט גאנצע שטיקער פיוט ארויסוואָרפן, אז עס איז פשוט געווען א רחמנות אויפן מחזור. ווינטער פלעגט מען אינמיטן וואָך די שול גאָרנישט עפענען, ווייל דאָרט איז געווען קאלט ווי אין א ליאדאָווניע, און אויך זומער האָט מען זייער אָפּט דאָרט נישט געקאָנט צוזאמענקלויבן א מנין. פרימאָרגנס איז די לופט דאָרט געווען בייסנדיק־קיל אפילו אין תמוז, און אז מען פלעגט פאַרקאשערן דעם ארבעל צו לייגן תפילין, פלעגט א סקרוך אריבער איבערן לייב און דער אָפּגעבלויזטער אָרעם האָט זיך אויסגעשאָטן אין דראָבנע פינטעלעך. פון דער פאָדלאָגע, וועלכע איז געווען א סך טיפער ווי דער שול־הויף, און וועמענס ברעטער עס זענען נישט צוגעגאנגען איינס צו דעם צווייטן, האָט זיך געלאָזט שפירן דער קאלטער אָטעם פון דער ערד, און פון הויכן, נישט אויסגעוועלבטן סופיט, האָט אראָפּגעדריקט א מאָדנע קילע פוסטקייט.

די לאנגע אויסגעצויגענע פענצטער זענען געשטאנען גאנץ הויך אין די ווענט, פיל נענטער צו די קראָקוועס ווי צו דער פאָדרובע, און די זון האָט דורך זיי קיינמאָל נישט געקאָנט דערלאנגען אונטן צום עולם. דאָס בעסטע וואָס זי האָט געקאָנט טאָן איז געווען, אריינצוקוקן אין די פענצטער פון דרום־זייט אויף דער גרויער, רוי־געטינקעוועטער צפון־וואנט, אָדער באשיינען א וועלכע גאלקע אָדער סלופּ פון דער הויכער, נישט געפארבטער הילצערנער

בימה, וואָס איז געשטאַנען אין רעכטן מיטן שול. דער איינציקער פלאַץ ווו די זון האָט געקאָנט צוקומען צו מענטשן, איז געווען די ווייבערישע שול, וועלכע איז הינטן, אין מערב, אינדערהייך איבערן פאָליש. אָבער עס איז דאָרט זעלטן ווען געווען פאַר וועמען צו שיינען.

איבערהויפט האָט זיך אין שול נישט געפילט די באַשטענדיקייט, די איינגעפונדעוועטע באַלעבאַטישקייט ווי אין בית־המדרש. די „שטעט" זענען געווען הפקר, דעם שבת האָט פאַרנומען א שטאָט איינער, און איבעראכטאָג אַן אַנדערער. עס האָט אויסגעזעען ווי קהלשע, און ערשט אין די ימים נוראים האָט מען געקאָנט זעען ווער עס זענען דאָרט די אמתע באַלעבאַטים.

אָבער אַז ס'פלעגט קומען שמחת תורה באַנאַכט, פלעגט פלוצלינג פאַרשווינדן פון דער שול איר קאַלטער, גלייכגילטיקער אויסזעען, און אַזוי ווי א וואַרעמער, פריילעכער, פול מיט לעבן קלאַפנדיקער אָטעם וואָלט געשטראָמט פון אַלע ווינקעלעך און אָנגעפילט די הערצער מיט לעבן.

שמחת תורה איז די שול געווען דער צענטער פון לעבן און לוסטיקייט אין שטעטל.

ווו נאָר עס איז געווען א פלאַץ אַוועקצושטעלן א קאַרטאָפלענעם לייכטער, האָט געברענט א ליכט; ווו נאָר א באַלקן, א קראָקווע אָדער א סלופ, זיינען געווען צוגעטשעפעט הענגלייכטער, פון שטעקעלעך מיט אויסגעהוילטע קאַשטאַנעס אָדער קאַרטאָפל, ווו עס האָבן געשטעקט ברענענדיקע ליכטלעך. ווי שטערן אין הימל האָבן זיי געפינקלט אינדערהייך, און די גרויסע הענגלייכטער מיט די גרויסע סטעאַרינאָווע ליכט, און די פיר גרויסע בליךלאָמפן האָבן אָנגעפילט אַלע ווינקעלעך מיט ליכט.

אַלע פנימער האָבן געשיינט. מען האָט געקאָנט זען ווי יעדער איינער איז אָנגעשטעקט מיט פריילעכקייט. יונג און אַלט, פרום און פריי, יעדער פילט זיך ווי אויפגעלעבט.

ס'איז א תיקון אין שטעטל, אַז שמחת תורה באַנאַכט דאַוונט דער רב אין שול. דאָס איז דאָס איינציקע מאָל אין יאָר, וואָס דאָס ווינקל פון דער רעכטער זייט ארון קודש איז פאַרנומען. און צוזאַמען מיטן רב קומט אויך זיין גאַנצע סוויטע און גלאַט פרומע יידן פון די אַנדערע בתי־מדרשים, וועלכע וואָלטן אַזוי אין שול נישט געקומען.

היינט קאָן מען דאָרט זעען אין דעמדאָזיקן אָוונט רויטע, בלויע, ווייסע און אַלערליי אַנדערע קאָלירן פון קליידער, וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן צווישן די מוטנע, טונקעלע, גאָרנישט זאָגנדיקע קאָלירן פון זאַכן, וואָס מענער טראָגן.

מיידלעך, קליינע, מיטעלע און אַפילו כלה־מיידן קומען אונטן, גלייך מיט אַלע מענער. אמת, זיי גייען נישט ווייטער, ווי ביז צו דער בימה, אָבער דאָרט מישן זיי זיך צווישן די מאַנסבילן, ריכטיק ווי עס וואָלט געווען אויף א „זמירות".

דאָס קומען זיי זעען די „הקפות", קושן די ספרי תורות און נעמען אָנטייל אין דעם פריילעכן אָוונט.

פאַר די יונגעלייטלעך איז דאָס א גאַנצע שמחה. ווער נאָר עס קאָן, פאַרקלויבט זיך הינטער דער בימה; מען צעטיילט זיך אין קופקעס, מען וואַרפט אויגן צו די מיידלעך. אַנדערע, כוואַטעס, שעמען זיך נישט און טשעפען מיט די מיידלעך גאַנץ אָפן.

אַז עס קומט די צייט פון הקפות, און די מיידלעך טרעטן צו צו קושן די ספרי תורות, כאַפט זיך אַמאָל אונטער א ווילער יונג און שטעלט אונטער א האַנט, אויף וועלכע עס שטעמפלט זיך אָפ דעם מיידלס קוש. דאָס מיידל ווערט רויט, די יינגלעך און בחורימלעך מאַכן א גאַנצן טאַראַראַם, אי, אי, אי! א קוש געטון א בחורס האַנט! דאָס מיידל ווערט אָבער נישט אָפגעשראָקן און צילעוועט זיך צו אַן אַנדערע ספר תורה. און וואָס די מיידלעך דריקן זיך אַלץ מער צו די ספרי תורות, אַלץ מער רוקן די יינגלעך די הענט זייערע צו כאַפן די קושן, און טאָמער גליקט עס נישט, זוכן זיי כאָטש אַזוי אָנצורירן א מיידל, באַם האַנט, באַם צאָפ, אָדער כאָטש באַ דער בלוזקע. עס פלעגן זיין די גליקלעכסטע מינוטן פאַר די בחורימלעך.



דאָס יאָר איז די שול געווען באַלויכטן מער ווי אַלע יאָר. דער נייער הענגלייכטער, וועלכן ר' משה דעם גבירס ווייב האָט מנדב געווען,

איז געהאָנגען איבערן רעכטן מיטן בימה, און זיינע אלע דריי גאָרן־רערן זענען געווען אָנגעשטעקט מיט האלב־פונטיקע ליכט, וועלכע האָבן צוזאמענגעשטעלט א גרויסן קלומפער פייער. עס האָט זיך יעדער איינער געחידושט איבער דעמדאָזיקן ליכטיקן ריז.

— נו, צו וואָס דערעטשין האָט דערלעבט! — האָב איך געהערט עפעס א יונגן באַלעבעסל זאָגן — אזא הענגלייכטער פאסט זיך כאָטש פאר א ווילנער שול!

— ניש־קשה, — האָט עמעצער, פון א זייט, געענטפערט — מיט אונזער שול האָבן מיר זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען. איך האָב דאָך עפעס אָנגעזעען א וועלט, אָבער א סך אזעלכע שולן האָב איך נישט געזעען.

בא אזעלכע געשפרעכן פלעג איך תמיד אָנשטעלן נאָז און אויערן און צוהערן מיטן גרעסטן אינטערעס. דאָס מאָל, אָבער, האָב איך געפילט, ווי פון איין אויער גייען זיי מיר אריין און פון צווייטן ארויס. איך הער נעמען פון שטעט, מענטשן, זאכן און אזוי ווייטער, אָבער איך פיל, אז פאר מיר האָבן זיי איצט קיין באדייטונג נישט. מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט איז געווענדט הינטער דער בימה־צו. יעדע פאָר מינוט כאפ איך דאָרט א קוק. עס איז אָבער נאָך צו פרי.

— וועט זי אויך קומען צו הקפות? — האָט מיך א פראגע שוין פון עטלעכע טעג געטאָטשעט.

מיינע אויגן־דעקלעך האָבן זיך גערירט ווי אויסגעמאטערטע, פונקט ווי עפעס א משא וואָלט אויף זיי געהאלטן אין איין דריקן. מיין הארץ האָט שטארק געקלאפט און מיינע געדאנקען זענען געווען פארטומלט און ווי אין א טשאד.

פון תשעה־באב אָן האָב איך חיהקען נישט געזעען, פון יענעם טאָג אָן, אין וועלכן מיין קינדעריש הארץ האָט אין זיך דעם ערשטן אָטעם ליבע אריינגעזויגן, און מיין געמיט האָט זיך פלוצלינג געפילט אין א מאָדנעם צושטאנד, וועלכער האָט מיך ארומגענומען מיט נעפל־האפטע סודות. אָבער פון דאן אָן איז זי אויף איין מינוט פון מיין פאנטאזיע נישט אָפגעטרעטן. איר בלאס פנים, אירע פעך־שווארצע בלישטשענדיקע אויגן, און אירע שווארץ־געקרייזלטע קורץ־געשוירענע האָר, האָבן מיך געהאלטן פארכשופט; איר רויטע בלוזקע און ראָז געשטרייפט קורץ קליידל, וועלכע זי האָט דאן געטראָגן, האָבן זיך נישט געלאָזט אָפטשעפען פון מיין בליק. ווו איך פלעג געבן א קוק, איז חיהקע געווען דאָס ערשטע, און דאן דער געגנשטאנד אויף וואָס איך האָב געקוקט. איבערהויפט די אויגן אירע, זיי האָבן מיך אויף א מינוט נישט אָפגעלאָזט. — איך האָב געלערנט, געלייענט א ביכל, האָבן זיי זיך ארומגעפלאָנטערט צווישן די שורות, צווישן די ווערטער און מיך פארטומלט. די גליקלעכסטע מינוטן פלעג איך דורכלעבן, ווען איך פלעג שלאָפן גיין. קוים פלעג איך זיך אנידערלייגן, אזוי האָט שוין מיין פאנטאזיע אָנגעהויבן צו מאָלן גן־עדן־בילדער פאר מיין גייסט, ווו איך און זי זענען געווען די אייביקע לעבעדיקע באשעפענישן... — מיר זיצן זיך ביידע אין וואלד, אויפן זעלבן פלאץ ווו מיר האָבן תשעה־באב צוזאמען יאגדעס געקליבן. מיר זיצן אזוי נאָענט איינער צום צווייטן, א סך נענטער ווי דאן... און קוקן זיך אָן מיט אָפענע אויגן. נישט ווי דאן, ווען אונזערע בליקן פלעגן זיך באגעגענען, האָבן זיי זיך גלייך צו דער ערד אראָפגעלאָזט; — איך נעם זי אָן בא דער האנט און איך פרוביר אין מיינע געדאנקען זיך פאָרשטעלן דאָס געפיל, וואָס נעמט מיך דורך, ווען איך האלט איר ווייך, ווארעם הענטל אין מיינער. איך נעם זי אָן בא דער אנדערער האנט, קוק איר אריין טיף אין די אויגן. זי קוקט מיך אָן פארשעמט, ווערט רויט און גיט א צעטומלטן ציטער. אירע ליפן באוועגן זיך, זי וויל עפעס זאָגן, האָט אָבער נישט דעם מוט... מיין מוט ווערט דורך דעם שטארקער. „אָ, חיהקעלע!” רוף איך אויס מיט אנטציקונג „האָסט מיך ליב אזוי ווי איך דיך?” זי ווערט בלאס. איך לאָז אָפ אירע הענט און ווארף זיך מיטן פנים צו דער ערד; מיינע אויגן ווערן פארלאָפן מיט טרערן און מיין הארץ קלאפט אזוי שטארק, אזוי גיך. מיין קאָפ איז אזוי מיד, אזוי צעווייטיקט. איך זוך פאר אים עפעס א פלאץ. איך לייג אים דאָ, איך לייג אים דאָרט, ביז איך פארקריך מיט אים אויפן ברעג פון איר קליידל. — דער ריח פון די נייע קארטון גיט

מיר א האק אין נאָז. א פרישער שטראָם לויפט דורך מיין הארץ: איך פיל ווי עס עפנט זיך אויף פאר מיר א נייע וועלט, מיט א ניי לעבן, פון וועלכן כ׳האָב ביז נישט לאנג צוריק גאָר קיין באגריף נישט געהאט. עס ווערט מיר אזש הייס. — איך וויל זיך צודריקן צו איר, פילן איר ווארעמען, פרישן קערפער, אויסקושן אלע גלידער אירע. איך ווער אָבער פארשעמט פאר מיין אייגענעם געדאנק און לאָז אראָפּ מיינע הענט אָנמוטיק, און קוק זי אָן מיט א בליק, וואָס בעט רחמנות.

אט אזוי פלעג איך תמיד אָנהייבן מאָלן דאָס בילד׳, פון דע״ זעלביקער סצענע. גאנץ אָפט, פלעג איך אויסקלערן נייע אומגעבונגען, נייע פאָזיציעס, אָבער אזוי נאטירלעך זיך פילן, ווי ביי דערדאָזיקער סצענע — אויף יענעם פלאץ איז וואלד, ווו מיר האָבן טאקע באמת איינמאָל צוזאמען געזעסן — האָב איך ביי קיין פאל נישט געקאָנט. איך פלעג אָפט ווערן צעטומלט, נישט קאָנענדיק זיך שאפן א שפאָגל־ניי פאנטאזיע־בילד. און פלעג זיך אומקערן צוריק צו דערדאָזיקער סצענע, וועלכע איך האָב אזוי גוט איינגעחזרט, אז עס איז מיר פאָרגעקומען, אז מיר האָבן עס אין דער אמתן טאקע צוזאמען דורכגעלעבט, און אזוי פלעג איך כמעט יעדע נאכט איינשלאָפן.



עס האָט זיך געהערט א פאטש איבערן עמוד און דעם גבאים קול, וועלכער האָט אָנגעזאָגט, אז דער „טאָרג" אויף „אתה הראית" הייבט זיך אָן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט „דריי גילדן און צען גראָשן" און איז אזוי ביסלעכווייז געשטיגן, צענגראָשענדיקערווייז, ביז עס האָט דערלאנגט זעקס און דרייסיק גילדן. געקויפט האָבן עס צוויי שכנים ישובניקעס, בשותפות. פיר פסוקים האָבן זיי פארטיילט: צום רב, צו ר׳ משה׳ן און נאָך א פאָר שיינע באלעבאטים, און דאָס איבעריקע האָבן זיי געהאלטן פאר זיך. זיי האָבן „געהאקט" עברי אויף וואָס די וועלט שטייט, און דער עולם האָט נאָכגעזאָגט און צוגעשמייכלט איבער דער דאָרפישער עברי.

שטייענדיק לעבן פעטער און זאָגנדיק מיט אים פון איין מחזור, האָב איך באמערקט ווי א פאָר בחורימלעך פון אויבנאָן הייבן זיך אָן צו רוקן הינטער דער בימה. איך האָב פארשטאנען, אז דאָרט מוזן שוין זיין מיידלעך. מיין הארץ האָט מיר אזוי אָנגעהויבן צו קלאפן. עס האָט מיר געזאָגט אויף זיכער, אז חיהקע איז שוין דאָרט פאראן, נאָר איך האָב זיך נישט געקאָנט באשליסן ארונטערצוגיין; איך האָב מורא געהאט, טאָמער איז זי דאָרט נישטאָ. עס איז מיר געווען ליבער צו שטיין דאָ און זיך פאָרשטעלן, אז זי איז דאָרט יאָ פאראן — אזוי נאָענט צו מיר...

ענדלעך האָב איך זיך אָנגעטון א כוח און צוגעגאנגען נענטער צו דער בימה. איך האָב זיך געשטעלט אין א ווינקל, צווישן צוויי סלופעס, פונוואנען איך האָב געקאָנט זען די גאנצע קאָמפאניע מיידלעך, וועלכע זענען געווען אלע אויף איין זייט. עס זענען אָבער דאָרט געווען אזוי פיל, אז מען האָט נישט געקאָנט זען אלע קלאָר. איך האָב געזוכט מיט די אויגן איר רויטע בלוזקע און ראָזע קליידל. עס איז אָבער דאָרט אזוינס נישט געווען.

ווען איך בין צוגעקומען נענטער צו די מיידלעך, מאכנדיק זיך ווי איך גיי נאָר פארביי, הער איך ווי איין מיידל זאָגט: — חיהקע, זעסט! אָט איז שלמהקע! קיין ענטפער האָט זיך נישט געהערט, אָבער איך האָב געפילט די פארלעגנהייט אין וועלכער זי האָט זיך געפונען, און פון וועלכע עס האָט אויך מיין פנים געפלאמט.

חיהקע איז געזעסן אויף א באנק מיט איר חברטע הינטער דער גאנצער קאָמפאניע מיידלעך. זי האָט געטראָגן א ווייס קליידל מיט א שוואַרצער שלייף ביי דער ענדע פון אָפגעלייגטן מאטראָסן־קאָלנער. אויף איר ברוסט האָבן זיך שוין געזעען סימנים פון פריילין. זי האָט אויסגעזעען א סך בלאסער ווי תשעה באב אין וואלד. אירע אויגן האָבן אויסגעקוקט גרעסער און גלאנציקער. איך האָב זי אנגעקוקט, זי מיך, און באלד זענען אונזערע בליקן פארגליווערט געוואָרן אין דער לופטן.

— אָ, וואָלט זי וויסן וואָס איך שטעל זיך פאָר פון איר, אימער, ווען איך גיי שלאָפן.

וואָס וואָלט זי פון מיר געדענקט? — איז מיר דורכגעלאָפן א געדאנק און ס'איז מיר ווארעם געוואָרן אין געזיכט. אזוי ווייסט זי שוין אויך, אז איך בין גאָר נישט אזא שטילינקער ווי מען האלט מיך. אז איך האָב זי דאן, אין וואלד, אָנגענומען בלויז בא דער האנט, האָט זי אויף מיר א קוק געטון מיט אזא מינע, ווי איינער זאָגט: פע, פאר דיר פאסט עס נישט! היינט נאָך אזעלכע זאכן, וואס איך דערלויב זיך צו טראכטן פון איר...

עס האָט זיך מיר אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ. מיר האָט זיך געדאכט, אַז אַלע קוקן אויף מיר און זעען אלץ וואס עס קומט אין מיר פאָר. יעדע סעקונדע איז פאר מיר געווען אן אייבי־קייט. איך האָב נישט געוווסט מיט וואס עס וועט זיך ענדיקן.

צום גליק איז צוגעקומען מיינס א חבר, און מיר האָבן זיך פארריעדט פון אנדערע זאכן. איך האָב זיך געפילט א ביסל צעשטרייט.

דערדאָזיקער חבר האָט זיך גוט געקענט מיט חיהקען און מיטן צווייטן מיידל, וואס איז מיט איר צוזאמען געזעסן. ער איז צוגעקומען צו זיי. איך האָב זיך אים כמעט ווי נאָכגעשלעפּט.

באלד האָט זיך אנטוויקלט אן אלגעמיינער שמועס, און איך האָב אין חיהקעס אויגן באמערקט א שעמעוודיקע צופרידנקייט. איך האָב עס גענומען אויף מיין רעכנונג.

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן די הקפות.

דאָס יונגוואַרג, הינטן אין שול, האָט זיך א לאָז געטון נענטער צו דער בימה. עס איז געוואָרן א גאנצער מישמאַש. ייִנגלעך, מיידלעך, אלע אינאיינעם. מען האָט זיך אויסגעשטעלט אין צוויי שורות און זיך געצילעוועט, ווער מיט די מיילער, ווער מיט די הענט, אין די ספרי תורות אריין.

מיר איז אויסגעקומען צו שטיין אין דער צווייטער שורה, אנטקעגן חיהקען. — יעדעס מאָל, וואָס מיין בליק האָט זיך מיט אירן באַ־געגנט האָב איך געפילט ווי א נייער כישוף וויקלט מיך ארום. איך בין געשטאנען אין איין ציטערניש, זי זאָל נישט א קוק טון מיט די זעלבע אויגן אויך אויף אן אנדערן. איך האָב זיך שוין בעסער געוווּנטשן, זי זאָל גאָרנישט האָבן געקומען אהער...

איך בין געשטאנען ווי א צעדולטער. דריי הקפות האָט מען שוין געמאכט און איך האָב נאָך קיין איין ספר תורה נישט א קוש געטון. אויך חיהקע האָט נאָך קיין איין ספר נישט אָנגערירט. קענטיק, מיין אומרויקייט האָט אויך אויף איר געווירקט.

מיטאמאָל קומט אָן די פערטע הקפה. עס האָט עמעצער א שטופּ געטון חיהקען און זי איז כמעט ווי געפאלן מיטן מויל אָן א ספר תורה. זי האָט זיך אנדערש נישט געקאָנט העלפן ווי א קוש צו טאָן.

דאָ איז געוואָרן מיטאמאָל א געלעכטער. — בערל דעם סטאָליערס „באיבאק" האָט אונטער־געדרוקט זיין לאפּע און דער קוש איז אויף איר געפאלן.

עס האָט זיך מיר אָנגעצונדן אין קאָפּ.

— זשוליק איינער! גראָבער יונג! — האָט מיך מיין קול געוואָרגן אין האלז. ווען איך וואָלט בשעת מעשה געקאָנט, וואָלט איך אים דערהרגעט.

חיהקע איז רויט געוואָרן, האָט מיך אָנגעקוקט מיט פייכטע אויגן און איז ארויס.

איך האָב געמיינט, אז ס'הארץ מיינס גייט אויס.

# המושבה סיני / חיים צבי מילר־סיני

## המושבה סיני

נפש לבתי העדינה דינה ז״ל, צנועת הגות ועלילה, אשר נקטפה בדמי ימיה בפסח תשט״ז.

ח. צ. מ.

### פתח דבר

אלפי ערים ועיירות במדינות מזרח אירופה ובמרכזה, אשר האשמדאי הנאצי השמיד בהן את היהודים שישבו בהן מאות בשנים, נשארו עומדות על תילן. בחלק מהן עוד יושבות משפחות בודדות. אפילו אלו שנתרוקנו לגמרי ואין רגל יהודי דורכת שם — שמותיהן לא נמחו ולא יישכחו מזכרון היהודים, מאחר שהיו מקומות מפורסמים כמרכזי תורה, כמו: וולוז׳ין, מיר, ראדין, סלובודקה, טלז ועוד; או משום שהוציאו אנשי שם, כמו: הגר״א מווילנא, ר׳ לוי יצחק מברדיצ׳ב, ר׳ ישראל סלנטר ועוד; או מפני שישבו בהן רבנים, אשר בחיבוריהם שחיברו בשבתם שם נזכר שם העיר בשער הספר.

רק המקום בו נולדתי, כפר יהודי של שלושים משפחה עובדי אדמה בשם „סינייסקה״, נמחה כליל מעל פני האדמה ולא נשאר ממנו כל זכר.

קנא קינאתי לפינת מולדתי, בה ישבו בני משפחתי יותר ממאה שנה, — חרשו, זרעו, נטעו, התפרנסו מעמל כפיהם, ולא נשאר זכר אפילו לשם היפה „סינייסקה״, אשר רק במאמצים והשתדלות רבה אצל הרשות זכו לו. עתה, בערוב שמשי, כשנשארתי היחידי, אשר ההשתלשלות והגורמים להתפתחות המקום ידועים לי מראשית היווסדו, אמרתי להעלות בקומץ־עלים אלה את זכרונותי, ששאבתי ממקור ראשון, מאבי ז״ל, ומהסבתא, מאמא של אבא ז״ל, שהם היו מראשוני המקום. החוברת הזאת תשמש לא רק „יד ושם״ לכפר — היא תספר היסטוריה לצאצאי יוצאי סינייסקה, בכל מקום שהם שם, ויידעו על התלאות וההרפתקאות שעברו על זקני־אבותיהם בכיבוש המקום ובהיאחזות בו, ואלה מהם היושבים במדינת ישראל יראו בהן בבואה לאותם קשיי הקליטה והתנגשויות עם השכנים בתולדות התישבות־היהודים בארץ.

### המושבה היהודית סיני, היא „קולוניה־סינייסקה״

ברחבי רוסיה הלבנה, בין כפרים בלתי יהודים ובין עיירות יהודיות, השתרע כפר מוזר במקצת. אמנם, היה זה כפר ככל הכפרים; רפתות ואורוות, גינות ירק ועצי פרי. מסביב לבניינים — בתי־עץ מכוסים קש, — שדות קמה ושדות מרעה; והאכרים — אכרים ממש, מנוסים בחריש, בקציר ובדיש. אך צורה אחרת להם: מגודלי זקן ומכוסי ראש ואינם טיפוסים רוסיים כאכרי הסביבה. אלה היו יהודים. מעל כל דלת קבועה מזוזה ובאמצע הרחוב עמד על מכונו בית כנסת בנוי לבנים שרופות וגג רעפים, אשר בהשוואה לבתי־העץ של האכרים היה בניין מפואר; ורב היה להם, וגם שוחט, מלמדים לילדיהם היו מזמינים מן החוץ. כאן חיו יהודים, עמלים יקרים וישרים וכאן מתו. כאן נולדו להם ילדים וכאן חיתנו את בניהם, ועם כלל ישראל חיכו לגאולה העתידה לבוא. ככה התקיים הכפר יותר ממאה שנה, עד השואה שכמוה לא היתה מימי חורבן הבית. הכפר נמחה כליל מעל פני האדמה, כל הבתים נשרפו, בית הכנסת נחרב עד היסוד והאדמה חולקה בין אכרי הכפרים שבסביבה.

שם הכפר הזה הוא „קולוניה־סינייסקה״ אשר במחוז סלונים, 7 ק״מ מהעיירה דרצ׳ין. ואף כי השם „קולוניה״ הוא שם כללי והשם „סינייסקה״ — שם פרטי, מקובל היה בסביבה לקרוא לכפר בשם „קולוניה״ בלבד.

קולוניה זו, שבה נולדתי ואבות אבותי היו ממייסדיה — נוסדה בשנת 1835 בערך. שטחה

היה אחת מאחוזותיו של הנסיך סאפייהא, מנ־היג המרד נגד השלטון הרוסי בשנת 1831. לאחר דיכוי המרד, משברח הנסיך חוצה־לארץ, החרימה הממשלה כל אחוזותיו. בתקופה ההיא היתה מגמה בין ראשי השלטון והצאר ניקולאי הראשון להפוך חלק מיהודי רוסיה לעובדי אדמה. ייתכן שהשאיפה היתה מתוך רצון להט־מיע את היהודים בין העם הרוסי, ואולי מתוך טעמים הומאניים, להפוך את היהודים לאלמנט פרודוקטיבי. נשאיר, איפוא, את ההכרעה בנידון זה להיסטוריונים. אחת מאחוזותיו של הנסיך סאפייהא הוקצתה לקולוניה זו. בימים ההם, בתקופת הקנטוניסטים, פשטו החוטפים בעיירות כחיות טרף, חטפו את ילדי ישראל ומסרו אותם לצבא למשך עשרים וחמש שנים. חלק מהם נטמע בין הגוים וחלק מת בילדותו. ואלה שנשארו ביהדותם סבלו עינויי־נפש נוראים. המשורר הלאומי ח. נ. ביאליק, בשירו „יונה החייט", תיאר את התקופה ההיא: „וכהנשא טלה חלב, שה יונק מעדר, מבית נחטף יתום וילד מחדר". השלטונות, כדי למשוך את היהו־דים לעבודת־אדמה, שהררו את אשר התישבו על האדמה והיו לאכרים — מלקחת מבניהם לצבא במשך עשרים וחמש שנים.

המשפחות המטופלות בבנים זכרים היו שרויות תמיד באימת טרף ילדיהם ע"י החוטפים, היו שנתפסו לרעיון „הפרודוקטיביזציה" ונטשו מקו־מות מגוריהם, את המסחר והמלאכה, כדי לעבור לחקלאות. הם לא חשבו על כושרם להסתגל לעבודת האדמה בתנאים קשים, באין כל עזרה לא מן הממשלה ולא מגורם ציבורי אחר. בסבי־בה של עמים עוינים, המתיחסים בלעג ובוז לאכרים יהודונים אלה ולעבודתם החקלאית.

סבא שלי, ר׳ זאב ז"ל, אשר היה מבורך בבנים רבים (זכרים) ואימת „הטרף" רבצה עליו כמשא כבד, נאחז גם הוא ברעיון זה. הוא גר בעירה נובידבור על־יד גרודנא וחי כאיש אמיד. מכר את כל רכושו ועקר כדי להתישב בקולוניה ולהיות עובד אדמתו. הסבתא שלי, חיה שרה ז"ל, היתה מחוננת בזכרון טוב ובכושר הבעה ציורית. אהבתי מאד, בילדותי, לשמוע את סי־פוריה על ראשית היווסדה של הנקודה החקל־אית הזו, איך המקום היה מקסים ביופיו, הוד והדר היו נסוכים בכל פנה. ארמון הנסיך, של־תוכו נכנסו לראשונה המתיישבים, היה מרהיב עין. חלונות גדולים, דלתות מעץ יקר עשויות מעשה חיטוב וגילוף, בוסתן רחב ידיים עם מבחר עצי פרי שונים מסביב לארמון. רפתות מסודרות בכל הנוחיות לפרות, אפילו בריכת מים לרחיצתן. בבאר המים שרצו דגים רבים ממינים משובחים ביותר, בכל דלי שדלו היו שולים דגים חיים.

המתישבים באו ממקומות שונים, ולא היה לכתחילה כל קשר ביניהם. כאשר כולם נכנסו לגור לבית אחד, וכל משפחה היתה רבת ילדים, היה זה גורם מפריע ליצירת חיי חברה מתוק־נים. מה שונה היתה ההתישבות ההיא מההת־ישבות בארץ אבותנו. כאן, בארצנו, היא תוצאה של רעיון נשגב, של שיבת ציון, מתוך שאיפה עמוקה של אלפי שנים להשתחרר מכבלי הגלות, להשליך לנצח את מקל הנדודים, להחיות את המולדת העתיקה, לחונן עפרה, להתערות בה ולחיות חיים תקינים כעם בין עמי־תבל. שנית — הרעיון הנשגב הזה איחד את העולים ועשה אותם למשפחה אחת, „בלב אחד ובדעה אחת", טרם שהכירו אחד את השני. שלישית — המת־נחלים בארץ היה להם עידוד לאין שעור מעצם הידיעה שהם אינם גלמודים. מאחוריהם עומד העם המוכן לעזרם שלא ייכשלו, ועינו צופיה להצלחתם ומלווה אותם בברכת „תחזקנה ידי־כם". ואילו שם, בהתישבות ההיא, בימים ההם, ברחבי רוסיה — לא היה גם שמץ אידיאל להתאכרות. הם ברחו מפני פחד החוטפים, הם עלו על הקרקע בלי שום הכשרה והדרכה. בלי כל עזרה וסעד לתוך תוכה של סביבת גויים, ספוגי שנאה ומלאי קנאה, על הנתח הטוב, האחו־זה היפה, שנמסרה ליהודונים הללו. ונוסף על כך היה יחס שלילי גמור מצד הציבור היהודי אשר בעיירות הסביבה אל האכרים הללו. ראו אותם כראות בנים סוררים, אשר עזבו אורח־חיים של יהודי־הגולה ומחקים מעשי הגויים בעבודת אדמה, וע"י כך יתרחקו מן התורה ומן המצוות וייטמעו סוף סוף בהם. התיחסו אליהם כאל נחותי דרגא ופחותי ערך, — „פויערים" היו בעיניהם.

אחרי יובל שנים מיום היווסדה של המושבה חזיתי מבשרי את היחס הזה. זכורני, כשהייתי טליא, כבן תשע בערך, למדתי בעיירה הסמוכה

זלבה וילדי ה„חדר" התרחקו ממני. כינוני בשם „בן־הפויערים" מקולוניה, אעפ"י שהצטיינתי בלימודים.

מובן מאליו שבתנאים כאלה התאכזב חלק הגון מהמתיישבים מהצעד הפזיז שעשו, בחסלם את עסקיהם במקומות מגוריהם ובעברם הנה. הם עשו שם עד שאכלו את שארית הונם, וחזרו כלעומת שבאו והשאירו אחריהם מרירות ויאוש. מכל חילופי המתנחלים נשאר במקום קומץ קטן של אנשים, אשר החלטתם היתה נחושה להישאר ולהיאחז בכל התנאים, והיו מוכנים לכל נטל וסבל העומדים לפניהם. ככה נשארו רק 8 משפחות, אשר גמרו אומר ליסד את הכפר היהודי, ואלה המשפחות: מילר מנובידבור, בקר מקניישין, קרסנובסקי מסוכובוליה, משפחת ספקטור, שטיין מבריסק, דוגולנסקי, סירוטה מיאשינובקה וכהן.

הם עזבו את הארמון. במשך הזמן, משהיו האנשים מתחלפים, קיבל הארמון צורה של בית להכנסת אורחים, מוזנח עד שלא היה ראוי לדירה. כן בחרו להם מקום בשטח הנמצא בטבור אדמותיהם. קרוב היה המקום לדרך המובילה לעיירות הסמוכות. נראה שאלה הנשארים היו מהאמידים שבהם, כי כספם שהביאו הספיק לפרנס אותם כל הזמן ועוד היה עליהם לבנות בתים, רפתות, אורוות ולרכוש משק חי וכליעבודה, ולו גם פרימיטיביים ביותר. ואמנם, זכורני שהסבתא ז"ל סיפרה בזו הלשון: „מיר האבן געבראכט א גאנצן זעקל מיט געלט" (הבאנו שק מלא כסף). לאיזה סכום כסף התכוונה אין לי מושג.

בטרם ניגשו האכרים לבנות את בתי הכפר במקום שבחרו, לא התעניינה בהם האדמיניסטרציה הרוסית. היא ידעה את עזיבת המקום ע"י רבים, וחשבה שגם השאר לא יוכלו להחזיק מעמד וסוף סוף יעזבו כולם. אך כאשר נבנו הבתים ויתר המבנים של המשק, והיתה כבר למקום צורת כפר — נזכרו בו השלטונות וראשית כל קבעו שם לכפר, ודווקא שם אחד הקדושים של הכנסיה: קולוניה זו נועדה להיקרא „קונסטנטינובקה", ע"ש קונסטנטין הקדוש. משנודע הדבר לאכרים, שלחו משלחת לפקידות המחוז והביעו את התנגדותם, בנימוק שהכפר יהודי והם מציעים לקרוא לכפר בשם „סינייסקה" על שם הר־סיני, שעליו קיבלו היהודים את התורה, שהיא אור לכל הגוים. אחרי הסברות ובקשות הסכימו השלטונות להצעתם ומאז נקראה המושבה הזו „קולוניה־סינייסקה". כדאי להדגיש את הרגש הלאומי־דתי של „הפויערים", בימים ההם. נדמה היה למתישבים, כי התקופה של מריבות ומרירות נסתיימה, לגישושים בתוהו ללא דרך בא הסוף, והנה נכנסים הם למסלול החיים הרגיל של עובדי אדמה. בלבבות מלאיתקוה ניגשו להכין את הקרקע לקראת הזריעה. האדמה היתה דשנה, ממיטב הקרקעות שבסביבה, וזה כמה שנים היתה שובתת וכוחה עמה. בנימה של נחת רוח השקיעו כוחות מרובים בעבודה, מתוך סיכויים ליבולים מצויינים אשר ישפרו מצבם וישכיחו את התלאות והרעות שהיו להם עד היום.

הם זרעו ברנה וגשמי ברכה הרוו את אמאדמה. השדות עטפו ירק תאווה לעיניים, וחשבו כי יקויימו בהם דברי נעים זמירות ישראל: „עטרת שנת טובתך". אך אהה! הגויים מהכפרים הסמוכים העלו בכוונה תחילה את עדרי צאנם ובקרם על השדות הירוקים של היהודים ואלה ליחכו את הכל „כלחוך השור" ממש. היהודים המעטים הללו, שנהפכה להם שמחתם לאבל, בכו ממש בראותם את שעשו להם שכניהם הרעים. הגישו קובלנות לרשות, אך תוצאות ממשיות לא היו. ככה עברו עליהם שנים אחדות של סבל ואכזבה, התפרנסו בצמצום רק מהיבול של השדות אשר בקרבת בתיהם ושל השדות המרוחקים. אפילו כשזרעו לא היה מה לקצור. כפרי הסביבה, שכל הזמן לטשו עינהם לאדמת היהודים, בטוחים היו, כי אחרי הצרות ומפחהנפש שהם גורמים להם במתכוון — בוודאי יפקע כוח הסבל של היהודים והם יעזבו את המקום, כך שהגויים יירשו את שדותיהם הטובים. אולם מה נכונים הם דברי נעים זמירות ישראל: „כחצים ביד גבור כן בני הנעורים, אשרי הגבר אשר מלא את אשפתו מהם". בני האכרים, אשר גדלו כילדי השדה במרחבי הטבע, היו חסונים ואמיצים ודרוכים להשיב מלחמה שערה עוד בצעירותם, כשרק הגיעו לגיל שש עשרה. התעללותם של השכנים הרעים הציתה אש נקמה בלבותיהם וחיכו ליום שיגדלו וישרגישו כי יש כוח בידם לעשות נקמה בגויים.

והנה הגיעה השעה. הם נדברו ביניהם והחליטו: עד כאן, מחר יהיה האות הזה! ממחר לא יהיה מידרך כף רגל של מקנה הערלים על אדמתם! הכינו להם שוטים שזורים בחוטי ברזל ובקצה השוט היתה קלועה אבן עגולה. בקוצר רוח ציפו להנץ השחר, ובבוקר השכם, בו אי אפשר היה עדיין להכיר בין תכלת ללבן, יצאו ברוח גבורה רכובים על סוסיהם אל שדות התבואה הגובלים עם שדות הגויים. כרגיל, מצאו את עדר הבקר בתוך התבואה. הרועים נמו שנתם מתוך שלוה, בלי חשש כל שהוא. רק נביחת הכלבים — כך חשבו — העירה אותם משנתם. כשראו את הצעירים על סוסיהם, נדהמו מאד והזעיקו לעזרה את הכפריים שעבדו בשדותיהם אשר מסביב. הם מיהרו מכל העברים והקרב החל. הגויים שהופתעו מהעזותם של „נערי ישראל" ומאומץ לבם, נדהמו, היו מוכי תמהון ולא קמה בהם רוח להמשיך את הקרב. ולאחר שספגו מכות נמרצות מהצעירים, שהכום שוק על ירך — הם ברחו. הבחורים תפסו את עדרם והביאוהו למושבה לכלאו, עד שישלמו את הנזק. האכרים היהודים עדיין לא הסתפקו בזה. הם שחטו שני תרנגולים ושפכו מדמם על השריטות והפצעים הקלים שגם הם קיבלו, כדי להגביר את הרושם. רתמו חיש מהר מהטובים שבסוסים ודהרו לעיירה דרצ׳ין, מקום מושב משרד השלטון, והגישו קובלנא על החבלות ועל הנזק. הרושם היה חזק למראה הפצעים והדם הרב שהיה גם על הבגדים. ואם על הקובלנות שהגישו מדי פעם בפעם בעבר לא נענו, כי לא יכלו להביא עדים, הרי הפעם שימשו הפצעים וכתמי הדם המרובים שעל הבגדים כמאה עדים, ולא יכלה עוד הרשות להתחמק מלמלא תפקידה. ומטעם השלטון ניתנה פקודה להביא מיד חמשה אנשים מנכבדי הכפר כדי להלקותם. ועוד באותו היום הלקו אותם לעיני כל (באותם הימים היתה ההלקאה אחד מהעונשים המקובלים). והזהר הזהירום בזה, שאם יעלו את עדריהם פעם נוספת על אדמת היהודים, אחת דתם — ללקות כפלים, וכן הטילו עליהם עונש־כסף על הנזק שגרמו. המכות שספגו, המלקות שהולקו והכסף ששילמו — שלושת אלה בצירוף ההתראות הן מצד השלטון והן מצד היהודים, השפיעו. היחס השתנה מהקצה אל הקצה.

השכנים באו בדברים זה עם זה וקבעו ביניהם יחסים הגונים כשווים עם שווים. היו בין הגויים שהביטו אל היהודים מלמטה למעלה: זכורני, בהיותי ילד קטן, משנכנס לביתנו גוי מכפרי הסביבה, היה מסיר את הכובע ולא העז להתקרב עד שאבא ז״ל אמר לו לגשת אליו.

מהיום ההוא בא מפנה בהלך־רוחם של תושבי המושבה, מתוך הכרה שכל מה שקרה להם עד הנה גז ונעלם ומעכשיו והלאה לא ייגעו לריק ויראו שכר בעמלם. ואמנם, עושר לא השיגו, אך לחם לאכול ובגד לבוש היו להם והיו שמחים בחלקם. שוחט היה להם כל השנים, ושימש גם כמלמד תינוקות. שני מלמדים נוספים היו מזמינים מן העיירות הסמוכות לזמן הלימודים. היו משלמים להם סכום כסף ידוע לחצי שנת לימודים, מלבד האוכל שהיו אוכלים לפי התור אצל הורי התלמידים. רב לא היה להם בקביעות, כי 30 המשפחות לא השיגה ידן לכלכל רב בעל משפחה.

כעשרים שנה לפני המלחמה הראשונה הגיע לשם רב צעיר אחד, שישב בקביעות עד פרוץ המלחמה, הרב ההוא, שאחר כך נתפרסם כאחד מצדיקי הדור, רחוק היה מהוויות העולם, מהמונו ומשאונו. משמצא פינה שקטה לתורה ולתפילה בין אנשים ישרים, עובדי אדמה החיים מיגיע כפיהם, קיים בעצמו את הכתוב „וירא מנוחה כי נעמה ויט שכמו לסבול". הוא הכניס אהבת תורה ויראת שמים במקום, הביא מלמדים יותר מתאימים ועורר את ההורים לשלוח את בניהם למקומות תורה. ועל הורי הנוער הלומד, שראהו כמוכשר לעלות בסולם התורה להחכמה, השפיע לעשות מאמץ ולשלוח את בניהם לישיבות הגדולות כמו: וולוז׳ין, ראדין, סלובודקה וטלז. זכורני, כי בהשוואה לעיירות הסמוכות על מאות בתי־אב שלהם, שמהם למד רק אחד באחת מישיבות הנ״ל, — למדו מהמושבה שלנו בת 30 המשפחה — חמשה. אין לשער אהבתו של הרב לבן־תורה. כשהייתי חוזר מהישיבה הביתה לחגים, היה מחבק אותי בשמחה רבה. ע״י מאמציו המרובים נבנה בית־כנסת, בית־חומה מלבנים וגג רעפים בטבור המושבה,

שמתוך בתי־העץ של האכרים המכוסים בקש התנוסס כארמון נהדר.

הרב הזה היה הרב הג׳ והצדיק ר׳ דוד יצחק מגן זצ״ל, שעלה ארצה בשנת תרפ״ז וישב בירושלים. היה ידוע שם בשם הרב מדרצ׳ין, ונפטר בתחילת המלחמה העולמית השניה וזכה עוד להיקבר בהר הזיתים. השאיר בארץ ישראל שתי בנות נשואות: אחת לגאון ר׳ אהרן ויינ־שטין, ראש ישיבה ומחבר ספרי הלכה, והשניה נשואה לרב הגדול, ר׳ הלל ויטקין, עסקן ומנהל ראשי של ישיבת נובארידוק „בית־יוסף״. בנו הוא הרב ו. מ. מגן, מנהל באחד מבתי־ספר הממלכתיים־דתיים בארץ.

ככה חלפו כמה עשרות שנים ואכרי קולוניה־סינייסקה ניהלו את חייהם כעל מי־מנוחות, גידלו את בניהם לתורה ולעבודה. המוכשרים לתורה — המשיכו ללמוד, המסוגלים לעבודה — עבדו בעבודת אדמה או במלאכה. הולכי בטל, יושבי קרנות, כדרך הנוער של המעמד הבינוני בעיירות — לא היו בנמצא. הם אמנם עבדו קשה, אולם הדרישות שלהם מן החיים לא היו מרובות והסתפקו במה שניתן להם, ולרוב היו שמחים בחלקם. אכן אחרי הפוגרומים ברוסיה, בשנות חמש ושש למאה הנוכחית, חל שינוי ניכר במושבה: הנוער, בחלקו הגדול, היגר אל מעבר־לים, וביחוד לארצות־הברית. המושבה התרוקנה כמעט מהנוער שלה, ונשארו רק קשישים ואנ־שים בגיל העמידה. הסיבה העיקרית להגירה היתה זו: האדמה של האכרים נחלקה כבר לשלישים ולרבעים של המתנחלים הראשונים וכבר לא ניתנה לחלוקה נוספת, שתספק לעובדיה קיום זעום כל שהוא. לרכוש קרקע נוסף נאסר על יהודי בימים ההם. הנוער לא ראה כל עתיד בעבודת אדמה. גורם נוסף לזה היה זרם ההגירה, ששטף ועבר את תחום המושב היהודי כזרם מים אדיר וסחף רבים, וביניהם גם הנוער מהמושבה. היה זה מיפנה רע למו־שבה, שתוצאותיו היו מורגשות וניכרות מאד: השכנים הגויים מכפרי הסביבה, בראותם שכמעט כל הנוער עזב את המקום, חזרו לסורם ושוב היו מעלים את עדריהם על שדות היהודים, כמו בשנים הראשונות, והתגרו בם בכל הז־דמנות. ושוב קיננה בלבם המחשבה, כי סוף סוף יעזבו היהודים את המקום והם יירשו את אדמתם. בהשפעת כל אלה רפתה רוח האכרים, פגה חדוות היצירה, והאכר, גם בלכתו בתלם אחרי המחרשה, היתה מנקרת במוחו השאלה: „למי אני עמל?״.

ככה המשיכו מתוך חוסר סיכוי לעתיד, עד פרוץ מלחמת העולם הראשונה. הצבא הרוסי, בהיסוגו, הצית את המושבה בכל ארבע פינותיה וכולה עלתה באש על בית הכנסת שלה. היהודים, שגלו לשבועות מספר לעיירה הסמוכה, חזרו ונכנסו לגור באחד הכפרים הקרובים, כל תושבי הכפרים מסביב, שהיו רוסים, ברחו לרחבי רוסיה מפני פחד הגרמנים, והכפרים נתרוקנו לגמרי מתושביהם.

היהודים ניצלו בינתיים את ההזדמנות לעבד אדמותיהם הנטושות של הגויים נוסף לשטחיהם הם. ומאחר שמחיר התבואה בזמן המלחמה היה עולה ומאמיר, נמצאו נשכרים ועלתה בידם לחסוך במידה ידועה סכום כסף, שאיפשר להם בגמר המלהמה לשקם משקיהם בקולוניה־סינייסקה. ואמנם, נדמה היה כי המצב ילך וישתפר, גדל נוער חדש מוכשר לעבודה, תוצרת האכר בשנים הראשונות אחרי המלחמה היתה משתלמת יפה ולא סבלו מהגויים השכנים שחזרו למקומותיהם, כי בגמר המלחמה עבר הגליל ההוא למדינת פולניה ותושבי הכפרים היו רוסים שפחדו להרים ראש. כל כך שנואה היתה עליהם ההתדיינות אצל שופט פולני, עד שהקללה הנמרצת ביותר, אשר קיללו בשעת מריבה איש את רעהו, היתה: „הלואי ותישפט אצל שופט פולני!״

למושבה באו שנות שקט. הם בנו בתים יפים יותר מאלה שלפני המלחמה, הגגות מכוסים רעפים, גם בית־הכנסת שופץ ותוקן והועמד על תילו. אך לא עברו שנים מרובות ומחיר התבואות ירד פלאים. גם תוצרת החלב לא הכניסה הרבה, ומצב האכרים הלך ורע. וכאשר הגיע לפולניה בשנת תרצ״ד ה׳ סיטקוב, שליחם של „התאחדות־האכרים״ בארץ ישראל, בהסכמתו של השלטון המנדטורי, להביא חקלאים מנוסים בעלי משפחות לא״י, מיהרו אליו ונרשמו כמועמדים לעליה, וכעבור זמן מה עלו ארצה כעשרים משפחה, שהיו כמאה נפש. רובם ככולם התישבו בראשון לציון ומשפחות בודדות בפתח־תקוה ונתניה. כולם הגיעו במשך הזמן אל

המנוחה ואל הנחלה. הנשארים בסינייסקה, כחמש עשרה משפחות, היו כמיותמים ונשארו גלמודים. מתוך רפיון רוח ודכאון המשיכו לשבת שם עד פרוץ המלחמה השניה. השואה האיומה שטפה ועברה גם עליהם. הנאצים הטמאים החריבו את המושבה והעבירו את היהודים לעיירה הסמוכה דרצ׳ין, והשליכום עם שאר יהודי העיירה לתוך גיטו. וביום המר והנמהר, הוא יום עשירי לחודש מנחם אב שנת תש״ב, הושמדו כולם יחד עם יהודי דרצ׳ין.

ככה הקיץ הקץ על מושבת־סיני, מושבה חקלאית יהודית שהתקיימה למעלה ממאה שנה. הכל נחרב. את האדמות מעבדים הגויים של הסביבה. לא נשאר כל זכר מהישוב, כאילו לא דרכה שם מעולם רגל יהודי. מהמשפחות שיסדו את המושבה חיות בארץ יותר מעשרים משפחה וכמה עשרות משפחות נפוצות בארצות מעבר לים, ביחוד בארצות־הברית. כולם מסודרים ואחדים מהם הגיעו גם לעושר. הבנים — מהם בעלי השכלה גבוהה ומהם בעלי כשרונות בהנדסה, שהוכרו בתור ממציאים.

כדי להשאיר שם וזכר לכפר מולדתי שיניתי את שם משפחתי מולר לסיני והצבתי ציון לאבותי שהלכו אחרי המחרשה ורסיסי זיעתם הרטיבו את מגרפות האדמה השחורה ותפילתם הורידה מטר השמים על נירם. יקראו הבנים פרשה זו ועליה לבניהם יספרו ובניהם לדור אחר.

## שמעתי מפי אמי ז״ל / יפה פרוזבול

ילידת דרצ׳ין אני, בתם של חיה־אסתר ויעקב־רפאל סלוצקי. עד היום עולים בזכרוני סיפוריה של אמי ז״ל על עיירתנו ועל הווי החיים בה.

רבנים גדולים עמדו בראש קהילת יהודי דרצ׳ין וגם מבין בעלי־הבתים היו רבים שלמדו ושנו, מהם שהיו יושבים ולומדים ימים שלמים, בין תפילה לתפילה, בבתי־המדרש של ה„שולהויף״. על אלה נמנה גם סבי, אברהם ב״ר דוד, שהיה קם באישון לילה, בשלוש וחצי, והולך לבית־הכנסת להתפלל, ללמוד וללמד דף גמרא ולקרוא לפני הנאספים פרק במשניות. וכך היו למדני העיר יושבים על התורה עד שעת הצהריים, השעה בה הלכו לבתיהם לסעוד לבם ולנוח, כדי לשוב אחרי המנוחה אל התפילה ואל הגמרא.

ועוד סיפרה לי אמי־יולדתי עה״ש על הסכם שנעשה בתקיעת־כף בין סבא וסבתא שלי: סבא היה, כאמור, כל ימיו לומד ומלמד, בעוד סבתא מנהלת את משק הבית, עוסקת בעשיית יין ותמד (משקה עשוי מדבש), משגיחה על עיבוד חלקת אדמה שברשות המשפחה, מגדלת ומפרנסת את המשפחה כולה, על ששת בניה ובתה היחידה. כאשר התחתן הבן הבכור היתה רבה השמחה ולכבוד המאורע החגיגי הסכימו ביניהם סבא וסבתא בתקיעת־כף, כי מחציתם של חיי העולם הבא אשר יפלו לאחר מאה ועשרים שנה בחלקו של סבא, העוסק רק בתפילה ובמצוות, מגיעה לסבתא המכלכלת את עסקי הבית. והם חתמו על הסכם זה כדין...

מפי אמי שמעתי גם סיפורים ואגדות על בית הדוכס שלו היתה שייכת דרצ׳ין. הדוכס של ראשית המאה הקודמת היה איש ליבראלי וטוב־לב, סיפרה אמא, ששמעה על כך מסבתא וזו מאמה שלה וכך סופר מדור לדור. כשיצא פעם מפתח ארמונו וראה מרחוק את ביתה העלוב של אמה של חסיה־פייגל, אשר „עמד על כרעי־תרנגולת״, ציווה להורידו ולבנות במקומו בית בן שתי קומות.

בן היה לדוכס ובימי מרידת פולין נגד רוסיה הובטח לו שימליכוהו על מולדתו המשוחררת, אם יתן ידו למרד. הבן בא אל אביו וניסה לשכנעו שיצטרף אף הוא למתמרדים נגד הצאר, אך האב לא אבה לשמוע בקולו. והאגדה מספרת, שהבן הרעיל את אביו. לאחר שדוכא המרד הפולני ברח הבן לחוץ־לארץ והרוסים החרימו את רכוש בית הדוכס, הפכו את ארמונותיו לקסרקטין.

סיפרה לי אמא ז״ל, כי בהיותי ילדה קטנה לקחני אבא בזרועותיו והביא אותי לכיכר השוק, לראות את הפלא הגדול שהופיע לראשונה בעיירתנו — מכונית שנסעה בלי סוסים. על האיש שישב במכונית ונהג בה נאמר, שהוא נכדו של הדוכס בעל הארמונות, הגן המפואר והלב הטוב.

# בימי תמורות / יעקב קוברינסקי

כאחד מבני דרצ׳ין שעזבו את עיירת מולדתם בשחר נעוריהם, לא הייתי שותף לפעילות התוססת של הדור המופלא אשר חי בה בתקופה שבין שתי מלחמות העולם, הדור שנאבק, ככל יהדות פולין דאז, על קיומו ועל ערכיו הלאו־מיים ופילס דרך לתקומת ישראל ולהצלת המונים. להוותנו, ניצלו רק בודדים מתי מספר, ואילו ההמונים נשארו שם, בקברי־האחים.

★

כשמעלה אני בזכרוני את דרצ׳ין מכורתי, הריני מפליג לזמנים רחוקים, לראשית המאה העשרים. שוכנת לה העיירה בצל הבניינים העצומים מתור הזהב של פולין — המצודה הגבוהה ושרידי הארמונות של הדוכס, שם משוכנים חיילים וקציני הצבא הצארי ויתר בעלי־השררה. אחינו בני־ישראל רובם ככולם יושבים בבתים די־מרווחים, הבנויים בשורות משני צדי ככר־השוק רחבת־הידיים, ובבתים דלים שנבנו בלי כל סדר ותכנית במורד עד הנחל.

בימי שוק ובימי פגרא לפרבוסלבים מתמלאת הככר הגדולה עגלות של איכרי הכפרים הקרו־בים עד אפס מקום. ליד העגלות ובחנויות מתנהל מסחר מגוון, ואנו הילדים קולטים את צלילי השפה הזרה, שהורינו מסתגלים אליה קצת בקושי. בשלהי היום מתרוקנת הככר, האיכרים נסעו לכפריהם, ה„עירוניים" הקתולים הלכו לבתיהם שבפרברים ומרכז העיירה הופך לשכונה יהודית בלעדית. ואז מתחילים לנהור יהודים למנחה ומעריב אל המרכז הרוחני, אל ה„שולהויף", בו מרוכזים שלושה בתי־המדרש ובית־הכנסת הגדול והיפה, המתנוסס בגגו הטרי־פוסי ליד בית־העלמין הישן. איזה חן ויופי נסוך על משכני־קודש אלה, ביחוד בימי החגים הגדולים, הימים הנוראים ושמחת־תורה!

והימים הם מבשרי תמורות בחיי היהודים: רעיונות חדשים, תנועות חילוניות, שנאת ישראל מוגברת, הגירה למדינות־הים, וצעדי המהפכה המתקרבת, לאט־לאט הסתלקו הדמויות של העבר היציב באורח חייו ובסמליו. אחד מהם זכור לי יותר מכולם, הרי הוא סבי ורבי ר׳ זאב וולף לעוו הדיין. הוא קיים בכל ההקפדה את מצוות התורה והפוסקים בלי התחכמות, קרא רק ספרי חז״ל ורבנים והיה מבטל כעפרא דארעא כל חכמה חילונית. ביום־כיפור לא היה יוצא מבית־המדרש מרגע בואו ל„כל נדרי" ועד קידוש הלבנה במוצאי החג. בלילה היה חוטף שינה קצרה על הספסל ויתר הזמן היה אומר פרקי תהלים וקטעים מספרי קבלה. סבתא היתה מפרנסת המשפחה מחנות־סידקית קטנה. וכש־היא נאלצה ללכת לזמן־מה וסבא נשאר שומר החנות, הוא היה מתקשה מאוד במו״מ עם קונה שלא מבני־ברית. כשנתאלמן בשנות השבעים לחייו מסר את ביתו ומטלטליו ליורשיו ובעצמו עלה לארץ הקודש. זכורני, באיזו גאוה ישבתי עם סבי והורי בעגלה שהסיעה אותנו לתחנת הרכבת בזלבה, ואחרינו שורה ארוכה של עגלות והולכי־רגל — ממש כל העיירה יצאה להיפרד מסבא. אגב, הוא התיישב בירושלים באחד ה„כוללים" ושם לא האריך ימים.

הורי ר׳ אריה ליב ורבקה, היו כבר „פגי־עים" לרוחות החדשות בעולם היהודי. אמי היתה מהנשים היחידות בדרצ׳ין שידעו לקרוא ולכתוב עברית באופן חפשי. היא הציצה אפילו לספרות המודרנית דאז, אבל מתחה ביקורת חריפה על הסופרים, על שכותבים הם דברים לא־מוסריים ומבזים את הדת. אליה פנו תושבי העיירה כשנזדקקו לכתיבת הכתובות על מעטפות המכתבים שנשלחו לאמריקה — בימים ההם היתה ידיעת האלפא־ביתא הלטינית נדירה בדרצ׳ין.

„מהפכנות" ממש הוכיח אבי־מורי בעת שהחליט לרשום אותי ל„חדר המתוקן" שנוסד ע״י המורה אברהם אייזיקוביץ (ממיחויסק), שהשתדל ללמד קרוא וכתוב בשיטת „עברית בעברית" ועל־פי ספר־הלימוד „עדן הילדים". אבי וחברו אליהו אברמוביץ המוזג היוו את גרעין „המשכילים" שחתמו על עתון עברי („הצפירה", אח״כ „הזמן") וקראו יצירותיהם של הסופרים והמשוררים שלנו.

אולם תמורות חריפות ויסודיות ביותר חלו בעיירתנו עם גל המהפכה הרוסית בשנות 1904־1905. כל העיירה היתה כמרקחה. בחורים ובחורות מכל השכבות, לרבות מה„באָדגעסל״, התאספו בבית־המדרש ושם דרשו את תורתם על אף מחאות הגבאים. בשבתות, ולעתים בימי־חול לפנות־ערב, יצאו חבורות גדולות של „האחים והאחיות״, כששירי־עם ושירים מהפכ־ניים בפיהם, אל מחוץ לעיירה, אחרי ה„מאגיל־קעס״ (בית־הקברות הנוצרי). פועלי הבורסקי דרשו תוספת שכר, ופעם אף שבתו. בחורים חסונים היו מתרימים באיומים את העשירים ל„סמואובורונה״ (הגנה עצמית), הפיצו עלוני תעמולה והביאו תועמלנים מוחרים מהערים הגדולות, נשאו דגלים אדומים, ואגב זה היו התנגשויות עם שוטרים. חלק מ„בעלי־הבתים״ ורוב „עמך״ התייחסו אפילו באהדה לנוער זה, ובכל זאת לא יכלו לסלוח להם „על שהם אומרים כי אין אלוקים״.


די ברידער לעוויט: זיצט — הירש׳ל, שטייט — בערל

לא עברו ימים מועטים והמהפכה דוכאה, סימניה החיצוניים נעלמו. אבל אורח־החיים בדרצ׳ין, ביחוד של הדור הצעיר, נשתנה. עתון יומי באידיש היה לדבר כמעט הכרחי בכל בית. ההגירה לחוץ־לארץ גברה. בחורים רבים התחי־לו לנסוע לאו דוקא לישיבות, אלא לבתי־ספר כלליים או ללמוד מלאכה. ומנהג חדש בא: נשואין לא ע״י שדכן, אלא „מתוך אהבה״. בחשאי הוסיפה לפעול ה„הגנה העצמית״.

הדור הצעיר בדרצ׳ין נעשה דרוך לקראת המבחנים הגורליים, אליהם נקלע עם פרוץ המלחמה העולמית הראשונה.

בימים ההם, כשהייתי על סף ההתבגרות ועברתי את כל לבטי־הנעורים של חקירה בגבוה ממני, אמונה וכפירה, סודות הטבע ונפש האדם, דרכי החברה, העולם היהודי והלא־יהודי וכו׳ — אהבתי לנהל ויכוחים ארוכים עם שני חברים בעלי שאר־רוח — ולשניהם דעות מנוגדות מן הקצה אל הקצה.

האחד היה מנחם מאנסקי, בעל דעות מהפכ־ניות, מתנגד לדת, רואה את עתיד החברה ואושרה בפינוח סודות הטבע, מאמין בישועת היהודים ע״י החברה שתוקם על יסוד שוויון וצדק. והשני היה דוד אלפר, בעל הרגשה יהודית חמה, „אתה־בחרתנית״, מאמין בנצח־ישראל ללא היסוס וספקות ושואף להגשמת המטרה הציונית. הוא היה ממעט בקריאת ספרים שתכנם מלחמת־המעמדות או מסתרי־הטבע, ולעומת זאת בלע ממש ספרי־הגות של הוגי־דעות יהודים ובני עמים אחרים והתלהב ביותר מהשירה העברית החדשה, שהופיעה אז כבר במלוא הדרה.

מנחם מאנסקי הגיע עד מוסקבה, וכיד כשרונו הטוב תפס עמדה מכובדת בעתונות הסובייטית. בשנות השלושים ניתק כל מגע אתו, ולפי השמועות נפל קרבן ל„טיהורים״. ודוד אלפר הי״ד, נאמן לדרכו, היה לאחד מטובי המורים שלנו בפולין שבין שתי מלחמות־העולם, וכמנהל הגימנסיה העברית בפינסק חינך הרבה תלמי־דים לאהבת העם, לעליה ולהגשמה. חניכיו ברובם עלו ארצה, וגם הוא עצמו התעתד לעלות, אולם הצורר ימ״ש הקדימו, המחנך הדגול נפל על משמרתו.

# א ספר־תורה / פעני בוירמן־פעדער

געווען איז עס אומגעפער אין יאָר 1907 אָדער 1908, ווען הרב לייב לונער איז נפטר געוואָרן אין דערעטשין און ס׳איז קיין געלט ניט געווען אים צו שטעלן א מצבה.

מיין פאָטער ר׳ שמחה־איסר ע״ה איז ארויס איבערן שטעטל, געגאנגען פון הויז צו הויז איינמאָל און נאָכאַמאָל, ביז ער האט צונויפגעקליבן א געוויסע סומע געלט. מ׳האָט דעם פארשטאָרבענעם רב געשטעלט א שיינע מצבה, און ס׳איז נאָך געבליבן א ביסל געלט פון דעם וואס מיין פאָטער האָט געזאמלט.

מאַכט זיך פונקט, אז אין יענע טעג איז געקומען פון אָרלע אַן אָרימאַן צו קלייבן נדבות און ער ווערט קראנק אין דערעטשין, ליגט אַ קורצע צייט אויפן קראַנקן־בעט און שטאַרבט. אונזער פאָטער פאראינטערעסירט זיך מיטן געשטאָרבענעם אָרימאנס משפחה, שיקט נאָך זיין אלמנה און פארנעמט זיך מיטן איינאָרדענען זיין לוויה. אַ פּאָר וואָכן האלטן מיר בא זיך די אָרעמע אלמנה און ביים אָפּפאָרן צוריק אין איר שטעטל אריין באקומט זי נאָך א פּאָר רובל מיט זיך. קיין מיטלען אויף שטעלן איר מאַן א מצבה האט די פרוי, פארשטענדלעך, ניט געהאַט, איז דער פאָטער ווידעראמאָל ארויס איבערן שטעטל און געזאמלט בא די בעלי־בתים געלט אויף דעם צוועק.

אזוי זאמלענדיק דאָס געלט, האָט דער פאָטער אויסגערעכנט, אַז נאָכן שטעלן די מצבה אויפן קבר פון פרעמדן אָרימאַן וועט נאָך בלייבן אַ געוויסע סומע געלט. איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אז מיטן איבערגעבליבענעם געלט, צוזאמען מיט אַ געוויסער סומע וואָס ער וועט צוגעבן פון זיין אייגענער קעשענע, וועט ער לאָזן שרייבן א ספר־תורה.

איז ער אוועק צו יודל דעם סופר זיך מיט אים אַן עצה האַלטן. יודל איז פונם געדאנק באגייסטערט געוואָרן, און זיי האָבן ביידע זיך גענומען צו דער מלאכה.

יודל דער סופר האָט באשטעלט פון ווארשע די בעסטע פארמעט און ס׳האט גענומען א שטיקל צייט ביז די ספר־תורה איז פאַרטיק געוואָרן.

און ווען די ספר־תורה איז פארטיק געוואָרן, האט מיין מאַמע הינדע ע״ה דריי טעג און דריי נעכט געבאַקן און געקאָכט צום סיום־הספר. מ׳האָט ארויסגעשיקט בריוו אין די ארומיקע שטעטלעך און ס׳זיינען זיך צונויפגעקומען א סך רבנים צום גרויסן יום־טוב.

אונזער פאָטער האָט זיך געפילט אַלס הויפּט־מחותן אין דער גאַנצער שמחה.

נאָך דער סעודה און נאָך אַלע פייערלעכקייטן איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע, וואוהין מ׳זאָל די ספר־תורה ארייננשטעלן. איז באַשלאָסן געוואָרן וואַרפן גורל, און דער גורל איז אויסגעפאלן אויפן „אלטן מויער״, דאָרטן וואו עס האָט אויך געדאוונט דער רב.

ווערט ווידער יום־טוב אין שטעטל. א קלייניקייט, מ׳גייט ארייננשטעלן א נייע ספר־תורה אין א שול. דאָס גאנצע שטעטל קומט זיך צונויף, מ׳נעמט עפּעס אין מויל אריין און דער נייער ספר ווערט געטראָגן אונטער א חופה פון אונזער הויז אויף דער נייער גאס צום שולהויף, אויסמארקירנדיק ניט צו פארבייגיין ביים קלויסטער. יונגווארג האָבן געבראכט א פעסל גאזע פון שלום פּינויער, איינגעטונקט אין איר שמאַטעס און געטראָגן פאַקעלן. אין אַלע הייזער פארביי וועלכע מ׳איז דורכגעגאַנגען מיט פאַראַד זיינען ארויסגעשטעלט געוואָרן לאָמפּן אין די פענסטער. דער עולם באגלייט די ספר־תורה מיט געזאנג, אלע פנימער שיינען פון פרייד.

ווען די פּראָצעסיע האָט זיך דערנענטערט צום שולהויף, האָבן אידן ארויסגעטראָגן פון אַלע בתי־מדרשים די ספרי־תורה און אַוועק מקבל פנים זיין דעם נייעם ספר. ביז שפּעט ביינאכט האט זיך געצויגן די פאלקס־פייערונג, און ווען מ׳האָט דעם נייעם ספר ארייננגעשטעלט אין ארון־קודש פון אלטן בית־מדרש און עולם

האט זיך געקליבן גיין אהיים, האט שוין אָנגעהויבן טאָגן.

דער פאָטער אונזערער האט זיך געפילט אלס גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט און די מוטער האט געשיינט פאר פרייד און איז שטאָלץ געווען מיט איר מאַנס אויפטו.

א קורצע צייט שפּעטער איז אונזער פאָטער אוועק קיין אמעריקע. אָנגעקומען איז ער אהין אין אַ שווערן קריזיס, ווען א סך מענטשן זיינען ארומגעגאנגען ארבעטלאָז. ער ארבעט שווער און ביטער, און פון זיינע קנאַפּע פארדינסטן שיקט ער געלט קיין דרעטשין אויף צו בויען א נייע מקוה. אין יענער צייט נעמט ער מיר איבער צו זיך קיין אמעריקע.

עס ציט אים אָבער צוריק אין זיין אלטער היים. נאָכן אָפּזיין א פּאָר יאָר אין אמעריקע פאָרט ער צוריק קיין דרעטשין, איך בלייב אין אמעריקע. מיר האָט ער געזאָגט, אז ער פאָרט צוריק אהיים, אין יענעם שטעטל וואו שבת איז שבת און יום־טוב איז יום־טוב, וואו אידן לעבן אלס אידן. ווען ער איז צוריק אָנגעקומען קיין דרעטשין, האָט מיר די מוטער געשריבן, אַז אלע אידן זיינען געקומען אים אָפּגעבן א ברוך־הבא. אין יענע צייטן איז ניט געווען פון די לייכטע זאכן דורכמאכן אזא לאנגע נסיעה פון אמעריקע ביז דרעטשין.

מיין פאָטער האָט טאקע געבראכט מיט זיך אהיים א ביסל דאָלארן, אָבער ער האָט ניט געפונען צו וואָס זיך צו נעמען. נאָך א שטיקל צייט אין דער אלטער היים באשליסט דער פאָטער צוריק צו פאָרן קיין אמעריקע. ער נעמט מיט זיך מיט מיינע צוויי אינגערע שוועסטער


גבריאל בהגאון הצדיק
הר"ר מנחם מענדיל
אסטרינסקיא זצ"ל
דומ"צ בק"ק דרעטשין
פּאָחט סלאנים, פלך הוראדנא.

דומ״צ פון דרעטשין ר׳ גבריאל שרייבט צו ר׳ שמחה־איסר קיין אמעריקע, אז ער זאָל שריפטלעך, מיט עדות, פארזיכערן זיין ווייב די העלפט פון דער מצוה פון שרייבן די ספר־תורה

און א ברודער און לאָזט איבער אין דערעטשין די מוטער מיט די צוויי יונגע ברידער. מיט דער מאַמען רעדט ער אָפּ פאַרן פאָרן, אז אזוי שנעל ווי ער וועט קריגן אין אמעריקע א דירה פאר דער גאנצער משפחה און זיך א ביסל איינאָרדענען, וועט ער שיקן שיפס־קארטן פאר איר מיט די צוויי ברידערלעך.

אָבער ווען דער טאַטע קומט מיט דריי קינ־דערלעך קיין אמעריקע, ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. דאָס איז געווען אין 1914. עס ווערט איבערגעריסן יעטוועדע פארבינדונג צווי־שן אמעריקע און דער אלטער היים. א פּאָר יאָר שפּעטער ווערט אויך אמריקע ארייגעצויגן אין דער וועלט־מלחמה.

אין משך פון די מלחמה־יאָרן קען זיך דער טאַטע ניט שענקען, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אויף גאָטס באראָט די קראנקע מאמע מיט צוויי קליינע קינדערלעך. אין צווישנצייט ברעכט אויס די רעוואָלוציע אין רוסלאנד, די מאַכט אין אונזערע היימישע געגנטן בייט זיך פון צייט צו צייט און פון דערעטשין דערגייען צו אונז קיין שום ידיעות ניט.

סוף־סוף, ווען די מלחמה האט זיך געענדיקט, האָבן מיר אין 1918 באקומען א בריוו פון דע־רעטשין מיט די טרויעריקע ידיעות, אז די מוטער איז געשטאָרבן און אויך איינער פון די צוויי ברידערלעך. מאיר ע״ה, איז אין עלטער פון 13 יאָר געשטאָרבן בעת א טיפוס־עפּידעמיע. געבליבן אין דערעטשין איז איינער אליין אונזער אינגסטער ברודער קדיש.

גלייכצייטיק באקומט אונזער פאָטער א בריוו פון הרב פלאָטקין מיט א ביטע אויפצוזוכן אין אמעריקע דעם רבס קרובים, וועלכע שטאַמען פון מינסק. ס׳איז ניט געווען פון די לייכטע זאכן צו זוכן די קרובים פון רב. דער פאטער איז אייניקע מאָל געגאנגען אויף די אסיפות פון מינסקער סאָסייעטי און ס׳איז אים סוף־סוף געלונגען צו געפינען דעם רבס א קוזין, א שוחט. אין 1920, ווען הרב פלאָטקין קומט אויף א באזוך קיין אמעריקע, טרעפט ער זיך טאקע מיט זיינע קרובים.

ווען הרב פלאָטקין איז אָנגעקומען קיין אמע־ריקע, האָט ער קודם־כל געשיקט רופן דעם



הרב פלאָטקין

פאָטער צו זיך. איך בין אוועק מיטן טאטן צו דער באגעגעניש מיטן רב. ס׳איז געווען דריי טעג פאר פסח.

הרב פלאָטקין האָט זיך ארומגעכאַפּט מיטן פאָטער ווי צוויי ברידער. די שטוביקע שטעלן אונז כּיבוד און דער פאָטער הויבט אָן זיך נאָכפרעגן וועגן זיין אינגסטן קינד אין דערעטשין, וועגן דער משפחה בכלל און וועגן אלץ און אלעמען.

זאָגט דער רב: „ר׳ שמחה־איסר, בארואיקט אייך, זעצט זיך אנידער און איך וועל אייך אלץ דערציילן, סיי וועגן אייער זון און סיי וועגן דערעטשין. אדאנק דעם אויבערשטן, אז מ׳זעט זיך ווידער געזונטערהייט. אָבער קודם־כל, ר׳ שמחה־איסר, וויל איך אייך זאָגן, אז כ׳האָב אייך געבראכט א מתנה...״

דער טאטע וואונדערט זיך: „א מתנה פאר מיר? פון דערעטשין? רבי, איך דארף אייך געבן א מתנה פאר דערעטשין, און ניט איר מיר...״

„ר׳ שמחה איסר, איך האָב אייך געבראכט א מתנה — זאָגט ווידער מיט א רואיקער און

פעסטער שטימע דער רב, — איך האָב פאר אייך די ספר־תורה, וואָס איר האט געלאָזט שרייבן אין דערעטשין !״.

דאָ הויבט אָן דער טאטע מיט א טענה: — „סטייטש, רבי, איר האָט ארויסגענומען א ספר־תורה פון אַזאַ הייליקן מקום, פון אונזער אלטן בית־המדרש, און געבראכט אהער, אין טרייפע־נעם לאנד אריין ? !״

זאגט ווידער הרב פלאָטקין: „איך ווייס, ר׳ שמחה־איסר, אז איר זיינט א פרומער איד, און איך ווייס, וויפל צייט, ארבעט, כוח און געלט ס׳האָט אייך געקאָסט ביז די ספר־תורה איז פארטיק געוואָרן...״

אזוי האט זיך געצויגן עטלעכע שעה דער שמועס מיט הרב פלאָטקין, וועלכער האָט דער־ציילט דעם פאָטער וועגן זיינע פלענער אין אמעריקע און אויך געפרעגט ביים פאָטער פאר־שיידענע עצות. אזוי ווי די צייט איז שפעט געוואָרן, האט דער פאָטער אָפּגערעדט מיטן רב, אז אין עטלעכע טעג ארום, דעם צווייטן טאג חול־המועד פסח, א דינסטיקדיקן טאָג, וועט דער רב קומען צו אונז אויף אָוונט־ברויט.

הרב פלאָטקין האָט אונז געוואונטשן א כשרן און פריילעכן פסח און מיר זיינען מיטן פאָטער אַוועק אהיים. אויפן וועג האָבן מיר באשלאָסן איינלאַדן צום אָוונט־ברויט מיטן רב נאָך אייניקע באקאנטע אידן פון אונזערע שטאָטישע און נאָנטע.

צום גרעסטן באדויערן איז הרב פלאָטקין צו אונז געקומען ניט דינסטיק, נאר מאָנטיק, דעם ערשטן טאָג חול־המועד. און געקומען איז ער ניט צו א יום־טוב׳דיקן אָוונט־ברויט, נאר צו דער לוויה פון אונזער פאָטער. דער פאָטער איז פלוצלינג געשטאָרבן דעם צווייטן טאָג פסח.

איך געדענק ניט, ווער ס׳האט די ספר־תורה געבראכט צו אונז אהיים — דער פאָטער אדער הרב פלאָטקין. איך געדענק אָבער, אז אין די שבעה־טעג איז געלייענט געוואָרן פון ספר־תורה.

און ווען מיר זיינען אלע אוועק צו דער ארבעט, האָב איך, אויס מורא פאר אַ גניבה אָדער א שריפה, געבעטן אונזער לאנדסמאן זלמן פרידמאן ער זאל נעמען דערוויל די ספר־תורה צו זיך און איבערגעבן אונזערע דערעטשינער לאַנדס־לייט.

געווען אזעלכע צווישן אונזערע לאנדסלייט, וואָס האָבן פאַרגעשלאָגן פארקויפן דעם ספר (מ׳האָט דאן געקענט פאר אים באקומען ארום טויזנט דאָלאַר) און דאס געלט אוועקשיקן קיין דערעטשין פאר די נויטבאדערפיקע אידן דאָרטן. אָבער א מערהייט פון די דערעטשינער איז געווען קעגן דעם. מ׳האָט באַשלאָסן עפענען א שול פון דערעטשינער לאנדסמאַנשאַפט און די ספר־תורה, וועלכע אונזער פאָטער האָט געשריבן אין דערעטשין, איז אריינגענומען געוואָרן אין דער דערעטשינער שול.

די שול האָט זיך געפונען אין בראָנזוויל, אַ קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק, וואָס איז אין יענע יאָרן געווען באוואוינט דורך אידן.

מיט א קורצער צייט צוריק האָב איך זיך פאראינטערעסירט מיטן גורל פון דערעטשינער שול און פון דער ספר־תורה. איך האָב אלע יאָרן געוואוינט ווייט פון בראנזוויל. צום באַ־דויערן האָב איך אויסגעפונען, אז די שול עקזיסטירט שוין לאַנג ניט, דער קווארטאל האט זיך איינגאַנצן געביטן, ס׳רוב אידן זיינען פון דאָרטן אוועק אין אנדערע קווארטאלן פון ניו־יאָרק.

די ספר־תורה האָב איך ניט געפונען און כ׳ווייס ניט וואו זי געפינט זיך. איך האָף אָבער, אז ס׳וועט מיר נאָך געלינגען זי אויפצוזוכן.

# רביים, מלמדים און לערער / מלכה אַלפּער

ווען איך ווארף א בליק אויף דערעטשין פון א מרחק פון צענדליקער יארן, קען איך דרייסט זאגן, אז מיין שטעטל איז געשטאנען — אן א גוזמא — אויף א געהעריקן קולטורעלן ניוואָ, אפילו לויט דער היינטיקער אויפפאסונג: אלע קינדער אין שול־עלטער האבן זיך געלערנט אין חדרים און אין תלמוד־תורה, אדער ביי א רבי׳ן. און דערעטשין איז געבענטשט געווען מיט גוטע רביים און מלמדים.

די מלמדים וועלכע איך געדענק זיינען געווען: ר׳ מאיר יאנאווסקי (מאיר דער מלמד), ר׳ אלטער (אלטער דייכעס), הירשל דער לערער, ר׳ לייב אבעלאוויטש, וועלכער איז שפעטער אוועק קיין אמעריקע, אברהם אייזיקאוויטש (דער מיכויסקער), ר׳ לייב קאברינסקי (לייבע מייטעס) און נאך אנדערע, וועלכע איך געדענק שוין ניט.



דער מלמד ר׳ יאָשע אַבעלאַוויטש



ר׳ מאיר יאנאַווסקי
(„מאיר דער מלמד")

ווען די תלמוד־תורה איז פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה אריבער אונטער דער אויפזיכט פון „חברת מפיצי השכלה", האט מען דארטן אנגעהויבן לערנען די קינדער אויך רעכענען.

אין ערשטן צענדליק פון צוואנציקסטן יאר־הונדערט האט זיך די השכלה־באוועגונג, אין זין פון לערנען רוסיש און באקומען אלגעמיינע בילדונג אין מיטל־שולן, אנגעהויבן אויך אין מיין שטעטל דערעטשין. מען האט אנגעהויבן לערנען די קינדער רוסיש, גרייטן זיי אין די גימנאזיעס, אויסנוצנדיק יעדע געלעגנהייט פון ארטיקע אדער צופעליקע לערער, ווי דעם פראוויזאר פון אפטייק, און מרדכי־יענקל לענס־



דער לערער ר׳ לייב אבעלאָוויטש

קי (דעם פאטער פון באקאנטן העברעישן פאעט חיים לענסקי, וועלכער איז אומגעקומען אין סיביר), און פינצאוון, און מאטקע אייזיקאוויטשן און נאך אנדערע. אלץ מער און מער קרייזן זיינען באהערשט געווארן דורך דער שטרעבונג צו אלגעמיינער בילדונג. יונגעלייט האָבן גע־שטרעבט אוועקצולאָזן דאָס שטעטל און דעם תחום המושב, וואס איז געלעגן ווייט פון דער אייזנ־באן, אפילו אן א שאסיי צו דער באן־סטאנציע, און זיך ארויסרייסן אין דער ברייטער וועלט אריין. הכלל — מ׳האט געוואלט „זיין א מענטש מיט מענטשן גלייך״.

די פרומע בעלי־בתים האבן ניט געוואלט און ניט געקענט משלים זיין מיט דעם, אז רוסיש זאל ווערן די שפראך פון לערנען די קינדער. וואו איז עפעס יידישקייט? א בלאט גמרא? ר׳ וועלוול מייטעס, דער גמרא־מלמד, איז אויף דער עלטער, נאכדעם ווי זיין ווייב איז אים אפגעשטארבן, אוועק קיין ארץ־ישראל; דער גמרא־מלמד פון דער פרעמד, וועלכן עטלעכע בעלי־בתים האבן געבראכט קיין דרעטשין כדי ער זאל לערנען תלמוד מיט זייערע קינ־דער, האָט אויך געמוזט נאך א פאָר יאָר צוריק פארן צו זיך אהיים. הייתכן? און גמרא?

דא איז געקומען צו הילף די בעלי־בתים הרב פלאטקין. ער האט ארגאניזירט די עלטערן און מ׳האט באשטימט צו שיקן די בחורימלעך זיך לערנען אין שטשוטשינער ישיבה. ער, דער רב, האָט אויף זיך גענומען ברענגען זיי אהין, אין ישיבה אריין. אומר ועושה. אין דער גרופע זיינען געווען, אויף וויפל איך געדענק: דעם רב׳ס זון משה׳קע פלאטקין, שמואל שעפשע־לעוויטש, שמואל אבעלאוויטש, דוד אלפער, דוד־זעליג עפשטיין און זיין ברודער בערל, יוסף דייכאָווסקי, בערל סאָקער און נאך אנדערע. דער רב איז מיט זיי מיטגעפארן, באזארגט זיי וועמען מיט „טעג״, וועמען מיט א „סטאנציע״ (א צימער) — מיט איין ווארט, ער האט געשטעלט א וואנט קעגן דער אסימילאציע.



י. פינצאָוו, לערער פון רוסיש

אין יענע יארן, אין אנפאנג פון היינטיקן יארהונדערט, זיינען שוין די ישיבות ניט געווען אזוי הערמעטיש פארמאכט קעגן די ווירקונגען פון דער השכלה, בעיקר ניט קעגן דער העברע־אישער השפעה. די בחורים האבן אנגעהויבן אריינקוקן אין ספרים פון דער נייער העברעאי־שער פראזע און פאעזיע, וועלכע זיי האבן פאר־באהאלטן צווישן די בלעטער פון דער גמרא. ווען זיי פלעגן קומען אהיים אויף ימים־טובים, צום סוף פון יעדן „זמן", האט מען זיי געהערט זינגען לידער פון ביאליקן און טשערניכאווסקין, פירן דיסקוסיעס אויף ליטעראַרישע און געזעל־שאפטלעכע טעמעס, ווי ציוניזם, בונד, העברע־איש, יידיש א.א.וו.

אט די מאדערנע ישיבה־בחורים האבן געזוכט א סינטעזע צווישן דער גמרא און די נייע נאציאנאלע שטרעבונגען, כדי אריינברענגען אביסל מאדערניזם אין יידיש־נאציאנאלן זין אין לעבן און לערנען פון די יונגעלייט.

אגב, די דיסקוסיעס ארום העברעאיש־יידיש האבן אנגענומען א קאנקרעטע פארם, ווען עס איז אנטשטאנען א קולטור־פאריין, לויט דער איניציאטיוו פון געוועזענע בונדיסטן, און ס׳איז געעפנט געווארן א ביבליאטעק פון רוסישע און יידישע ביכער. די „העברעאיסטן", וועלכע זיינען אויך אריין אלס מיטגלידער אין פאריין, האבן געפאדערט אן אפטיילונג אויך פון העברע־אישע ביכער אין דער ביבליאטעק, כדי צו געבן איר אן אלגעמיין־נאציאנאלן כאראקטער. נאך א ריי שמועסן, דיסקוסיעס און פראפאגאנדע האבן זיי אין א געוויסער מאס אויסגעפירט און אין דער ביבליאטעק איז געווען אויך א העברע־אישע אפטיילונג.

די וועלכע מ׳האט אין דער ישיבה געכאפט ביים לייענען א „טריף־פסול" ביכל, ווי די שירים פון ביאליקן און פון אנדערע דיכטער אדער ביכער פון די נייע העברעאישע שרייבער, האבן געמוזט פארלאזן די ישיבה. זייער באגאב־טע ישיבה־בחורים, שוין נאָנט צו סמיכות אויף רבנות, האבן געוואנדערט איבער די קליינע ישיבות, זוכנדיק א מעגלעכקייט צו פארענדיקן זייער לערנען און דערגרייכן צום ציל.

„דער מיכּויסקער" און זיין חדר מתוקן

איך וויל דערציילן וועגן איינעם פון די פּיאנערן פון העברעאישער און אלגעמיינער בילדונג אין דערעטשין — וועגן ר׳ אברהם אייזיקאוויטשן, וועלכן מ׳געדענקט אלס דער „מיכּויסקער".

ווען איך בין אנגעקומען צו אים אין חדר, אין עלטער פון א יאר זיבן, האט ער שוין געהאט דערצויגן א פאר דורות פון תלמידים, צווישן זיי אזעלכע וואס האבן שוין דאן געלערנט מעדיצין אין אוניווערסיטעט אדער פּעדאגאגיע אין ווילנער לערער־סעמינאר פון שטיינבערגן.

זיין חדר מתוקן איז געווען שטארק אנגענומען אין דערעטשין. געלערנט האט מען אין צוויי המשכים: ביז מיטאג חומש, נביאים („סוואר־בע" — ד. ה. עשרים וארבעה), עברית, דאוונען. נאכמיטאג — לייענען און שרייבן רוסיש, קאַ־ליגראפיע און רעכענען (די לעקציעס נאכמיטאג האבן זיך געפירט אויף רוסיש). געלערנט האבן אין זיין חדר מתוקן יינגלעך און מיידלעך, וועלכע זיינען געזעסן איינגעטיילט אין צוויי באזונדערע גרופּן.

דער חדר איז געווען ביי אים אין קליינעם הייזל, וואס איז געשטאנען א ביסל אן א זייט אין „נייעם" געסל. דאָס הייזל איז געווען צעטיילט אויף צווייען און א גרויסע פינסטערע פארהויז האט אפגעטיילט צווישן זיין פריוואטער וואנונג און דעם חדר. די פענסטער פון דעם קליינעם הייזל זיינען געווען כמעט ביי דער ערד און ווינטער, אין די גרויסע שניי־שטור־רעמס, זיינען זיי פארשאטן געווארן מיט שניי און מ׳האט געמוזט לערנען ביים שיין פון נאפט־לעמפלעך, וועלכע זיינען אראפגעהאנגען פון דער סטעליע.

ר׳ אברהם אייזיקאוויטש איז געווען א ייד א משכיל. אויסער יידישע מקורות האט ער געקענט רוסיש (זיינע קינדער האבן שטודירט אין רוסישע מיטל — און הויכשולן), ווי אויך דייטש. גענוצט האט ער א תנך מיט מענדעל־סאנס פירוש. אפט האט מען זיינע פירושים פון תנך, אנגעפיקט מיט דייטשע אויסדרוקן, ניט געקענט פארשטיין, פונקט ווי דעם מקור אליין.

זיין חדר האט באקומען א שענערן אויסזען ווען ער האט זיך אויסגעבויט א ניי הויז, א הילצערנע געביידע מיט שיינע פענסטער און ליכטיקע צימערן.

פארשיידענע גילגולים האט ר׳ אברהם דורכ־געמאכט אלס א לערער: דעם חדר מתוקן האט ער געפירט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, דאן געווען א געוויסע צייט ארבעטלאז בעת דער דייטשער אקופאציע; שפעטער — א לערער פון אידישע רעליגיע און דייטש אין דער דייטשער שולע, וועלכע די אקופאציע־מאכט האט געגרינדעט; און אין אנפאנג פון די צוואנציקער יארן איז ער געווען א לערער פון עברית בעברית אין די מיטעלע קלאסן פון דער תרבות־שולע אין משך פון עטלעכע יאר, — ביז זיינע קינדער האבן אים אריבערגענומען קיין רוסלאנד, וואו ער האט זיך ניט גוט געפילט.

זיין אנדענק און זיינע פעדאגאגישע און לערערשע אויפטוען זיינען איינגעפלאכטן אין דער געשיכטע פון דערעטשין, באזונדערס פון ארטיקן שול־וועזן, פון דעם סוף פון 19־טן יארהונדערט ביז דער ענדע פון ערשטן פערטל פון דעם היינטיקן יארהונדערט.

## עיירתנו בראשית המאה / נפתלי בן־דב (דייחובסקי)

על משכבי בלילות עולה בזכרוני העיירה שלנו, כפי שאני זוכר אותה מלפני 60 שנה. מתלווה לזכרונות אלו כאב ויגון לזכר חורבנה של דרצ׳ין.

קטנה היתה עיירתנו, דלה ועניה. לא כבישים בה ואליה ולא מסילת־ברזל. לסלונים, עיר־המחוז שלנו, מיטלטלים היינו עצמנו לילה שלם בעגלתו הידועה של שלום־הירש ז״ל, שהיה אז העגלון היחיד ב„קו דרצ׳ין־סלונים", מעין בעל־חזקה על הקו הזה. הנוסעים היו אז ברובם חנוונים, שהיו להם קשרי־מסחר עם סלונים, ולעתים גם אנשים שנסעו לסדר משהו במשרדי המחוז.

עם „העולם הגדול" קשרה את דרצ׳ין תחנת־הרכבת בזלבה. שעתיים של נסיעה בעגלה — ובני־המזל הגיעו לזלבה הסמוכה, שנתברכה במסילת־ברזל המובילה אל ערי רוסיה ואל העולם החיצוני.

יום־יום, בדיוק בשעה 12 בצהריים, היתה עגלה רתומה לזוג סוסים מביאה אלינו את הדואר. בשעה 3 אחה״צ היה הדואר יוצא בדרכו לרכבת. שני עגלונים שימשו קו זה, „דרצ׳ין־זלבה", וזכורות לי המריבות התדירות ביניהם.

מלון יחיד, אכסניה לעוברי־אורח, היה מלונו של בקנשטיין, בביתו בעל שתי הקומות במרכזה של העיירה.

אמנם, קנאה מוצנעת קיננה בלב הדרצ׳ינאים לעיירה השכנה והעשירה יותר זלבה, אבל ידוע ידעו אנשי דרצ׳ין שעיירתם עולה על זלבה ב„רוחניות". החל מהרבנים הגדולים שכיהנו בעיירתנו ועד לתנועת השחרור הלאומית שלנו ידועה היתה דרצ׳ין כמקום תורה ומחשבה, שיהודיה נתברכו בערנות, בכמיהה לתורה ולמעשים ציוניים.

עדות לכך מוצאים אנו אף ב„שארית הפלי־טה" שלנו כאן בישראל ובתפוצות העולם, העושה הכל להנצחת תהילתה של הקהילה הקטנה דרצ׳ין, אשר מלחמת־העולם השניה הביאה עליה חורבן וכליה.

# השכלה, בונד, זעלבשוץ

חיים ראַבינאָוויטש

דער אלטער, טראַדיציאָנעלער לעבנסשטייגער האט זיך געצויגן אומגעפער ביזן אנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט. אויפן שוועל פון נייעם יארהונדערט האָבן זיך ארייַנגעריסן אויך אין אונזער קליינעם שטעטל די נייע ווינטן פון השכלה, און מיט זיי — דער אויפקום פון נייע, רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען.

## דורשט צום וויסן

אין יענע יאָרן האָבן זיך פלוצלינג באוויזן צווישן די פריש־אָנגעקומענע פרושים אין אונזערע בתי־מדרשים אויך אזעלכע יונגעלייט, וועלכע פלעגן אונטער דער גמרא אויפן שטענדער פארבאהאלטן פארשיידענע „טרייף־פסולע" ביכלעך. איך געדיינק איינעם אזא פרוש, א קרוב פון רב ר׳ לייב לונער, א בחור אן עילוי, וועלכער האט אריינגעבראכט קיין דערעטשין אלערליי העברעאישע ביכער און רוסישע זשורנאלן, ווי דעם „וואָסכאָד" און די „יעווריייסקאַיע אָבאָזרעניע". מיר פלעגן צוזאמען מיט אים לערנען אין יענע יאָרן גמרא אין חברה ש"ס, און ער האט מיט אונז, פון צייט צו צייט, געשמועסט וועגן וועלטלעכע און וויסנשאפטלעכע זאכן; ער האט אונז אויך געגעבן צום לייענען אייניקע פון זיינע ביכלעך.

ס׳האט לאנג ניט געדויערט, און עטלעכע פון אונזערע קליינשטעטלדיקע מער אנטוויקלטע יוגנטלעכע (פארשטייט זיך, מיט תלמודישער בילדונג און רעליגיעזער איינשטעלונג) האָבן אנגעהויבן זען פאר זיך א נייע וועלט מיט גאנץ אנדערע האָריזאָנטן. ביסלעכוויז האָבן זיי גענומען זיך ארויסרוקן און באפרייען פון דער בית־מדרשדיקער אטמאָספער און גאנץ אָפן גענומען שטרעבן צו וועלטלעכער בילדונג. א טייל פון זיי זיינען אוועק אין אונזער אויעזדנע שטאט סלאָנים און אָנגעהויבן לערנען דאָרטן אין די שוין עקזיסטירנדיקע וועלטלעכע שולעס, ווי די „יעווריייסקאַיע אוטשילישטשע" און די „גאָראָדסקאַיע אוטשילישטשע".

די יונגעלייט, וואָס האָבן ניט געהאט די מאטעריעלע מעגלעכקייטן צו פאָרן זיך לערנען אין דער פרעמד, האָבן גענומען זיך גריבלען אין די השכלה־ביכער. ביסלעכוויז האָבן זיי זיך דערווייטערט פון דער גמרא און אָנשטאט דעם גענומען זיך לערנען רוסיש, העברעאיש און פארשיידענע וויסנשאפטן פון וועלכע זיי זיינען ביז דאן געווען ווייט.

אייניקע פון דער דערעטשינער יוגנט האָבן באשלאָסן פאָרן אין גרויסן אידישן קולטור־צענטער, קיין „ירושלים דליטא" — ווילנע. אהין האָבן זיך געצויגן א סך הונדערטער יונגעלייט פון די שטעט און שטעטלעך פון אידישן תחום המושב.

אזוי זיינען אין יענע יאָרן אוועקגעפאָרן פון דערעטשין קיין ווילנע: פסח דוואָרעצקי, עוזר וויינשטיין, כתריאל געלמאן, דוד פופקאָ, לייבע אבעלעוויטש, אהרן ראבינאָוויטש און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

געוויינלעך, האט עס געהייסן פאר די עלטערן, אז מ׳פאָרט קיין ווילנע כדי דארטן ממשיך צו זיין דאס לערנען תורה און גמרא בא די דאָרטיקע בארימטע למדנים. אין דער אמתן אבער זיינען די יונגע בחורים, וועלכע האָבן צום ערשטן מאל אין זייער לעבן, און אין לעבן פון דער דערעטשינער יוגנט בכלל, אריינגעפאלן אין א גרויסער טומלדיקער שטאָט, מיט א גרויסער יונגער אינטעליגענץ, אריינגעצויגן געוואָרן גאנץ שנעל אין פארשיידענע ספערן און קרייזן און באלד זיך „אָנגעשטעקט" מיט נייע אידייען און שטרעבונגען.

## השכלה און רעוואָלוציע

אזוי האָבן די געוועזענע קליינשטעטלדיקע, פראָווינציעלע יונגעלייט זיך אריינגעוואָרפן מיט זייער גאנצן ברען און ענערגיע אין דער וועלט פון השכלה און וויסן. קיין לערער האָבן אין ווילנע ניט געפעלט — אבסאָלווענטן פון אידיש־רוסישן לערער־אינסטיטוט און סטו־

דענטן פון אוניווערסיטעט, וועלכע האָבן פאַר א גאַנץ קליינעם שכר־לימוד, און זייער אָפט אפילו אומזיסט, געקרן געגעבן די ניי־אָנגעקו־מענע וויסן־דורשטיקע תלמידים לעקציעס אין אלע געגנשטאַנדן.

גרויסע, בארימטע ביבליאָטעקן, ווי סטראַ־שונס און סירקינס, זיינען געשטאַנען צו דער דיספּאָזיציע פון די לערנענדיקע, וואס האבן זיך גענומען לערנען מיט התמדה די רוסישע און אנדערע שפראַכן און לייענען, ממש שלינ־גען ביכער פון די בעסטע וואס עס האָט זיך נאָר געלאָזן. באַזונדערס האָבן זיי זיך אינ־טערעסירט מיט די וויסנשאַפטן וועלכע זיינען זיי ביז דאַן געווען אומבאַקאַנט, ווי נאַטור־וויסנשאַפט, באַזונדערס אַנטראָפּאָלאָגיע, קול־טור־וויסנשאַפט, אלגעמיינע היסטאָריע א.ד.גל.

דער גרעסטער טייל פון דער אידישער יוגנט אין ווילנע איז שוין אין יענע יאָרן טעטיק געווען אין דער אלגעמיין־רוסישער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג און אין אידישע סאָציאַ־ליסטישע קרייזן.

ס׳איז קיין וואונדער ניט, אז די אידישע יוגנט, וועלכע האט תמיד געזען פאַר זיך די שרעקלעכע טראַגעדיע און דויערנדיקע מאַר־טיראָלאָגיע פון אידישן פאָלק, דאס רעכטלאָזע לעבן פון די אידישע מאסן אין דעספּאָטישן, צאַרישן רוסלאַנד, די אידישע יוגנט וואָס האט מיט צאָרן און מיט געביילטע פויסטן געהערט די ידיעות וועגן קישינעווער פּאָגראָם און וועגן רדיפות און עקסצעסן קעגן אידן אין פאַרשיידענע אנדערע שטעט פון גרויסן, פינ־סטערן רוסלאַנד, די יוגנט וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין אירע קליינע שטעטלעך אויף די אידייען פון דער תורה, פון „ואהבת לרעך כמוך", פון ישעיהו הנביא׳ס „באחרית הימים", — אז די אידישע יוגנט האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן די אידעאַלן פון סאָציאַליזם, פון פרייהייט, גלייכקייט און ברידערלעכקייט. זי האָט אין אירע הייסע, יוגנטלעכע חלומות געזען אָט־באַלד, אין דער נאָענטער צוקונפט, די נייע וועלט מיט איר נייער אָרדענונג, אין וועלכער שקלאַפן און געדריקטע פעלקער וועלן באַפרייט ווערן פון זייערע קייטן און אָרעמקייט. פאַר דער אידישער יוגנט איז דער סאָציאַליזם

געווען א נייער משיח, א מאָדערנער, א רעאַלער, אויף וועלכן מ׳דאַרף ניט וואַרטן אזוי לאַנג.

### די ערשטע בונדיסטן

א געוויסער צופאַל האָט געוואָלט, אז דער קליינער קרייז פון דרעטשינער יונגעלייט איז אריינגעפאַלן אין א קוואַרטיר, אין וועלכער ס׳האט אויך געוואוינט א געוויסער אקטיווער בונדישער טוער. ער האָט באַלד אָנגעהויבן שפּייזן אונזערע יונגעלייט מיט בונדישער ליטעראַטור און מיט זיין גאַנצער אגיטאַציע־קראַפט האט ער אזוי משפיע געווען אויף די געוועזענע ישיבה־בחורים, אז ס׳האָט לאַנג ניט גערדויערט און זיי האָבן אלע אָנגעהויבן לערנען די נייע תורה.

דער נייער „רבי" איז זייער צופרידן געווען פון זיינע תלמידים, וועלכע האָבן געהאט פּעאיקע גמרא־קעפּ און שנעל געשלונגען די תורה פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע און נאָך סאָציאָלאָגישע וויסנשאַפטן און פילאָסאָפישע תורות. פאַרשיידענע לעקטאָרן האָט דער בונ־דישער שכן צוגעשאַרט אונזער קרייז. די דרעטשינער באַגייסטערטע יונגעלייט האָבן פאַר זיך דערזען א נייע וועלט, מיט גאַנץ נייע און פרייע פּערספּעקטיוון. זיי האָבן זיך ביסלעכווייז דערווייטערט פון דער גמרא און פון זייערע אמאָליקע פּלענער און טרוימען. זיי האָבן באַשלאָסן ברענגען קיין דרעטשין די אידייען פון נייעם, סאָציאַליסטישן משיח.

נאכן אָפּזיין א יאָר צייט אין ווילנע, זיינען מיר אויף יום־טוב געפאָרן אהיים מיט קעפּ פול מיט די נייע געדאַנקען און מיט טשע־מאָדאַנעס פול מיט רעוואָלוציאָנערער, אומלע־גאַלער ליטעראַטור.

דער ערשטער אויפטו פון די פרישע־געבאַקענע סאָציאַליסטן איז געווען די צעש־טערונג פון דער אלטער וואַנט, וואָס האָט אָפּגעטיילט צווישן דער בעלי־בתישער יוגנט און די קינדער פון בעלי־מלאכות און אָרימערע משפּחות. די מחיצה האט עקזיסטירט במשך לאַנגע דורות, און איצטער האָבן די סאָציאַ־ליסטישע יונגעלייט גענומען זיך חברן מיט דער ארבעטנדיקער, האָרעפּאַשנער יוגנט. מיט

דעם האָבן זיי פאַרווירקלעכט דעם מאַרק־סיסטישן אמת, אַז די פּראָדוקטיוו־אַרבעטנדיקע זיינען אייגנטלעך די אמתע יחסנים, און ניט די רייכע בעלי־בתים.

אין דערעטשין האָט דאַן אַ גרעסערע צאָל יוגנטלעכע געאַרבעט אין דער גרויסער גאַר־בעריי פון די שותפים ביאַלאָסטאָצקי־גאָלדנ־בערג. צווישן זיי זיינען געווען אַנטוויקלטע, באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, מיט וועלכע מיר האָבן זיך באַלד פאַרבונדן און געפירט צווישן זיי אונזער אַגיטאַציע אַרבעט.

אַלס ערשטע אויפגאַבע האָבן די בונדיסטן געזען דאָס אָרגאַניזירן דעם ערשטן עקאָנאָ־מישן שטרייק קעגן לאַנגן 12־שעהדיקן אַר־בעטס־טאָג און קליינעם אַרבעטס־לוין. די עלטערע אַרבעטער האָבן בא דער „נאַסער" אַרבעט אין דער גאַרבעריי געהאָרעוועט 14 ביז 15 שעה אַ טאָג און פאַרדינט אַרום 3 רובל אַ וואָך. אַפילו אַלטע, פרומע לייט האָבן זיך אַנטציקט פון דער נייער „אַנטדעקונג", אַז מ׳קען דורך אַ שטרייק פאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען, דעם לוין און די לאַגע. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט, און די יונגע אַרבעטער, צוזאַמען מיט עטלעכע עלטערע פון די אָרעמערע קרייזן, האָבן זיך מיט פרייד אָנגעכאַפּט אָן די נייע אידייען, וועלכע האָבן צוגעזאָגט אויסבעסערן זייער ביטערע לאַגע און אין דער צוקונפט ברענגען אַ נייע אָרדענונג מיט אַ גן־עדן פאַר די אַרבעטער. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ צייטווייליקער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון די גאַרבעריי־אַרבעטער, פון וועלכע איך געדענק די פאָלגענדע פערזאָנען: משה־יעקב אַבראַמאָוויטש, לייבקע שאַלקאָוויטש, די ברידער יעזערניצקי פון רוזשנוי, נחום בליזניאַנסקי, איינער מאָטקע, אַן אַרבעטער פון דער פרעמד און נאָך אַ פּאָר איינגערע אַר־בעטער, ווי דעם בלינדן קלעזמערס טאָכטער, שלמה דעם וואַסערטרעגערס קינדער, משה גראַטשוק, אַרקע דעם שול־רופערס, בערל דעם קירזשנערס אַ זון, טעמקע בריקער — עליע פּרצ׳ס זון א. אנד.

אין דער גאַרבעריי איז באַלד אויסגעבראָכן אַ שטרייק און נאָך אַ שאַרפן קאַמף זיינען נאָכגעגעבן געוואָרן כמעט אַלע פאָדערונגען: דער אַרבעטס־טאָג איז געקירצט געוואָרן און דער לוין געהעכערט געוואָרן. די אַלטע, 70־יעריקע „נאַסע" אַרבעטער האָבן איצטער געהאַט מער צייט צו גיין אין בית־מדרש און זאָגן דאָרטן אַ קאַפּיטל תהילים און נאָך אַ פּאָר רובל צום לעבן; די יונגע אַרבעטער האָבן באַקומען אַ גרעסערע הוספה און מער פרייע צייט צו גיין אויף אומלעגאַלע פאַר־זאַמלונגען און צו לייענען אומלעגאַלע ליטע־ראַטור.

### פאַרזאַמלונגען אין וואַלד

די צייט פון זומער־וואַקאַציעס איז דורך די געקומענע פון ווילנע אויסגענוצט געוואָרן אויף אַגיטאַציע־אַרבעט. מען האָט אויסגעזוכט אַ געהיימע קוואַרטיר, ווייט הינטער די קאַזאַר־מעס, בא אַ געוויסן קריסט מייסיוק, פאַר 6 רובל אַ מאָנאַט. פאַר דעם געלט האָט ער אויך געדאַרפט שטיין די גאַנצע צייט, בעת די געהיימע פאַרזאַמלונגען, אויפן גאַס און אָפּהיטן אַז קיין פרעמדער זאָל אַהין ניט פאַר־בלאָנדזשען.

אויף די פאַרזאַמלונגען פלעגט מען, אין דער ערשטער ריי, האַלטן רעפעראַטן וועגן דער באַדייטונג פון סאָציאַליזם. מ׳פלעגט אויך לייענען קאַפּיטלעך פון פיליפּ קראַנצס „קולטור־געשיכטע" און פון באַגדאַנאָווס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע", וועלכע איז שוין דאַן איבערזעצט געוואָרן אויף אידיש.

אויסער די רעפעראַטן פלעגט מען כמעט יעדן שבת נאָכמיטאַק אַרויסרופן דורך פאַרשיידענע סיגנאַלן און פּאַראָלן די מיטגלידער פון בונד פון זייערע הייזער. זיי פלעגן איינציקוויז אַוועק־גיין אין וויסאָקע־גורער וואַלד, אַרום 3 ק״מ פון שטעטל. דאָרטן פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן גרעסערע מיטינגען און דיסקוסיעס, ביז ס׳פלעגט ווערן נאַכט. דאַן פלעגט מען זיך פאַנאַנדערגיין שטילערהייט און זיך אומקערן אַהיים. אַ לענגערע צייט האָבן זייטיקע מענטשן ניט געוואוסט פון די געהיימע פאַרזאַמלונגען.

די קאָנספּיראַציע איז געווען זייער אַ שטרענגע. יעדער נייער מיטגליד פלעגט לאַנג געפּאָרשט און אָבסערווירט ווערן, איידער דער

קאָמיטעט פלעגט באשטעטיקן אים אלס חבר. ספעציעלע פארטרויונגס־מענער און פרויען פלעגן זיך פארנעמען מיטן ווערבירן און נאכ־קאָנטראלירן די נייע חברים און זייער פאר־טרוילעכקייט. נאכן באשלוס וועגן אָננעמען א קאנדידאט אלס חבר, פלעגט ער באשוואָרן ווערן מיט א שבועה צו זיין שטרענג קאנספיראטיוו, איבערגעגעבן און ארנטלעך אויך אין זיין פערזענלעכן לעבן. שיכורן, שפילן אין קאָרטן — דאס איז געווען שטרענג פארבאטן פאר די חברים.

אין משך פון א קורצער צייט זיינען ארייג־געצויגן געוואָרן אין דער אָרגאניזאציע ארום 70 ביז 80 חברים, מערסטנס ארבעטער און יונגעלייט פון די ארימערע שיכטן. אויך די מערהייט פון דער לערן־יוגנט האט געערט צום בונד און געווען טעטיק אלס אָרגאניזאטאָרן און פרעלעגענטן.

די א.ג. „ווילנער גרופע" פלעגט זיך נאך יום־טוב אומקערן קיין ווילנע, כדי ממשיך צו זיין מיט די לימודים און דערגענצן זייער אנטוויקלונג אין סאָציאליסטישן גייסט. זיי פלעגן די גאנצע צייט האלטן א געהיימען קאָנ־טאקט מיט די היימישע חברים, צושיקן זיי פון צייט צו צייט דורך כלערליי וועגן געהיימע אומלעגאלע ליטעראטור און פראָקלאמאציעס. פון ווילנער צענטער פלעגן אויך געשיקט ווערן פארשיידענע רעפערענטן צו די געהיימע וואלד־מיטינגען. דער הויפט־ציל פון דער גאנצער ארבעט איז געווען אויפצוהויבן דעם גייסטיקן און קולטורעלן ניוואָ בא די יאָרן־לאנג דער־שלאָגענע מאסן און אויסגלייכן זיי אין זייערע מענטשלעכע רעכט.

אין משך פון א פאָר יאָר איז אין אונזער קליינעם דערעטשין געשאפן געוואָרן א ביב־ליאָטעק פון איבער טויזנט ביכער אין דער אידישער שפראך און אויך א געוויסע צאל רוסישע ביכער, פאר די עטלעכע קריסטן און דאָרפישע לייט וועלכע זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו די קרייזן פון בונד. צוליב אלגעמיינע סאָ־ציאליסטישע צוועקן האָט מען געמוזט אָנהאלטן א קאָנטאקט מיטן דאָרף און ווערבירן דאָרטן פארטרויונגסמענער, א פאקט וואס איז שפעטער זייער צונוץ געקומען. צווישן די חברים פון בונד זיינען דאן אויך געווען צוויי אָרטיקע קריסטלעכע שוסטער, יוזיק און סטעפאַן, וועלכע האָבן זיך אויסגעלערנט ריידן און לעזן אידיש.

אן אינטערעסאנטער עפיזאָד דערמאָנט זיך מיר פון יענע יאָרן מיט די צוויי קריסטלעכע שוסטער. א פאָר דער׳עטשינער פראָפעסיאָנעלע גנבים האָבן אין א געוויסער נאכט ארויסגע־גנבעט דעם גאנצן פארמעגן פון זייער שוס־טעריי. די בונדישע אָרגאניזאציע האט באלד דערויף רעאגירט שנעל און שארף. שבת בייטאָג, ווען די צוויי גנבים האָבן זיך באוויזן אין אָרטיקן פאַרק „אגער־סאָד", זיינען זיי דורך אן אָפגערעדטן סיגנאל ארומגערינגלט געוואָרן דורך א גרופע יונגעלייט באוואָפנטע מיט רעוואָלווערן. די גנבים זיינען גוט צעשלאָגן געוואָרן און מ׳האט זיי געצוואונגען אומקערן די גניבה. לויט א באפעל פון בונד זיינען זיי אויף א לאנגע צייט פארטריבן געוואָרן פון שטעטל.

### שטארקע קאָנספיראציע

די אָרגאַניזאציע פון בונד האָט זיך אַנט־וויקלט סיסטעמאטיש און מיט דער צייט גע־ציילט איבער 100 חברים. ס׳איז אויך געוואקסן די צאָל לעזער און ביכער אין דער ביבליאָטעק. דער אָרטיקער קאָמיטעט איז געשטאנען אין א כסדרדיקער פארבינדונג מיט דער גרינדער־גרופע, וועלכע האט געלערנט אין ווילנע און ביאליסטאָק. א געהיימע קאָרעספאָנדענץ איז געפירט געוואָרן צווישן דערעטשין און די צוויי דערמאָנטע שטעט. די בריוו זיינען כלו־מרשט געשיקט געוואָרן פון איין פריוואטער פערזאָן צו א צווייטער, ווי פריינט זיינען זיך נוהג צו שרייבן וועגן פערזענלעכע זאכן, אבער צווישן די שורות פלעגט מען שרייבן וועגן אָרגאניזאציע־פראגן מיט א גענויער פעדער געטונקט אין ציטראָן־זאפט. די געהיימע שריפט פלעגט מען קענען דורכלייענען נאָר ווען מ׳האט דעם בריוו געהאלטן איבער דער גלאָז פון א ברענענדיקן נאפט־לעמפל. צוליב זיכערקייט־צוועקן, אז די סודות פון דער אָרגאניזאציע זאָלן ניט ארייניפאלן אין די הענט פון דער צארישער זשאנדארמעריע, פלעגט מען אויס־

זוכן פארשיידענע קאָמבינאַציעס. אזוי זיינען מיר, די לערן־יוגנט, פארפליכטעט געווען צו געבן לעקציעס און לייענען אומלעגאלע ליטע־ראטור אין קרייזן פון יונגע ארבעטער. די קרייזן פלעגן זיך צונויפקומען אין אויבער־שטיבלעך, שטענדיק אין די אָוונט־שעה׳ן. כדי צו מאסקירן די קרייזן־ארבעט פלעגט מען איין חבר און איין חבר׳טע אויספוצן אלס חתן־כלה, אויפן טיש זיינען געשטאנען א פּאָר פלעשער שנאפס מיט כיבוד. אין פאל פון א פלוצלינגדיקן באזוך פון פּאָליציי פלעגן די ביכלעך באלד פארשטעקט ווערן און די פאר־זאמלטע יונגעלייט פלעגן זיך נעמען „פראווען די שמחה״, א תנאים אָדער א חתונה. פאר־שטייט זיך, אז מ׳פלעגט מכבד זיין מיט א פּאָר גלעזלעך אויך די פּאָליציי־לייט און דערמיט פון זיי פּטור ווערן.

מ׳דארף געדענקען, אז אין יענע יאָרן זיינען אלע פארטיי־מיטגלידער געווען ריינע אידע־אליסטן און קיין שום קאריעריסטישע פלענער זיינען ניט געטראכט און ניט געמאכט געוואָרן דורך די טעטיקע חברים. די איינציקע קאריערע וואס האט דאן דערווארט יעדן איינעם פון זיי איז געווען — פארשיקונג קיין סיביר. צוליב דער שטארקער קאָנספּיראַציע זיינען די פארטיי־מיטגלידער געווען אויסגעקליבענע און גוט־קאָנטראָלירטע, און ס׳איז זייער זעלטן געטראפן א פאל פון פּראָוואָקאַציע און מסירה. דער סאָציאַליזם איז דאן אויפגעפאסט געוואָרן אלס ריין־עטישע אידייע, וואָס פאָדערט פון אירע טרעגער זיין אָרנטלעך און טריי. קיינער האט אין יענע יאָרן ניט געקענט זיך פּאָרשטעלן, אז אין דער צוקונפט וועלן סאָציאַליסטישע מנהיגים אין א סאָציאַליסטישן לאנד פאר־קריפלען די אידייען, דערנידעריקן די מענ־טשלעכע ווירדע און דערברעגנען צו אזעלכע שוידערלעכע מעשים קעגן די וואס האָבן געאָפּפערט זייער לעבן פארן סאָציאַליזם אין רוסלאנד.

אזוי האט זיך די ארבעט געצויגן אייניקע יאָרן. די ערשטע גרינדער, וועלכע פלעגן ווייניקסטנס איין מאל א יאָר קומען פון ווילנע אָדער ביאַליסטאָק אהיים צו די עלטערן, האבן כסדר געפירט די אויפקלערונגס־אָרבעט און זיך פארנומען מיט אנטוויקלען דעם וויסן און באוואוסטזיין פון די ארבעטנדיקע מאסן. זיי האָבן אין משך פון יענע יאָרן אונטערגעהאלטן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט צווישן די אָרעמע און געפּלאָגטע האָרעפּאַשנע קרייזן.

### רעוואָלוציע און זעלבשוץ

אין די יאָרן 1904 און 1905 האט זיך אין גרויסן רוסלאנד פארשטארקט די אלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע באוועגונג, און פון דער צוויי־טער זייט איז אויך שארפער געווארן די רעאַקציע פון דער צארישער מאכט. די שווארץ־מאה׳דיקע הערשער האָבן באשלאסן דערטרינקען די רעוואָלוציע אין טייכן פון אידישן בלוט און זיי האָבן גענומען אָרגאניזירן א ריי פון שרעקלעכע פּאָגראָמען אין פארשיידענע טיילן פון לאנד, טייטלענדיק אויף די אידן, אז זיי זיינען די הויפּט־שולדיקע אין דער רעוואָלו־ציאָנערער באוועגונג.

די סאָציאַליסטישע פארטייען אויף דער אידישער גאס, צווישן זיי אויך דער „בונד״, האָבן דאן באשלאָסן גרינדן אין די שטעט און שטעטלעך פון אידישן תחום־המושב זעלב־שוץ־גרופּן, וועלכע זיינען באקאנט געווען מיטן פּאָפּולערן רוסישן נאָמען „סאמאָאָבאָראָנא״. אזא גרופּע, און א גאנץ שטארקע, איז אויך געגרינדעט געוואָרן דורכן „בונד״ אין דערע־טשין. פון פארשיידענע קוועלן זיינען איינגע־קויפט געוואָרן אן ערך 40 רעוואָלווערן און ארום הונדערט בלייענע „נאגייקעס״.

ס׳איז כדאי און אינטערסאנט צו דערציילן, פונוואנען ס׳זיינען גענומען געוואָרן די בויטיקע געלט־סומען צום איינקויפן דאָס געווער פאר דער דערעטשינער „סאמאָאָבאָראָנע״. די אנ־דערע פארטייען, ווי די אנארכיסטן און סאציאל־רעוואלוציאָנערן, פלעגן אויספירן פארשיידענע עקספּראָפּריאַציעס, באפאלן מלוכה׳שע געלט־אינסטיטוציעס און אפילו פּריוואטע רייכע לייט, כדי צו שאפן די געלטער פאר זייער טעטיקייט. דער „בונד״ איז, ווי באקאנט, געווען פּרינ־ציפּיעל קעגן עקספּראָפּריאציעס, און נאר פון צייט צו צייט איז דערלויבט געווען אָנצופאלן אויף מלוכה׳שע געלט־אנשטאלטן.

אזוי איז איינמאל, אין יאָר 1904, באשלאָסן געוואָרן צוזאמען מיטן סלאָנימער „בונד״ אויס־פירן אן איבערפאל אויף דער דערעטשינער פאָסט. דאָרטן פלעגן זיך צייטנווייז געפינען אין דער קאסע גרעסערע געלט־סומען, אפילו ביז 100 טויזנט רובל. דער נאטשאלניק פון פאָסט איז דאן געווען איינער א קיעווער רוס מיטן נאָמען באטראקאָוו, א שטארקער אנטיסע־מיט, און, פארשטייט זיך, א גרויסער קאָרטן־שפילער, א שיכור און א געלט־גייציקער. די אָרגאניזאציע האט צופעליק געפונען א געוויסן איד, וואָס איז געווען גוט באקאנט מיטן נאַ־טשאָלניק. דער איד איז, אין געהיים, דורכ־געקומען מיט אים, אז ער זאל צו א באשטימטער דאטע אויפקלייבן אין דער פאָסט־קאסע א גרעסערע געלט־סומע און זיך לאָזן מאכן אויף זיך אן אָנפאל אין מיטן נאכט, ווען די אָנפאלער וועלן קומען און אים בינדן, פארשטאָפן דעם מויל א.א.וו. פאַרשטייט זיך, אז ער האט געדארפט, לויטן פלאַן, באקומען א היפשן חלק פון דער סומע געלט. צום אויספירן די גע־פלאנטע עקספּראָפּריאציע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן עטלעכע געזונטע בונדאָווצעס, וועלכע האָבן געדארפט זיך אָנטאָן אין מיליטערישע מונדירן און באפאלן דעם פאָסט־נאטשאלניק א געוויסן פרייטיק־צו־נאכט, ארום 2 אזייגער ביינאכט. פון סלאָנימער „בונד״ זיינען ספעציעל געקומען צו דער אויספירונג פון איבערפאל צוויי חברים — א געוויסער לוריע און מיט אים דער אין סלאָנים באקאנטער איזוואָשטשיק שמואל, וועלכער האָט געהאט א גוטע פאָר פערד און פלעגט אָפט אויסגענוצט ווערן דורך די רעוואָלוציאָנערן צו פארשיידענע געפער־לעכע אומלעגאלע אקציעס.

אלץ איז שוין געווען גרייט צום איבערפאל. די אָנפאלער זיינען געווען איבערגעטאָן פאר סאָלדאטן, א גרופע פירנדיקע חברים האָבן אָבסערווירט דאס הויז אויף סלאָנימער גאס, אין וועלכן ס׳האָט זיך געפונען די פאָסט. די צוויי סלאָנימער חברים זיינען שוין געשטאַנען גרייט מיט די פאָר פערד הינטער מישקינס הויז, אויף עק סלאָנימער גאס, כדי צו אנטלויפן מיט די אָנפאלער און מיטן געלט.

פלוצלינג האָט ווער ס׳איז אויסגעדריקט א פארדאכט, אז דער נאטשאלניק באטראקאָוו קען מאכן א פראָוואָקאציע און שטעלן א באוואָפנטן ווידערשטאנד. מ׳האָט פאָרגעלייגט, אז די אָנ־פאלער זאָלן מיטנעמען געלאָדענע בראונינגס, און אויב ס׳וועט זיך ארויסווייזן א פארראט מצד דעם נאטשאלניק, וועט קיין ברירה ניט זיין און מ׳וועט אים מוזן אוועקלייגן א טויטן. די חברים, וואס זיינען באשטימט געוואָרן אלס אויספירער פון איבערפאל, האָבן זיך ניט געקענט אנטשליסן אויף א מאָרד־אָנפאל און די גאנצע אקציע איז אָפגעלייגט געוואָרן ממש אין לעצטן מאָמענט.

אויף וויפל ס׳געדענקט זיך, האָט זיך דער דערעטשינער „בונד״ מער ניט פארנומען מיט אזעלכע פלענער, אָבער ס׳האָט זיך געפונען אן אנדער וועג וויאזוי צו שאפן געלטער פאר דער זעלבשוץ און פאר דער ביבליאָטעק.

אין דערעטשין פלעגן דאן יאָר־יערלעך פאָר־קומען עפנטלעכע טאָרגעס אויף וואלד־מאטער־יאלן, וועלכע די רעגירונג האָט פאָרגעשלאָגן צו פארקויפן. צו די טאָרגעס זיינען זיך שטענדיק צונויפגעקומען א סאך אידישע וואלד־סוחרים פון דער גאנצער אומגעגנט. ווי געוויינלעך בעת אזעלכע טאָרגעס, פלעגן די סוחרים אריינ־גיין אין אזארט און אריינשטייגן איינער אויפן צווייטן גרויסע געלט־סומען. די בונדישע אָר־גאניזאציעס פון סלאָנים און דערעטשין האָבן באשלאָסן מאכן א געניאלע קאָמבינאציע: פאר די טאָרגעס האָבן פאָרשטייער פון ביידע אָרגאניזאציעס זיך געווענדעט צו די סוחרים מיטן פאָרשלאג, אז זיי זאָלן באשטימען אייניקע „דעליאנקעס״, וואלד־קווארטאלן, אויף וועלכע קיינער זאָל ניט שטייגן און עמיצער פון די סוחרים זאָל עס פארן נידעריקן פרייז איינקויפן אויף זיין נאָמען. ערשט נאָך די טאָרגעס זאָל מען אויף א פריוואטן אופן אויסשטייגן די „דעליאנקעס״ צווישן די אנדערע סוחרים און דער רווח פון דעם טאָרג זאָל גיין אויף די צוועקן פון בונדישן זעלבשוץ. נאטירלעך האָט מען די סוחרים געגעבן צו פארשטיין דעם צוועק פון דער „סאמאָאָבאָראָנע״.

די סוחרים האָבן איינגעשטימט אויף דער קאָמבינאציע, און אזוי ארום זיינען צו דער דיספּאָזיציע פון זעלבשוץ געשאפן געוואָרן

במשך פון 2—3 יאָר גרעסערע געלט־סומען, פאַר וועלכע ס׳איז איינגעשאפן געוואָרן געווער צו די צוועקן פון די סלאָנימער און דערעטשי־נער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציעס. מיט א טייל פון די געלטער איז פארגרעסערט געוואָרן די ביב־ליאָטעק.

די רעוואָלווערן זיינען איינגעקויפט געוואָרן דורך דער פארמיטלונג פון סלאָנימער גרויסן אייזן־קרעמער ניסן יעזערסקי. ער האָט געהאט פארבינדונגען, אדאנק וועלכע ס׳איז געלונגען צו שאפן דאָס געווער פון דייטשלאַנד.

נאָכן באקומען די רעוואָלווערן, פלעגן די יונגעלייט זיך לערנען באנוצן מיט זיי אין די וועלדער, אויף געהיימע באגעגענישן און איבונ־גען.

די ביכער פאר דער ביבליאָטעק זיינען גע־קויפט געוואָרן אין ביאַליסטאָק. דאָרטן האָט דאן עקזיסטירט „קאָטיקס ביכער־פארלאג״, אין וועלכן מ׳האָט געקענט איינקויפן פאר׳שיידענע ליטעראטור.

### טרייע איבערגעבנקייט

אין יענע יאָרן פלעגט דער „בונד״ אויך באקומען, אויף אן אנאָנימען אדרעס, אומ־לעגאלע רוסישע צייטונגען פון דער שווייץ. די קאָנספיראציע איז דאן געווען שטארק אָפּ־געהיט, דערביי איז די דיסציפלין געווען א מוסטערהאפטע און די אָרנטלעכקייט און איבער־געבנקייט פון די חברים זיינען געווען אזוי הויך און שטארק, אז ס׳געדענקט זיך ניט קיין איין פאל פון פארראט אָדער פראָוואָקאציע, טראָץ דער ברייטער און פארצווייגטער ארבעט, מיט א גרויסער ביבליאָטעק און מיט א באוואָפנטער זעלבשוץ, וועלכע האָבן ארומגענו־מען פיל צענדליקער חברים אין קליינעם דערע־טשין, מיט געהיימע פארזאמלונגען, מיטן באהאלטענעם געווער א.א.וו.

די חברישע און פריינטלעכע באציאונגען צווישן די בונדיסטן זיינען געווען מוסטערהאפט. קיין געצאָלטע פארטיי־פונקציאָנארן זיינען דאן בכלל ניט געווען. פארקערט — יעדער איינער פלעגט ניט איינמאָל אוועקגעבן פאר די צוועקן פון דער אָרגאניזאציע די לעצטע פאָר גראָשן.

פאר „בענקלעך״ האָט מען זיך דאן ניט געש־לאָגן און ניט געריסן — יעדער איינער האָט גוט געוואוסט, אז וואָס אקטיווער ער איז, ריזיקירט ער אלץ מערער מיט זיין פערזענ־לעכער פרייהייט, און אפילו מיט זיין לעבן. ס׳האָט געהערשט אין די קרייזן פון די בונדישע יונגעלייט די הייליקע איבערצייגונג, אז מ׳קעמפט פאר א נייער וועלט, פאר דער באפ־רייאונג פון דער גאנצער מענטשהייט. ס׳איז געווען אָנגענומען און פארשטענדלעך, אז אלס קינדער פון געפּלאָגטן אידישן פאָלק דארפן מיר קעמפן פאר א גערעכטער צוקונפט. דער ערשטער ציל איז געווען אראָפּוואַרפן די מאָנארכיסטישע הערשאפט, איינפירן א דעמאָ־קראטישע אָרדענונג, ברענגען פרייהייט און גלייכהייט פאר אלעמען, און דאן וועט פאר־שווינדן דער אַנטיסעמיטיזם, אזוי אז אידן וועלן רואיק קענען לעבן אויך צווישן גויים.

קיינער האט זיך דאן ניט געקענט פאָר־שטעלן, וואָס ס׳דערווארט די אידן, און מיט זיי אויך אנדערע פעלקער אין אייראָפּע, מיט א פאָר צענדליק יאָר שפעטער, נאָך יאָרן פון סאָציאַליסטישער טעטיקייט און דערציאונג אין די ציוויליזירטע אייראָפּעאישע פעלקער, מיט דייטשלאנד בראש. קיינער האָט אויך ניט גע־קענט פארויסזען, וויאזוי רעוואָלוציאָנערע באוועגונגען און רעזשימען וועלן פארקריפּלען די הויכע סאָציאַליסטישע אידעאלן, פאר וועלכע די יונגעלייט זיינען גרייט געווען אין יענע אידעאליסטישע יאָרן אוועקגעבן זייער גאנץ לעבן.

### די זעלבשוץ ווייזט איר כוח

צוויי מאָל האָט זיך די דערעטשינער בונ־דישע זעלבשוץ ארויסגעוויזן אלס לעבנס־נויטיקע אָרגאַניזאציע צום פארטיידיקן אידישע ווירדע און אידישן האָב־און־גוטס.

געשען איז דער ערשטער פאל אין יאָר 1904, בעת דער רוסיש־יאפּאנישער מלחמה. אין אונ־זער „אויעזדנער״ שטאָט סלאָנים איז פאָר־געקומען א מאָביליזאציע פון די מיליטער־פליכטיקע. ס׳זיינען אהין ארויסגערופן געוואָרן עטלעכע הונדערט יונגע ווייסרוסישע פויערים

פון די ארומיקע דערפער אין דרעטשינער ראיאָן.

ס׳איז דאן אין גאנץ רוסלאנד געווען א „סעזאָן״ פון אָפטע פּאָגראָמען און איבערפאלן. ס׳האָט געהערשט דער שווארץ־מאה׳דיקע לאָזונג „ביי זשידאָוו, ספּאסאי ראסיו״ — שלאָג די זשידעס און ראטעווע רוסלאנד. האָבן אויך די ווייסרוסישע „נאָוואָבראנצעס״, נאכן אָנשיכורן זיך, געוואָלט א ביסל זיך „א שפּיל טאָן״ מיט די אידן. אזוי־ווי ס׳האט זיך זיי ניט איינגעגעבן מאכן אזא מין בלוטיקן שפּיל אין סלאָנים, האָבן די, וואָס האָבן זיך נאָכמיטאק אומגעקערט פון דאָרטן צו זיך אהיים, אין דרעטשינער געגנט, באשלאָסן זיך אָפּצורעכענען אויפן וועג מיט די אידן פון קליינעם שטעטעלע האלינקע.

צופעליק האָבן א פּאָר חברים פון סלאָנימער זעלבשוץ אונטערגעהערט די שיכורע געשפּרעכן פון די יונגע שקצים. זיי האָבן זיך באלד געלאָזן אין וועג אריין אויף וועלאָסיפּעדן און נאָכגעפּאָרן די גוישע פורמאנקעס. אזוי זיינען זיי געווען עדות פון א קליינעם פּאָגראָם, וועלכן די „נאָוואָבראנצעס״ האָבן אויסגעפירט אויף עטלעכע אָרעמע האלינקער קרעמער. די יונגע שקצים האָבן אין האלינקע ווידער זיך אָנגעטרונקען, געשלאָגן אידן און צעראַבירט קליינע קרעמלעך.

די אָנפאלער האָבן אויפן וועג צו זיך אהיים, אין זייערע דערפער, געדארפט דורכפאָרן דרעטשין. זיינען די צוויי סלאָנימער זעלבשוצלער געקומען שנעל צופאָרן קיין דרעטשין און דערציילט די גאנצע געשיכטע דער אָרטיקער אָרגאניזאציע. ס׳איז קלאָר געווען, אז אָט־אָט וועט דער „אָבאָז״ מיט די פּויערישע פורלעך, אָנגעלאָדן מיט דער ראבירטער סחורה פון די האלינקער אידישע קרעמער, דורכפאָרן די סלאָנימער גאס אין דרעטשין.

ס׳איז געווען א פרייטיק־פארנאכט. מאָמענטאל איז צונויפגערופן געוואָרן די גאנצע שוץ־גרופּע. באוואָפנט מיט רעוואָלווערן און מיט בליינענע נאגייקעס האָבן זיך די זעלבשוצלער אויסגעשטעלט, אין קליינע גרופּקעס, לענגאויס דער סלאָנימער גאס. ווען די פורן זיינען אָנגעקומען, האָבן באלד אויף יעדע פור זיך ארויפגעכאפּט א פּאָר באוואָפנטע בחורים, גענומען די לייצעס אין די הענט און צוגעבראכט די פורמאנקע צו א באשטימטן פונקט — דאס איז געווען די קינדער־שולע פון באקאנטן לערער אברהם דער מיכויסקער. דאָרטן האָט מען שטרענג דורכגעזוכט די פויערשע פורלעך, צוגענומען די געראבעטע זאכן, אָנגעשלאָגן אביסל די פּאָגראָמשטשיקעס און זיי געלאָזן אנטלויפן אהיים מיט זייער פערד־און־וואָגן.

פון די בתי־מדשים זיינען אָנגעלאָפן די אידן, אויפן וועג פון קבלת־שבת אהיים. איך געדענק, אז צווישן זיי איז געווען אויך דער שטרענג־פרומער יהודה־שמואל דער קרעמער, וועלכער האָט געהאלטן אין איין שרייען צו אונז: „קינדערלעך, זאָל אייך גאָט העלפן. ס׳מאכט ניט אויס, אז איר מוזט א ביסל אונטערפאָרן אום שבת — ס׳איז א מצווה צו ראטעווען ארעם אידיש האָב־און־גוטס...״

אפילו דעם דאמאָלסדיקן איינציקן פּאָליציי־אוראדניק, אָסטראָווסקין, האָבן מיר געצוואונגען שטיין דערביי און העלפן אָפּנעמען די ראבירטע זאכן.

די ארבעט האָט געדויערט 2 ביז 3 שעה, ביז אלע פורלעך זיינען פארהאלטן און אונטערזוכט געוואָרן. אינמיטן דער אקציע איז פון ערגיץ־וואו אָנגעקומען א שיכורער דער פּאָסט־נאטשאלניק באטראקאָוו און האט גענומען זידלען דעם פּאָליציי־אוראדניק, פארוואָס ער העלפט די זשידעס באפאלן רוסישע פויערים. ער האט באקומען אזא פּאָרציע, אז ער האָט זיך קוים אָפּגעטראָגן פון דאָרטן.

דער צווייטער פאל איז געשען מיט עטלעכע הדשים שפּעטער, דאכט זיך שוין אין יאָר 1905. געווען איז דאס א געוויסן זונטיק, ווען טויזנטער פויערים זיינען אָנגעקומען אין שטעטל, כדי כלומרשט גיין אין צערקווע צו דער „מאָליטווע״, אבער קודם־כל זיך גוט אָנשיכורן. מיר האָבן זיך דערוואוסט דורך אונזערע קריסטלעכע פארטרויאונגס־מענער (אזעלכע האָבן מיר געהאט אין אייניקע דערפער), אז דעם זונטיק קלייבן זיך פויערים „מאכן פריילעך״ אין דרעטשין, דורכפירן א שטיקל פּאָגראָם.

מיר האָבן צוגעגרייט די גאנצע זעלבשוץ און צעטיילט צווישן די בחורים געווער און

נאגייקעס. די יוגנטלעכע פון דאן אזוי־גערופענעם „קליין־בונד" האָבן מיר צעטיילט פלעשלעך מיט נאפט. אין די מיטאק־שעה׳ן, נאך דער תפילה אין צערקווע און נאכדעם ווי די פויערים האָבן זיך אָנגעטרונקען, האט זיך געלאָזן פילן א גרייצטע שטימונג צווישן זיי. ס׳איז קלאָר געווען, אז געוויסע עלעמענטן העצן זיי אָן צו באפאלן די אידן און די געוועלבער.

דורך א פריער־באשטימטן פייערלעשער־סיגנאל איז מיטאמאָל אלארמירט געוואָרן די צוגעגרייטע זעלבשוץ. דער „קליין־בונד" האָט שטילערהייט גענומען אונטערציינדן עטלעכע פויערישע וועגענער מיט שטרוי. פון אלע זייטן האָט זיך געלאָזט הערן א שיסעריי פון רעוואָלווערן. א פאניק האט בעהערשט דעם גאנצן מארק. ס׳האט ניט געדויערט קיין האלבע שעה און פון די הונדערטער פויערישע פורלעך איז קיין זכר ניט געבליבן אין שטעטל. שנעל און אין שרעק האָבן די פויערים געשפאנט זייער פערד און זיך צעלאָפן פון מארק ווי פארסמטע מייז. די קריסטן האָבן שוין דאן, אין 1905, געוואוסט וועגן דער עקזיסטענץ פון א רעוואָלוציאָנערער אָרגאניזאציע ביי די אידן אין דערעטשין.

נאך די צוויי אויבן־דערמאָנטע אינצידענטן, וועלכע זיינען געשען אין פארלויף פון אייניקע חדשים, האָבן די ארומיקע קריסטלעכע פויערים מורא געקריגן פאר דער אידישער יוגנט. די אידישע טאטעס און מאמעס האָבן אין יענע טעג ערשט זיך דערוואוסט, מיט וואָס ס׳האָבן זיך פארנומען אין געהיים זייערע קינדער. ס׳איז געוואָקסן דער רעספעקט, מיט וועלכן מ׳האָט זיך באצויגן צו דער יוגנט, צו די אזוי־גערופענע „אפיקורסים". פשוטע אידן האָבן באקומען אָפשיי פאר דער אָרגאניזירטער יוגנט און גערופן די יונגעלייט „חברה יושר". אידן האבן גענומען פארשטיין, צוליב וואָס די יוגנט גייט אין די וועלדער אויף פארזאמלונגען און וויאזוי איז דאס געשען, אז די בעלי־בתישע קינדער האָבן זיך אויסגעמישט מיט די ארבעטנדיקע יוגנטלעכע און זיינען צוזאמען געווארן חברים.

### 1905 — און דער איבערברוך

אזוי איז אָנגעקומען דאס יאר 1905, די רעוואלוציאנערע געשפאנטקייט אין גאנץ רוסלאנד איז דערגאנגען צו איר קולמינאציע־פונקט. מ׳האט געגלויבט, אז אָט־באלד נעמט א סוף צו דער צאריש־מאָנארכיסטישער הערשאפט.

אויך אין דערעטשין האָט זיך דער „בונד" גענומען פילן פרייער און זיכערער און א ביסל ארויס פון דער אונטערערדישער טעטיקייט אין גאס אריין.

איך געדענק, ווי דער „בונד" האט געוואגט אין 1905 צום ערשטן מאָל פייערן עפנטלעך דעם 1־טן מאי. א געוויסן שבת האָבן זיך גענומען זאמלען יוגנטלעכע, אויך פון זעלווע און פון האלינקע, אין גרויסן פארק אויף יענער זייט פון טייכל שיפע. פארנאכט איז ארויס פון פארק א גרויסע דעמאָנסטראציע מיט רויטע פענער און מיט רעוואָלוציאָנערע לידער און אויסרופן. די דעמאָנסטראציע האט דורכמארשירט דורך גאנץ דערעטשין, פון דער דייטשער גאס ביז צום סוף מארק.

טאטעס און מאמעס זיינען ארויסגעלאָפן פון די הייזער צעשראָקענע, דערציטערטע, צעטומלטע — זיי האָבן מורא געהאט, אז נאָך דיזעלבע נאכט וועט מען זייערע קינדער שמידן אין קייטן און פארשיקן קיין סיביר.

אָבער אלץ איז אדורך בשלום. צומאָרגנס זיינען טאקע געקומען א פאָר זשאנדארן פון סלאָנים, מיט איינעם באַלבאָט אין דער שפיץ. מ׳האט זיך באלד געווענדעט צום דאמאָלסדיקן אידישן סטאראָסטע שלום מאנסקי, וועלכער האָט זיך גוט געקענט מיט די אָנגעקומענע שררה־לייט. ער האָט זיך מיט זיי דורכגעשמועסט, ס׳האָט געקאָסט א פאָר פלעשער שנאפס, מיט א 50 רובל צוגאָב, און די גאנצע געשיכטע איז פארגלעט געוואָרן. ס׳איז דאן געווען א מין בין־השמשות־צייט אין גאנץ רוסלאנד. מ׳האט פון טאָג צו טאָג געווארט אויף אן איבערקערעניש, און די לופט איז געווען א ביסל פרייער.

דעמזעלבן יאָר האָבן מיר זיך שוין דערלויבט ארויסטרעטן עפנטלעך אויף א גרויסן מיטינג אין דער גרויסער שול. ס׳איז צום מיטינג געקומען גאנץ דערעטשין, אלט און יונג, מענער און פרויען — אלע האָבן געוואָלט

הערן, וואס זאָגן די „חברה יושר“. איך געדענק די איבערראשונג פון מיינע עלטערן און פון אונזערע נאנטע פריינט, ווען זיי האָבן דערזען זייער שטילן חיימקען, דעם פריערדיקן שטי־לינקן גמרא־אינגל, שטיין אויף דער בימה און האלטן א פלאם־פייערדיקע רעוואָלוציאָנערע דרשה קעגן דעם קאפיטאליזם, צאריזם, רעלי־גיע א.א.וו. זיכער האָבן זיי געביסן די פינגער, פול מיט חרטה אויף זייער חטא מיטן אוועק־שיקן אייניקע יאָר צוריק זייער זון קיין ווילנע לערנען דארטן תורה. איצטער איז זיי קלאָר געוואָרן, אז ווילנע האָט „אראָפגעפירט זייער זון פון וועג“.

נאכדעם פלעגט מען שוין מאכן אָפטע פאר־זאמלונגען און מיטינגען אין די בתי־מדרשים. דערעטשין האט זיך גענומען רעכענען מיטן „בונד“ ווי מיט אן ערנסטן כוח. ניט איינמאָל פלעגט מען זיך ווענדן צו „בונד“ וועגן דער־ליידיקן פארשיידענע סכסוכים.

ביסלעכווייז האָבן די ארבעטנדיקע אידן און יונגעלייט אויסגעגלייכט זייערע רוקנס, זיך גענומען לערנען און לייענען, זיך אויסגעמישט מיט די קינדער פון די בעלי־בתים, וועלכע האָבן אויפגעהערט זיך שעמען מיט מלאכה און גענומען פיינט האָבן ליידיק־גייערייַ.

אין יענעם יאר, געדענק איך, פלעגן אויך פאָרקומען דיסקוסיעס צווישן „בונד“ און די ציוניסטן. די ציוניסטישע באוועגונג איז אויך אנטשטאנען אין דיזעלבע יאָרן. אויך זי האט שטארק משפיע געווען אויף דער אנטוויקלונג פון יונגן דור אין דערעטשין און אויף זיין קולטורעלער טעטיקייט.

דאס יאר 1905 האט, ווי אלע ווייסן און געדענקען, ניט געבראכט די דערוואַרטע גאולה. די צארישע רעגירונג האט דערטרונקען די רעוואלוציאָנערע באוועגונג אין טייכן בלוט פון אידעאליסטישער יוגנט, פון דעמאָנסטרירנ־דיקע ארבעטער און פון פאָגראָמירטע אידן. נאכן דערשטיקן דעם אויפשטאנד פאר פרייהייט איז ווידער געקומען א כוואליע פון פאָגראמען אויף אידן.

איך בין געוועזן אן עדות פון שוידערלעכן ביאליסטאקער פאגראם אין 1906. צופעליק האב איך זיך פארהאלטן אין ביאליסטאָק, אויפן וועג פון דערעטשין קיין ווארשע, צוזאמען מיט מיין קוזינע יאכע ז״ל, וועלכע איז שפעטער געוועזן מיין פרוי, די מוטער פון מיינע הייליק־אומגעקומענע קינדער. מיר זיינען געווען בא אונזערע פריינט אין ביאליסטאק, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער פאָגראם, וועלכער האט געדויערט דריי טעג און זיך געענדיקט מיט איבער 120 אידישע קרבנות. ביאליסטאָק האט געהאט א שטארקע אידישע זעלבשוץ — אבער דעם פאגראם האָבן אויסגעפירט זעלנער פון אָרטיקן מיליטערישן גארניזאָן, אונטער דער אָנפירונג פון אראָפגעבראכטע פון טיף־ראסיי איבערגעטאָנענע זשאנדארן. ס׳איז קלאָר געווען אז די צארישע רעגירונג האט אָרגאניזירט דעם פאָגראָם.

א שווארצע רעאקציע האט געהערשט אין גרויסן רוסלאנד נאָכן צוזאמענבראך פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. די ארבעטער־אָרגאניזאציעס זיינען צוריק אראָפ אין אומלע־גאלער אונטערערד און א טיפע אנטוישונג האט געהערשט אין זייערע רייען.

אין דערעטשין איז דאָס לעבן געפלאָסן ווי געווײנלעך. אין די יאָרן פון נאָך־1905 איז געוואקסן די עמיגראציע פון יונגעלייט אין די ווייטע לענדער מעבר לים. אָבער די כוואליע פון וועלטלעכער בילדונג האָט שוין באהערשט די יוגנט. דער אלטער לעבנס־שטייגער איז געענדערט געוואָרן, נייע תורות און נייע פראָ־פעסיעס האָבן באהערשט די מוחות פון דערע־טשינער יוגנט. ס׳איז געוואָקסן די ציוניסטישע באוועגונג און אויך געוועזענע בונדיסטן זיינען דורך איר באאיינפלוסט געוואָרן. אין אלגעמיין האט געהערשט א שטימונג פון שטילשטאנד נאכן שטורעם, אָבער די אידעאלן פון באפרייונג זיינען ניט פארשוואונדן אויך אין די פינסטערע יאָרן ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

# פארשיקט קיין דערעטשין / ריי ראסקין

מיט ליבע און ווייטאק דערמאן איך זיך אַן דערעטשין און אירע אידן, וועלכע זיינען שוין היינט ניטאָ.

איך בין ניט געבאָרן געוואָרן אין דערעטשין, נאָר אין אן אנדער שטעטל, ניט ווייט פון דאָרטן. דורך א צופאל בין איך צוגעשריבן געוואָרן צו דערעטשין און פונדאָרטן אויך געגומען מיין פאספּאָרט אין יענע ווייטע צארישע צייטן.

ווען איך בין זייער יונג געווען, האָט זיך מיר געגלוסט צו וויסן מערער פון דער ברייטער וועלט און איך בין אוועקגעפאָרן אין דער ווייטער, רוסישער שטאָט כארקאָוו. איך האָב דאָרטן געארבעט בא א קליידער-שניידערקע. גאנץ שנעל בין איך געוואָרן א חבר׳טע אין א געהיימער רעוואָלוציאָנערער אָרגאניזאציע. אז מ׳האָט מיר ארעסטירט, בין איך פארשיקט געוואָרן מיטן עטאַפּ קיין... דערעטשין, ווייל לויט מיין פאספּאָרט בין איך געווען א דערע-טשינער.

אין קליינעם, שטילן דערעטשין האט געהערשט אן ארעם, אָבער איינגעשטעלט לעבן. איך האָב זיך צוגעקוקט צו די פנימער פון די מענטשן — פארדאגה׳טע, פאהאָרעוועטע, מיט ווייניק פרנסה. איך אליין האָב זיך שוין דאן געפילט רייכער, מער אנטוויקלט און געניט פון די אָט די אלע יונגע און אלטע אידן. איך האָב שוין געהאט חלומות פון א בעסערער, שענערער און גערעכטיקער וועלט און בין גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאר אזא וועלט.

קיין געהיימע, רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציע איז נאָך דאן אין דערעטשין ניט געווען. ווען די דערעטשינער האָבן זיך דערוווסט, אז עס איז געקומען מיט עטאפּ א יונגע אידישע מיידל, וואָס דארף האָבן צו טאָן מיט נאטשאלסטוואָ, מיט פּאָליציי, זיינען זיי איבערגעשראקן גע-וואָרן. איך געדענק, אז ווען איך בין געגאנגען זיך מעלדן צום פּריסטאוו (דער הויפּט פון דער פּאָליציי), זיינען פילע שטעטלדיקע מענ-טשן מיר נאָכגעגאנגען. עפּעס אזוינס איז נאָך אין דערעטשין קיינמאָל ניט געשען. און ווען איך בין שוין געווען אין פּריסטאווס קאנצעלאריע, האָב איך געקענט זען נייגעריקע פנימער אריינקוקן דורך די פענסטער. דער פּריסטאוו אליין איז אויך געווען גוט איבער-געשראָקן, ווען ער האָט איבערגעלייענט מיינע פּאפּירן. דאָרטן איז געווען געשריבן, אז איך דארף וואוינען אין דערעטשין אונטער דער אויפזיכט פון פּאָליציי. דער פּריסטאוו האָט א געשריי געטאָן:

— „הענגען דארף מען אייך אלעמען!"

געמיינט האט ער אלע רעוואָלוציאָנערן. ווען דער עולם הינטער די פענסטער האט דערהערט זיין געשריי, איז ער זיך שנעל, פול מיט פחד, צעלאָפן אהיים.

איז מיר טאקע דערנאָך שווער געווען צו קריגן א דירה. נאָר איין פאמיליע האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און מיר פארדונגען א ווינקל אין איר וואָנונג. די מענטשן אין שטעטל זיינען נאָך געווען אומרואיק צוליב מיר, דער „פארשיקטער". ביינאכט, ווען איך בין שוין געלעגן אין בעט, האָב איך נאָך געקענט הערן שטימעס זיך שושקען וועגן מיר:

— „וואָס טוט זי?"

— „זי שלאָפט נאך ניט. זי לייענט א ביכל".

— „אזוי גאָר?!"

און בייטאָג, אז איך בין געגאנגען אין גאס, האָב איך געקענט זען ווי עס עפענען זיך שטילערהייט די פענסטער פון די קליינע הייזער און עס שטעקן זיך ארויס פרויאישע קעפּ, מיט נייגעריקע אויגן וואס קוקן מיר נאָך:

— „אָט איז זי".

— „אָט גייט זי".

עס איז מיר געווען שווער צו לעבן אין אזא אטמאָספער. מיר איז איינגעפאלן צו שיקן א „פּראָשעניע" צו דער העכערער מאכט אין

פעטערבורג, אז מען זאָל מיר דערלויבן ארי-בערפאָרן קיין סלאָנים, די נאָנטע „אויעזדנע״ שטאָט, וואו איך וועל קענען קריגן ארבעט. טיף אין האַרצן האָב איך געהאָפט, אז דאָרטן, אין סלאָנים, איז געוויס פאַראַן א געהיימע, רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע מיט חברים מיט וועלכע ס׳וועט מיר זיין פיל לייכטער און בעסער.

טעג און וואָכן זיינען אריבער. די איינ-וואוינער פון דערעטשין האָבן זיך שוין א ביסל צוגעוואוינט צו מיר, דער „פארשיקטער״, און זיך שוין ניט אזוי געשראָקן פאַר מיר. מענטשן האָבן אפילו באַדויערט:

—„א אידיש מיידל, און זי איז אראָפּ פון גלייכן וועג...״

איך האָב שוין אפילו געקריגן ארבעט בא דעם שטעטלדיקן דאַמסקען שניידער. יעדן טאָג פלעגט דאָרטן זיך באַוויזן א פאָליציאַנט, כדי צו זען אויב איך בין נאָך ניט אנטלאָפן, ווייל איך בין די גאַנצע צייט געווען אונטער פּאָלי-צייאישער אויפזיכט. געהאַט האָב איך שוין דאַן אין זינען צו אַגיטירן די פּאָר מיידלעך, מיט וועלכע איך האָב צוזאמען געאַרבעט ביים שניידער-טיש, זיי „עפענען די אויגן״, אז זיי זאָלן אויך אָנהויבן גלויבן אין א בעסערער און שענערער וועלט און ווערן רעוואָלוציאָנער-קעס, אזוי ווי איך.

געוואוינט האָב איך בא א פאַמיליע (איך געדענק, ליידער, ניט זייער נאָמען) פון א מאַן און פרוי מיט דריי קינדער. זיי האָבן געהאַט א באַקאַליינע קראָם. די צוויי אינגלעך האָבן זיך געלערנט אין א חדר. דאָס קליינע מיידעלע פלעגט זיך שפּילן אין דרויסן, אין זאַמד, מיט אירע חברטעס. טאַטע-מאַמע זיינען א גאַנצע וואָך געווען פאַרהאַוועט אין זייער קראָם. ווען ס׳פלעגט אָבער קומען דער פריי-טיקדיקער טאָג, האָט זיך שוין אין שטוב געפילט דער אָנקום פון שבת. די אָרימע כאַטע איז אָפּגעפרישט געוואָרן, די פּאָדלאָגע אויס-געוואַשן. לכבוד שבת איז דער טיש באַדעקט געוואָרן מיט א ווייסן טישטוך, אויף וועלכן ס׳זיינען געלעגן די צוויי חלות צוגעדעקט מיט א ווייסן טישטיכל. דאָס אלץ האָט געמאַכט די מאַמע פון דער משפחה. זי האָט ארומגעוואַשן די קינדער, זיי אָנגעטאָן ריין, שבתדיק. ווען אלץ איז שוין גרייט געווען אויפצונעמען דעם שבת, האָט זי געבענטשט ליכט. אין יענעם רגע האָב איך באַשיינפערלעך געזען, ווי פון איר שטענדיק פאַרזאָרגטן פּנים פאַרשווינדט די וואָכעדיקייט. א שבתדיקע פרידלעכקייט האָט זיך דאַן צעשטראַלט איבער אלע פּנימער און אין אלע ווינקעלעך.

אָט איז אויך דער טאַטע געקומען פון שול, שפּאַנט ער איבערן שטוב און זינגט: „שלום עליכם מלאכי השרת״. אלץ פרייט זיך מיטן אָנקומענדיקן שבת. ביים טיש זיצן אלע אין א געהויבענער, רואיקער שטימונג. די קינדער זיינען שטיל און סטאַטעטשנע, ווען די מאַמע דערלאַנגט צום טיש די געשמאַקע, פרייטיק-צו־נאַכטיקע מאכלים. דערנאָך זינגט דער טאַטע זמירות, און אלע ארום טיש זינגען אונטער שטילערהייט.

איך בין אויך יעדן פרייטיק געזעסן מיט זיי ביים טיש. ניט ווילנדיק בין איך אויך דורכגענומען געוואָרן מיטן געפיל פון דער-הויבונג און שיינקייט פון שבת. עס האָט אזוי ניט געשטימט מיט מיינע רעוואָלוציאָנערע טעאָריעס וועגן רעליגיע, און איך געדענק גוט מיינע געמישטע געפילן אין יענע פרייטיק- און שבת-טעג.

דאַן איז אָנגעקומען פון פעטערבורג אן ענטפער, אז מען דערלויבט מיר פאָרן קיין סלאָנים. איך האָב זיך הארציק צעזעגנט מיט דער פאַמיליע און מיט אלע מענטשן וועלכע איך האָב באַקענט אין דערעטשין. איך האָב פאַרפּאַקט מיין קערבל און בין אריבערגעפאָרן קיין סלאָנים.

אזוי האָט זיך געענדיקט די קורצע צייט פון מיין זיצן אין דערעטשין. פאַר דער צייט זיינען מיר פילע זאַכן און מענטשן געוואָרן ליב און טייער. דאָס געפיל פון ליבע צו יענעם אידישלעכן דערעטשין האָט מיר באַגלייט מיין גאַנץ לעבן און איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, ווען ס׳איז צו אים צוגעקומען דער גרויסער, שאַרפער ווייטאָק נאָכן שווידערלעכן אומקום פון די דערעטשינער אידן דורך די פינסטערע נאַציִשע מערדער.

# שטורמישע יאָרן / דזשאַ סילקאָוויטש

עס ווילט זיך דערציילן די איינגערע דערעטשינער לאַנדסלייט, וועלכע זיינען מיט ניסים לעבן געבליבן נאָכן דורכמאכן שבעה מדורי גיהינום, א בינטל זכרונות פון אמאָליקן דערעטשין, פון יענע יאָרן 1903 ביז 1910, אויף וויפל זיי זיינען נאך פארבליבן אין מיין זכרון.

געווען איז דערעטשין א שטעטל ווי אַלע שטעטלעך, א שיינע, א ליבע, א ווארעמע און אן אָרעמע. יע, געווען דאָרטן שיינע בעלי־בתים, צווישן זיי אייניקע אפילו פארמעגלעכע, אבער ס׳רוב זיינען די דערעטשינער געווען בידנע קרעמער און בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זיך שווער געמאטערט כדי ווי עס איז צו מאַכן אַ לעבן. ניט איין דערעטשינער פלעגט שוין מאָנטיק אָנהויבן דאָרן דער מוח, טראכטנדיק פון וואָס וועט מען מאכן שבת.

די באלעבאטישע קינדער זיינען געגאנגען צו בעסערע מלמדים, די אָרעמע — ס׳רוב אין תלמוד־תורה, וואו זיי האָבן זיך אויסגעלערנט א ביסל עברי, ניט וויסנדיק אפילו דעם טייטש פון דער תורה. לאנג האבן ארעמע קינדער ניט געקענט זיך לערנען, ווייל זיי פלעגן יונגערהייט אַוועקגיין ארבעטן, כדי צו העלפן דעם טאטן אין דער פרנסה.

### די „זשוליקעס“

פארשטייט זיך, אז רייכערע קינדער זיינען געגאנגען לערנען ווייטער, אין ישיבה אדער גימנאַזיע, אין פאַרשיידענע שטעט. די ארעמערע איינגלעך, וועלכע זיינען פרי געווארן ארבעטער און האבן קיין סאַך ניט געלערנט, פלעגן אין די אָוונטן זיך ארומדרייען איבערן שטעטל און ניט האָבן וואָס צו טאָן. אזוי האָט זיך צונויפגעקלעפּט א קאמפּאניע פון יונגעלייט, וועלכע מ׳האָט א נאָמען געגעבן „זשוליקעס“.

אזויווי ס׳איז ניט געווען וואס צו טאָן, פלעגן די בחורים אָפּטאָן כל מיני שטיקלעך, צו להכעיס די בעלי־בתים אָדער די שטילע, באשיידענע אידישע טעכטער.

דער בעסטער אָוונט פאר די דאזיקע יונגלייט איז געווען פרייטיק־צו־נאכט. זיי פלעגן זיך ארומדרייען ביז שפעט ביינאכט איבערן שטעטל — אויף צומאָרגנס דאַרף מען דאָך ניט אויפשטיין פרי צו דער ארבעט — און אָפּטאָן כלערליי שטיקלעך, ווי צ. ב. נעמען די יאטקע־קלאָץ, וואָס די קצבים פלעגן איבערלאָזן לעם טויבע עשקעס קראָם, און ארייננווארפן אין מארק־ברונעם, אדער ארייננוואַרפן א קאַץ דורכן פענסטער צו עליע דעם קוואָסניק, וועלכער איז געווען פארזונקען אין טיפן שלאָף נאָך אַ מאַטערנדיקער וואָך פון ארבעט.

ס׳איז געווען איינגעפירט, אז א חופה פלעגט מען שטעלן פרייטיק און די „וועטשערע“, די סעודה מיט זמירות און כלי־זמר און טענץ, פלעגט מען מאכן מוצאי שבת. טאָמער ס׳פלעגט אַ בעלי־בתישע מיידל זיך אָפּזאָגן צו טאנצן מיט א בעל־מלאכה, פלעגט שוין דעם קומענדיקן פרייטיק זיין וואס צו טאָן: אויפן סלופּ פון מארק־ברונעם און אויף דער טיר פון אלטן מויער פלעגן דערעטשינער שבת פרי געפינען פלאַקאַטן מיט כלערליי מיאוסע אויסדרוקן אויפן אדרעס פון יענעם מיידל „מיטן פאררישענעם נאָז“... אַ גאנצן שבת פלעגן די אויפרופן הענגען, ווייל קיין שום דערעטשינער איד וואלט ניט געוואגט מחלל שבת זיין און זיי אַראָפּרייסן. צווישן די „זשוליקעס“ איז געווען איינער, וואָס האט זיך געקענט „אויף די שווארצע פינטעלעך“ און ער פלעגט דאָס שרייבן די פלאַקאַטן...

### מען ווערט בונדיסטן

ווען איך האָב נאך געלערנט אין ישיבה פלעגט מען אונז פון צייט צו צייט אונטערווארפן פּראָקלאמאציעס. געווען ישיבה־בחורים וואס פלעגן דאָס באלד אוועקוואַרפן, אָבער אייניקע פלעגן דאס דורכלייענען, לאנג זיך אָפּשטעלן אויף די נייע אויסדרוקן, ווי ”פּראָלעטאריער“, „קאַמף“, „פאַרייניקט זיך“ א. ד. גל. פיל פון

די אויסדרוקן האָבן מיר נאָך דאַן ניט פאַרשטאַנען, אָבער עפּעס וואָס האָט זיך צו אונז צוגעקלעפּט.

בקיצור, איך בין ביסלעכווייז געוואָרן א פּראָלעטאַריער אין דערעטשין. איך געדענק גענוי, וויאַזוי דאָס האָט זיך אָנגעהויבן. א געוויסן שבת נאָכמיטאָג, ווען איך האָב שפּאַצירט, ווי ס'איז דער שטייגער געווען, אין אַגרעס־סאַד, איז צו מיר צוגעגאַנגען שרה־לאה'קע, דעם בלינדן קלעזמערס טאָכטער, און מיר געפרעגט צי איך וויל אַ ביכל צום לייענען. שרה־לאה'קע איז געווען געקומען פון טיף רוסלאַנד, וואו זי האָט געאַרבעט אלס וועשנייטאָרין, און איז געווען א באַלעזענע בונדיסטקע, מיט א גוטן מויל צום ריידן און אַגיטירן, און דערצו אַ שיינע. איך האָב שוין דאַן געהאַט געהערט, אַז זי גייט ארום מיט בעלי־בתישע בחורים. בין איך געווען נייגעריק צו נעמען פון איר א ביכל.

אבער ווי נאר דאס האט זיך דערטראָגן צו אונז אַהיים, איז צו מיר צוגעקומען מיין ברודער און מיר דערלאַנגט א גוטן פּאַטש, שרייענדיק: „דו, ישיבה־בחור, גייסט שוין ארום מיט די ציציליסטן?!"

דער פּאַטש האָט מיר געמאַכט פאַר א גוטן בונדיסט.

ביסלעכווייז איז דער קליינער קרייז פון „בונד" אויסגעוואַקסן און ארומגענומען דעם גרעסטן טייל פון דערעטשינער יוגנט. אויך די „זשוליקעס" פון אַמאָל האָבן אוועקגעוואָרפן זייערע שטיק און זיך אָרגאַניזירט אין די בונדישע קרייזן.

### די ערשטע פאַרזאַמלונג

א קורצע צייט נאָך דער מעשה מיטן ביכל און מיטן פּאַטש איז צו מיר צוגעגאַנגען א געוויסן פרייטיק־צו־נאַכט מיינער א חבר און מיר צו וויסן געטאָן, אַז ס'קומט פאָר א פאַרזאַמלונג. מ'דאַרף גיין פאַרביי די קאַזאַרמעס ביז איבערן בריק וואס פירט קיין אלעקסיטש און דאַרטן זיך נעמען לינקס, צו די געדיכטע קוסטעס. ער האט מיר אריינגעשושקעט אין אויער דעם „פּאַראָל" וועלכן מ'וועט מיר פרעגן אויפן וועג צו דער פאַרזאַמלונג.

די נאַכט איז געווען א פינסטערע, מיט א סך שטערן. מיר זיינען אנגעקומען אויפן אָרט. אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן עטלעכע באַקאַנטע יונגעלייט, וועגן וועלכע איך האָב שוין געוואוסט אַז זיי זיינען ארגאניזירטע בונדיסטן. די מיידלעך האָבן געהאט פאַרשטעלט זייערע פּנימער מיט די פאַטשיילקעס, כדי מ'זאָל זיי ניט דערקענען. אָבער איך האָב גוט געקענט יעדן איינעם אין דערעטשין!

שטעלט איך פאָר מיינע געפילן ביים גיין צו דער ערשטער אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג. איך האָב איבערגעלעבט כמעט דאָסזעלבע ווי דאַן ווען מיין טאַטע האט מיר איינגעוויקלט אין זיין טלית כדי צו לייענען די הפטרה צו מיין בר־מיצווה. דער געדאַנק אַז מ'האט צו מיר צוטרוי האט מיר אנגעפילט מיט שטאָלץ, און דערביי איז גרויס געווען מיין נייגעריקייט צו זען וועמען איך וועל טרעפן אויף דער געהיימער פאַרזאַמלונג.

און איך בין טאַקע געווען איבערראַשט, ווען כ'האָב געזען חיים ראַבינאָוויטשן און געהערט זיין רעדע. געווען דאַרטן נאָך אייניקע יונגעלייט, וועגן וועלכע כ'וואָלט קיינמאָל ניט געטראַכט אַז זיי געערן צו אונז, ארבעטער.

אויף יענער ערשטע פאַרזאַמלונג זיינען געווען 15 חברים, אבער פון איין באַגעגעניש צו דער צווייטער זיינען געוואַקסן די בונדישע רייען. ס'זיינען צוגעקומען די לעדער־פאבריק־ארבעטער און יונגע בעלי־מלאכות, צוזאַמען מיט פילע פון דער אינטעליגענטער יוגנט. ס'האט זיך געפירט א קולטור־ארבעט, מ'האט געלערנט די יונגעלייט לייענען און שרייבן אידיש. מיט דער צייט איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ביבליאָטעק. א דראַמאַטישער קרייז האט אויפגעפירט אויף דער בינע גאָלדפאַדענס דראַמען, און צום ערשטן מאָל האט דערעטשין געזען טעאַטער!

ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן אין שטעטל האָבן אָפּשיי פאַרן „בונד". און פאר אונז, יונגעלייט, איז געקומען אַ טעטיקע, ערנסטע און אויך פריילעכע צייט אין אונזער לעבן. זומערצייט, ווען ס'פלעגן נאָך אָנקומען פאַרשיידענע טוער און רעדנער קיין דערעטשין, איז יעדער שבת'דיקע פאַרזאַמלונג געווען ממש א יום־

טוב. מיר האָבן פיל געזונגען, געלערנט, גע־שפּאַצירט און געחלומט וועגן אַ גליקלעכער צוקונפט פאר אלע ארבעטנדיקע.

### די „פאַזשאַרנע קאָמאַנדע"

אין יענע יארן איז אנטשטאַנען אין דערעטשין די „פאַזשאַרנע קאָמאַנדע" — די פייער־לעשער מיט העלמען און גלאנציקע קנעפּלעך. דער גאנצער לעש־אַפּאַראַט איז באַשטאַנען פון א פּאָר פעסלעך, וואס האָבן תמיד גערונען און



זלמן וויינשטיין, לאַנגיאָריקער קאָמענדאַנט
פון דערעטשינער פאַזשאַרנע קאָמאַנדע

אין איינציקע האַנט־פּאָמפּע. יעדעס מאָל ווען ס'איז געווען אַ שריפה פלעגט די מאַשינקע קאַליע ווערן.

דערפאר אָבער געדענק איך אַ פאל, ווען אַלץ אין דער „פאַזשאַרנער קאָמאַנדע" האט געאַרבעט גוט: א דערעטשינער בעל־בית האט געפונען בא זיין טאָכטער א טריפה'נעם בוך — האט דער איד פון כעס צעריסן דאס ביכל און אָנגעפּאטשט זיין טאָכטער. חברה בונדיסטן־פּאַזשאַרניקעס האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט און געמאכט לעש־מאַנעוורעס אויפן הויז פון יענעם אידן. די פּאָמפּע האט געאַרבעט, די פעסלעך האָבן ניט גערונען און דער איד האט געפילט דעם טעם פון א שריפה אָן אַ ביסל פייער, אָבער מיט א סך וואַסער...

אין יענע צייטן, ווען דער גרעסטער טייל בחורים און מיידלעך אין דערעטשין זיינען גע־ווען אָרגאניזירט און געפירט אַן אַקטיווע טע־טיקייט מיט אַן אינטעו'עסאנטן געזעלשאַפט־לעכן לעבן, זיינען דאָך געווען בעלי־בתישע טעכטער, וועלכע פלעגן אין די אָוונטן און שב־תים בלייבן זיצן אויף די גאַנקעס און זיך צוקוקן וויאַזוי די ארבעטער־מיידלעך און בחו־רים שפּאַצירן, פאַרברענגען און לערנען זיך, ווי איין משפחה. און ס'איז ניט לייכט געווען דאן זיין „מחוץ למחנה".

ווען ס'איז בא אימיצן פון די חברים געווען א חתונה, איז דאס געווען אלעמענס שמחה. כמעט די גאנצע יוגנט פון שטעטל פלעגט קו־מען זיך פרייען, טאַנצן און פאַרברענגען.

דאַן האט דער „בונד" שוין פארמיטלט צווי־שן די ארבעטער און זייערע ארבעטגעבער. ס'איז אָפּגעשאַפן געוואָרן די שבת־צו־נאכט־ארבעט. און ווען ס'האָט א שיין געטאָן די זון פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאנד, כאטש אויף אַ קורצע צייט, האָבן דערעטשינער יונגעלייט מאַרשירט דעם ערשטן מאי מיט א רויטער פאָן איבערן מאַרק.



הרב פלאָטקינס קינדער.
פון רעכטס צו לינקס — אויבן: יעקב־מאיר און עמנואל,
אונטן: ביילקע, משה'קע און הדס

# געוועזן אמאל... / פייגע־לאה אבראמאָוויטש

געוועזן אַמאָל אַ פּראַכטפול שטעטעלע, מיטן נאָמען דערעטשין. אין אירע גרעניצן און ארום איר איז די נאַטור געוועזן הערליך. ארום 4 הונדערט אידישע משפחות האָבן דאָרטן געלעבט אין הארמאָניע, זיך געפילט ווי איין משפחה. די פריינטשאַפט צווישן דערעטשינער איז געוועזן אַ שם-דבר. די יוגנט האָט שטארק געוואָלט זיך אנטוויקלען אינטעלעקטועל. אַ ניט־געשריבענער קאָדעקס פון מאָראל האָט געהערשט אין די באַציאונגען צווישן די דורות דערעטשינער פון זינט אונזערע עלטסטע געדענקען דאָס און ביז די לעצטע טעג פון די לעצטע דערעטשינער.

אַ זיכערקייט האָט אויסגעפילט אונזער לעבן. מ׳איז געגאַנגען און געפאָרן איבער ארומיקע פעלדער און וועלדער אָן פּחד.



אין מיינע יוגנט-יאָרן האָב איך געהערט צו אַן אָרגאַניזאַציע, — געוואָלט תמיד זיין צווישן עלטערע, — וואָס פלעגט זומער-צייט זיך פאַר-זאַמלען אין וואלד. אין שפּיץ פון אונזער פאַר-באַנד איז געשטאַנען אַ טאַלענטירטער רעדנער, וועלכער פלעגט צו אונזריידן אויף יעדער פאַרזאַמלונג און אונז באַצויבערן מיט זיינע רעדעס. אַ מין הייליקע שטימונג האָט זיך גע-פילט בעת אונזער׳ע צוזאַמענטרעפן אין וואלד.

אזוי איז די צייט געגאַנגען, מיר האָבן געוואָלט וואָס מער וויסן, און אויך — אַ ביסל פון לעבן געניסן. ס׳דערמאָנט זיך מיר די צייט, ווען ס׳האָט זיך געשאַפן אַ גרופּע מיטן צוועק צו שטעלן אַ ספּעקטאַקל. מ׳האָט באַשלאָסן שטעלן די דראַמע „בר כּוכבא״. איך האָב אויך געהערט צום דראַמאַטישן קרייז און מ׳האָט מיר געגעבן צו שפּילן די ראָל פון דינה, בר-כוכבא׳ס כּלה. די ראָל איז ניט געוועזן קיין לייכטע, איך האָב אריינגעלייגט פיל מי און ענערגיע און, לויט אלעמענס מיינונג, גוט געשפּילט די ראָל. אויך די איבעריקע „ארטיסטן״ האָבן זייערע ראָלן אויסגעפירט ווי ס׳דארף צו זיין. כ׳געדענק דעם יונגן בחור, וואָס האָט געשפּילט בר-כוכבא׳ס ראָל — אַ הויכער, שיינער און געזונטער יונ-גערמאַן, ניט קיין דערעטשינער, נאָר אַ געקו-מענער פון זאַבעלין, אַ שטעטל נעבן וואָלקאָוויסק. געהייסן האָט ער שלמה אזערניצקי. מירביידע האָבן אויף דער סצענע געדאַרפט שטארק ליב האָבן איינער דעם צווייטן. די ראָל פון דינה׳ס פאָטער, אליעזר, האט געשפּילט וואָלפע זאַק-לאַס, ישראל דעם שמש׳ס אַ זון. זיין ברודער חיים-נחום, משה-יעקב אַבראַמאָוויטש, שמואל-יעקב מולער, לייבקע שולקאָוויטש און משה מינקאָוויטש זיינען געוועזן אין דעם סנהדרין. נחום בליזנ־אַנסקי איז געוועזן קעניג רופוס, וועלכער איז אויך געוועזן פאַרליבט אין דינה׳ן און געוואָלט זי נעמען מיט כּוח. ווען דינה איז ניט מסכּים געוועזן אוועקגיין צו רופוסן, האָט ער זי ארעסטירט. דאָרטן איז זי שווער געפּיי-ניקט געוואָרן, אָבער זי גיט זיך ניט אונטער און איז גרייט בעסער צו שטאַרבן איידער ווערן רופוסעס געליבטע...

כ׳געדענק, אַז נאָך דריי מיידלעך האָבן גע-שפּילט אין דער דראַמע, אלס אויפזעערינס אויף דינה׳ן: העניע לובעצקי, רחל גראַטשוק און כיענקע אַבראַמאָוויטש. זיי זיינען געוועזן רו-פוסעס שקלאַפינס און אויפגעפּאַסט אויף דער ארעסטירטער דינה, געצוואונגען זי צו שווערער ארבעט, געמאַטערט און געפּלאָגט די איידעלע ארעסטאַנטין. זי בעט זיך בא זיי, אַז זיי זאָלן זיך צו איר באַציען מענטשלעכער, און זינגט זיי אַ לידל וועגן אַ יונגן פאַסטוכל. איר זינגען געפעלט אזוי די דריי שקלאַפינס, אַז זיי ווערן צו איר מילדער און זינגען צוזאַמען מיט איר.

נאָך אַ דריטע פאַרשוין, פּאַפּוס דער קריפּל, איז אויך געהיים פאַרליבט אין דינה׳ן, גנבעט זיך אריין אין תּפיסה, הערט הינטער דער וואַנט איר געזאַנג און ווערט באַצויבערט... די ראָל פון הינקעדיקן פּאַפּוס האָט אויסגעפירט איינער

פון אַן אנדער שטאָט, וואָס האָט געאַרבעט אין גארבארניע, מיטן נאָמען אליהו דער פלאָטניק (זיין פאמיליע געדענק איך ניט).

בר-כוכבא וויל ניט, פארשטייט זיך, אז זיין ליבע דינה זאָל שטארבן אין תפיסה, קומט ער מיט זיינע קעמפער מלחמה האלטן קעגן רופוסן. ווען דינה דערוויסט זיך דערפון, קריכט זי ארויף אויפן דאַך פון דער תפיסה און האלט א לאנגע, דראמאטישע רעדע צו בר־כוכבא׳ן פאָדערנדיק פון אים ער זאָל ניט אנהויבן קיין מלחמה מיט רופוסן, ווייל ער וועט פארלירן דעם קאמף און אויך זיין לעבן. דינה ווארפט זיך אַראָפּ פון היוכן דאַך און ווערט דערהרגעט...

דער רעזשיסער פון ספעקטאַקל איז אויך געווען ניט קיין דערעטשינער. געהייסן האָט ער אהרן-יעקב און געווען איז ער א ישיבה-בחור, וואָס האָט געלערנט אין „אלטן מויער". ער האט זייער גוט צוגעפּאַסט די ראָלן צו יעדן איינעם פון די שפּילער און אויך גוט איינרע־זשיסירט מיט אלעמען די גאנצע דראמע.

איך געדענק, אז די אויפפירונג פון „בר-כוכבא" האָט אין דערעטשין געמאַכט א קאַלאַ-סאַלן איינדרוק און מ׳האָט לאנגע חדשים גע-רעדט וועגן דעם אין שטעטל. די הכנסה פון דער פאָרשטעלונג איז געגאנגען לטובת ארע-מעלייט אויף פסח. די דראָמע איז דריי מאָל געשפּילט געוואָרן. מיר, אלס דינה, האָט מען איינגעלאדן פון ארומיקע שטעט איך זאָל קומען אנטייל נעמען אין פארשיידענע פאָרשטעלונגען. פארשטייט זיך, אז איך האָב זיך אנטזאָגט.

★

דערעטשין האָט געהאָט א לעבעדיקע און פעאיקע יוגנט, וואָס האָט געוואוסט וויאזוי פריילעך און אנגענעם צו פארברענגען. דערביי זיינען די באַציונגען צווישן די יונגע בחורים און מיידלעך געווען קאָרעקטע און אָנשטענדיקע.

אזוי איז דורך מיין יוגנט אין דערעטשין, ביז איך האָב חתונה געהאט. ווי געוויינלעך, האָט דאָס געענדערט מיין גאנצן לעבנס-שטיי-גער, ס׳זיינען געקומען דאגות פרנסה, קינדער-דערציונג. נאָכדעם איז געקומען די ערשטע וועלט-מלחמה מיט אירע שווערע הונגער-יאָרן און נאָכדעם די פוילישע אָקופּאציע מיט די צרות פאר אידן.

אָבער דאָס אלץ זעט איצטער אויס ווי אַן אידיליע אין פארגלייך מיט היטלערס הערשאפט אין וועלכער דערעטשין, דאָס אַמאָליקע ליבע, פריילעכע דערעטשין איז אומגעקומען אין פּיין, מאַטערנישן, רציחות און ביטערן קאמף אין די וועלדער — אין יענע וועלדער, וואו מיר האָבן אי־ן אונזערע יוגנט-יאָרן געוועבט די שענסטע חלומות וועגן צוקונפט פון אונזער פאָלק און פון דער גאנצער מענטשהייט.

## זכרונות פון טאטנס שענק / דוואָשע קרעס-בעקנשטיין

געקומען בין איך קיין אמעריקע פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה, נאָך אלס יונגע מיידל, אין דערעטשין האָבן זיך אלע געוואונדערט: „ווי קומט עס, אז שמואל בעקנשטיין זאָל שיקן זיין טאָכטער קיין אמעריקע?" אין יענע יאָרן זיי-נען געפאָרן אין דער גאָלדענער מדינה אמעריקע נאָר אזעלכע, וואָס האָבן קיין פרנסה ניט גע־האט אין דערעטשין. בא אונז אָבער איז געווען פון אלעם גוטן, כאָטש קיין גבירים זיינען מיר קיינמאָל ניט געווען. מיר האָבן געהאט א שענק, א פארפאָר-הויז און א „פיוונע לאווקע", אָ ביר-געשעפט, אין וועלכן מיר פלעגן פאנאנדער-גיסן ביר פון פעסער אין פלעשער און דאָס פארקויפן. פארשטייט זיך, אז מיר האָבן דערויף געהאט א דערלויבניש מיט א פאטענט, לויט וועלכע ס׳איז דערלויבט געווען צו טרינקען בא אונז ביר, מעד און וויין, ווי אויך צובייסעכץ, אָבער קיין שנאפס האָבן מיר בא זיך ניט גע-טאָרט האלטן, ווייל אויף דעם איז געווען א מלוכה-מאָנאָפּאָל.

אָבער וויאזוי קען מען אויסקומען אָן שנאפס? האָבן מיר טאקע געהאט בא זיך פארבאהאלטן אויף פון דעם מין. געדארפט האָבן מיר מורא האָבן נאָר פארן „אקציזניק", ווייל ווען אזא

איינער קומט און כאפט בא אונז די שנאפס, דארף מען באצאָלן א געלט-שטראָף. איז דווקא אין דערעטשין געווען א גוטער „אקציזניק". ער האָט אונז געדארפט קאָנטראָלירן דריי מאָל אין מאָנאט, פלעגט ער פריער אריינקומען צו דער מומע עשקען אין קראָם, כדי אויף אזא אופן אונז צוּוויסן געבן אז אָט-אָט קומט ער צו אונז. ביז זיין אָנקום פלעגן מיר שוין ברענגען אלץ אין אָרדענונג. ווען ער פלעגט אריינגיין צו אונז אין קראָם, איז אים געבליבן בלויז אונטערצושרייבן אין ביכל, אז ער האָט געפונען אלץ ווי ס׳דארף צו זיין. איין מאָל א מאָנאט פלעגט אויך קומען אויף א רעוויזיע א קרייז-קאָנטראָלער, און דער אָרטיקער אקציזניק פלעגט אונז צוּוויסן געבן וועגן דעם באצייטנס, כדי ער זאל בא אונז ניט געפינען קיין פארבאָטענע סחורה.

אזוי האָט זיך דאָס געצויגן, ביז ס׳איז צו דער גוטער לאגע געקומען א סוף. עמיצער האָט פארמסרט דעם „אקציזניק" און מ׳האָט אים אוועקגעשיקט פון דערעטשין, אויף זיין אָרט איז געקומען א נייער „אקציזניק", א קידר, מיטן נאָמען ראפאלאָוויטש. ער איז געווען באקאנט אלס שלעכטער מענטש, וואָס מאכט אָן צרות יעדן איינעם אין שטעטל.

נאָך ווינציק געווען פאר אונז די צרה, איז אונז צוגעקומען א גרעסערע: איינמאָל, שפעט ביינאכט, זיינען בא אונז אין הינטערשטן צימער געזעסן עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן געארבעט ביים קאָסטיאָל, און האָבן געגעסן און געטרונקען. אין א פריוואטן צימער האָט מען ניט געטאָרט אפילו ביר טרינקען. מיטאמאָל הערט מיין פאָטער, אז מ׳קלאפט אין טיר. ער עפנט אויף די טיר און זעט פאר זיך א שיין-געקליידעטן מאן, אין ציווילע בגדים. יענער פרעגט מיין פאָטער, צי קען ער איבערנעכטיקן בא אונז. דער פאָטער האָט אים אריינגענומען אין א צימער. האט יענער געבעטן א פלעשל ביר, און מיין פאָטער האט אים דאס באלד אריינגעבראכט. דער גאסט האט אויסגעטרונקען איין גלאז ביר פון פלאש און האט זיך געווענדעט צום פאטער: „ווייסטו ווער איך בין?" און באלד נעמט ער ארויס פון טאש אן אָפיציעלע צייגניש און ווייזט עס מיין פאָטער. דעם טאטן איז פינסטער געוואָרן פאר די אויגן: געווען איז דאָס זאיאץ, דער הויפט-רעוויזאָר איבער אלע אקציזניקעס אין גראָדנער גובערניע. געהאט האט ער א נאָמען פון א רשע מרושע, פאר וועלכן אלע האָבן געציטערט. מיין פאָטער האט געוואָלט צונעמען די פלאש ביר, האט יענער אים ניט געלאָזן, זאָגנדיק אז ער דארף די פלאש אלס באוויז, כדי שפעטער, בא דער אָנוועזנהייט פון א „סטראזשניק" צוגרייטן דעם פראָטאָקאָל קעגן מיין פאָטער. צו אלע צרות איז עס געווען ערב א חגא, ווען דער פארקויף פון שארפע געטראנקען איז פארבאָטן גאנצע דריי טעג. פונקט אין אזעלכע טעג פלעגן מיר זיך ריכטן אויף א גרויסער לייזונג און ס׳איז בא אונז געווען צוגעגרייט אין שכנותדיקן צימער א סך שנאפס.

ס׳איז שוין געווען האלבע נאכט, ווען דער טאטע איז אריין צו אונז, די קינדער, און אויפגעוועקט פון שלאָף מיר און מיין ברודער יעקב-חיים. אין צימער, אין וועלכן ס׳איז געלעגן דער גרויסער זאפאס שנאפס, איז געשלאָפן אונזערס א קליין קינד, האָבן מיר אים אויפגעוועקט, כדי ער זאָל וויינען און אזוי ארום זאָל דער בייזער „גאסט" פון צווייטן צימער ניט הערן וואָס מיר טוען.

געטאָן האָבן מיר, וואס מ׳האט געמוזט טאָן: מיר האָבן לאנגזאם אריינגעלייגט די פלעשער שנאפס אין קאָשיקעס און דאָס דערלאנגט דעם טאטן דורכן פענסטער. פון גאָרטן האָבן מיר דאס שפעטער אוועקגעשלעפט און באהאלטן בא לייבע וואליצקין דעם שוסטער אויף סלאָנימער גאס. נאכדעם זיינען מיר אוועק צו אלע דערעטשינער שענקערס, זיי אויפגעוועקט און אָנגעזאָגט, אז ס׳גרייט זיך א רעוויזיע. אין אלע שענקען איז טאקע צוגעגרייט געווען א זאפאס בראָנפן. שפעט ביינאכט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז צוזאמען מיט אונזער שפעטן און געפערלעכן „גאסט" זיינען אָנגעקומען נאך צוויי „טשינאָווניקעס". זיי זיינען איינגעשטאנען בא יאָשע מישקינען, בא וועלכן ס׳איז געווען די סטאנציע פון דער נאטשאלסטוואָ.

צומאָרגנס האָבן די דריי רעוויזאָרן געזוכט און געגנישטערט אין אלע אידישע שענק, אבער זיי זיינען אוועקגעפאָרן מיט גאָרניט.

# ביטערע און זיסע זכרונות / נחום בליס־בליזנאנסקי

יזכור! ס׳איז לייכט ארויסצוזאָגן דאָס וואָרט, אָבער מיט וועלכע זכרונות דאָס איז פארבונדן! פאר מיר, אלס דערעטשינער, ברענגט דאס ארויף אויפן זכרון אונזער שטעטל, אירע אידן און דעם ביטערן גורל זייערן.

צוזאמען מיט דער אידישער קהילה איז אומגעקומען א גרויסער טייל פון דער משפחה מיינער, די קינדער און אייניקלעך פון מעשל בליזנאנסקי. וואס ס׳איז געוואָרן פון אזא גרויסער משפחה! פון די צען ברידער און שוועסטער, מיט אלע זייערע פיל קינדערלעך, זיינען ביים לעבן געבליבן, צעזייט און צע־שפרייט איבער דער גאנצער וועלט, אינגאנצן 9 פערזאָן. איך בין שוין לאנגע יאָרן אין אמעריקע. איך בין געווען דער עלטסטער זון אין דער משפחה. אונזער אינגסטע שוועסטער איז ניצול געוואָרן פון די דייטשע מערדערישע הענט. נאָך זיבן פון די אייניקלעך געפינען זיך אין פארשיידענע מדינות.

אָבער פון מיינע קינדער־יאָרן, ביז בר־מצוה ווערן, האָב איך זיסע זכרונות פון אונזער דערעטשין. מיין טאטע האָט מיר אוועקגעגעבן צו די בעסטע מלמדים אין שטעטל, צוערשט צום ר׳ אברהם-חיים, דעם אלף-בית-מלמד, נאכדעם צו ר׳ אלטערן, צו ר׳ שלמה דעם „קאזיאָנעם רב״, שפעטער האָב איך געלערנט גמרא בא ר׳ דוד חיים שמעונס, און צום סוף בא ר׳ חיים-יצחק אין תלמוד-תורה, ביז בר-מצוה.

נאכן בר-מצוה ווערן בין איך אוועקגעפאָרן לערנען אין ישיבה, אין דער פרעמד. געגעסן טעג און אהיים געקומען זייער זעלטן, נאָר אויף ימים-טובים. ווען איך בין א ביסל עלטער געוואָרן, בין איך אוועק אין די גרויסע שטאָ־טישע צענטערן—קיין ווילנע, ווארשע. שפעטער געווען אייניקע יאָר אין דייטשלאנד, אין שווייץ און פון דארטן אוועק קיין ארגענטינע. מער ווי 53 יאָר האָב איך אָפּגעלעבט אין אמעריקע.

איצטער בין איך שוין אן אלטער מאן. די זיסע זכרונות פון מיינע יוגנט-יארן אין דערע־טשין מישן זיך מיר אויס אין קאָפּ און אין הארצן מיט די ביטערע זכרונות פון מיינע אומגעקומענע טייערע קרובים. שווער, שווער איבערצולעבן דאס אלץ.

# אידישלעך ביזן לעצטן אטעם / משה קוויאט

איך וויל דערציילן וועגן אונזער שטעטל וואס איך געדענק פון מיינע קינדער־יאָרן. עס זיינען שוין זייט דאן אוועק א סך יאָרן פון מלחמות, שחיטות און פארטיזאנישע קאמפן אין די וועל־דער, און ס׳קען זיין, אז א טייל פון מיינע זכרונות פון יענע ווייטע יאָרן זיינען ניט אזוי פינקטלעך, אבער די לעזער פון אונזער ספר־זכרון וועלן מיר מוחל זיין, אויב איך האָב א קליינעם טעות ביים דערציילן מיינע זכרונות. דער עיקר איז מיין גוטע כוונה צו שילדערן די אידן פון יענע דורות אין אנהויב פון היינ־טיקן יאָרהונדערט.

### דאָרפישע אידן

גוטע, טרייע און פרומע אידן זיינען זיי גע־ווען, די ישובניקעס פון ארום דערעטשין. כמעט אין יעדן דאָרף איז געווען א איד א פאקטער, אן ארענדאטאָר און אויך אן ערד־ארבעטער. אין געוויסע דערפער האָבן געלעבט עטלעכע אידישע משפחות.

זיי זיינען אלע געווען פרום, א סך פון זיי האָבן אויך געקענט לערנען. און ווייל זיי האָבן געלעבט צווישן גוים, האָבן זיי באזונדערס

געזאָרגט פאַר דער אידישער דערציאונג פון זייערע קינדער.

ימים־נוראים און אויף אנדערע ימים־טובים פלעגן זיי קומען קיין דערעטשין דאַווענען אין אונזערע בתי־מדרשים. אין שטעטל פלעגט מען פון זיי האַלטן און זייער פיין אויפנעמען.

אזוי קען איך ניט פאַרגעסן דעם ישובניק פון פאַצעוויטש, א דאָרף צווישן דערעטשין און פיעסק. ער איז געווען א גאַנץ פאַרמעגלעכער איד. אזויווי אונזערע דערעטשינער הענדלער און בעלי־מלאכות פלעגן פאָרן יעדן חודש אויף צו די ירידים אין פיעסק, איז זיי שטענדיק אויסגעקומען פאַרבייפאָרן דעם דאָרף. און דער איד, דער ישובניק, פלעגט שוין שטיין אין דרויסן, אויפן וועג, און פאַרהאַלטן יעדן דערע־טשינער. מ׳האָט געמוזט אריינגיין צום אים אין קרעטשמע, עפעס ביי אים אָפעסן און אויסטרינקען — ער האָט קיינעם ניט דורכגע־לאָזן פאַרבייפאָרן אָן א כיבוד אין זיין קרעטשמע, און מ׳האָט אים ניט געוואָלט באַליידיקן.

מיין טאַטע עליו־השלום פלעגט מיר דער־ציילן, וויאזוי דער פאַצעוויטשער קרעטשמער האָט אים ניט איינמאָל ממש אריינגעשטופט מיט כוח אין קרעטשמע, געגעבן עפעס איבער־צובייסן און אפילו גענויט אריינצוגיין אין א באַזונדער חדר זיך אויסרוען, ארומוואַשן פון זומערדיקן שווייס, און ערשט דאַן אים געלאָזן גיין ווייטער קיין פיעסק צום יריד.

ס׳איז שוין שווער אויסצורעכענען די נעמען פון אַלע ישובניקעס אין אונזער געגנט. איך געדענק נאָר, ווי דער טאַטע האָט אונז דער־ציילט, אז די שיינע טאָכטער פון דעם ישובניק בערל פלישינער האָט זיך פאַרליבט אין א שייגעץ און געוואָלט זיך שמדן. איר טאַטע האָט וועגן דעם גאָרניט געוואוסט, אָבער מיין פאָטער, צו וועלכן ס׳ זיינען דערגאַנגען די קלאַנגען, איז באַלד אוועק צו בערלען און אים דערציילט די ביטערע בשורה. דער ישובניק האָט גלייך גענומען זיך צו זיין טאָכטער און איר אוועקגעשיקט קיין אמעריקע. אזוי האָט איין איד אַליין געטאָן פאַרן צווייטן.

די דאָרפישע גויים האָבן אָפשיי געהאַט פאַר זייערע אידן די ישובניקעס, זיי פלעגן קומען צו זיי נאָך אן עצה, אפילו אין משפחה־פראַגן.

### די דערעטשינער מעשטשאַניעס

מיין זיידע, עליו השלום, א סטאָלינער חסיד, איז געווען א גויישקער שניידער. ער פלעגט נייען פאַר די גויים פון שטעטל, פאַר די „מעש־טשאַניעס". געדענק איך, אז ווען ס׳איז אויס־געבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה און מ׳האָט גענומען מאָביליזירן דעם „זאַפּאַס", די עלטערע קריסטן, זיינען פיל פון די מעשטשאַ־ניעס געקומען צו מיין זיידן, אז ער זאָל זיי געבן א ברכה פאַר זייער אוועקגיין אויף דער מלחמה. מיין זיידע פלעגט זיי געבן זיין האַנט און ווינטשן זיי, אז זיי זאָלן קומען צוריק אהיים געזונטע און גאַנצע. האָט זיך פונקט געמאַכט, אז ביז וואַנען די דערעטשינער סאָל־דאַטן זיינען אָנגעקומען ביז סיביר, האָט זיך שוין די מלחמה געענדיקט...

און איך געדענק, אז אין דערעטשין זיינען געווען אַזעלכע קריסטלעכע ווייבער, וועלכע פלעגן ברענגען מתנות, על־פי רוב האַנטיכער, אין די בתי־מדרשים, ווען עס פלעגט ביי זיי אין משפחה עמיצער קראַנק ווערן. און נאָך געדענק איך, אז ווען אַרקע דער שול־רופער פלעגט קומען צו אונז אויף זעלווער גאַס, וואָס איז געווען א געמישטע פון אידישע און קריסטלעכע הייזער, און אינמיטן נאַכט וועקן מיין טאַטן און אַנדערע אידן צו סליחות מיט אַזעלכע הויכע געשרייען, — האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט, אז א גוי זאָל אַרקען, אָדער עמיצן פון די אידן אין אונזער גאַס, זאָגן צוליב דעם א שלעכט וואָרט.

גאַנץ אַנדערש, מערדעריש און רויבעריש, האָבן זיך צו אונז באַצויגן די אָרטיקע מעש־טשאַנעס, אין זייער גרויסער מערהייט, בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, פאַר דער שחיטה און נאָך איר.

### פון ראש־חודש אלול ביז שמחת־תורה

איך בין א זון פון א פרומער משפחה. מיין מוטער איז געווען אזוי אידישלעך־פרום, אז זי האָט יאָרן־לאַנג גענומען פון א סך שכנים ארום יעדן פרייטיק זייערע טשאָלנט־טעפּ אין איר באַק־אויוון אריין, כאָטש באַק־אויוונס זיינען געווען אין יעדער אידישער שטוב. „איך

ווייל פארדינען נאָך א מצוה און נאָך א מצוה״ — פלעגט זי ענטפערן, ווען איך פלעג איר פרעגן, פארוואָס זי גייט באדינען אנדערע באַלעבאָסטעס מיטן טשאָלנט־שטעלן.

ס׳קענען זיך ניט פארגעסן די אָסיענדיקע טעג פון ראש־הודש אלול ביז נאָך שמחת־תורה. מיטן אָנקומען פון חודש אלול פלעגט אויף אונז, די יונגוואַרג, און אויך אויף די עלטערע, אָנפאלן אזא פחד. איך פלעג אזוי דעם גאנצן חודש, און נאָכדעם אין די ימים נוראים, ציטערן ווי א פיש אין וואסער. איך האָב נאָך אין יענע יאָרן ניט פארשטאנען וואָס דאָס באדייט.

יום־כיפור איז געווען א טאָג פון דאוונען, פאסטן און ציטערן. מ׳פלעגט קוים דערווארטן נעילה — און באלד זיך נעמען בויען די סוכה. דאָס איז פאר אונז געווען א צייכן, אז עס קומען איצטער לייכטערע, פריילעכע טעג.

מיט וואָס פארא פרייד מיר פלעגן אויפשטעלן די ווענטלעך פון דער סוכה, זיך סטאַרען, אז אונזערע זאל זיין שענער און בעסער ווי אנדערע סוכות ארום אונז, און מיר פלעגן ברענגען א סך גרינע צווייגן, כדי צו באפוצן די סוכה פון אינעווייניק און פון דרויסן.

שמחת־תורה איז פאר אלעמען, און נאָכמער פאר אונז אינגלעך, געווען א פריילעכער יום־טוב. אפילו די גויים פון שטעטל פלעגן קומען הערן דעם חזן זינגען און זיך צוקוקן צו די הקפות. שמחת־תורה בייטאָג פלעגן אידן טרינקען אין די שולן און גיין אויף א גלעזל מיט צובייסעכץ איינער צום צווייטן. פריילעך איז געווען אין דרעטשין!

מיין פאָטער האָט מיר דערציילט, אז איינמאָל איז ער צומאָרגנס נאָך שמחת־תורה אָנגעקומען אין א שכנותדיק שטעטל און האט געזען אין עטלעכע אידישע הייזער צעבראָכענע שויבן. וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן? אין יענעם שטעטל זיינען געווען צוויי רבנים, און יעדער רב האָט געהאט זיין צד. שמחת־תורה האָבן זיך די אידן פון ביידע צדדים גוט אָנגעשיכורט און אָנגעהויבן זיך ווערטלען און קריגן איינע מיט די אנדערע — ביז ס׳איז געקומען צו געשלעגן און מ׳האט אָנגעהויבן ברעכן די שויבן...

אין דערעטשין זיינען אזעלכע קריגערייען קיינמאָל ניט געווען. דרעטשין האָט שטענדיק געהאט איין רב.

### די מאכט־האָבער פון דערעטשין

פון מיינע קינדער־יאָרן געדענק איך דעם אידישן סטאַראָסטע שלום מאנסקי. ער פלעגט ארויסגעבן אלעמען פאספאָרטן און יעדעס יאָר מעלדן ווער ס׳דארף גיין דינען. אין זיין קאַנצלעריע האָט אויך געארבעט א קריסט אלס סעקרעטאר, דער מעשטשאנין סינקאָוויטש. זיין הויפט־ארבעט איז געווען צו שטעלן דעם שטעמפל אויפן פאס. געווען איז דאָס אלץ נאָך ביים צאר ניקאָליי.

איך געדענק נאָך שלמה דעם „קאזיאָנער ראבין״, וועלכער האָט געדארפט פארשרייבן די ניי־געבאָרענע קינדער ווי אויך די פארשטאָרבענע איינוואוינער פון דערעטשין.

די מאכט אין שטעטל איז באשטאנען פון א פריסטאוו, אן אוראדניק און סטראזשניקעס פון דער זשאנדארמעריע. צווישן זיי איז געווען איין אידישער סטראזשניק. ער פלעגט גיין מיטן קריסטלעכן סטאראָסטע מאָנען צינזן. טאָמער האָט עמיצער ניט געצאָלט די צינזן, פלעגט ער א כאפ טאָן די לייכטער און אנטלויפן. מ׳האָט געמוזט אים נאָכיאָגן און אויסלייזן די „שבתדיקע לייכטער...

### די פאָזשארנע קאָמאנדע

אין יענע יאָרן איז שוין געווען אין דערעטשין א שיינע פאָזשארנע קאָמאנדע מיט א פיינעם אָרקעסטער — אלע בלויז אידן. דער הויפט־קאָמענדאנט פון פאָזשארנע איז געווען זלמן ווינשטיין.

אזויווי אין אנדערע שטעט איז אויך אין דערעטשין לאנגע יאָרן אָנגעגאנגען א ביטערער קאמף פאר דער „נאטשאלסטוואָ״ אין פאָזשארנער קאָמאנדע צווישן ווינשטיינען און יאנקל דוואָרעצקין. יעדער איינער האָט געוואָלט געווינען די סימפאטיע און שטימען פון דעם עולם פשוטע פאָזשארניקעס, און די לעצטע פלעגן טאקע פון דעם געניסן — באקומען פון ביידע צדדים זייער אָפט גוט צום עסן און טרינקען...

די גויים פלעגן ממש פלאצן פאר קנאה, זעענדיק די מונדירטע אידישע פייערלעשער, דעם קאָמענדאנט מיט די ווייסע הענטשקעס בעת די פאראדן, די קריסטן פלעגן דאן בלויז מוזן מאכן נאכט־דיזשורן אויף פערד פאר דער פאָזשארנער קאָמאנדע.

### דערעטשין איז געווען אידיש

שבת איז אין דערעטשין געווען — שבת, יום־טוב איז געווען — יום־טוב. די גויים אין שטעטל האָבן דאס גוט פארשטאנען און שבת פלעגט מען כמעט ניט זען אין די גאסן אויך קריסטלעכע פערד־און וואָגן. בכלל פלעגט מען שבת און אין די ימים נוראים כמעט ניט זען קיין גוי אין די גאסן.

טאָמער פלעגט אויספאלן א יריד אויף א שבתדיקן אָדער יום־טובדיקן טאָג, פלעגט שוין דער קריסט, וואָס האָט זיך דערמיט פארנומען, מעלדן און אויסהענגען א מודעה, אז דער יריד ווערט אָפּגעלייגט אויף א וואָכעדיקן טאָג.

און וויפל די גויים, מיט זייערע גובערנאטאָרן און גלחים, האָבן זיך געסטארעט מאכן דערע־טשין מער „קריסטלעך", מער רוסיש — האָט עס זיי ניט געהאָלפן. ס'האָט אויך ניט געהאָלפן די דייטשן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה צו „פארדייטשן" אונזער שטעטל, און אויך ניט פאָלאקן צו „פארפוילישן" דערעטשין.

ביזן לעצטן טאָג פון איר אונטערגאנג איז דערעטשין געווען אידיש און אידישלעך — און אזא איז זי אויך אומגעקומען.

## יענע פרומע, ארנטלעכע אידן / אסתר ניסענבאום־בריקער

מ'קען ניט פארגעסן יענע אידן, פרומע און אָרנטלעכע, אָרעמע און גלויביקע, וועלכע זיינען שוין היינט ניטא אין די מדינות אין וועלכע מיר זיינען פארוואָגלט געוואָרן.

פון אלע שיינע, לויטערע טיפּן קומט אָפּטער צום זכרון מיין אייגענע משפחה, די פאמילע פון יצחק-יעקב בריקער און זיין פרוי חנה-רחל. ער איז געווען א געבילדעטער מענטש, געקענט לערנען, און דער רב האָט אים ניט איינמאָל איינגעלאדן אלס איינעם פון די בור־ררים, ווען אידן האָבן געהאט א סכסוך צווישן זיך.

געווען איז ער פיזיש א שוואכער מענטש און אָפט פלעגט ער ניט קענען גיין אין שול אריין צו שחרית, אָבער יעדן נאכמיטאָג איז ער צו מנחה געווען אין בית-המדרש, געלערנט א בלאט גמרא, א פרק משניות, און ארום אים זיינען תמיד געזעסן פילע צוהערער און געשלונגען זיין יעדעס וואָרט.

ס'דערמאָנט זיך מיר דער טאָג, ווען די באָבע שרה-הינדע איז געשטאָרבן. דער טאטע איז געקומען פון דער קבורה, זיך אוועקגעזעצט שבעה און אָנגעהויבן לערנען איוב. אונזער הויז איז גלייך איבערפולט געוואָרן מיט מענ־טשן. ס'איז געווען א זומער-טאָג, האָבן מיר געעפנט די פענסטער און א סך שכנים האָבן זיך ארומגעשטעלט — אלע האָבן זיך צוגעהערט צו די טענות פון איובן אין זיין גרויסן אומ-גליק.

דאס הויז איז שטענדיק אָפן געווען, פאר אידן ווי פאר קריסטן. ס'זיינען דאָרטן איינ-געאָרדנט געוואָרן חתונות, מיט באדעקנס און מיט אלע צערעמאָניעס צו דער חופה; שבת נאכן דאווענען איז דאָרטן פאָרגעקומען דער לעקאך-און-בראנפן פאר מחותנים און פאר-נאכט — די גרויסע שלוש-סעודות. דאָס הויז פלעגט אוועקגעגעבן ווערן אָן באצאָלט און די מחותנים האָבן בלויז געדארפט העלפן ארויס-טראָגן די מעבל, כדי ס'זאָל זיין גרוימער. די גרעסטע הנאה פון די חתונות האָבן געהאט מיר, די קליינווארג.

געשטאנען איז דאס הויז אנטקעגן דער פראוואָסלאוונער צערקווע. אין דער ניטל-נאכט און ניי-יאָר, ווען ס'איז געווען שטארק קאַלט, איז דאָס הויז געשטאנען אָפן פאר די קריסטן, זיי זאָלן זיך קענען א ביסל דערוואַרעמען.

יאָ, געווען אמאָל אזעלכע אידן. לאָמיר זיי שטענדיק געדענקען.

# א נאכט־רייזע מיטן דיליזשאנס / מלכה אלפער

דערעטשין איז געווען ענג פארבונדן מיט סלאָנים, איר „אויעזד״, אין מסחר, בילדונג, אדמיניסטראציע, מעדיצין א. ד. ג. אזויווי דערעטשין איז געלעגן ארום 15 קילאמעטער ווייט פון א באַן־סטאנציע, פון וועלכער די באַן האט געפירט קיין סלאנים, איז די פראקטישסטע פארבינדונג מיט סלאנים געווען — מיט פערד, ס׳הייסט מיט דיליזשאַנסן. דער דיליזשאנס איז געווען א גרויסע פור באדעקט מיט א בויד, וועלכע האט געדארפט שיצן פון זון און פון רעגן.

פון דערעטשין איז דער דיליזשאנס געפארן כמעט שטענדיק ליידיק פון משא, אבער צוריק, פון סלאנים קיין דערעטשין, איז די פור געווען אנגעלאדן מיט וואס מ׳האט נאר געקענט אנפאקן אין וואגן אריין, און אויבן, אויף די אלע פעק און פעקלעך, האט מען אריינגעפאקט די „פאר־שוינען״ — די פאסאזשירן.

עס געדענקט זיך מיר פון די קינדער־יארן א הייסע זומער־נאכט ביי שלום־הירשל דעם דיליזשאנס אין ביידל. דער וואגן איז געווען אנגעפאקט מיט פעסלעך, זעק און קאסטנס און ס׳איז אין אים איינגעשפאנט געווען א פאר־מאטערטער פערד. נאך מער פארמאטערט האבן אויסגעזען די פאסאזשירן, ארייגעפאקטע אין דער בויד, וואס האט באדעקט דעם גרעסטן טייל פון וואגן.

ר׳ שלום־הירשל אליין, וועלכער איז די נאכט פארדעם געפארן פון דערעטשין קיין סלאנים און איז דעם גאנצן טאג ארומגעלאפן איבער די געשעפטן אפגעבן די באשטעלונגען און אפנעמען די סחורה, האט נעבאך איינגעדרימלט זיצנדיק אויפן וואגן הינטער זיין פערדל. דעם בייטש האט ער פארבאהאלטן, כדי מ׳זאל אים ניט נעמען און אונטערטרייבן דעם פערד, וועל־כער, האט זיך אפט אפגעשטעלט און בשום אופן ניט געוואלט זיך רירן פון ארט.

די מענטשן אין ביידל פרובירן אויך כאפן א דרימל: איינער אנגעשפארט מיטן קאפ אויפן אקסל פון צווייטן, אדער אויף א פאק מיט סחורה, און ווער עס האט ניט וואו דעם קאפ אנצושפארן, דרימלט און שאקלט מיטן קאפ פון רעכטס אויף לינקס אדער ארויף און אראפ — אלץ לויטן ריטם פון דער פור, וואס שלעפט זיך אויף א ניט־געפלאסטערטן וועג.

שטעלט זיך דער פערד אָפּ, כאפן זיך אויף די פאסאזשירן, — אבער ניט ר׳ שלום־הירשל. מ׳פרובירט אונטערטרייבן דעם פערד, אבער ער רירט זיך ניט פון ארט.

— „ר׳ שלום־הירשל, דער פערד שטייט...״ — וועקט אים אויף א פאסאזשיר וואס זיצט נאנט צו אים.

דערהערט דעם נאמען פון זיין בעל־הבית, רירט זיך דער פערד פון אָרט, באגלייט מיט ר׳ שלום־הירשלס פארשלאָפענעם וויאָ! וויאָ!

איינער פון די „פארשוינען״ האט איינגעקויפט אין סלאנים א קוכן (סלאנימער קוכן האבן געהאט א נאמען אין דער גאנצער געגנט). אין א פאליוועגעם טעפעלע האט ער אויך געפירט מיט זיך א שטיקל פוטער. און אזוי אין מיטן דער זומערדיקער נאכט, ווען די לופט אין דרויסן איז ווארעם און די היץ אין דער בויד איז גרויס פון די אנגעפאקטע מענטשן, — נעמט ער ארויס פון דער פאטשיילקע דעם קוכן, שטעקט אריין זיין פינגער אין טעפעלע מיט די פוטער, שעפט ארויס פון דארטן א ביסל פון דעם צעגאנגענעם פעטס, שמירט עס אויפן קוכן און... עסט מיט אפעטיט.

אוי, ווי קריגט מען זיך ארויס פון אָנגעפאקטן ביידל, פול מיטן ריח פון ניט־פרישן פוטער, אויף דער פרישער לופט ארויס! אבער גיי קריך איבער פיס, הענט און אפילו קערפערס. זיצט מען אזוי איינגעפרעסט א גאנצע נאכט און מ׳קען זיך פון ארט ניט רירן.

א שטיקל אטראקציע אין מאנאטאנעם און מאטערנדיקן פארן איז די געבילעריי פון הינט, ווען מ׳פארט דורך א גויאישן דארף. דאס

פערדל דערשרעקט זיך, הויבט שנעלער זיינע פיס. דער שמייסער פייפט אין דער לופטן מיט זיין בייטש, כדי צו פארטרייבן די הינט. און די „פארשוינען" האבן הנאה — דער פערד גייט גיכער און די גרויסע בויד שיצט זיי פון די הינט...

די נאכט גייט אויס און א גרויער פרימארגן קומט אן אויף איר ארט. אין דער גרויקייט לאזט זיך שוין זען פון דער ווייטן דער שפיץ פון דערעטשינער צערקווע. ס׳ווערט א ביסל לעבעדיקער אויף דער נשמה, אט באלד וועט נעמען א סוף צו דער מאטערנדיקער נסיעה.

# א לערערין אין דערעטשין / חנה נאַוויק

פאר מיינע אויגן גייט דורך א גאלעריע פון נאָנטע, ליבע מענטשן, פארגעסענע פייזאזשן און איבערלעבונגען, פארבונדן מיט מיין פריס-טער יוגנט, וועלכע בלייבן אזוי טיף איינגע-קריצט אין זכרון.

איך געדענק, ווי זייענדיק נאָך א קינד, האָב איך מיט מיין ברודער פארבראכט כמעט א יאָר ביים זיידן אין נאצקעווע. געווען איז דאָס נאך אונזער מוטערס טויט. איינמאָל בין איך געפאלן און אויסגעלונקען א האנט, האָט מיר דער זיידע געפירט צום דאָקטאָר נאוויצקי, דערנאָך האט מער מיר געבראכט צו דער פאמיליע פעלדמאן, וואו עס זיינען געווען א סך קינדער, און שפעטער איז ער מיט מיר געגאנגען צו בעבען אין געשעפט. פון דאן אָן געדענקט זיך מיר, אז בעבע, א נידעריקע פרוי מיט קלוגע, פריינטלעכע אויגן און א זיסער, ווייבלעכער שטימע, האָט אויף מיר געמאכט זייער א גוטן איינדרוק. איך בין געווען אזוי צופרידן, ווען מיין זיידע, מרדכי-בנימין נאָוויק, האָט מיר נאָכדעם דערציילט, אז אויף די ימים נוראים קלייבט ער זיך, צו-זאמען מיט דער באָבען, קומען קיין דערעטשין און איינשטיין בא דער גוטער פרוי — בא בעבע ראבינאָוויטש.

מיט יאָרן שפעטער האָט מיין זיידע פאר מיר געפונען א היים בא פראדל גאָלדבערג. דאָס איז געווען דאן, ווען איך האָב באשלאָסן זיך פארנעמען מיט לערעריי — געבן פריוואטע לעקציעס — אין דערעטשין. פראדל האָט געהאט א שניט-קראָם, פלעגט זי אויפשטיין גאנץ פרי, צוגרייטן עסן פאר איר עלטערן

זונעלע שלמה׳קע, וועלכער איז שוין געגאנגען אין חדר, און פארן קלענערן, וואָס איז געב-ליבן אין דערהיים מיט זיין באָבען, פראדלס אלטע מאמע.

פראדלס הויז איז געשטאנען אין מיטן שטעטל. אנטקעגן איז געווען אלפערס אפטייק, בעבעס געשעפט, יאכעס הויז און דער וועג צום שול-הויף, וואו ס׳פלעגט כמעט יעדן פרייטיק פאָרקומען א חתונה. חופה פלעגט מען שטעלן אויפן שולהויף, און ווען איך פלעג הערן די כלי-זמרים שפילן, האָב איך שוין געוואוסט, אז מ׳פירט חתן־כלה צו דער חופה. פלעג איך שוין אויך צוגיין אהין און זיך טרעפן מיט באקאנטע.

מיט וואָס פאר אן אומגעדולד איך האָב דערוואַרט דעם פרייטיק! ווען כ׳פלעג אויפ-



פון רעכטס צו לינקס: ש. ראָטשטיין, מוזיק־לערער און קאַפעלמייסטער; זיין פרוי אידלע און איר שוועסטער רחל —ביידע אקושערקעס, טעכטער פון מאיר־שיע דעם פעלדשער

שטיין אין דערפרי, איז שוין די פּאַדלאָגע אין הויפּט-צימער געווען אויסגעשמירט מיט וואקס, אויפן טיש, וועלכער איז געווען באדעקט מיט א שניי-ווייסער טישוך, זיינען געשטאנען פינקלענדיקע לייכטער מיט ליכט, גרייטע צום בענטשן. צוויי חלות זיינען געלעגן אויבנאָן, צניעותדיק צוגעדעקט מיט א טישטיכל, דער אויוון איז געווען פארשטעלט מיט א ברעטל און ס׳האָבן זיך פון אים געטראָגן רייצנדיקע ריחות פון שבתדיקע מאכלים.

פרייטיק בייטאָג פלעגט שוין פראדל פארמאכן איר קראָם. נאָכן קומען אהיים פלעגט זי אָנטאָן אירע שבת-קליידער, פארפוצן די צוויי אינגעלעך און איר אלטע מאמע און זיך גרייטן מקבל שבת זיין. איר פנים הט אויסגעזען אינגאנצן אנדערש ווי אין די וואָכן-טעג: איר שטענדיק פארהאָרעוועטער פנים האט געשיינט, די קנייטשן האָבן זיך אויסגעגלייכט. ווען זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אָפּגעזונגען דעם שבתדיקן קידוש, האָט אויף איר די שכינה גערוט. נאכן שבתדיקן מאָלצייט פלעג איך מיט איר ארויסגיין אויף א שפּאציר און זי פלעגט מיר דערציילן וועגן איר פריפארשטאָרבענעם מאן און וועגן אירע פלענער וויאזוי אויסצוהאָדעווען אירע צוויי קינדערלעך.

ווען איך הער היינט ריידן וועגן שבת, שווימט באלד ארויס פאר מיינע אויגן פראדלס געשטאלט מיט איר פרייטיק-צו-נאכט.

אין מיטן מארק האָט זיך אויך געפונען מאיר-שיע דעם פעלדשערס הויז. דאָרטן זיינען געווען צוויי טעכטער. די עלטערע האָט געהייסן רבקה. יוגנט פלעגט זיך דאָרטן פארזאמלען, האָב איך אויך גענומען אהין אריינקומען, אָבער איך האָב זיך עפּעס ניט אריינגעפּאסט אין דער קאָמפּאניע, כאָטש אלע האָבן זיך צו מיר באצויגן זייער פריינטלעך.

אָט דאן בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו יאכען אין הויז, אויף א ליטערארישן אָוונט, אויף וועלכן ס׳וועט ארויסטרעטן מיט א רעפעראט איר מאן, חיים, כ׳האָב זיך דאָרטן באקענט מיט רבקה ראבינאָוויטשן, וועלכע איז לאנג געבליבן מיין נאנטער פריינט. דאָרטן האָב איך זיך אויך באפריינדעט מיט יהודית פלאָטקין, דעם רבס טאָכטער, מיטן לערער פינצאָוו, מיט רחל קאפלאן. ס׳האָט זיך פאר מיר געעפנט א נייע, אינטערעסאנטע וועלט. איך האָב אפילו אָנטייל גענומען אין צוויי טעאטער-פאָרשטעלונגען, וועלכע זיינען דערפאָלגרייך דורכגעפירט געוואָרן אונטער חיימס רעזשי אין א פול-געפּאקטן שייער אין עק שטאָט. די הכנסה איז געגאנגען אויף א זייער א נויטיקן צוועק. די צוויי איינאקטערס זיינען געווען: שלום-עליכמס „מזל טוב" און „דער דאָקטער". די קינדער פון שטעטל האָבן נאָך מיין שפּילן לאנג מיר גערופן „זשע וואו פּרי" — א פראנצויזישער זאץ, וועלכן ס׳איז מיר אויסגעקומען צו זאָגן אין מיין ראָל.

און ווי קען איך פארגעסן דעם זומער אין דערעטשין? די באגעגענישן אויף א בריקל נאך בליזנאנסקיס הויז, דאס ערשטע הויזביים ארייִנפאר פון נאצקעווע קיין דערעטשין. אָנטקעגן האָט זיך געצויגן א פּארק, איבער וועלכן די לבנה פלעגט שיינען ליכטיקער און פריינטלעכער ווי ערגיץ אנדערש. ביים פארק, אין אן אלטן הויז מיט גאָר גרויסע צימערן, האָט געוואוינט מיין זיידנס ברודערס א טאָכטער פון דאָרף לאָנצעוויטש. שיינע האָט זי געהייסן. מיין זיידס א שוועסטער, סטירקע, האָט געהאט א קרעמל אין מיטן מארק. איר מאן, א למדן, פלעגט אין א מארק-טאָג קומען איר העלפן, פלעגט ער אוועקגעבן די סחורה אומזיסט די אָרעמע פּויערים, פון רחמנות וועגן. זייער איינציקער זון בערל האָט געלערנט אין א ישיבה. דאָס געהערט אויך צום בינטל זכרונות וועגן דערעטשין.

עס איז מיר באזונדערס אָנגענעם זיך דערמאָנען אָן יענעם ווינטער און זומער אין דערעטשין, מיט אלע מענטשן, וועלכע זיינען געבליבן מיינע נאָנסטע פריינט אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אָבער פּיינפול און ביטער איז זיך צו דערמאנען וועגן זייער אומקום און וועגן חורבן פון ליבן שטעטל דערעטשין.

## פון שמחה דער קרעמערקעס צוואה

— — — אמאָל וועט מען דארפן אָפּגעבן חשבון וועגן אלץ. דאָרטן העלפן קיינע טענות ניט כדי גערעכט צו בלייבן פארן משפּט. דאָרטן גייט ניט אָן דער האנדל און דאָס אויסטענה׳ן זיך, אז „איך האָב קיין צייט ניט געהאט צו טראכטן וועגן זיך, נאָר כ׳בין טאָג און נאכט געווען פארטומלט ביז איבערן קאָפּ״... אָבער וואָס קען שוין טענה׳ן אזעלכע ווי איך, וואָס האָט זיך שוין א ביסל צו שפּעט ארומגעזען וועגן זיך אליין? וואָס וועט פאַרט זיין מיין תכלית? איך פיל זיך שוואכער פון טאָג צו טאָג, קיין אייביקער לעבן איז ניטאָ, מ׳דארף זיך אויף אלץ ריכטן...

— — — מיין גאנצע האָפנונג, אז מיינע זין וועלן מיר פארגרינגערן מיט קדיש זאָגן, מיט לערנען, אזוי ווי עס פּירט זיך אז גוטע זין פארגרינגערן די עלטערן אויף דער שפּעטערער צייט, — אָט די האָפנונג האָב איך שוין ניט. איך האָב פארזינדיקט מיינע צוויי קרוינען, דורך וועלכע איך וואָלט פרייער זיין פון גיהינום, און איצטער האָב איך גאָרניט אויף וועמען צו האָפן, נאָר פריער אויף גאָט און דערנאָך אויף מיין איידים, ווייל ער ווייס ריכטיק מיין לאגע. איך האָב אויף מיינע קינדער גאָרניט וואָס צו ריידן, זיי זאָלן נאָר זיין אלע געזונט און רייך, — די ווייטע מיט די היימישע, אלע. אָבער זיי זיינען זייער פארנומענע מענטשן, ניט פון אלע קען איך פארלאנגען, עס איז זיי שווער דאָס צו באווייזן.

נאָר יצחק׳ן בעט איך, אז ער זאָל זיך מיט מיר רעכענען ווי מיט א מוטער, ער זאָל מיר טאָן דעם אמתן חסד, וואָס ווערט געטאָן אָן א צאָלונג, מיט דאווענען און קדיש זאָגן און לערנען די אלע זאכן וואָס איך בעט. כאָטש איך פארשטיי, אז דאָס איז פון מיר א צו גרויסער פארלאנג, האָף איך דאָך, אז ער וועט מיין פארלאנג ממלא זיין צו גוטן. און איך בעט, אז מען זאָל טראָגן אלע טאָג א ליכט דעם ערשטן יאָר. דער יאָרצייט זאָל זיין פארשריבן, כדי מ׳זאָל אין אים ניט פארגעסן.

אויך קום איך בעטן מיין מאן און מיין שותף, אז דאָס וואָס איך האָב וועמען געגעבן מיט מיינע הענט זאָל זיין מיינע, — איך האָב גענוג אָפּגעהאָרעוועט מיין לעבן ביז די לעצטע קרעפטן, אויף קיין שום מאָדעס קיין געלט ניט אויסגעגעבן און אויך אויף קיינע פארגעניגנס. מיין גאנצער געדאנק איז זיך צו סטאַרען אויף לעבנס־מיטל און עפּעס צו באזאָרגן אויף שפּעטערדיקע יאָרן.

איך בעט אייך נאָכאמאָל, אז אלץ וואָס איך האָב געבעטן זאָל ריכטיק געטאָן ווערן, כאָטש דאָס איז אפשר א צו גרויסער פארלאנג, אָבער איך בעט אייך אלעמען, אז מ׳זאָל מיר דאָס ניט אנטזאגן.

מיינע ליבע און געטרייע טעכטער בעט איך, אז איר זאָלט לעבן גוט, כאָטש איך ווייס, אז איך דארף דאָס ניט שרייבן, איר זענט גינציקע, נאָר פונדעסטוועגן דארף מען דאָס אייך אָנזאָגן, מ׳דארף פאָלגן דער מוטער וואָס זי האָט אָנגעזאָגט.

איר דארפט וויסן, מיינע ליבע טעכטער, אז איך האָב אייך געפירט אין אידישקייט און אייערע מענער זיינען ווי מיינע זין. איר זאָלט זיי דערמאָנען, אז עס וועט קומען צום יאָרצייט, צו דאווענען און צו שטעלן ליכט. דאָס איז מיין גאנצער פארלאנג, עפּעס צו פארגרינגערן.

איך ווייס, אז מיינע איידימס זיינען אָרנטלעכע אידן.. איך פארלאנג אויך פון מיינע קינדער, אז מיינע לייכטער זאָל מען ניט פארמיידן אלע שבת, פון מיינעטוועגן, צו בענטשן ליכט צוזאמען אויף דעם זעלבן טיש, פאר אן אָנדענקונג — — —

# מלחמה און אקופאציע־יארן / חיים ראבינאָוויטש

ווען ס'איז אין 1914 אויסגעבראכן די ערשטע וועלט-מלחמה, זיינען א סך דרעטשינער יונגעלייט מאָביליזירט געוואָרן אין דער רו־סישער ארמיי און אוועקגעשיקט געוואָרן גלייך אויפן פראָנט. באַלד אין די ערשטע טעג האט דעם צאַרס ארמיי געליטן גרויסע מפלות און גענומען זיך צוריקציען פון די גרעניצן. אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה האט דרעטשין געגעבן דעם ערשטן קרבן — אויפן פראָנט איז געפאלן פסח דוואָרעצקי, וואָס האָט אָקאָרשט געענדיקט דעם ווילנער לערער-אינסטיטוט און איז באַקאַנט געווען אין דרעטשין אלס אינ-טעליגענטער און פעאיקער יונגערמאַן און אַקטיווער רעוואָלוציאָנערער קעמפער. ער האָט ניט לאנג פאר דעם חתונה געהאט און איבער-געלאָזן זיין יונגע פרוי א שוואנגערע. זייער זון איז געווען דאָקטאָר אין רמת־גן און איז, צום באדויערן, געשטאָרבן אין 1963.

די מפלות פון דער רוסישער אַרמיי זיינען געקומען איינע נאך דער צווייטער. די דייטשן האָבן זיך גערוקט אלץ נענטער צו אונזערע געגנטן. ווי געוויינלעך אין שווערע צייטן פאַרן צארישן רעזשים, האָבן אויך דאסמאל די אַנ-טיסעמיטישע הערשער געזוכט א שעיר לעזאזל אין די אידן און זיי באשולדיקט אין פאר-ראַט, שפּיאָנאַזש וכדומה בילבולים.

דער דאמאָלסדיקער הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער צאַרישער אַרמיי, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דער פעטער פון צאר ניקאָלאַי דעם צווייטן, איז געווען א סאָדיסט און שונא ישראל. ער האָט עס ארויסגעגעבן דעם באַפעל, אז אידן זאלן צוזאמען מיט דער אַפּטרעטנדיקער ארמיי פארלאָזן זייערע הייזער און שטעטלעך און זיך לאָזן אין וועג אריין, טיף אין ראַסיי. צוערשט זיינען אידן פאַרטריבן געוואָרן פון אַלע גרעניץ-שטעט, אַוועק פון זייערע היים-ערטער און כמעט מיט ליידיקע הענט אָנגעקומען אין אונזערע געגנטן, און דאן זיינען זיי גע־טריבן געוואָרן ווייטער, אויף מזרח. ניט איין שטאט און שטעטל און א גרויסער טייל דערפער זיינען דורך דער אַפּטרעטנדיקער רוסישער אַרמיי פאַרברענט געוואָרן.

### די רוסן טרעטן אָפּ

מיר אין דרעטשין האָבן דאן געלעבט אין טאָגטעגלעכער שרעק. מיר האָבן ניט געוואוסט, וואו מיר האלטן אין דער וועלט און וואָס מיר האָבן צו טאָן.

ווען די דייטשן זיינען שוין נאָענט געווען צו אונזער געגנט, איז דרעטשין טאָג און נאכט פארפלייצט געווען מיטן אַפּטרעטנדיקן רוסישן מיליטער, וואָס איז געלאָפן אין פּאַניק, און אָפּט אָן אָרדענונג און דיסציפּלין, פול מיט פחד פארן דייטשן שונא. אונזער שרעק איז געוואָקסן מיט יעדער נייער כוואַליע פון די אנטלויפנדיקע רוסן. די קאָזאַקישע אָפּטיילונ־גען אין דער רוסישער ארמיי האָבן אונז אָנ-געטאָן פיל צרות. כמעט אין יעדער הויז זיינען סטאַנציאָנירט געווען רוסישע אפיצירן און סאָלדאָטן.

א סך פון די דרעטשינער אידן האָבן שוין צוגעגרייט פערד און וועגענער, כדי מיט זיי צו אָנטלויפן אין פאַל פון א געצוואונגענעם גירוש, אָדער אין פאַל פון אנדערע געפאָרן, וואָס האָבן אונז געדראָט מצד די רוסישע סאָלדאָטן און מיליטערישע מאכט-אָרגאַנען.

איך געדענק, אז די לעצטע טעג פארן אָנ-קומען פון די דייטשן איז ביי אונז אין שטוב איינגעשטאַנען אַ העכערער רוסישער שטאב-אָפיציר, אַ געוויסער קניאַז טרובעצקאָי, אַן אינטעליגענטער און קולטורעלער קריסט. נאכ-דעם ווי מיר האָבן זיך מיט אים נענטער באַקאַנט, האָבן מיר געוואָגט פרעגן באַ אים

אן עצה — צי זאָלן מיר אויך פאַרלאָזן אונזער היים-שטעטל צוזאַמען מיט דער רוסישער ארמיי. אונזערע דריי קינדערלעך זיינען נאָך געווען קליין און מיר זיינען געווען ממש אין פארצווייפלונג און ניט געקענט זיך אנט-שליסן וואָס צו טאָן. אויף יעדן פאַל האָבן מיר שוין געהאט צוגעגרייט א פערד-און-וואָגן צום עווענטועלן מאַרש קיין רוסלאַנד. דער אָפיציר האט אַ קלער געטאָן, א קוק געגעבן אויף אונזערע קינדער, אויף אונזערע צעשראָקענע פנימער, און געזאָגט: „איך ראָט אייך פאַר-בלייבן דאָ, אין אייער היים. איר וועט פאַר-לאָרן גיין אין וועג מיט די קליינע קינדער בא אַזאַ כאַאָטישן לויפן און אָפטרעטן פון אונזער ארמיי. די דייטשן וועלן אייך, ציווילע, קיין שום שלעכטס ניט טאָן. איר מעגט מיין עצה איבערגעבן אייערע פריינט און נאָנטע”.

מיר האָבן טאַקע אזוי געטאָן און גלייך געראָטן אלע ארומיקע שכנים, אז זיי זאָלן זיך ניט רירן פון די ערטער.

מיט צוויי טעג שפעטער, אין די נאכט-שעה׳ן, זיינען שוין די לעצטע מיליטערישע אָפטיילונגען פון דער רוסישער ארמיי געלאָפן פון פראָנט דורך דערעטשין. דערזעלבער הויכער אָפיציר, דער קניאַז, האט אונז געראטן, אז מיר זאָלן בעסער די נאכט ניט שלאָפן אין אונזערע הייזער, וועלכע זיינען געווען אין דער פראָנט-גאַס, דארטן וואו ס׳האָבן מארשירט די אפטרעטנדיקע סאָלדאטן, בעיקר אויפגערייצטע קאָזאַקן. „זיי קענען אייך אָנמאַכן צרות” — האָט דער קניאַז אונז געוואָרנט.

### א מעת־לעת פול שרעק

דעם לעצטן טאָג פארן פאַרלאָזן דערעטשין האָט אַ געוויסער צעווילדעוועטער אָפיציר ארויסגעגעבן די קאָזאַקן אַ באַפעל, אז זיי זאָלן ארויסשלעפן פון די הייזער אלע אידישע מענער און זיי אויסשטעלן אויפן מארק-פלאַץ, לעם קלויסטער. מיט נאַהייקעס אין די הענט זיינען די צעיושעטע קאָזאַקן געלאָפן פון שטוב צו שטוב און געטריבן די מענער צום באַש-טימטן פלאַץ. אזוי האָבן זיי צוזאַמענגעטריבן אלע מענער און זיי געלאָזן שטיין אין פחד א פאר שעה, ארומגערינגלט דורך קאָזאַקן.

קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס זיי קלייבן זיך טאָן מיט אונז. צום גליק איז אַ גרופּע ווייבער אָוועק שטילערהייט צום פוילישן גלח, בא וועלכן ס׳איז איינקוואַרטירט געווען אַ רוסישער גענעראַל, און מיט טרערן און יללות אים דערציילט וואס דער אָפיציר האט באפוילן צו טאָן מיט אלע מענער. דער גענעראל האָט באַלד געהייסן אָפּלאָזן אלע מענער אַהיים.

אזעלכע שעה׳ן פון שרעק האָבן מיר אין יענע טעג דורכגעלעבט ניט איינמאָל.

שוידערלעך איז געווען די לעצטע נאכט. מיר זיינען געווען, צוזאמען ארום הונדערט נפשות, מיט פרויען און קליינע קינדער, בא אלטער בוקשטעווער, וואָס האָט געוואוינט אין אַ זייטיקן געסל, הינטער מאיר-שיע דעם פעל-דשער. די מענער האָבן זיך קאָנצענטרירט אין א פאָדערשטן צימער, די פרויען און קינדער האָבן מיר באַהאלטן אין א הינטער-צימער. די נאכט איז געווען אַ שרעקלעכע. פון ווייטע הייזער האָבן מיר כסדר געהערט אימה׳דיקע גוואלד-געשרייען. צו אונז פלעגן זיך אויך אלע ווײלע ארײנרײסן שיכורע סאָלדאטן, אַראָפּשלעפּן פון יעדן איינעם וואָס ער האָט אויף זיך געטראָגן, בעיקר בעסערע שטיוול, צונעמען געלט, זייגערלעך. דערביי פלעגן אונ-זערע ווייבער אויפהויבן אזעלכע געשרייען, אז די סאָלדאָטן פלעגן זיך דערשרעקן און אָנט-לויפן. קיין סך צייט האָבן זיי ניט געהאט זיך צו פארנעמען מיט ראָבירן — דער דייטש איז שוין געווען זייער נאָנט.

ארום 5 פארטאָג האָבן מיר באמערקט, ווי די לעצטע גרופּעס קאָזאַקן באגיסן די הייזער מיט נאפט און קלייבן זיך אונטערצינדן דאָס שטעטל. אזוי ווי מיר זיינען דאן געוואָר געוואָרן, אַז בא רבקה רחלס אין שטוב געפינט זיך אַ קאָזאַקן-אטאמאן, אַ גוטער מענטש, האָבן מיר צונויפגעקליבן אַ גרופּע פון אַ צען מאן און אין געהיים אוועק צום אים. מיט טרערן אין די אויגן האָבן מיר אים דערציילט, אַז די קאָזאַקן גרייטן זיך פארברענען אלע אונזערע הייזער. אונזערע תחנונים האָבן אויף אים געווירקט און ער האט אונז געזאָגט: „גייט רואיק אהיים. איך וועל דאָ זיין ביז דער לעצטער סאָלדאט וועט פונדאנען אוועק”...

די דייטשן זיינען שוין געווען א פאַר קילאָמעטער פון שטעטל, און דער אַטאַמאַן האט ניט דערלאָזן אונטערצוציגדן די הייזער פון אונזער שטעטל. מיר האָבן געוואלט אים צוטראָגן אַ מתנה, אַבער ער האט זיך אַפגעזאָגט נעמען פון אונז וואָס ניט איז.

### די דייטשן מארשירן אריין

אזייגער 7 אינדערפרי האָט אויפגעריסן די לעצטע באָמבע לעם קלויסטער — און די דייטשע קאַוואַלעריע האט לאַנגאם ארייגמארשירט אין דערעטשין. די לעצטע קאַזאַקן זיינען אייניקע מינוטן פאר דעם אנטלאָפן אויף זייערע פלינקע פערדלעך.

נאך אַזאַ נאַכט פון שרעק זיינען עטלעכע עלטערע אידן ארויס מיט אַ טענצל, דערזעענדיק די דאַמאָלסדיקע דייטשע רעטער, וואָס האָבן אונז באפרייט פון די ווילדע קאַזאַקן.

אלע הייזער און קראָמען, וועלכע מיר האָבן איבערגעלאָזן אויף הפקר, זיינען אין יענער לעצטער נאַכט צעראַבירט געוואָרן. מיר האָבן דאָרטן כמעט גאָרניט געפונען, אפילו ניט געהאָט וואס צו עסן דעם ערשטן פרימאָרגן.

גלייך נאָך דער ערשטער דייטשער „ראַזווערקע" האָבן גענומען אריינמארשירן גאנצע פאָלקן מיט סאָלדאטן. דעם ערשטן טאָג האָבן שוין זייערע אָרדנונג-מאַכער ארויסגעוויזן זייער אמתן פרצוף. זיי האָבן גענומען טרייבן די אידן אָפצורייניקן די גאַסן פון די בערג מיט שמוץ נאָך דער אָפטרעטנדיקער רוסישער ארמיי.

אין שטעטל האָבן זיך געוויזן סימנים פון אַ כאָלערע־עפידעמיע. די רוסישע סאָלדאטן האָבן ארויסגעשלעפט פון די גאַרבארניעס אַלץ וואָס זיי האָבן דאָרטן געפונען. די טרוקענע, אויסגעאַרבעטע לעדער האָבן זיי אוועקגערויבט, די נאסע פעלכלעך האָבן זיי אריוסגעשלעפט פון די „טשאָפעס" און צעשליידערט איבער די גאסן — און דאָס האָט פארפעסטעט די לופט און ארויסגערופן קראַנקהייטן.

צוליב דער כאלערע-פארדאכט אין דערעטשין האט דער דייטשער שטאַב מורא געהאט זיך צו באזעצן אין שטעטל און האָט זיך איינגעקוואַרטירט אין האליִנקע.

פלוצלינג, אַ 3 אדער 4 טעג נאכן אַקופירן דעם דערעטשינער געביט, איז פון שטאב אָנגעקומען א באפעל, אז די פאָרשטייער פון דער אידישער געמיינדע זאָלן זיך תיכף מעלדן צום שטאב אין האלינקע. אַ שרעק איז באַפאלן אלעמען. ס׳זיינען ארומגעגאנגען קלאַנגען, אז די דייטשן נעמען אידישע „זאַלאַזשניקעס" און האלטן זיי אלס ערוב׳ניקעס אין אַרעסט. קיינער האט ניט געוואַלט ריזיקירן מיט זיין לעבן, ביז ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אז ס׳זאָלן זיך מעלדן די פאָלגנדיקע פיר פערזאָן: דער געוועזענער סטאַראַסטע שלום מאַנסקי, הירש בעקנשטיין, פאַיעווסקי, פון האַליִנקע און דער שרייבער פון די דאזיקע שורות, חיים ראבינאָוויטש.

צעשראָקענע זיינען מיר אַנגעקומען קיין האלינקע און זיך געמאָלדן אין דער שטאַבקווארטיר. אויפגענומען האָט אונז אַן אלטער מאיאָר, מיטן נאמען פאָן-וורעַנגעל מיט נאָך עטלעכע שטאַב־אָפיצירן. דאָרטן האָבן מיר שוין געטראָפן 2 קריסטלעכע פאָרשטייער, דעם גראף טישקעוויטש און נאַך איינעם אַ פריץ.

### די געמיינדע־פאָרשטייער

דער אַלטער מאַיאַר האָט אונז באַלד דערקלערט, אז די דייטשן האָבן פארנומען דעם געביט און וועלן דאַ בלייבן אלס שטענדיקע בעלי־בתים. זיי דאַרפן האָבן 6 פאַרשטייער וועלכע פאַרשטייען דייטש און וועלן רעפרעזענטירן די זעקס באצירקן, אין וועלכע זיי האָבן איינגעטיילט דערעטשין און איר אומגעגנט. ניט וואַרטנדיק אויף אונזער ענטפער האָט ער גלייך באַפעלעריש געזאגט: „איך באַשטים אייך אַלע זעקס אלס וואַיטן, וועלכע וועלן זיין פאַראַנטוואַרטלעך פאר די זיי צוגעטיילטע באצירקן. איר ווערט באַשטימט אלס באַאַמטע פון דער ציוויל-פאַרוואַלטונג און וועט באקומען אַ געהאלט פון 50 מארק א חודש".

דער אָפיציר האָט באַלד פארשריבן אונזערע

נעמען און אַדרעסן, און אַוועקליינגדיק פאַר אונז א מאַפּע פון אונזער געגנט האָט ער יעדן איינעם געוויזן דעם באַצירק פאַר וועלכן ער איז פאַראַנטוואָרטלעך. די באַצירקן האָבן ארומ-גענומען דערפער און גיטער, און יעדער איינער פון אונז האָט געהאַט דאס רעכט צו באַשטימען אין זיין באַצירק סאָלטיסן און מיליץ-לייט.

אזוי זיינען מיר פארוואַנדלט געוואָרן ניט אין „זאַלאָזשניקעס”, נאָר אין — וואָיטן, „געמיינדע פאַרשטייער”. מיר האָבן פריי אָפּ־געאָטעמט און צוריקגעקערט זיך אהיים קיין דערעטשין ניט ווי ארעסטאַנטן.

### זאָרג פאַר עסנוואַרג

אַרויסגעקומען איז פון דעם אלעמען א טובה סיי פאַרן אידישן דערעטשין און סיי פאַר דער פויערישער סביבה. עס האָט זיך גאַנץ שנעל ארויסגעוויזן, אַז צוליב פאַרשיידענע סיבות זיינען פון די דערפער ארום דערעטשין אַנט-לאָפן מיטן צאַרישן מיליטער קיין רוסלאַנד א סך ווייניקער פויערים ווי פון אנדערע געגנטן. כמעט אין יעדן דאָרף איז פארבליבן א גאַנץ היפּשע צאָל פויערים, וועלכע האָבן אָפּגעהיט זייערע פעלדער, ווי אויך די גיטער פון די אַנטלאָפענע שכנים, און זיינען באַזאָרגט געווען מיט אַ גרויסער צאָל כלים צו דער ארבעט. די אידישע וואָיטן האָבן זיך געסטאַרעט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה פאַר דער אידי-שער באַפעלקערונג אין זייער שטעטל און געזאָרגט אז זי זאָל, חס וחלילה, ניט ליידן קיין הונגער. א טייל דערעטשינער אידן האָבן אפילו גענומען באַאַרבעטן פעלדער פון די אַוועקגעפאָרענע פויערים. בא דער מיטווירקונג פון די געמיינדע־פאַרשטייער איז געשאַפן גע־וואָרן א רעזערוו פון תבואות און אנדערע פּראָ־דוקטן פאַר די באַדערפענישן פון די דערע־טשינער בירגער, די קריסטלעכע באַפעלקערונג אין די דערפער איז אויך געווען צופרידן, ווייל יעדער איינער פון די געמיינדע־פאַרשטייער האָט זיך אויסגעקליבן די דערפער וואָס זיינען אים באַקאַנט געווען און פויערים מיט וועלכע ער איז יאָרנלאַנג געווען באַפריינדעט. דערצו האָבן מיר זיך באַמיט דורך פאַרשיידענע קאָמ־בינאַציעס איינשטעלן פרידלעכע באַציאונגען צווישן דער באַפעלקערונג און דער מילי-טערישער מאַכט. אונזער פאַרמיטלונג האָט עס געשאַפן אַ לאַגע, אַז „דער וואָלף איז זאַט געווען און די שעפּס איז גאַנץ געבליבן”.

ס'איז כדאי צו אונטערשטרייכן, אז דערע־טשין איז געווען פון די ווייניקע ראַיאָנען, וועלכע האָבן ניט נאָר אליין ניט געהונגערט, נאָר אויך פאַרזאָרגט ניט איינמאָל מיט שפּייז אנדערע, שכנותדיקע, ראַיאָנען, ווי סלאָנים און באַראַ-נאָוויטש, וועלכע האָבן ממש געליטן פון מאַנגל אין עסנוואַרג. פון דאָרטן איז אַנטלאָפן, אַדער פאַרטריבן געוואָרן כמעט די גאַנצע קריסטלעכע באַפעלקערונג, צוליב דער נאָנטקייט צום פראָנט.

ווי געוויינלעך און פאַרשטענדלעך, זיינען אויך געווען שווערע מאָמענטן אין משך פון די מלחמה-יאָרן. די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן ניט איינמאָל ארויסגעוויזן זייער דעספּאָטישן כאַראַקטער אין באַצוג צו דער באַפעלקערונג. מ'מוז אָבער מודה זיין, אז ביי אונז איז צו ערנסטע פאַלן און קאָמפּליקאַציעס ניט דער־גאַנגען.

מער-ווייניקער איז דאָס לעבן אין דערעטשין בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געפלאָסן נאָר-מאַל. אויסער דעם וואָיט שלום מאנסקי, אין וועמענס באַצירק ס'איז איינגעטיילט געוואָרן דערעטשין מיט די דערפער אויפן וועג פון אונז קיין זעלווע, צוזאמען מיט דער קאָלאָנע סינייסקע, איז אַלס סאָלטיס פון דערעטשין גופא באַשטימט געוואָרן איטשע-בערל דער טשעס-לער, א פעאיקער און קלוגער איד. אויך זיינען באַשטימט געוואָרן אלס מיליציאַנטן אייניקע אידישע בחורים.

סעקרעטאַר און בוכהאַלטער פון דער אידי-שער געמיינדע איז געווען דער באַקאַנטער אין דערעטשין רעליגיעזער איד ר' **יצחק-אברהם** אַבעלאָוויטש, א באַליבטער, אָרנטלעכער מענטש, מיט דער דערלויבניש פון דייטשן מיליטערישן „בעאמטס-פאַרשטייער” לייטענאַנט רהיין איז געשאַפן געוואָרן אין שטעטל דער מאגאזין פון תבואות און פּראָדוקטן. דער סאָלטיס איטשע-בערל מיטן סעקרעטאַר אבעלאָוויטש פלעגן יעדע צוויי וואָכן אויסטיילן באַשטימטע שפּייז-

נאָרמעס יעדער משפּחה, לויט דער צאָל פון אירע מיטגלידער, פאַר גאַנץ נידעריקע פּרייזן. די אידישע וואַיטן פון די קריסטלעכע באַצירקן האָבן באַקומען פון „בעאַמטס-פאַרשטייער" א ספּעציעלע דערלויבניש צוצושטעלן פאַרן דערעטשינער שפּייז-מאַגאַזין אפילו פיש פון די אַזערעס אין זייערע דאָרפישע באַצירקן, און אויך דאָס פלעגט פאַרטיילט ווערן דער דערעטשינער באַפעלקערונג פאַר צוגענגלעכע פּרייזן.

א געוויסע צייט נאָך זייער אָנקומען קיין דערעטשין האָבן די דייטשן געעפנט א פאָלקס-שול, מיט א דייטש אלס דירעקטאָר. אלס לערער זיינען באַשטימט געוואָרן אָרטיקע מלמדים און אייניקע לערערינס, צווישן זיי צוויי פון דער פאַמיליע נאָוויק. פאַרשטייט זיך, אז מ׳האָט אין דער שולע אויך געלערנט די דייטשע שפּראַך.

### א אידיש־דייטשע „אידיליע"

דער מיליטערישער „בעאַמטס־פאַרשטייער" לייטענאַנט רהיין איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש מיט העכערער בילדונג. זיין סעקרעטאַר איז געווען א דייטשער איד. ביידע האָבן זיך באַצויגן מיט פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע צו דער דערעטשינער אידישער באַפעלקערונג. ס׳איז זיי, אגב, באַקוועם און אויך אָנגענעם געווען צו שטיין אין פאַרבינדונגען מיט דער אידישער, מער קולטורעלער סביבה, ווייל מיט די אָפּגעשטאַנענע ווייסרוסישע פּויערים האָבן זיי בכלל ניט געקענט געפינען קיין געמיינזאַמע שפּראַך.

איך געדענק א פאַל אין יאָר 1916, ווען דער באַקאַנטער בונדישער רעדנער און קולטור־טוער יעקב פּאַט איז געקומען קיין דערעטשין זאַמלען געלט פאַר קולטור־צוועקן און איך האָב זיך געווענדעט צום „בעאַמטס־פאַרשטייער" מיט א ביטע ער זאָל דערלויבן צוזאַמענרופן א גרעסערע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער פּאַט זאָל האַלטן זיין רעדע. דער דייטשער לייטענאַנט האָט מיר נאָר געפרעגט, צי וועט דער רעדנער רעפערירן אויף אידיש אדער העבראַיש, און ווען ער האָט געהערט, אז פּאַט וועט ריידן אידיש, האָט ער באַלד געגעבן די דערלויבניש, פאַרזאָרגט מיט א לאָקאַל און געפאָדערט מ׳זאָל אים אויך איינלאַדן צו דער פאַרזאַמלונג. ער איז טאַקע געקומען און אָפּגעזעסן ביז סוף פון דער אסיפה, דערביי האָט ער באַשטעטיקט, אז פּאַט איז א גוטער רעדנער...

אין אלגעמיין האָבן זיך די אידן געהאַלטן בא זייער פריערדיקן לעבנס־שטייגער, געגאַנגען אין שול דאַווענען, געלערנט א בלאַט גמרא, געפּראַוועט חתונות און בריתן און צו זיי געלאַדן באַקאַנטע דייטשן. דער האַנדל איז אפילו געווען אונטער א שטרענגער מיליטערישער אויפזיכט, די וועגן פון דערעטשין צו די גרעסערע האַנדלס־צענטערן, ווי ביאַליסטאָק למשל, זיינען פול געווען מיט דייטשע פּאַטרולן, וואָס האָבן שטרענג פאַרבאָטן דעם טראַנספּאָרט פון פאַרשיידענע סחורות, אבער אידן האָבן זיך אַן עצה געגעבן. א באַקאַנטער טריק איז דאַן אָפּט אויסגענוצט געוואָרן: ווען א דייטשער פּאַטרול פלעגט אָפּהאַלטן א וואָגן מיט אידישע סוחרים און „טריפה" סחורה, כדי צו רעווידירן און נישטערן אין וואָגן, פלעגט ער ס׳רוב אָנטרעפן א ליגנדיקן איד, מיט א באַנדאַזשירטן קאָפּ אָדער בויך. דער שותף, דער כלומרשטער בעל־עגלה, פלעגט באַלד מעלדן דעם דייטש, אז ער פירט א טיפוס־קראַנקן — און דאָס פלעגט ווירקן ווי דער בעסטער מיטל. דער דייטש איז תמיד אַנטלאָפן פון אזא וואָגן, מורמלענדיק זיין „דאָנער וועטער" א. ד. גל.

אידן האָבן זיך אויסגעלערנט אלערליי קאָמבינאַציעס, און דער שמוגל איז געגאַנגען. אגב, מיט דעם אויסרייד פון עפּידעמיע־געפאַרן האָבן מיר אויף א היפּשע שטיקל צייט אָפּגעהאַלטן דעם דייטשן שטאַב אין האַלינקע, כדי צו האָבן אים א ביסל ווייטער פון דערעטשין. יעדעס מאָל ווען מיר, די געמיינדע־פאַרשטייער, פלעגן זיך מעלדן צום שטאַב, פלעגט אונז דער אלטער מאַיאָר פרעגן, וואָס הערט זיך מיט דער כאָלערע־עפּידעמיע, וועלכע איז אויסגעבראָכן בא אונז באַלד ווי די רוסן זיינען אוועק פון דערעטשין. א לענגערע צייט

איז אונזער ענטפער געווען, אז ס'זיינען נאָך דאָ פאַלן פון כאָלערע־קראַנקע, און דאָס האָט טאַקע שטאַרק אָפּגעשראָקן די דייטשן.

### באַנדיטיזם אין די וועלדער

א געוויסע צייט נאָכן אָנקום פון די דייטשע אָקופּאַנטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז אין די געדיכטע וועלדער אַרום דערעטשין באַהאַלטן זיך אויס זייער פיל דעזערטירן פון דער רוסישער אַרמיי, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט אָנפאַלן אויף פרידלעכע בירגער, אויף פאַרבייפאָרנדיקע פורן, וועלכע זיי פלעגן באַרויבן, און אפילו מאָרדן. די דייטשע מיליטערישע מאַכט איז ניט בכוח געווען זיי אויסצוגעפינען, ווייל די קריסטלעכע דאָרפישע באַפעלקערונג האָט מורא געהאַט זיי אַרויסצוגעבן, זי איז אָפט געצוואונגען געוואָרן אפילו צו באַזאָרגן די דעזערטירן און רויבער מיט שפייז, אונטער דער דראָאונג פון גוואַלט און מערדעריי.

באַלד אין דער ערשטער צייט זיינען געפאַלן צוויי דערעטשינער אידן, קרבנות פון די רויבערישע דעזערטירן. צוויי אידישע מולאַרעס זיינען אוועק צופוס אין א ווייטן דאָרף, מיט געלט איינצוקויפן א פערד. זיי זיינען שוין צוריק ניט געקומען, אלע באַמיאונגען פון דער דייטשער מאַכט, פון די אידישע וואַיטן און מיליציע־לייט, אויסצוזוכן די פאַרלוירענע אידן האָבן זיך אויסגעלאָזן מיט גאָרניט. מ'האָט אפילו זייערע שפורן ניט געפונען. אויך א סלאָנימער וואַלד־סוחר, וועלכער האָט געהאַט האָלץ־געשעפטן אין די וועלדער אַרום דערעטשין, איז דערמאָרדעט געוואָרן צוזאַמען מיט זיין אידישן פורמאַן בעת ער איז געפאָרן מיט א גרויסער געלט־סומע אויסצוצאָלן לוין זיינע וואַלד־אַרבעטער.

צוליב די באַנדיטן אין די אַרומיקע וועלדער האָבן מיר געפונען פאַר נויטיק איינצוקויפן בא די דייטשן, פאַר זייער פאַרלאָזן דערעטשין, א גרעסערע צאָל געווער, מיט האַנט־גראַנאַטן און אפילו א „פולעמיאָט", כדי זיך צו פאַרטיידיקן נאָך זייער אָפּטרעטן, ווען ס'איז קיין שום מאַכט אין שטעטל ניט געווען.

### א פּריווילעגירטע שטאָט

איצטער, לאַנגע יאָרן נאָך דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע, אַנגעלערנטע מיט די שוידערלעכע מעשים פון זייער צווייטער אָקופּאַציע, קען מען האָבן דעם איינדרוק, אז דערעטשין איז דאַן געווען א פּריווילעגירטע שטאָט.

אזוי איז אונז געלונגען צו דערלאַנגען הילף די סלאָנימער נשרפים נאָך דער גרויסער שריפה פון 1917, כאָטש סלאָנים האָט געהערט צו אן אנדער געביט און ס'איז שטרענג פאַרבאָטן געווען וועלכער ס'איז סחורות־אויסטויש צווישן אונזער שטעטל און סלאָנים. מיר האָבן דאָך געפועלט בא דער מיליטערישער מאַכט מ'זאָל אונז דערלויבן צונויפזאַמלען תבואה, קאַרטאָפל, פאַרשיידענע שפייזן און דאָס אוועקפירן קיין סלאָנים אלס הילף פאַר די נשרפים.

די סלאָנימער אידן זיינען אונז זייער דאַנקבאַר געווען און ניט געקענט פאַרגעסן די הילף פון דערעטשין. מיט איניקע יאָר שפּעטער, ווען ס'איז בא אונז אויסגעבראָכן א שריפה, זיינען פון דער סלאָנימער קהילה געשיקט געוואָרן איניקע פורן מיט קליידונג און פּראָדוקטן, ווי אויך א געוויסע געלט־סומע צוהילף די געליטענע.

אזוי האָבן אידן דורכגעמאַכט די שווערע מלחמה־יאָרן. פאַר דער צייט האָבן געוויסע דערעטשינער זיך אויסגעלערנט באַאַרבעטן פעלדער, אַקערן, זייען. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך אויך צוגעוואוינט צו דער דייטשער אָרדנונגס־מעסיקייט און פּינקטלעכקייט — אייגנשאַפטן וועלכע מ'האָט ניט געזען און געהערט אין דער תקופה פון צאַרישער הערשאַפט.

דאָס אלץ איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און דייטשער אָקופּאַציע געווען אפילו לטובת דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון דער אידישער באַפעלקערונג, אָבער דעם אמתן זין פון דייטשער פּינקטלעכקייט און „אָרגאַניזאַציע־פעאיקייט", דעם ריכטיקן פּרצוף פון דער דייטשער הערשאַפט האָבן אידן געזען און געפילט אין די גרויזאַמע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

# אין קלעם פון מלחמה / מלכה אלפער

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, איז אונזער שטעטל ווי אפגעשטארבן, זיך איינגעוויקלט אין איר טרויער. א קליינינקייט! ס׳זיינען דאך מאביליזירט געווארן טאטעס פון קינדער, רעזערוויסטן וועלכע זיינען געווען אין דינסט בעת דער רוסיש־יאפאנישער מלחמה; יונגע זין פון עלטערן, און אפילו דער לויפנדיקער יארגאנג פון יוגנטלעכע. א סך פאמיליעס זיינען פארבליבן אן זייערע שפייזערס.

דער אידישער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט כדי צו העלפן די משפחות וועמענס פאטערס זיינען געווען אויפן פראנט, האט זיך באמיט צו לינדערן די נויט און שווערע לאגע פון די ליידנדיקע פאמיליעס, אבער דאס איז געווען ווי א טראפן אין ים. אויף וויפל איך געדענק, האט די צארישע רעגירונג, אויסער דעם קליינינקן געצאלט וואס יעדער סאלדאט האט באקומען, איבערהויפט ניט געזארגט פאר די משפחות פון די מאביליזירטע.

אויך די קריסטלעכע באפעלקערונג איז אויפגעטרייסלט געווארן מיטן אויסברוך פון דער מלחמה: אויסער דער מאביליזאציע פון די ארבעט־פעאיקע מענטשן האט אויך געליטן זייער לעבעדיקער אינווענטאר און פעלדער זיינען געבליבן שטיין ניט געשניטן. פארשטייט זיך, אז דאס האט זיך באלד אפגערופן אויף דער פרנסה פון די אידן אין שטעטל.

אין אזעלכע באדינגונגען איז ניט געווען וואס צו טראכטן וועגן שיקן קינדער לערנען. בלויז די תלמוד־תורה האט זיך ווי ס׳איז געהאלטן און אפילו אריינגענומען מערער תלמידים. די גאנצע אויפמערקזאמקייט איז געווען געווענדעט צום פראנט, פון וועלכן ס׳זיינען כסדר געקומען ביטערע ידיעות. אלעמענס געדאנקען זיינען פארנומען געווען מיט די נאנטע וועלכע זיינען געווען אויפן פראנט אדער אין די קאזארמעס.

אזוי זיינען געלאפן די חדשים און דער פראנט האט זיך דערנענטערט צו דערעטשין. מ׳לעבט אין שרעק און דערדריקונג צוליב די גזירות פון דער מיליטערישער מאכט. ס׳איז קלאר, אז די דייטשן וועלן אויך צו אונז דערגיין. מ׳איז מתפלל, אז מ׳זאל איבערלעבן דאס בייטן זיך פון דער מאכט: די רוסן זאלן אפטרעטן אן בלוט־פארגיסונג צווישן דער ציווילער באפעלקערונג און די „גוטע" דייטשן זאלן שוין אריינגיין.

נאך די לעצטע זומער־טעג זיינען געקומען די ימים נוראים, און נאך נעכט פון שרעק און שלאפלאזיקייט, נאכן אויסבאהאלטן זיך וואו מ׳קען, איז מען פריי געוואָרן פון די רוסן און די דייטשן האבן אקופירט די געגנט.

אין שטעטל שטייט א טראנספארט־גארניזאן, די פערד זיינען איינקווארטירט ביי דער קריסטלעכער ארטיקער באפעלקערונג. ביי יידן האט מען אוועקגענומען צימערן, און ס׳האבן זיך אין זיי באזעצט דייטשן פון פארשיידענע פארמאציעס. די עקאנאמישע לאגע איז ניט גוט. כדי צו פארן פון שטאט אין דארף אדער פון דארף אין שטאָט אריין דארף מען האָבן אַ דערלויבעניש.

און דא האט מען אנגעהויבן נעמען מענטשן אויף צוואנגס־ארבעט, צו פארריכטן די שאסייען וואס זיינען רואינירט געווארן. מ׳צאלט פאר דער ארבעט א קליינינקייט, אדער מיט ברויט־פארציעס. דערעטשין געפינט זיך אין קלעם פון מלחמה און אקופאציע, מיט אלעמען וואס אזא לאגע אנטהאלט אין זיך.

גאנצע משפחות, ווייבער און קינדער, לאזן זיך ארויס אין די פעלדער אויסצוגראבן א ביסל קארטאפל וועלכע זיינען געבליבן ניט אויסגעגראבן, כדי זיך צו פארגרייטן אויף ווינטער מיט וואס ס׳לאזט זיך. ס׳איז געווען א צער צו קוקן אויף די פרויען און קינדער, ווען זיי פלעגן נאך א טאג מאטערניש צוריק קומען אין שטעטל מיט דער טארבע קארטאפל אויף די פלייצעס, אפט בארוועס אין אסיענדיקן רעגן. פון 8 אוונט איז „שפערע", מ׳טאר זיך ניט הייזן אין גאס,

און זשאנדארמען פאטראלירן און היטן אפ דעם באַפעל. אפילו ווען עמיצער האט נויטיק געהאט ארויסצוגיין פון זיין הויז אין הויף אריין, וואו ס׳זיינען געווען די באקוועמלעכקייטן, האט ער זיך געמוזט גוט אפהיטן, אדער זיך פארענטפערן און בעטן זיך ביי די פאטראלן.

מיט דער צייט איז דער דרוק פון דער אקופאציע־מאכט געווארן לייכטער, אבער די ערשטע צייטן פון דער אקופאציע מיט איר צוואנגס־כאראקטער האָבן זיך גוט איינגעקריצט אין זכרון פון די דערעטשינער אידן. ס׳געדענקט זיך גוט די שולע פאר די קינדער פון שול־עלטער, וועלכע די מיליטערישע מאכט האט אויפגעשטעלט קורץ נאכן פארנעמען דערעטשין. דאס איז געווען א צוואנגס־שול, געפירט אין פרייסישער אַרט און סטיל. אויך צו דעם האבן זיך אידן צוגעוווינט און זיך באמיט אריינגעבן אין דער שולע וואָס מער אידישן כאראקטער און אידישע לימודים.

א ביסל לייכטער איז דאס לעבן געווארן ווען אנשטאט דעם מיליטערישן קאמענדאנט איז געקומען אַן אַמטס־פאַרשטייער. אויף אלע אידן האט ער געקוקט פון אויבן אראפ. ער האט עס געגעבן דערלויבענישן אריינפירן און ארויספירן סחורות און עסנווארג און פון אים איז אפהענגיק געווען די פרנסה פון די דערעטשינער אידן.

צו וואָס ווערט מען ניט געוואוינט? ביסלעכווייז האָבן זיך אידן, און איצטער שוין אויך די יוגנטלעכע, וועלכע זיינען אויסגעוואקסן אין די מלחמה־יארן, איינגעשפאנט אין יאך פון פרנסה־זוכן. מ׳פארט איבער די דערפער, אין די נאנטע שטעט, ווער אויף האנדל און ווער אויף ארבעט.

די אקופאציע־עפאכע קומט ביסלעכווייז צו איר סוף. אין רוסלאנד ברעכט אויס די רעוואָלוציע. אירע אפקלאנגען דערגרייכן אויך צו די דייטש־אקופירטע געביטן. דער דייטשער פראנט צעטרייסלט זיך.

די וועלדער ארום זיינען פול מיט דעזערטירן און אנטלאפענע קריגס־געפאנגענע. ס׳איז א סכנה צו פארן אויף די וועגן, אבער וואס טוט מען ניט צוליב פרנסה? ניט קוקנדיק אויף אייניקע פאלן פון מארד אויף די וועגן, פארן אידן איבער די דערפער, בויען הייזער, שטעלן אויף אויוונס, נייען בגדים און שוכווארג פאר די ארטיקע פויערים און ברענגען א ביסל עסנווארג קיין דערעטשין. סוחרים און קרעמער פאָרן קיין סלאָנים און וואָלקאָוויסק, ברענגען פון דארטן סחורות.

אבער די יונגע, וועלכע פארן אויך ארויס אנשטאט זייערע עלטערן, ברענגען מיט זיך ניט נאר סחורות און עסנווארג — זיי ברענגען אויך אפטער א צייטונג, א בראשור. פונקט ווי ס׳פלעגן אמאָל דאָרפישע אידן זיך אריינכאפן אין שטאטישן בית־מדרש „כאפן" א קדושה. אזוי כאפן זיך די יונגעלייט אריין אין די לאקאלן פון זייערע ארגאניזאציעס און באקומען דארטן מאטעריאל פאר דער יוגנט פון שטעטל.

### די פרייסישע שולע

אין ערשטן יאר פון דער מלחמה, ביז די דייטשן זיינען אנגעקומען, איז קיינעם כמעט ניט געלעגן אין זינען צו זארגן פארן לערנען פון די קינדער. די דאגה פאר די מענער און זין, וואס זיינען געווען אויפן פראנט, ווי אויך די טאג־טעגלעכע זארג פאר דער פרנסה פון די פארלאזטע משפחות, האט פארנומען די גאנצע צייט און אויפמערקזאמקייט פון די דערעטשינער, אין זייער גרעסטן טייל. דיזעלבע לאַגע האט אויך געהערשט אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אקופאציע. דערעטשין איז געווען כמעט איזאלירט פון דער גאנצער ארומיקער געגנט. די מיליטערישע מאכט האט זיך געלאַזט גוט פילן. די מאטעריעלע לאגע איז געווען א שווערע. חוץ דער תלמוד־תורה איז ניט געווען קיין שום לערן־אנשטאלט.

א קורצע צייט נאכן פארנעמען דערעטשין האבן די אקופאנטן אויפגעשטעלט א שולע פאר די קינדער אין שול־עלטער — א דייטשע שולע. ס׳האט זיך די דייטשן געחלומט, אז די געביטן וואס זיי האבן אקופירט וועלן בלייבן זייערע אויך נאך דער מלחמה. זיי זיינען זיכער געווען אין נצחון. האבן זיי באשלאסן אנצוהויבן מיט דער גערמאניזאציע פון דער אקופירטער געגנט און מיט געבן דער באפעלקערונג „פאר־זוכן די דייטשע קולטור".

געמאכט האבן זיי דאס אויף זייער פרייסישן שטייגער. אין א געוויסן טאג איז ארויס א

באפעל, אז אלע קינדער פון 6 ביז 13 דארפן זיך פארשרייבן אין שולע. דער ארגאניזאטאר און דירעקטאר פון דער שולע איז געווען א מיליטער־מאן, א פרייס. ער האט עס מיטן שטעקעלע אין האנט איינגעפירט די דייטש־פרייסישע דיסציפלין אין דער שולע. עס זיינען אויך ניט אויסגעמיטן געווארן קיין קלעפּ, ווען א קינד פלעגט ניט אזוי שנעל פארשטיין און אויספירן וואס דער דירעקטאר האט געפאדערט.

לערער? ארטיקע מיידלעך און מענער, וועל־כע האבן געקענט א ביסל לייענען און שרייבן דייטש. איין לערער איז געווען פון אויסער דערעטשין — א״ש עמיאל. דער דירעקטאר אליין איז געווען לערער אין דער „אבערשטופע״ און זיין אויג איז געווען אפן אויף אלץ וואס האָט זיך געטאָן אין אלע ווינקעלעך.

און אז די שולע איז א צוואנגס־שולע, האָבן זיך שוין די חדרים, וועלכע האבן נאָך ווי ס׳איז עקזיסטירט, פארמאכט איינער נאָכן צווייטן.



חיה׳קע מישקין, לערערין



א קלאס פון דער דייטשער שולע מיט דער לערערין חיה׳קע מישקין

וויניקע משפחות, פון די וואָס האָבן געהאט די מעגלעכקייטן, האָבן זיך געקענט דערלויבן צו לערנען זייערע קינדער העברעאיש ביי פּריוואַטע לערער, ווי פייוול איינשטיין, לייזער טאַץ און ביי דעמזעלבן א״ש עמיאל, וועלכער איז געווען לערער אין דער דייטשער שולע.

טראָץ איר פּרייסישן כאַראַקטער איז דאָך די דייטשע שולע געווען, אין א געוויסער מאָס, א פאַרזעצונג פון געבן די דערעטשינער קינדער אַלגעמיינע בילדונג, — די שטרעבונג וואָס האָט זיך געהאט אָנגעהויבן נאָך אין די ערשטע יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט.



א״ש עמנואל, לערער אין דער דייטשער שולע

## בעול הכיבוש הגרמני / יעקב רבינוביץ

נר לנשמות אבי, אחי ואחותי וילדיהם
וקרובי, שניספו בשואה בקיץ תש״ב

בחודש אלול תרע״ה (ספטמבר 1915), כשנה אחרי פרוץ מלחמת־העולם הראשונה, החלה הנסיגה הגדולה של צבאות רוסיה מפלך גרודנה. דרך דרצ׳ין החלו זורמים גדודים שלמים של קוזקים וארטילריה. הקסרקטינים נתמלאו חיילים פצועים. היהודים בעיירה שרויים היו בפחד גדול מפני הבאות. קוזקים היו מתפרצים לבתים ולוקחים מכל הבא ליד, בעיקר כסף. זכורני, שבאותו זמן התקיים מיסדר צבאי לכבוד דודו של הצאר, ניקולי ניקולייביץ, כנראה כדי לעודד קצת את רוחו. הנסיך הגדול קיבל את הרפורט בעומדו על המרפסת של ביתנו. בגמר הטקס נגשה אליו אמי ז״ל והזמינה אותו ופמלייתו לכוס תה. הוא נענה לבקשתה ומאז לא העזו חייליו להיכנס לביתנו לשם שוד.

בסוף חודש אלול עזב הצבא הרוסי את העיירה. בליל הנסיגה היו הרבה מקרי שוד. התושבים הסתגרו בבתיהם, אבל הקוזקים היו פורצים בכוח פנימה. היהודים היו חסרי־אונים. גם לביתנו פרצו הפורעים. פתאום הופיעה אשתו של שמואל סטוקלסקי, ויכנה, בליווי קצין קוזקים. התברר שהיא שיחדה את הקצין ועברה אתו מבית לבית כדי להרגיע את התושבים, והודות לזה לא היו קרבנות באדם.

למחרת היום נכנסו הגרמנים. בהתחלה חשבו שהגרמנים מביאים אתם גאולה ליהודים, אך בסופו של דבר באה האכזבה המרה. הם הוציאו פקודה שכל האזרחים, החל מגיל 9, מוכרחים לבוא לחצר הכנסייה הפרובוסלבית ולהצטלם לשם קבלת תעודות־זיהוי. מי שלא יהיה מצוייד בתעודה עלול היה להישלח לעבודות־כפייה.

במשך 3 שנות שלטון הגרמנים, מ־1916 עד 1918, היה המצב הכלכלי בעיירה בכי רע. הכובשים החרימו את הכל, החל מבגדים, כלי־מטה וגומר בסירי־נחושת. שלום מאנסקי נבחר על־ידם לשמש בתפקיד של ראש העיר (ביר־גערמייסטער). לידו פעל מין ועד־אזרחים

(בירגער־קאמיטעט). מתפקידו של הוועד היה לחלק מנות מזון לפי כרטיסים. האוכלוסיה היהודית סבלה ממצב של תת־תזונה. כל דבר, כגון נסיעה לעיר קרובה, טעון היה רשיון מיוחד מטעם השלטונות הגרמניים. היהודים התקיימו ברובם מהברחות וממסחר. היו קונים בחשאי מהגרמנים ומוכרים לאיכרים. כל בתי־הכנסת בעיירה היו תפוסים ע״י השלטונות. היהודים התפללו במניינים בבתים פרטיים. בכל זאת היה מצב האוכלוסיה היהודית הרבה יותר טוב ממצב איכרי הסביבה. הם היו זקוקים ליהודים שהבינו את שפתם של הכובשים, אשר רדו באכרים ביד קשה.

באמצע שנת 1916 הוציאו הגרמנים פקודה שכל הילדים היהודים, החל מגיל 9, מוכרחים להירשם לבית־ספר גרמני. למעשה נרשם רק חלק מילדי העיר. היו הרבה הורים שסירבו למסור את ילדיהם לבי״ס נכרי. מנהל בית־הספר היה קצין גרמני בשם פון־זוסנירץ.



יעקב רבינוביץ כתלמיד ביה״ס הגרמני

נפתחו 3 כיתות. מקום הלימודים של 2 הכיתות הנמוכות היה בבנין הקסרקטין והכיתה העליונה („אבער שטופע״) בבית־הספר לשעבר של אייזיקוביץ („דער מיכוויסקער״). היו גם כמה מורים יהודים: א. ש. עמיאל ז״ל, סימה רובי־נובסקי מסלונים ועוד. שפת הלימודים היתה גרמנית. ספרי למוד נתקבלו מגרמניה. המשמעת היתה חמורה. תוכנית הלימודים היתה די מגוונת. השם הרשמי של בית־הספר היה: „שטאדט־שולע דער יידישען געמיינדע צו דע־רעטשין״. חלק מהתלמידים למדו בסתר אחר הצהריים לימודי יהדות.

אחרי מהפכת אוקטובר 1917 ברוסיה הפך שלטון הכיבוש הגרמני ליברלי יותר. כמעט בגלוי נוסדה אגודה תרבותית „עתיד״ (אידישער קולטור־פאראיין „צוקונפט״), שההשפעה בו היתה בונדאית. בראש האגודה עמדו בניו של שלום מאנסקי, מנחם ודוד, ובנו של אפרים־יהושע, הירשל לוויט. בהסכמת הגרמנים הו־פיעו בעיירה מרצים מביאליסטוק, כמו העסקן הבונדאי יעקב פאט ועוד.

בו בזמן הגיעה לעיירה השמועה על הצהרת בלפור, ובעקבותיה קמה הסתדרות צעירי־ציון בהנהגת דוד אלפר ז״ל. אנחנו, הילדים אז, היינו „מתפלחים״ לאסיפות של שני הזרמים, אבל בזהירות, כדי שהמנהל הגרמני של בית־הספר לא יתפוס אותנו בקלקלתנו. לפעמים התקיימו ערבי־ויכוח בין שני הזרמים. נדמה לי, שבשנים ההן היתה ידם של הבונדאים־יידישיסטים על העליונה והשפעתם על הנוער עלתה על זו של צעירי־ציון.

יחס השלטונות הגרמנים לאוכלוסיה השתפר ונתרכך. אני זוכר, שחלק מהתושבים היהודים עיבדו את השדות של איכרים מהסביבה שברחו מפחד הגרמנים עם נסיגת הצבא הרוסי. לעיירה הגיעו הרבה פליטים יהודים ממחוזות די רחו־קים, אפילו מוורשה, והם נשארו לגור בה במשך כל זמן הכיבוש. אנשי דרצ׳ין עזרו להם הרבה וחלק מהם אף נשאר שם לצמיתות.

# דער שפייז־קאָמיטעט / מתתיהו (מאטל) אבעלאָוויטש

אונזער שטעטל איז געלעגן אויף א זייטיקן שליאך, אָן א באן און אָן א גוטן שאָסיי. קיין סלאָנים אָדער זעלווע האט מען געדארפט זיך שלעפן מיט א בעל-עגלה.

די דייטשן זיינען אריינגעקומען קיין דערעטשין, בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, דיסציפלינירטע אויף זייער שטייגער, מיט א פארטיקן פלאן וויאזוי אלץ צו „ברענגען אין אָרדענונג״. זיי האָבן זיך באלד גענומען צו דער ארבעט, איינגעשטעלט סאניטארע באדינגונגען, געבויט וועגן און שפּעטער אפילו געעפנט א קינדער-שולע, כדי יונגווארג זאָלן זיך לערנען דייטש. זיי האָבן גענומען די פריערדיקע רוסישע לערער און זיי צוגעגרייט אלס דייטשע. די אָקופּאנטן האָבן גוט געוואוסט וואָס זיי ווילן דערגרייכן און האָבן בא אלע ארבעטן אוועקגעשטעלט טיכטיקע לייטער און אנפירער.

איך אליין האָב זיך צוגעגרייט אריינצוגיין אין דער אויבערשטער „שטופע״ פון דער שולע. א ביסל דייטש האָב איך געקענט פון פריער, איך האָב זיך דאָס אויסגעלערנט פון א אידישן לערן-ביכל. צוזאמען מיט מיר האָבן זיך דאן געלערנט א סך דערעטשינער יונגווארג.

אין שטעטל גופא האָט זיך געגרינדעט א קאָמיטעט, וואָס האָט געזאמלט שפּייז-פּראָדוקטן פון דערעטשין און אומגעגנט. מיטן דערנענטערן זיך פון דער דייטשער ארמיי זיינען פילע פויערים פון אלע ארומיקע דערפער געלאָפן קיין רוסלאנד, און ס׳איז אין די דערפער געבליבן פיל שפּייז. דאָס אלץ איז צונויפגעזאמלט געוואָרן דורכן שפּייז-קאָמיטעט, בראש פון וועלכן ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן מיין טאטע, יצחק-אברהם אבעלאָוויטש. זיין אויפגאבע איז געווען צו פארטיילן די שפּייז-פּראָדוקטן דער באפעלקערונג און פירן די ביכער. א טאָכטער פון דער הורוויטש־משפחה, וואָס האָט געקענט דייטש, האָט געהאָלפן מיין טאטן בא דער בוכפירונג.

ארבעט האָט דעם קאָמיטעט, און באזונדערס מיין טאטן, ניט געפעלט. א סך מענער זיינען געווען מאָביליזירט אין דער רוסישער אָרמיי און אין שטעטל זיינען פארבליבן זייערע פרויען און קינדער, טייל פון זיי שוין אלמנות און יתומים. חוצדעם זיינען געווען עלטערע מענטשן און פיל נויטבאדערפטיקע. מיין טאטע האָט אלץ געטאָן, אז די פּראָדוקטן זאָלן פארטיילט ווערן אָרנטלעך און ס׳זאל, חלילה, קיינעם ניט פעלן קיין שטיקל ברויט. פון סלאָנים פלעגן אָפט אראָפּקומען דייטשע אויפזעער, כדי צו קאָנטראָלירן צי אלץ ווערט געפירט אין אָרדענונג.

ס׳ווילט זיך מיר אזוי שרייבן וועגן מיין טאטן ע״ה, וועלכער איז יונג פון דער וועלט אוועק. כ׳קען ניט פארגעסן מיינע קינדער־יאָרן, ווען כ׳האָב געלערנט גמרא בא ר׳ דוד׳ן. אויף שבת נאָכמיטאָק פלעגט ער איינלאדן די טאטעס פון זיינע תלמידים, זיי זאלן קומען פארהערן זייערע קינדער. מיין טאטע איז אליין געווען א איד א למדן. ער פלעגט מיר פארהערן, און ווען איך האָב גוט געוואוסט די פלוגתא, פלעגט ער אָנקוועלן פון מיר, קומען אהיים און מיט נחת דערציילן דאָס דער מאמען.

און ס׳פארגעסן זיך ניט עד היום די פסחדיקע סדרים בא אונז אין דער היים. דער טאטע פלעגט זיצן אויבנאָן און צוזאמען מיט מיין עלטערן ברודער שמואל אָנפירן מיטן סדר, מיט דער הגדה און מיט די געזאנגען. מענטשן פלעגן קומען אונטער די פענסטער זיך צוהערן צו די זמירות, בא וועלכע מיר, די קליינע קינדער, פלעגן ארויסהעלפן דעם טאטן און שמואלן.

ערב יום-כיפור, נאָכן פארפאסטן, פלעגט דער טאטע אָנטאָן דעם טלית און פארן גיין אין שול אריין רופן יעדן פון אונז באזונדער און בענטשן מיט א הייסער, אידישער ברכה.

און די פרייטיק־צו־נאכטן אין אונזער משפחה זיינען עד היום מיינע שענסטע און ליכטיקסטע זכרונות.

ווען הרב פלאָטקין האָט פאַרנומען דעם כסא-הרבנות אין דערעטשין, האָט ער זיך זייער באַפריינדעט מיט מיין טאַטן און תמיד זיך גערעכנט מיט זיין מיינונג אין קהלשע ענינים.

אזוי האט מיין טאטע, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, ערלעדיגט באַדינט זיין קהילה און געזאָרגט פאַר די אָרעמע שיכטן פון אונזער באַפעלקערונג. די מלחמה האָט, ווי מיר אַלע געדענקען, לאַנג זיך פאַרצויגן, שפּעטער, נאָכן אָפּטריט פון די דייטשן, האָט זיך בא אונז די מאַכט אָפּט געביטן, ס׳זיינען געקומען די באָלשעוויקעס

נאָך זיי — די פּאָלאַקן, שפּעטער זיינען ווידער אָנגעקומען די רוסן. ווען זיי זיינען אריין קיין דערעטשין, האָט מען גלייך מאָביליזירט די יוגנט. א טייל פון די יונגעלייט איז אוועק טיף קיין רוסלאַנד. דער טאַטע איז שוין דאַן געווען א נפטר, מיר, די קלענערע קינדער זיינען געווען מיט דער מאַמען. דער עלטסטער אין שטוב איז שוין דאַן געווען אונזער ברודער יודל. ער האָט געאַרבעט בא שעלובסקין אין מיל, האָבן מיר דורך אים געהאט א געלעגנהייט צו קויפן ווייץ, בייטלען דאָס אין מיל און פאַרקויפן מעל. דאָס האט אונז פאַרזאָרגט אין יענע שווערע צייטן מיט א ביסל פּרנסה.

## בית־תמחוי לנצרכים / מלכה אלפר

בימי מלחמת העולם הראשונה, בהיות דרצ׳ין תחת כיבוש הגרמנים, נוסד מטבח לנזקקים יהודים ע״י ה„אַמטספאָרשטעהער״, ששימש כעין נציג של השלטון האזרחי. היה זה גרמני לבוש מדים, עם מקל דק ביד, פונה פניה ישירה „אתה״ גם לקשישים ממנו, מביט מגבוה ובלעג קל על כל הבא במגע אתו, הוא היה „המוציא והמביא״, לפיו יישק המסחר והוא היה קובע מי יקבל רשיון לייצא את יבול המשק ומי לייבא מכולת מהערים הסמוכות.

הוא הכיר אישית את כל תושבי העיר וידע את המצוקה של חלק מהאוכלוסיה, ואז הציע לוועד „צדקה גדולה״ שהתארגן לפי דרישתו (נאסרה החזרה על הפתחים ופשיטת־יד לנדבות) לפתוח מטבח בו יקבלו הנצרכים מרק חם, אם התושבים היהודים יספקו את העובדות : מבשלת בשכר ועוזרות על ידה, בנות בעלי בתים אשר יבואו לפי התור יום־יום לקלף את הירקות, אותם יספקו בעלי האחוזות שבסביבה חינם אין כסף.

בימי חירום הצעה משמעה פקודה, והמטבח קם והיה לעובדה. יום יום היו באות קבוצות בנות לעסוק בהכנות הירקות ליום המחרת. אף הוא, ה„אדון״ בכבודו, מופיע כמעט יום־יום, נהנה לראות איך עובדות הבנות, לועג לאלו אשר ידן אינה מאומנת בעבודה כזו, תוקע את כף המבשלים לתוך הדוד וטועם מן התבשיל, נשאר לפעמים גם בשעת חלוקת התבשיל לתוך הסירים, שכל אֵם היתה מביאה אתה לשם קבלת המנות למשפחה. לביתן, יחד עם המרק, קיבלו גם מנת לחם שסיפק ה„קאָמיטעט״ היהודי.

המטבח שוכן בבית זליג לבזובסקי, לא רחוק מבית־המדרש הישן.

יום אחד נקראתי אל האדון למשרדו. כל קריאה כזו היתה מעוררת חרדה, כי הפגישה אתו ומבטו מלמעלה גורמים היו לאי־נעימות ולהתקוממות פנימית, אשר צריך היה לדכאה כדי לא להתפרץ. מה העניין ? בעל אחוזה מהסביבה הקרובה הביא ירקות, — כרוב, תפוחי־אדמה, סלק וגזר בשביל המטבח, ועלי לדאוג ולהראות לעגלון היכן לאחסן אותם. ובפנותו אל בעל האחוזה, מבלי להציגני לפניו אמר :

„הקטינא אלפר תדאג לסדר את זה״.

נפטרתי מהם בברכת שלום וברגש הקלה, שרק זו היתה מטרת הקריאה.

אם לא יטעני זכרוני, היה קיים המטבח בשנים 1916—1917.

# מלחמה־שמועסן / מ. א.

באלד נאכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה זיינען פון דערעטשין מאָביליזירט געוואָרן רעזערוויסטן, צווישן די אויך אזעלכע וואָס האָבן דורכגעמאכט די רוסיש יאפאנישע מלחמה.

די רעזערוויסטן זיינען געווען פאָטערס פון משפחות. זייערע פאמיליעס זיינען געבליבן אָן די שפייזערס, האָבן שטארק געליטן מאטעריעל, ווייל די צארישע רעגירונג האט פאר זיי בכלל ניט געזאָרגט. די קהילה האט געטאָן פאר זיי וואָס זי האט געקאָנט טאָן.

א געוויסן אָוונט איז צו אונז אריינגעקומען א פרוי, וועמענס מאן איז געווען סאָלדאט אין רוסיש-יאפאנישן קריג און איז איצטער ווידער מאָביליזירט געוואָרן און זיך געפונען אויפן פראָנט. נאָכן קויפן וואָס זי האָט נויטיק געהאט האָט זי זיך אראָפּגערעדט פון הארצן:

— „...אז איר ווייסט ניט, וואָס זיי זיינען. ווען מ׳האט אונטערגעשריבן דעם יאפאניש-רוסישן שלום-אָפּמאך, זיינען שוין אונטערן טיש געלעגן די פאפירן פון דער איצטיקער מלחמה...״

א צווייטע פרוי, וועמענס מאן איז אויך מאָביליזירט און געשיקט געוואָרן צום דייטשן פראָנט, האָט זיך באקלאָגט אויף איר ביטערער לאגע. מיטאמאָל רייסט זי איבער אירע רייד און פרעגט:

— „זאָגט מיר, איך בעט אייך, האָט ניט קיין פאריבל, מ׳שלאָגט זיך דארטן אויף דער מלחמה אויך ביינאכט?״

— „אוודאי״ — ענטפערט מען איר.

— „אוי, א קלאָג צו מיר״ — פארברעכט זי מיט די הענט — „מ׳קען דאך נאך, חס וחלילה, ארויסנעמען יענעם אן אויג!״...



פאר די דייטשן האָט א טייל פון די קאַזאַרמעס געדינט אלס טורמע. ביים סוף פון דער אָקופּאציע האָט דער רעמאָנטירטער טייל געדינט אלס זאַל פון פאַרזאַמלונגען.

# דוד אלפר



## מיין ברודער דוד / מלכה אלפר

אלס קינד האט ער זיך אויסגעצייכנט מיט שיינקייט, חכמה און פלייסיקייט. באליבט בא אלע מלמדים און לערער, אָנהויבנדיק פון מלמד־דרדקי ביז דעם גמרא־מלמד און די לערער פון זיין אלגעמיינער בילדונג.

זיינע לערער און מלמדים, וועלכע האבן געלעבט אין דערעטשין, פלעגן קומען אים באזוכן יום-טוב אדער אין וואקאציעס, ווען ער פלעגט קומען אהיים. זיי האָבן געהאט פיל אינטערעס צו שמועסן מיט אים, ווייל ער איז געווען שטענדיק — אין יעדער תקופה פון זיין לעבן — מער אנטוויקלט און געוואוסט מער ווי לויט זיין עלטער: ער האט זיך קיינמאל ניט באנוגנט מיט דעם מאטעריאל, וועלכן ער האָט געלערנט ביי זיינע לערער, שטענדיק האָט ער געזוכט א מעגלעכקייט דורך זעלבסט-לערנען זעטיקן זיין דורשט צו וויסן.

א גרויסע נייגונג האט ער געהאט צו פילאָסאָפיע און פלעגט פיל פון זיין קאַרג־פרייער צייט ווידמען דעם פילאָסאָפישן שטודיום, און דאָס אין א זייער יונגן עלטער.

קאָרעקט און טאקטיש אין באציאונג צו יעדן, צו דערוואקסענע און קינדער, ווי אויך צו ווייניקער איטעליגענטע פון אים, — דאָס האָט אים באליבט געמאכט ביי אלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

ער האָט זיך קיינמאָל ניט פארשלאָסן אין די ד' אמות פון זיין וויסן, געוואָלט אויך אלע אנדערע זאָלן וויסן, אנהויבנדיק פון גרינדן „חובבי שפת עבר", אָוונט-קורסן פאר העברעאיש, תנ"ך און אידישע היסטאָריע, דורך בי"ס תרבות און צעירי-ציון—פועלי-ציון.

אייגנארטיק איז געווען זיין וועג צו דערוועקן ביי זיינע שוועסטער די אמביציע צו זעלבסטאנטוויקלונג: לייכט און גוטמוטיק זיך וויצלען אויפן חשבון פון דער פרוי און, ברענגענדיק אלסביישפיל היסטאָרישע טיפּן פון פרויען, האָט ער דערוועקט אין זיי דעם ווילן צו קעמפן פאר גלייכבארעכטיקונג, פאר פרויען־רעכט, ניט אָפּשטיין פון אים און זוכן מעגלעכקייטן צו לערנען און אנטוויקלען זיך ווי אויך צו שאפן זיך א פאַך.

מיט זיך אליין האָט ער ניט געמאכט קיין פשרות, אלץ געטאָן גאנץ, בשלמות, מיטן גאנצן הארצן, ספּעציעל האָט זיך דאָס אָפּגעשפּיגלט אין זיין ארבעט אלס לערער און מחנך אין גימנאזיע „תרבות" אין פּינסק, אין די יאָרן 1922—1939, צווישן זיי פון 1931 אלס דירעקטאָר פון דער גימנאזיע.

ביז עס האָט אים דערגרייכט די האנט פון צורר אין 1941, באַלד אין אָנהויב פון דער אָקופּאציע.

יהא זכרו ברוך!

# מורנו הבלתי־נשכח / ליזה כץ־ביאלוסטוצקי

ההתחלה היתה ב„חדר", בשיטה המסורתית של „חדר", ודווקא בחדר הקטן והאפל־למחצה ב„חסידים־שטיבל", ברובע העני ביותר של העיירה. נותרי ה„מניין" שהיו מאחרים לשבת ב„שטיבל" לאחר תפילת שחרית קידמונו בבוקר בבואנו עם תרמילי הספרים ללימודים. הם היו ממהרים לסגור את הספרים שלהם ולהטמינם בארונות הישנים והיו מסתלקים כדי לפנות לנו את המקום.

אנו, התינוקות של בית־רבן, נחפזים היינו לתפוס את המקומות סביב השולחנות הרחבים ומתחילים ללמוד אָלפא־ביתא מפי מלמד־הדרדקי דאז, לייב אבלוביץ.

את תורת הקריאה תפשנו מהר והתחלנו להבין גם פירוש המלים והמשפטים. הטובים שבנו עברו אז ללמוד אצל פייבל איינשטיין, שהיה כבר מורה מתקדם ולימד אותנו תנ"ך עם פירוש עברית בעברית.

חלפה שנה נוספת ואז החלו הורינו מתלבטים ומתווכחים: מה לעשות בנו וכיצד לתת לנו חינוך והוראה מלאים ברוח הזמנים החדשים? חששו, כנראה, ההורים, שלא ירחק היום והילדים יתחילו לחפש מקום־תורה מחוץ לד' אמותיו של בית אבא־אמא ומחוץ לעיירה שלנו. הושמעו דעות שונות, אך ניצחה דעתו של אבי ושל קומץ הורים נוספים, שדרשו בית־ספר עברי לילדיהם. לעזרתו של חוג הורים מתקדמים אלה בא דוד אלפר ז"ל.

דוד, איש האפקים הרחבים והאידיאלים הנעלים, היה במיוחד ער לבעיית חינוך הדור הצעיר, החל מהגיל הצעיר ועד למתבגרים. את כל מרצו השקיע אז בהקמת בית־הספר המודרני, הלאומי, המקנה דעת ומנחיל אהבת העם והארץ. הוא נטל על עצמו את התפקיד האחראי של מנהל בית־הספר ומפקחו, עסק בכל פרט ופרט קטן כגדול, הביא מורים צעירים ומעולים ושיתף במוסד החינוכי החדש גם מטובי אנשי־ההוראה במקום. מורינו בשנים ההן היו: צבי מרמינסקי, טיגר, סיני ועוד.

הם העלו את דרגת הלימודים לרמה גבוהה. לא ארכו הימים ולבית־הספר העברי בדרצ'ין, בהנהלתו המסורה של דוד אלפר, יצאו מוניטין בכל הסביבה.

הלימודים התנהלו על טהרת השפה העברית. החיאתה של שפת־עמנו עתיקת־היומין היתה שלובה בחינוך הציוני שניתן לנו בכתלי בית־הספר, וכל זה הודות לדוד אלפר ולמשפחתו ששימשה מוקד עברי־לאומי כעריסת התנועה הציונית־חלוצית בדרצ'ין. גם כעת, לאחר עשרות שנים ולאחר כל מה שעבר עלינו בשנות המלחמה והשואה, מעלים אנו בכל פגישה ומועד זכרונות מאותן שנים רחוקות ויקרות, כאשר ישבנו בצוותא על ספסל־הלימודים בבית־הספר החדש, מלא האור, התורה והאמונה, ולבנו רוחש אהבה ותודה ל„אלפרים", ובמיוחד לדוד. הוא ובני־ביתו השרישו בליבותינו הצעירים את אהבת המולדת, את השאיפה לעליה ואת הכוננות לתקומת עמנו בארצו.

באותן השנים למדנו לכבד ולחגוג כל חג ומועד לאומי. כהמשך למסורת היהודית חגגנו בעיירתנו המושלגת את ראש־השנה לאילנות — את ט"ו בשבט. היינו יוצאים, כשלפנינו הדגל הכחול־לבן, אל החוץ אפוף הכפור — כאילו לשתול ולזרוע, ובפינו שירי הארץ, שיר השקדיה הפורחת. ידענו שמחכה לנו כיבוד מפירות ארץ־ישראל, וכל זה הלהיב אותנו ומילא לבנו אהבה לחיים החדשים בארצנו. וכיצד ידענו אז לחוג את יום ל"ג בעומר!

גם את סוף שנת־הלימודים ציינו בחגיגות, בהצגות של החוג הדרמטי שהוקם בין כתלי בית־הספר. וכשנקראנו להשתתף בחגאות מדינת פולין, לא התביישנו להופיע לפני קהל רב ולהציג גם בשפת־המדינה.

ככה נמשכו לימודינו עד שדוד אלפר עבר לפינסק. הקשרים ההדוקים של קהל תלמידיו עם מורם ומחנכם ועם בית הוריו ואחיותיו לא נפסקו גם אחרי זה. בכל חג ומועד היה

בא לביקור במשפחתו ואנו היינו עושים הכל כדי להיפגש אתו, ולו גם לרגעים מספר. כאשר היה חוזר לעבודתו בפינסק, היינו מלווים אותו, מקרוב או מרחוק, ברגשי כבוד ואהבה לאין קץ.

במרוצת השנים התחילו גם אחיותיו לעזוב את בית הוריהן ולעלות ארצה. הודות להן זכתה גם האם הקשישה להגיע לחופי המולדת ולחיות בה. מה אהבתי לבקרה ולמצא אותה רכונה על־גבי עתון או ספר עברי, כשהיא מקדמת פניו של כל בן העיירה ופותחת בזכרונות על דרצ׳ין — ועל הבן האהוב דוד.

עד פרוץ מלחמת־העולם השניה קיווינו עדיין כולנו, יחד עם משפחת אלפר, לראות בינינו את דוד, את אשתו שושנה ושני ילדיו. לדאבוננו הגדול איחר דוד את המועד וידו של הצורר השיגה אותו וגזלה מהמשפחה ומקהל תלמידיו את אושר הפגישה המיוחלת במולדתנו.

יקר היה דוד לכל אחד מאתנו ויקר כיום זכרו בלבנו. עד היום רואה אני אותו בדמיוני, במלוא קומתו ויופיו, עם בת־צחוקו החיננית, כשהוא מדבר אל תלמידיו הבולעים כל מלה היוצאת מפיו ולבם רוטט מאהבה אל מחנכם הדגול, הבלתי־נשכח.

# בית אלפר / דוד רבינוביץ

אין לתאר את החיים הציבוריים, את התנועה הציונית־חלוצית ואת מערכות החינוך הלאומי בדרצ׳ין, מבלי להדגיש את התפקיד המרכזי והמדריך שהיה בכל אלה לאותו בית ברחוב השוק, אשר גבל עם סימטת חצר בתי־הכנסת ושבו גרה משפחת אלפר.

מרפסת־עץ רחבה היתה בכניסה לבית־המרקחת של משפחת אלפר, ועל מדרגות־העץ של מרפסת זו נולדה התנועה הציונית־חלוצית בעיירתנו על כל הסתעפויותיה.

פאר המשפחה ופאר העיירה היה בנה היחיד של המשפחה, דוד אלפר. חניך ישיבת שטוצ׳ין ומושרש בתורת היהדות, הצליח דוד לספוג ולקלוט ממיטב היצירה הספרותית וההגותית של עמי העולם הנאורים. מלא וגדוש היה בתורה, מדע, ספרות ופילוסופיה וכל אשר למד ושנה ידע למסור בבהירות לזולתו. נואם בחסד היה וכל העיר באה לשמוע את דבריו. בוויכוחים עם מתנגדי־ציון היתה תמיד ידו על העליונה, ולא אגזים אם אגיד, שדוד היה משכמו ומעלה גבוה מכל אלה שסבבו אותו, ידידים כיריבים, חברים כתלמידים. חריפותו ובקיאותו הדהימונו מדי פעם, אך מכל תכונותיו בלטו במיוחד פעילותו בשדה חינוך הדור הצעיר וכושרו בהקמת המסגרות הארגוניות לנוער הציוני־סוציאליסטי, לחלוצים, לפעילי הקרן הקיימת לישראל ולכל מי שמוכן היה לתת ידו למפעל הציוני. רישומו בחיים הציבוריים־תרבותיים של עיירתנו מורגש היה בכל אשר נעשה בשטחים אלה בדרצ׳ין ועד היום יש לראות ברבים וטובים מבני עירנו את מורשת המחנך המופלא דוד אלפר.

דוד גדל בבית ציוני, ואתו גדלו גם חמש אחיותיו. ארבע מהן נמצאות אתנו בישראל, מהן פעילות שלוש עד היום בשדה החינוך והרביעית היא רופאת ילדים.

מבין האחיות, שהיו כולן מסורות לרעיון ולמעשה הציוני, הצטיינה במיוחד מלכה, שעמדה בשנים ההן של ראשית הציונות החלוצית לימינו של דוד אחיה בכל אשר עשה, ביסוד „צעירי־ציון" ואגודת הנוער ליד מפלגה זו, בהקמת ארגון של „בנות ציון", אשר הקיף עשרות מצעירות עיירתנו, ביסוד הספריה ע"ש י. ח. ברנר ובכל מיני פעולות אחרות בעיירה.

בית־אלפר שימש מרכז לעשייה הציונית בדרצ׳ין. בבית־המרקחת נרקחו התרופות ולפני הבית ובתוכו, בפגישות עם דוד ועם אחיותיו, „נרקחו" כל התכניות של הפעולה החברתית־תרבותית־לאומית בעיירה. כמעט שלא היתה שעה משעות היום והערב, שבה לא ישב מישהו אצל האלפרים על כוס תה ושוחח על דא ועל הא ועל משהו שיש לעשותו. היו שבאו סתם

להשיח לבם והיו שרצו לשמוע מפי דוד עצה ודעה והצעה בתחום זה או אחר.

וכאשר הלך דוד לפינסק, כדי לעמוד שם בראש הגימנסיה העברית ולפעול בשורות התנועה הציונית, היו רבים מרעיו ומתלמידיו מצפים בכליון־עיניים לחג ולמועד, כדי לפגוש את חברם ומורם בימי ביקוריו בבית ההורים. לא אשכח גם אני את פגישתי עם דוד אלפר בשנת 1932, כאשר באתי מהארץ לביקור בפולין. נפלנו איש על צואר רעהו והיתה לנו שיחה ארוכה וחמה. כשנפרדנו אמר לי דוד: „נו, ועתה ניפגש כבר בארץ...".

אך דוד לא זכה להגיע למולדת, שאת כל חייו ומרצו הקדיש למענה. ואנו לא זכינו לראות כאן בתוכנו את גדול בניה של דרצ׳ין, את האישיות המופלאה שלאורה גדל והתחנך דור שלם בעיירתנו.

## דוד אלפר, המחנך והמנהל שלנו / אשר שופט (נגבה)

דוד אלפר בא כמורה לגימנסיה העברית בפינסק קרוב להיווסדה. מראשית בואו היה לו מעמד בכורה בקרב חבר המורים שם, שנים רבות, עוד בטרם היותו מנהל הגימנסיה בפועל, היה הרוח החיה במוסד. התפקידים שמילא בפנים ובחוץ, חלקו במפעלי השכלה ותרבות, נוסף על הוראה וחינוך, הפכו אותו לדמות המרכזית בגימנסיה, והיתה זו אחת הגימנסיות הגדולות והטובות ברשת הכל־ארצית המסועפת של „תרבות" בפולין.

בראש וראשונה הוכיח את עצמו כמורה ומחנך. היה אמן בניהול שיעור. אזכור: הכיתה קשובה בנשימה עצורה לשיעור הנרקם והולך מפי המורה. משמיע על הרוב את לקחו בעמידה או תוך צעידה קלה בין שולחן לספסל. תנועות ידיים מאופקות מסבירות, ומבט חי רב־בינה מעבר למשקפי־הקבע שלו, כששפם שחרחר, שבא להסתיר צלקת מימי הילדות, מוסיף לווית־חן לקלסתר פניו הנאה.

ממקצועותיו השונים בראשית עבודתו, בהם חשבון והנדסה, עבר אח"כ להוראת היהדות ושאר מקצועות הומניסטיים, ובאלה היה ייחודו.

היום נראית כפלא בעיני אותה אינטואיציה חינוכית ודידקטית, שנתנה בידיו את שיטות ההוראה המודרניות. כיצד הביא בעיות בפני כיתה, כנמוכה כגבוהה, כיצד היפרה את דמיון התלמידים ודירבנם לויכוח מרתק, כשבידו שרביט הניצוח על הדיון הלימודי ובפיו התשובה הגואלת לבעיה ,לענין הספרותי־חברתי המבוקש.

המשמעת הגדולה, לה זכה בשעוריו ובכל תביעותיו מתלמידים, היתה משמעת של יראת כבוד. הכינוי „מורה־חבר" לא היה הולם יחסים אלה, כי אם „אב גדול", שתלמידיו עומדים לפניו ביראה ובאהבה.

בתוקף תפקידו במוסד היה דוד אלפר המעורה ביותר והמעודכן בחיי התלמידים למאותיהם. בעת ההפסקה הגדולה היה פוסע הלוך ושוב לארכו של אולם הגימנסיה רחב־הידיים בתוך שאונם והמונם של התלמידים, היה מביט סביבו, מעיר, שולח חיוך לעבר הכיתות הבוגרות וקולט את נהרת הצחוק, המוחזרת לו מכל פנים, ובחוץ — פעילות כלפי ציבור ההורים, המוסדות והרשות.

ואף זאת — באותם הימים, כשהמונחים „ייעוץ" ו„טיפול אינדיבידואלי" כמעט ולא היו ידועים, ידע דוד אלפר להקדיש מחשבה ופעילות אף לכך. לא פעם מצא עצמו נער מתבגר תוהה על קשיי הריכוז בלימוד, שבאו עליו תוהה על עצמו, על השינויים הביאולוגיים, לפתע — ואז היה מוצא את הדרך לביתו של ד. אלפר ושם מצא אוזן קשבת ועצה טובה.

הוא לימד את הנער לארגן את זמנו, לגבור על פיזורו על־ידי סדר־יום קבוע והתאוששות מודעת, המציא לו חבר להכנת־שיעורים משותפת; ובפגישה שלאחר־מכן ישב הנער מולו בעינים מחייכות ואורות, כולו מעודד בחזרה אל המסלול.

יצאנו את כתלי הגימנסיה, ובני נוער רענן,

צעיר, מילאו את השורות. עתידו של הנוער היהודי בפולין מעורפל היה ביותר והתגובה היתה — הפנמה חברתית ותרבותית, עם מבט לארץ־ישראל, שהאנגלים כבר הגיפו היטב־היטב את שעריה. ד. אלפר שמר בנאמנות על הקשר עם תלמידיו היוצאים, היה גאה עליהם, ואף כתבו אליו מכתבים ממרחקים, ובבואם הביתה נפגשו אתו שוב בשדה הפעולה העברית בעיר. בינתיים מונה למנהל הגימנסיה לאחר שקודמו אברהם מזור ז״ל עלה לארץ־ישראל.

את הנעשה והנוצר בא״י חי בכל נימי נפשו ולבבו. את בנו יחידו חינך בשפה העברית כשפת־אם. תלמידיו בארץ־ישראל, שבאו לבי־קור בפינסק, לא שכחו לבקרו.

תלמידיו פעלו בהנהגות הראשיות של רוב התנועות בפולין והמחיצות הרעיוניות נשכחו בחברתו. אך הוא עצמו ניצב על משמרתו החינוכית עד הסוף. וזו היתה בשבילו כהר־נבו, שממנו לא זכה לבוא אל ארץ חלומותיו ומחוז געגועיו.

(„על המשמר״, 25 בדצמבר 1961, במלאות 20 שנה למותו של ד. אלפר).

## לא מת מי שלא נשכח / נפתלי בן־דב (דייחובסקי)

שמעתי מלים אלו מפיו של אחד מתלמידיו של דוד אלפר ז״ל. בהתייחדות עם זכרו של בן־עירנו העילוי אמר משה קול, שר בישראל: „אין בני אדם דגולים מתים, כל עוד לא נשכחו מלב בני דורם״.

ואני יודע, חש זאת בכל לב ובטוח שרבים השים כמוני, שאי־אפשר לשכוח את דוד, את טוב לבו, רום רוחו, אצילותו ונאמנותו לעיקר — להחייאת שפתו ולהנחלת מורשתו של עמנו הקם לתחייה.

היה חבר שלי לספסל הלימודים בישיבת שטוצ׳ין. את זכר הימים ההם אני נושא בלבי עד היום הזה, מחממו ומטפחו בקרבי כזכר לחבר דגול מעם, אשר כל יודעיו יזכרוהו לנצח.

דוד, דוד, לא נשכחך, כי חי אתה בקרבנו, בזכרוננו, בנשמתנו, בכל הקושר אותנו עם עבר רחוק בעיירתנו ועם עתיד זוהר בארצנו.

# ר׳ חיים צבי סיני-כ׳ולר



## דרכו של אבינו

/ חמדה וישראל ארצי

אבינו, ר׳ חיים צבי סיני ז״ל, שקוע היה בצעירותו באהלה של תורה ורחוק היה מחיי המעשה. המאורע הגדול מן העולם החיצוני, שהשפיע עליו ביותר, היה משפט דרייפוס. המשפט השף לפניו את הבעייה היהודית בכל עומקה, והוא בא לכלל מסקנה בלתי־מעורערת, שהפתרון היחידי לבעיית עם ישראל הוא הפתרון הציוני. מאז נעשה הרעיון הציוני למרכז חייו. הוא התעניין בכל הדיונים של הקונגרסים הציוניים הראשונים. מובן שציונותו היתה חלק בלתי־נפרד מהשקפת עולמו הדתית. יהודי שלם יכול להיות, לפי הכרתו העמוקה, רק זה שעולמו מבוסס על תורה ומצוות ואשר מצוַות יישוב ארץ ישראל היא חלק אינטגרלי ממנו. להשקפה זו נשאר נאמן כל ימי חייו: רק מי שמקיים בגופו את מצוות בנין הארץ — ממלא את ייעודו.

פעיל היה בכל לבבו ונפשו למען הקרנות הציוניות ואת דבר הציונות נשא בכל מקום ברמה לפני הציבור: בשבלי אשר בליטא, בפולטבה אשר באוקראינה ובדרצ׳ין אשר בפו־לין. ערים אלה היו תחנות בדרך חייו. לאחר פרוץ מלחמת העולם הראשונה שעקרה שלמים וכן רבים ממקומות מושבם. עם פרסומה של הצהרת בלפור נישא על גלי ההתלהבות הציונית ודבריו על אתחלתא דגאולה עשו נפשות לרעיון הציוני בכל אתר ואתר. בדרצ׳ין העמיד דור של תלמידים נאמן לציון, שבהשפעתו עלה רובו ארצה.

כיסופיו לציון באו לידי ביטוי בכמיהתו לקרקע. עוד בשנת 1912 רכש באמצעות „חברת הכשרת הישוב״ שטח אדמה בכפר אוריה, ובשנת 1926 עלה יחד עם משפחתו ארצה והתישב בכפר עם עוד שמונה משפחות. למותר לציין את התנאים הקשים, בהם חיו המתיישבים החלוצים בלב איזור עוין, מוקף ערבים, מבודדים בהרי יהודה ממרכזי היישוב. הוא קיבל עליו את יסורי בנין הארץ באהבה וחי אותם יחד עם רעייתו בלומה ז״ל, שהיתה עזר כנגדו וסמל הנאמנות והמסירות השלימה. הלכה אחריו (כפי שהתבטא פעמים רבות) „במדבר בארץ לא זרועה״.

בשנת 1929 נחרבה הנקודה על־ידי הערבים, ורק את הנפש הצילו הודות למוכתר הערבי הידיד, שהעבירם לכפרו ולביתו באישון לילה ומשם למושבה רהובות. את שאיפתו לבניין הארץ הוסיף להגשים עם התישבותו ברמת השרון.

בביתו החדש המשיך את אורח חייו, לו נשאר נאמן כל ימי חייו: תורה, עבודה וגמילות חסדים. אהבתו לטבע, לצומח ולחי, שהביא אתו מכפר מולדתו סינאיסקה, באה לידי ביטוי בקטעי זכרונות שכתב ברמת השרון:

„...גן עצי פרי שבחדשי החורף הפך לבן, היה לשטיח פרחים... עצי הלילך על אשכולות פרחיהם הפיצו ריח נעים. הסיח הערמוני עם הפתיל האדום לצווארו והפעמון הקשור אליו צהל־דהר אלי... הכל מסביב תוסס, שופע חיים ועליזות". מכאן יש להבין את המקור לשפע האהבה והעמל, שהשקיע בטיפוח פרדסו הנאה. מקור זה התמזג עם מקור שני: אהבת ארץ ישראל. היו לו שלוש אהבות, שהיו בבחינת החוט המשולש: אהבת העם, הארץ ותרבות ישראל, שבמרכזה דת ישראל.

ברמת השרון לימד תנ"ך ותורה שבע"פ לרבים, היה יו"ר המועצה הדתית, חבר המועצה המקומית במשך שנים רבות, מייסד ומטפח הקרן לגמילות חסדים, חבר ועדת השמות ועוד. פעיל היה עד מחצית השנה האחרונה לחייו, עד שחלה את חליו ממנו לא החלים עוד. עמד בכל סערות הזמן, באלמנות ובשכול. ראינוהו „כאיתן הרוח, נקי הדעת, צנוע וטהור בסתר כבגלוי, בטוח באמיתו ובדעת אחרים לא תלוי, דורך בשבילו המיוחד, נושא גחלתו לפני ולפנים ושומר הניצוץ של האלוהים".

לאורו נלך ימים רבים!

# דמות מקרינה אור / מלכה אלפר

ר׳ חיים צבי סיני־מילר היה אדם בעל מידות תרומיות, דמות מקרינה סביבה אור של ידידות אמת, של אהבה לתורה, לעם, לאדם ולארץ.

איש בעל אמונה עמוקה ושלמה, ללא סתירה בין אמונתו ומעשיו, תמים עם עצמו ועם אלוהיו. אדם שחותמו אמת, ובמחיצתו לא ייתכן ההיפך. בעל רוחב לב ומחשבה, סובלני לדעתו של הזולת.

במשך הזמן בו חיינו במחיצתו של ר׳ חיים צבי ז"ל, עסק רק שנים מעטות בהוראה, אבל דמותו היתה מחנכת בנועם הליכותיו, במאור פניו, בשפע טוב הלב.

ציוני מנעוריו הלכה למעשה, רכש עוד לפני מלחמת־העולם הראשונה שטח מאדמת כפר־אוריה על מנת לבוא ארצה ולהתישב בה. המלחמה לא רק מנעה הגשמת השאיפה, אלא אף טלטלה אותו ממקום מגוריו שבלי שבליטא על פני מרחבי רוסיה, שם טעם טעם של גולה כפולה, כפליט מלחמה וכיהודי נטול זכויות.

לא נתפתה לאורות הכוזבים של המהפכה הרוסית ואף לא לאפשרויות הבלתי־מוגבלות של אמריקה, לשם קראו לו בלי הרף אחיו ואחותו. העדיף על כל אלה חיי חלוציות בארץ אבותיו, משאת נפשו מאז ימי נעוריו.

זכיתי להקביל פני ר׳ חיים צבי עם משפחתו בהגיעם לחוף יפו בערב פסח שנת 1926. מה קרנו פניו משמחה ואושר, כי קם והיה חלום נעוריו; לא הסכים שהספן ישאהו על גבו, כמנהג הימים ההם, מן הסירה אל היבשה, אלא רצה לצעוד במים, כדי לחוש כבר את חוף המולדת מתחת כפות רגליו. „על כתפיים ישאוך" ככתוב בישעיהו, צעק אלי מרחוק, כשהוא נישא בכל זאת על כתפי הספן הגברתן.

חלוציות זו אליה שאף נמשכה אצלו כל שנות שבתו בארץ, והן כשלושים ושש שנים בקרוב. החל מכפר אוריה שבהרי יהודה ומאורעות השרון 1929, דרך ראשונות ברמת־השרון, על כל הקשיים של התערות בחיי עבודה ויצירה על אדמת הארץ. בכל עץ שגידל ראה את ילד טיפוחיו, כל בית שנבנה במושבה גרם לו שמחה אמיתית וכל יישוב חדש שעלה על אדמתו היה לו לר׳ חיים צבי מאורע, אותו חי בכל עומקה של נשמתו היהודית־ציונית. וכך חי את הבניין והיצירה של הישוב בכל מאודו, ומעל לכל אלה את נס תקומת ישראל בארצו. למוד סבל וצרות, שכול וצער נשא את מכאוביו תוך שלמות נפשית ותום עילאי, כאחד קדמון המאמין כי זהו גורלו של אדם עלי אדמות.

בר אורין היה, איש שיחה מעניין, מקרין אור ואהבה באמרי פיו על כל מי שבא במגע אתו.

בימי חוליו לא נשמעו מפיו אף מלה ואף

רמז על מצבו. כשבועיים לפני לכתו מאתנו ביקרתיו פעם נוספת, היה תשוש, וניכר היה שימיו ספורים. אבל דעתו צלולה היתה עליו, התעניין בנעשה בין בני עירנו, שאל אם קראנו לאסיפה השנתית לזכר הקהילה שהושמדה, רצה לדעת מה גורל ספר דרצ׳ין עירנו ומה שלום המטפלים בו.

נשבר כאלון, נטמן באדמת מדינת ישראל שבדמיונו ראה אותה עוד בנעוריו, וזכה לראות בתקומתה ובראשית התפתחותה.

## מורי ורבי / קלמן אברמוביץ

שלושה דברים היו נר לרגליו בתפקידו כמורה, בו השקיע כל מרצו, מחשבתו וחלק גדול מחייו: הקניית ידע לתלמידיו, הנחלת השפה העברית והשרשת האהבה למולדת.

כל אחד משלושת היסודות האלו הוביל למטרה אחת: עזיבת הגולה ועליה ארצה. בהקניית ידע לתלמידיו במקצועות שלימד, בתנ״ך וספרות, העמיק את החריש בכל שטח ופינה, עד שהיה משוכנע כי תלמידיו ספגו לתוכם את דבריו והסבריו וכי לא לשוא היה עמל השעור.

נזכר אני באחד מהסבריו בשירו של שאול טשרניחובסקי „אני מאמין״ על הדור הצעיר שיקום בארץ: „כי עין בעין יראה אור״. והיתה זו גם אמונתו של המורה, שהעולם יהיה כולו אור, בני־אדם יהיו טהורים במחשבותיהם ובמעשיהם, אהבת איש לרעהו תשרור בעולם ואז, כאשר אלו יהיו דרכי אדם, יהיה אור בעולם שעין בעין יראה אור, למרות שבהתקרב העין סמוך לאור אין היא מסוגלת לראותו.

בדרכים אלה רצה להוליך את תלמידיו. נזכר אני שוב בלימוד שירו של ביאליק „אל הצפור״. כמה געגועים ואהבה הנחיל לנו בעת שינון השיר, וידענו שאלה היו גם געגועיו ושאיפותיו: מי יתן לי אבר ועפתי אני אל ארץ בה ינץ השקד, התמר...

כל זה לא לשוא היה. הודות למורה מילר־סיני שחינכנו לאהבת המולדת עלה ארצה חלק מתלמידיו, מאלה שלא איחרו את המועד. כך גם ניצלו מהשואה. תלמידיו עלו כשהשפה העברית שגורה בפיהם. המורה המשיך את חלום חייו בישראל, בהתקשרות לאדמה. כן המשיך בבית הכנסת בלימוד תורה והוראתה. פעיל היה בכל מיני מוסדות לטובת הכלל במקום מגוריו — רמת השרון.

יהא זכרו ברוך!

## הייתי גאה לקרוא לו „דוד״

/ גוסטב שרון (יוהנסבורג)

מחשבותי חוזרות אחורה ללילה ההוא מלפני שלושים ושלוש שנה, שבו הגעתי לראשונה למקום שאז היה „פלסטיין״ ונפגשתי בפעם הראשונה עם הדודה והדוד ועם שאר בני המשפחה. עד היום זוכר אני את הרושם העז והעמוק שעשה עלי הדוד כנציגו הנאמן של הישוב הישן, הציוני, המגשים, הבונה האמיתי של ציון, אשר שמר אמונתו על אף אכזבות, כשלונות ואף אסונות. הפליאתני דמותו בעלת הלב החם והסביל, היהודי, הכן והטוב. כאשר חזרתי לדרום אפריקה פירסמתי עליו סקירה קצרה בעתון יהודי המקום.

ידוע לי, שהיתה לו כלפי הרגשת גומלין מצידו, ופעם גם אמר לי ששמר על כל מכתב ששלחתי לו. יש לי הרגשה מאד מעיקה על שחליפת המכתבים מצידי נעשתה במרוצת השנים פחות תדירה, וזאת בגלל הקשיים שהיו לי בהבעת מחשבותי בשפה העברית, ואילו לכתוב אליו בשפה האנגלית נראה לי מאד זר ומוזר.

עם מותו נסתיים הפרק, אולם הוא נסגר רק במובן אחד. הזכרונות עליו, מקוה אני, יישארו תמיד אתי — זכרונו של אדם בעל נימוסים אמיתיים, יהודי טוב מן האסכולה הישנה, אשר לקח חלק בהישגיה המזהירים של האומה. אדם שהייתי גאה ושמח לקרוא לו „דוד״.

# חיים לנסקי



## ילדות קשה, חיים קשים

/ יעקב רבינוביץ

זוכר אני את חיים עוד מימי בית הספר הגרמני. כבר אז ראינו מה שונה הוא מכולנו וכמה עולה הוא עלינו. בגיל צעיר התחיל לקרוא ספרים רציניים בעברית וברוסית; הוא גם צייר ופיסל וניגן על כינור. את הנגינה למד מהשכנים שלו, מהכליזמרים.

ילדות קשה עברה עליו. בשנת 1922 נמצאתי בקרבתו בווילנה, ואחרי עוזבו את פולין, בת־קופה מ־1924 עד 1933, היה מדי פעם מריץ אלינו מכתבים מרוסיה. זכורני שבמכתבו האח־רון הוא ביקש לשלוח לו צילומים מבית־הכנסת הגדול בעיירה.

את תולדות חייו רשם בקצרה ושלחן בשנת 1934 מלנינגרד אל ידידו הסופר אברהם קריב.

„נולדתי ב־1905 בסלונים העיר בפלך גרודנה. טרם למדתי לבטא אבא־אמא נתגרשו הורי. נסעו להם לעולם הגדול. הוא — לפנים רוסיה, היא — לאוסטריה. אותי אסף זקני (אבי אבי) לביתו בדרצ׳ין (עיירה סמוכה לעיר מולדתי). פרנסתו היתה על דלייו ועל גרזינו. חוץ משאיבה וחטיבה היה בלילות האסיף שומר בגנים. בימות החול השכים לקום. מתוך אמירת „קטורת" וצלצול דליים צעד אל החוץ האפל. ערבית התפלל בבית. פוסע שלוש פסיעות אחורנית ומתחיל „שמונה עשרה" מחדש, כדי לצאת ידי חובת מנחה. בשבת ובמועדים אהב לעבור לפני התיבה. בין מנחה למעריב חיבב את העיון במדרש. במוצאי שבתות, אחר ההב־דלה, היו עוברים ושבים שוהים שעה קלה לפני חלוננו המואר: ר׳ שלמה ונכדו מזמרים זמירות.

זֶלְוָה בִּירִידֶיהָ מִשְׁתַּבַּחַת,
סְלוֹנִים בְּעוּגוֹת הַשֻּׁמְשְׁמִין.
תִּשְׁתַּבְּחִי עוֹד עִירִי הַנִּדַּחַת
בְּשִׁירַי כְּשֶׁיְּפֻרְסַם שְׁמִי.

וּבַעֲבוּר שֶׁסָּבַלְתִּי וְשַׁרְתִּי,
שֶׁחָרַזְתִּי כְּאֵב לֵב —
יָקִימוּ לִשְׁמִי אַנְדַּרְטָה
בְּגַנָּהּ שֶׁל עִירִי הַמְלַבְלֵב.

זעלווע איז בארימט מיט אירע ירידים,
סלאָנים — מיט אירע קוכנס מיט מאָן.
ווערסט זיך רימען, מיין פארוואָרפן שטעטל,
מיט מיינע לידער, ווען איך וועל זיין בארימט.

און ווייל כ׳האָב געליטן און געזונגען,
געגראַמט „שמאַרץ" מיט „האַרץ",
וועט מען מיר נאָך אויפשטעלן א דענקמאָל
אין בליענדיקן גאָרטן פון מיין היימשטאָט.

דאָס שווערע טעג סיי פאר די פויערים און סיי פארן מילנער.

איינמאָל איז מיין פאָטער אראָפּ ביינאכט אין מיל, צו זען ווי ס׳גייט די ארבעט, האט ער געהערט ווי איין גוי זאָגט: „עס וועט קומען א טאָג, ווען מיר וועלן אויסקוילעגען אלע אידן...״ ווען דער פאָטער האָט דאס אויפגע-רעגטערהייט אונז דערציילט, איז צום ערשטן מאָל מיר אריין דער געדאנק אין קאָפּ, אז מ׳דארף פארלאָזן פוילן, אוועקגיין קיין ארץ־ישראל, אָנהויבן א ניי לעבן און ניט שעמען זיך מיט קיין שום ארבעט, מיט וועלכער מ׳האָט זיך נאך געשעמט אין האלינקע.

דער וועג פון פוילן קיין ארץ-ישראל איז דאן ניט אזוי לייכט געווען. מ׳האָט געמוזט דורכמאכן יאָרן פון הכשרה. אָבער ווער ס׳האָט ערנסט אָנגעהויבן גיין מיט דעם וועג, איז צו זיין ציל דערגאנגען. ס׳איז נאָר א שאָד, וואָס ווייניקע האָבן פארויסגעזען די טרויעריקע צו-קונפט. איך בין אוועקגעפארן פון דער היים מיט דער האָפענונג זיך נאך ווידערזען מיט מיינע טייערסטע. ווען איך וואָלט אזוי ניט געטראכט, ווייס איך ניט צי כ׳וואָלט געהאט גענוג כוח אפצורייסן זיך פון מיין משפחה. צייטנווייז גלויב איך, אז כ׳וואָלט בעסער וועלן בלייבן מיט זיי און טיילן זייער ביטערן גורל, אָבער עד היום איז מיר ניט קלאָר, וועלכער איז דער ריכטיקער וועג. ניט שטענדיק גייען האנט בא האנט דער שכל מיט די געפילן.

איצטער בלייבט מיר נאר איינס — האלטן טייער אין זכרון מיין משפחה. מיין הארציקער פאָטער איז געווען גוט צו אלעמען. אן אָרעמען מענטשן פלעגט ער אויפנעמען ווי א חבר, כדי ער זאָל זיך ניט פילן דערשלאָגן. ער פלעגט זיך צוזעצן צום טיש נעבן דעם אָרימאן און מיט אים פארפירן א שמועס, כדי יענער זאָל זיך פילן בעסער. אין די סליחות-טעג האָב איך ניט איינמאָל זיך אויפגעכאפּט פארטאָג און זיך צוגעהערט צום שטילן סליחות-ניגון, געמישט מיט טרערן. די בוימער אין דרויסן האָבן גערוישט, די טייך האָט געפליסטערט — אלץ האָט מיטגעזאָגט די תפילה, און איך פלעג ליגן מיט פארמאכטע אויגן און מיט א ציטערנ-דיקן הארץ.

ערב יום-כיפור איז מיר באזונדערס איינגעק-ריצט אין זכרון. דער פאָטער פלעגט צוזאמענ-רופן אלע קינדער, ארויפלייגן בײדע הענט אויף אונזערע קינדערשע קעפּלעך און אונז בענטשן. מיר זיינען געשטאנען אויפגעציטערטע, מיט טרערן אין די אויגן. צומאָרגנס פלעגן מיר גיין אין שול זען וואָס מאכן די פאסטנדיקע טאטע-מאמע. אויפן טאטן, אין ווייסן קיטל און טלית, מיט די גוטע, ליכטיקע, שיינענדיקע אויגן, האָב איך דאן געקוקט ווי אויף א מלאך. כ׳קען איצטער אפילו ניט שילדערן די געפילן, וואס האָבן מיר באהערשט דאן, אין מיינע קינדער-יאָרן.

מיטן פאָטער האָבן מיר געקענט שמועסן וועגן אלצדינג, אויך וועגן מאָדערנע פּראָב-לעמען, ער האָט פיל געלייענט, געוואוסט וועלטלעכע זאכן, וועגן אלץ און אלעמען ליב געהאט צו שמועסן. און דערביי האט ער פיל געהאָלפן וועמען און ווען ער האָט געקענט. ניט שטענדיק האָט אפילו די מוטער געוואוסט אלץ וואס ער, דער פאָטער, טוט פאר אַנדערע.

געווען אזעלכע גוטע מענטשן אין קליינעם שטעטעלע. אזא איינער איז געווען שמעון לוסקי. א סך געדענקען אים. בעת דער מלחמה איז ער אוועק אין די וועלדער, צו די פארטי-זאנער. די קריסטן און אידן האָבן אים גוט געקענט און באשטימט אלס אויפזעער אויף די פראָוויאנטן. ניט איינמאָל האָט ער, איינ־שטעלנדיק זיין אייגן לעבן אין געפאר, געראַ-טעוועט פרויען און קינדער, וועלכע מ׳האָט ניט געוואָלט אריינגעמען אין די פארטיזאנישע גרופּעס.

די מלחמה האָט חרוב געמאכט מיין שטעטעלע האלינקע און מיין גאנצע משפחה. פון דער האלינקער אידישער באפעלקערונג האָבן זיך געראטעוועט בלויז ווינציקע מענטשן. אויך מיין פאמיליע איז אומגעקומען, און בלויז מיין שוועסטער לאה׳ס טאָכטער, אסתר, האָט זיך געראטעוועט פון דער בלוטיקער שחיטה.

## א ראזעגראציע אין שטעטל — אן אויטאבוס / חיה בעקנשטיין־פילצער

איך געדענק אז ווען איך בין נאָך געווען א קליין־מיידל, האבן אָנגעפאנגען קורסירן אויטאָבוסן צווישן דערעטשין און סלאָנים און אויך צווישן דערעטשין און זעלווע.

פארנאכט פלעגט אנקומען דער אויטאבוס פון סלאָנים, און ווען מען האָט אים דערזען ארייננדרייענדיק זיך פון דער סלאָנימער גאס צום מארק — האָבן אלע ווי נאָך א סיגנאל גענומען לויפן, — קליין און גרויס, אלט און יונג — אלץ איז געלאפן אין דער ריכטונג פון דער סטאציע, לעם „ראד־קראָמען". מען האט געקאָנט מיינען אז דאָס שטעטל ברענט!

דער אויטאָבוס איז אָנגעקומען, די טיר האָט זיך געעפנט און אלע האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד צו זען ווער עס וועט ארויסקומען. איז געקומען עמיצער פון שטעטל צוריק פון סלאָנים, האט מען באקוקט די פעקלעך אין די הענט; אבער טאָמער איז ארויסגעקומען פון אויטאבוס אן אומבקאנטער יונגער מאן און זיך ארומגעקוקט זוכנדיק א באקאנטן פנים, האט מען באלד גענומען טראכטן צו וועמען איז געקומען א חתן און וויפיל נדן וועט ער קריגן. פון דער צווייטער זייט, אויב עס איז טאקע צו עמיצן געקומען א חתן, האבן זיך די מחותנים שטארק געשראָקן און אים אָפגעהיט פאר פרעמדע מיילער, טאָמער קען נאָך עמיצער זאָגן א שלעכט ווארט און קאליע מאכן דעם גאנצן שידוך.

די קליינע יינגלעך פלעגן נאָכלויפן דעם שאָפער און דעם קאָנדוקטאָר און געקוקט אויף זיי ווי אויף העלדן. דער אויטאָבוס האט זיך אויסגעלאָדן און צוריק אָנגעלאָדן אויף זיין וועג צוריק, און ווען ער איז אוועקגעפאָרן, איז אין שטעטל ווידעראמאָל רואיק געוואָרן, אלע זיינען אוועק צוריק אהיים, כדי צו ווארטן ביז מאָרגן ווען אן אויטאבוס פון סלאנים וועט ווידער קומען און ברענגען אביסל „ראזעגראציע" אין שטעטל...

## א קאמישע פאסירונג / שיינדל קאמעניצער

איך ווייס, אז אונזער יזכור-בוך איז געווידמעט דעם אָנדענק פון אונזערע אומגעקומענע שוועסטער און ברידער און חרוב-געוואָרענעם דערעטשין, און דערפאר האָב איך לאנג געטראכט, אויב ס׳פאסט פאר אזא ספר די קאָמישע געשיכטע וואָס האָט פאסירט בא אונז. אָבער אזוי ווי ס׳ווילט זיך דערמאָנען און דערציילן אלץ וואָס געדענקט זיך פון אמאָליקן ליבן דערעטשין, ברענג איך דאָ אויך די געשיכטע פאר מיינע לאנדסלייט. א סך פון זיי געדענקען דאָס זיכער, ווייל גאָנץ דערעטשין האָט וועגן דעם געוואוסט און איבער דעם ניט ווייניק געלאכט.

אונזער הויז, די הויז פון שמואל-זרח און שרה בערניקער, איז געשטאַנען דאָן, אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, איינע אליין אָנהויב קאמעניצער גאס, נאָנט צום זעלווער שאָסיי. יעדן פרילינג האָבן מיר מורא געהאט, אז אָט-אָט וועלן די וואסערן פון צעגאנגענעם שניי, וואָס פילן אָן די קאנאווע ביים שאָסיי, פארגיסן און פארפלייצן אונזער קליין הייזל. קיין שום הויז איז בשכנות פון אונז ניט געווען. נאנט צו אונז האט זיך געצויגן דער „וויהאן", און אין יענע מלחמה יארן, פון 1914 ביז 1920, ווען קאוואלעריע און אנדערע טיילן פון פאר-שיידענע ארמייען פלעגן סטאנציאָנירן אויפן וויהאן, זיינען זייערע פערד ניט איינמאָל געקו-מען זיך באלעקן מיטן געשמאקן שטרוי פון אונזער דאך.

ניט נאָר די פערד האָבן אונז שאדן געמאָכט,

נאר אויך די זעלנער פון די פארשיידענע אָבאָזן. פון אלע ארמייען און פערד איז אונזער כאטע ארויס א שברי-כלי, און ס׳איז קיין ברירה ניט געווען, ווי נאר מאכן איר א גרינטלעכן רעמאָנט.

די בעלי-מלאכות, וועלכע מיר האָבן געדונגען צום פאררירכטן אונזער הויז, האָבן אונז געהייסן ארויסטראָגן אַלץ אין דרויסן, און ס׳איז געבליבן אין דרויסן א היפּש ביסל טעג און נעכט. פאר-שטייט זיך, אז מ׳האט געמוזט גוט היטן די זאכן, אניט וואָלט מען אלץ גאנץ שנעל צעגנ-בעט. האבן מיר זיך טאקע געביטן מיט דער שמירה אין דרויסן און יעדער פון אונז פלעגט היטן אין זיין ריי.

דערעטשינער עלטערע איינוואוינער געדענקען זייער גוט, אז ווער ס׳האָט געדארפט אריבערגיין פון קאמעניצער גאס אויף זעלווער, אדער צוריק, האט געמוזט פארבייגיין ממש לעם אונזער הויז. ווען מ׳האָט דאן רעמאָנטירט אונזער כאטע, זיינען טאקע מענטשן דורכגעגאנגען צווישן די מעבל, בעטגעוואנט, זאכן און כלים, וועלכע מיר האָבן ארויסגעשטעלט אין דרויסן.

מילא, אלץ וואָלט פאַרביי גאנץ רואיק, ווען ניט דער איינפאל פון מיין ברודער יצחק בער-ניקער (באקאנט אין דערעטשין אלס איצל דער קאמעניצער). ס׳האָט זיך אים ניט געגלוסט אָפּזיצן און וואכן א גאנצע נאכט. איז ער אוועק אויפן מארק, צו די קצבים, וואו ס׳האָבן זיך געדרייט הפקרדיקע הינט. ער האט געכאפּט איינעם אזא הונט, די גרויס פון א יונגן קעלבל, געבראכט אים אהיים און צוגעבונדן צו א פוס פון א טיש, כדי ער זאָל זיין דער נאַכט-שומר פון אונזערע זאכן אין דרויסן. מיין ברודער אליין איז אוועק רואיק שלאָפן. דער הונט איז ארונ-טערגעקראָכן אונטערן טיש און אויך געשמאק איינגעשלאָפן.

איר געדענקט זיכער, ווי זומערצייט, אויפן פרימאָרגן, פלעגן פּאַסטוכער ארויסגיין מיט די סטאדעס בהמות אויף פרימאָרגן פאשע, אדער ווי ס׳האט געהייסן: „ראניצע״. אויך די סטאדעס האָבן געמוזט פארבייגיין אונזער הויז. איז ארויס אזא סטאדע אויף פאשע, און ווען זי איז פארביי אונזער הויז, איז א יונגע בהמה נייגיריק געווען צו זען וואס פארא פירפיסיקע חיה ליגט עס דאָרטן אונטער א טיש. ס׳האָט איר אויסגעזען צו זיין א קעלבל. האָט די בהמה ארונטערגע-רוקט איר קאָפּ אונטערן טיש, כדי צו דער-שמעקן ווער ס׳ליגט דאָרטן. פונקט האָט זיך דער הונט אויפגעכאפּט פון שלאָף און זיך דער-שראָקן פאר די הערנער פון דער יונגער קו.

די קו, ווידער, האט זיך דערשראָקן פארן הונטס בילעריי. אז דער הונט איז אויפגעשפּרונגען אויף זיינע פיר פיס, האט די יונגע בהמה געוואָלט אנטלויפן, און דאן האָט זי אויפגע-הויבן איר קאָפּ, אזוי אז דער טיש איז געבליבן הענגען אויף איר קאָפּ און נאקן. צעפּלאָ-שעט ביז טויט האט די קו גענומען לויפן מיטן טיש אויפן קאָפּ און נאָך איר לויפט דער הונט, צוגעבונדן צו איינעם פון די פיסלעך פון טיש.

די קו איז מיטן טיש אויף זיך און מיטן הונט הינטער זיך אריינגעלאָפן אין מיטן דער סטאדע, און אלע קי זיינען אין שרעק זיך צעלאָפן אי-בער אלע וועגן. די קו איז געלאָפן צום טייכל און כסדר געטרייסלט מיטן קאָפּ, כדי זיך צו באפרייען פון טיש. דער הונט האָט זיך אויך כסדר געריסן, כדי זיך אָפּבינדן פון טיש און פון דער לויפנדיקער בהמה.

מיין ברודער מיטן פּאַסטוך זיינען זיי נאָכגע-לאָפן — מיין ברודער האָט געוואָלט ראטעווען דעם טיש, דער פּאַסטוך — די קו. אָבער די קו האט אזוי צעטרייסלט דעם טיש, ביז זיינע פיסלעך זיינען ארויסגעפאלן און דער טיש איז זיך אינגאנצן פאנאנדערגעפאלן אויף איינציקע ברעטלעך. דער פרעמדער, הפקרדיקער הונט איז אַנטלאָפן ערגעצוואו צוזאמען מיטן פיסל פון טיש צו וועלכן ער איז געווען צוגעבונדן.

האָט מיין ברודער אויפגעקליבן די ברעטער און די דריי פיסלעך פון טיש און זיי געבראכט אהיים.

דעם פאסטוך האט עס גענומען א גאנצן טאָג ביז ער האָט צונויפגעקליבן אלע קי פון זיין סטאדע...

אין די טעג, ווען מיר דערמאָנען זיך אָן אונזערע ליבסטע און אָן אונזער אלטער היים, ווילט זיך אויך געדענקען קאָמישע געשיכטעס פון אמאָליקן, פריילעכן דערעטשין. האָב איך דא געבראכט איינע פון יענע פריילעכע פּאסי-רונגען.

# א בעל־תנ״ך / מאיר זיסקינד

פון אלע מיינע מלמדים, האָט רב משה — מיין תנ״ך־רבי — זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון אממערסטן. ער האָט גע׳שמ׳ט אין שטאָט פאר א גוטן מלמד. חוץ זיין אויסזען — א שטאלטנער מיט א שיין־צעקעמטער רויטער באָרד און דורכדרינגענדע אויגן, איז ער אויך געווען אן אויסגעצייכנטער בעל־תנ״ך און א גוטער בעל־מסביר. זיין פערזענלעכקייט האָט שטארק באווירקט זיינע תלמידים.

קיין קינדער זיינען ניט געווען; זיין פאמי־ליע־לעבן איז געווען אַן שלום־בית. דער רבי מיט דער רביצין האָבן זיך תמיד געקריגט. זי — פונקט זיין היפוך, א קליינס, א דארס, מיט א שארפן מענה־לשון — האָט אים ניט פארשטאנען. זייענדיק אומבאפרידיקט און בטבע א ברויזנדער, פלעגט ער זיך אויסלעבן אין זיין מלמדות — אריינלייגנדיק זיין גאנצן ברען אין לערנען מיט אינגלעך תנ״ך.

א מענטש מיט א גוטער דיקציע און טאלאנט צו דערציילן געשפאנט א מעשה, פלעגט ער ליב האָבן איבערצוגעבן באריכות, אויף אידיש, די צימצומדיקע בילדלעכקייט פון די נביאים. זיינע באגייסטערטע שילדערונגען האָבן גע־צונדן די אינגלשע הערצער און אָנגערעגט זייער פאנטאזיע; די תנ״כישע בילדער האָבן זיך איינגעקריצט אין די יונגע מוחות — קיינמאָל ניט צו פארגעסן ווערן.

רב משה האָט אויך פארמאָגט א נייגונג צו צייכענען; ליב געהאט אויסצומאָלן פארן חדר דעם משכן אין בית־המקדש מיט אלע פרטים, און אויסשניידן פון קאלירטן פאפיר די בגדי־כהונה — לויט ווי ס׳ווערט באשריבן אין חומש — פארשאפנדיק דערביי זיינע תלמידים גרויס פרייד.

## „דקדוק״

רב משה האָט כסדר געקנעלט מיט זיינע תלמידים דקדוק: „לשון־קודש אָן דקדוק איז ניט שייך; ס׳איז א גאָרטן אָן א צאַם — הפקר״, אזוי פלעגט ער זיך כסדר אויסדריקן. ער האָט, בעתן לערנען, ליב געהאט זיך אָפּצו־שטעלן ביי געוויסע ווערטער און זיי פאנאנדער־גלידערן. די תלמידים האָבן דעם דאָזיקן לימוד ניט ליב געהאט; דקדוק איז געווען פאר זיי אַן אָפּקומעניש.

איין מאָל, בעת דער חדר האָט געלערנט „לשון זכר״ און „לשון נקבה״, פראלט זיך אויף די טיר; ס׳קומט אריין א טאטע פון איינעם פון די אינגלעך. זייענדיק א מעלער, איז דער איד געווען באדעקט מיט מעל־שטויב פון קאָפּ ביז די פיס. ניט אומזיסט האָט מען אים א צו־נאָמען געגעבן „דער מת״. ער האָט באמת אויסגעזען ווי א מת: זיינע מלבושים, די האָר פון זיין קאָפּ, פון זיין באָרד און ברעמען זיינען אינגאנצן געווען ווייס ווי שניי. ווען ער איז אריין אין חדר, האָבן אים טאקע די קליינע ווייסע־חברהניקעס באגריסט מיטן אויסגעשריי: „אָט גייט דער מת!״ קיין גרויסער תלמיד־חכם איז „דער מת״ ניט געווען. צוהערנדיק זיך ווי דער רבי לערנט, איז דער גאנצער ענין אים ניט געווען פאַרשטענדלעך. מיט א פארשטיקט קול (זיינע נאָז־לעכער זיינען געווען פארשטאָפּט מיט מעל) גיט ער א מאך צום רבין: „צו וואָס דארף מען עס?״ רב משה האָט אים געענטפערט, אז מ׳קאָן ניט ריידן צום מאנסביל מיטן זעלבן לשון, ווי מ׳רעדט צו א פרוי. זעענדיק, אַז דער מעלער פארשטייט אים נאָך אלץ ניט, פרובירט דער רבי אים אויפּק־לערן: „אָט קויף איך ביי א פויערטע אלע וואָך אַן עוף אויף שבת. איך רעד רוסיש — „בלשון זכר״, ווען אין דער אמתן דארף איך גאָר ריידן צו איר „בלשון נקבה״. ווייסט איר פארוואָס? ווייל איך קען ניט קיין רוסישן דקדוק״.

דער מעלער האָט ניט באנומען רב משהס רייד. ער האָט זיך צוגעבויגן צו רב משהן און א מורמל געטאָן: „ווען איך בין געגאנגען אין חדר, האָט מען פון אזעלכע זאכן ניט געוואוסט״.

## „וואו האָט דאָס פּאַסירט?"

רב משהס חדר איז געווען אין א הילצערנעם הויז, איבערגעצאמט מיט א וואנט. אין איין העלפט האָט געוואוינט דער באַלעבאָס, אין דער צווייטער — דער רבי. דער חדר — שמאָל און לאַנג — מיט צוויי פענצטער צום הויף, וואָס האָט תמיד געשוויבלט און געגריבלט מיט כלערליי באַפליגלטע באַשעפענישן: הינער, קאטשקעס, גענדז.

זומערצייט פלעגן די שכנישע ווייבער שטיין אונטער די אָפענע פענצטער, זיך צוהערן צום רבינס לערנען — בשעת מעשה זיפּצן, קרעכצן און שנייצן די נעז. די אינגלעך זיינען געזעסן ארום א לאַנגן טיש; דער רבי — אויבן־אָן, מיט דער פלייצע צו אַן אויוון, האָט אָנגעפירט מיטן חדר.

אַן אומרואיקער, האָט ער געלערנט שטייענדיק — צוזעצנדיק זיך נאָך יעדער הפסקה, א זופּ טאָן הייסע טיי פון א גלאָז, און זיך ווידער אויפשטעלן.

עס דערמאָנט זיך מיר א ווינטערדיקע נאכט — אין דרויסן האָט געוויעט א זאווערוכע; דער חדר איז געווען אָנגעהייצט אזוי, אז די ווארעמקייט איז זיך צעגאנגען אין אלע אברים. לערנענדיק מיטן חדר דעם נביא יחזקאל, די שטעל וואו דער נביא דערציילט: „ואעבר עליך ואראך מתבוססת בדמיך; ואמר לך בדמיך חיי! ואמר לך בדמיך חיי!" (און איך בין לעם דיר פאַרבייגעגאנגען; און געזען דיך וואלגערן זיך אין דיין בלוט. און איך האָב געזאָגט: אין דיין בלוט לעב! יאָ, אין דיין בלוט לעב!), איז ר׳ משה אריין אין עקסטאז, און מיט גרויס באַגייסטערונג דערציילט באריכות א מעשה, געמאָלן מיט אלע פּרטים א בילד: פון איינעם, וואָס געפינט אויף א פעלד א פארוואָרלאָזט מיידל — באָרוועס, נאקעט און פאַרבלוטיקט. ער הויבט זי אויף פון נאסן פעלד, נעמט זי אהיים, פאַרבינדט אירע וואונדן פוצט זי אויס אין בגדי־מלכות, און צום סוף זינדיקט זי קעגן אים.

דעם רבינס דערציילן איז געווען אזוי לעבעדיק און פאַרכאַפּנדיק, אז די שכנה פון איבער דער וואנט, הערנדיק די געשיכטע, איז אריינגעלאָפן אין חדר און אויסגעשריגן: „רב משה! רב משה! איך בעט אייך, וואו האָט דאָס פּאַסירט?"

## „קנייפּן"

לערנען מיט יונגע קינדער שיר השירים, איז אין יענער צייט ניט געווען קיין פשוטער ענין. אחוץ דעם פירוש־המילות, האָבן די יונגע תלמידים אויך געדאַרפט קענען דעם פירוש רש״י — אריינטייטשן אין די פסוקים דעם משל מיטן נמשל — „הקב״ה" מיט דער „כנסת־ישראל".

אָנהויב פרילינג. דער שניי האָט אנגעהויבן צעגיין; די טייכן זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט ריזלדיקע וואסערן. די זון איז געוואָרן ווארעמער; יונגגריִנע שפּראָצן האָבן זיך באַוויזן אויף דער שווארצער ערד. ס׳איז געווען פאַר פסח, און אלעמען איז געוואָרן פריילעכער אויפן הארצן. רב משה האָט געלערנט מיטן חדר שיר־השירים. ליב האָבנדיק דאָס שיינע וואָרט, האָט ער איבערגעגעבן די בילדלעכע שיינקייט פון שיר־השירים מיט א סך געפיל און ברען.

פאַרטיק געוואָרן מיטן ערשטן קאַפּיטל, האָט ר׳ משה געמאכט א קורצע הפסקה, ער האָט זיך אוועקגעזעצט, אָפּגעווישט דעם שוויס פון שטערן, א זופּ געטאָן טיי און געוויזן מיטן פינגער אויף מיר: „אנו, מאיר, זאָג — לאָמיך הערן!" איך האָב פאַרטייטשט די פּסוקים און מיט גרויס חשק און הנאה אריינגעפלאָכטן אין זיי דעם משל מיטן נמשל — לויט רש״יס טייטש. דער רבי איז ארויס פון די כלים און מיר געגעבן א קניפּ אין באַק, זאָגנדיק דערביי: „אז געשעדיקט זאָלסטו ווערן!" דעם רבינס פינגער זיינען געווען ווי צוואַנגען; די באַק האָט ווייט געטאָן; טרערן זיינען מיר ארויס פון די אויגן.

אויפן וועג אהיים, האָט מיין באַק געברענט ווי פייער. אריינקומענדיק אין שטוב, האָט די מאַמע גלייך באַמערקט אַן אויפגעלאָפענע באַק. ברעכנדיק מיט די הענט, האָט זי געוואָלט וויסן, צי איך בין „שוין ווידער געווען אין א געשלעג". „ניין, מאַמע! איך האָב זיך מיט קיינעם ניט געשלאָגן. דאָס האָט דער רבי מיר א קניפּ געטאָן".

די מאַמע איז געוואָרן אויסער זיך פון כעס, מיך א כאַפּ געטאָן ביי דער האַנט און געלאָפן צום רבין זיך אויסטענהן. אַנווייזנדיק אויף מיין באַק, האָט זי געפרעגט דעם רבין, צי ס׳איז טאַקע אמת, אז ער האָט מיר א קניפּ געטאָן. דער רבי, אין א פאַרלעגנהייט, האָט זי אויפגעקלערט, אז איר זון איז ווערט געווען א קניפּ אין בעקל, ווייל ער האָט גוט געזאָגט שיר־השירים.

די מאַמע, ניט איינזעענדיק די שייכות צווישן זאָגן גוט שיר־השירים און א געשוואָלענער באַק, האָט זיך געווענדט צום רבין אזוי: „רב משה, איך בעט אייך, קנייפּט ניט מער! אויב אָבער ער פאַרדינט זיך פאָרט א קניפּ, זייט אזוי גוט און לאָזט מיר וויסן; איך וועל אליין קנייפּן!"

## א שרפה אין שטעטל / לאה עליאַוויטש־יאַטוויצקי

איך געדענק די גרויסע שרפה פון זומער 1924. אין מיטן העלן טאָג איז דאָס פייער אויסגעבראָכן אויף דער נייער גאַס. דער ווינט האָט צעבלאָזן די פלאַמען און זיי אריבער־געוואָרפן אויף די שכנותדיקע הייזער.

די דעכער, פון אַלטע שינדלען אָדער שטרוי, האָבן זיך לייכט אָנגעצונדן און געפלויגן אין דער לופטן, צעטראָגנדיק די שרפה אויף נאָענטע און ווייטערע הייזער.

מענטשן האָבן גענומען ראַטעווען זייער פאַר־מעגן, געפּאַקט אין זעק און ליילעכער וואָס זיי האָבן געפונען אונטער דער האַנט, אוועק־געשלעפּט די פּעקלעך וואָס ווייטער פון די ברענענדיקע הייזער, געקומען צוריק צו לויפן כדי נאָך עפּעס וואָס צו ראַטעווען און — געפונען זייער הויז אין פלאַמען. געוויין און געשריי, וואָס האָבן קוים אין לעצטן מאָמענט געראַטע־וועט זייערע קליינע קינדערלעך און זיינען ארויס פון דער שרפה ממש „נאַקעט", אָן קיין שום האָב און גוטס.

די שטעטלדיקע פייערלעשער האָבן געאַרבעט שווער און ביטער צו פאַרלעשן די שרפה, אָבער זיי האָבן דערצו ניט געהאַט די נויטיקע מיטלען און מכשירים. אַלץ איז געווען קעגן זיי: די ברי־נעמער זיינען זומער צייט ניט געווען פול מיט וואַסער; שעפן וואַסער פון זיי האָט מען געמוזט מיט אַן עמער אויף א קייט; די פעסלעך מיט וואַסער האָט מען פון ברונעם צו דער שרפה געדאַרפט שטופּן מיט די הענט — די פייער־לעשער האָבן קיין אייגענע פערד ניט געהאַט, זיי האָבן געמוזט נעמען פערד פון די אידישע בעלי־עגלות, וואָס זיינען ניט שטענדיק געווען אין דערהיים, אָדער פון קריסטן, וועלכע האָבן ניט גערן געגעבן זייערע פערד און פאַרטריבן זיי, בעת א שרפה, אויפן „וויהאָן". און ביז מ׳האָט געבראַכט א פעסל מיט וואַסער צו די ברענענדיקע הייזער, זיינען שוין די פלאַמען אוועק ווייטער.

די געשרייען פון די פייערלעשער, וועלכע האָבן געדאַרפט ממש מיט זייערע צען פינגער איינשטילן די בושווענדיקע שרפה, און דאָס געוויין פון קינדער און פרויען האָבן פאַר־הילכט די לופט, אָבער לעשן דערמיט די שרפה האָט מען ניט געקענט...

די פלאַמען האָבן זיך איינגעשטילט ערשט דאַן, ווען זיי זיינען דערגאַנגען צו א ליידיקן פּלאַץ.

און נאָך דער שרפה — רואינען, טליענדיקע שטיקער האָלץ און קלעצער פון די ווענט און דעכער, סטאַרטשענדיקע קוימענס, און אַרום די אָפּגעברענטע הייזער דרייען זיך, ווי בלאָנד־זשענדיקע קינדערלעך, די נשׂרפים, זוכן אפשר איז וואָס געראַטעוועט געוואָרן פון פייער. מיט א געפיל פון היימלאָזע דרייען זיי זיך אַרום, ביז באַרמהערציקע שכנים אָדער קרובים נעמען זיי אריין צו זיך.

# נפגשתי עם מורי הראשון / רחל אלפר

הגב׳ רוחמה זיסקינד מארה״ב, בת אחיו של ר׳ לייב אבילוביץ ז״ל, זימנה אותי לפגישה עם מורי הראשון, ולא אשכח לה את החסד הזה!

ברכבת מהירה, שהלכה מניו־יורק להארוורד שבקאנטיקט, יצאנו בל״ג בעומר תשי״ג (1953) לדרכנו. אודה ולא אבוש, שהייתי באותו בוקר נרגשת לא פחות מאשר ביום, בו נתבשרתי כי אמנה עם תלמידותיו. במשך נסיעה של שעות עמדה לנגד עיני הדרך מבית הורי בדרצ׳ין לאותה סימטה, בה עמד על־גבי יסוד אבנים גבוה ביתו של מורי ורבי, מראהו החי־צוני של הבית, חלוקת החדרים בתוכו, וביניהם „די שטיבל״, בה היה ר׳ יאשע, אבי מורי, משנן לילדים הרכים בשעות אחרי־הצהריים את שעוריהם. נזכרתי בסימטא, בה עמד בית מורי, עם הסיפורים הנפלאים על הבאר של הניה „די גרויסע״, שהטילה את אימתה עלי מבלי שהכרתיה מעודי. זכרונות אלה על בית מורי ועל הבאר ע״ש הניה העלו שוב באפי את ריח בית־הבורסקי שעמד בקירבת מקום ואת המלחמות בקליפת העצים הכתושה, שהיתה נטושה בינינו לבין תלמידיו של ר׳ אברהם אייזיקוביץ. לי היה קרב כזה גורם חפיפת ראש נוספת בשבוע (דבר לא נעים ביותר לבעלת צמות ארוכות), ואילו להם, לתלמידים היריבים, הוכיחו קרבות מעין אלה, שאותי לא יכריעו על נקלה.

תיארתי לעצמי את השהייה הקרובה בבית מורי, כשהיא מלווה שתיקה ארוכה, — שתיקה אופיינית לאנשים השקועים בזכרונות העבר ומצטערים על הימים שחלפו לבלי שוב. חש־שתי, שמא עלולה דמותי להבליט לו את זיקנתו ולהעכיר את רוחו.

מה שונה היה הכל במציאות!

עם מורי נפגשתי מחוץ לכתלי דירתו. הוא יצא לשוח ברוח יום אביב בשעות שלפני הצהריים. הכרתיו מבלי שאיש הצביע עליו. נדמה היה לי, שכאילו השנים בכלל לא הט־ביעו את חותמן עליו. קומתו לא שחה! פניו חיוורות היו, ממש כמו בימים עברו, עת ישבתי אל מכתבה מולו, כשהוא מסדר את הקוביות נושאות ההברות על השולחן שלפניו. לבושו — ללא רבב, זקנו מדובלל, קולו חלוש.

הוא ידע על בואי וכשעמדנו פנים אל פנים הציף אותו גל התרגשות. נעתקו הדברים מפיו.

עם כניסתו לבית בתו, בו הוא התגורר, החל מציף אותי בשאלות — עלי, על בית אבא כל עוד היה קיים, על תלמידים ותלמידות בני מחזורים שונים.

מה הפליא אותי האיש בידע המדוייק שלו בנפש תלמידיו דאז! כמו מתוך ספר פתוח קרא על ימי שהותי ב„חדר״ שלו, על משובות הילדות שלי, על הישגי בלימודים בהשוואה לאחותי.

תוגה כיסתה את פניו, עת שמע מפי שאחי דוד ואחותי מאשה ומשפחותיהם הם בין קרבנות השואה.

מזכרונות על תלמידותיו בנות אַלפר עבר לספר על „בית אלפר״, הבית שהקרין על סביבתו ועיצב דמותו של דור שלם בעיירתנו. בגעגועים סיפר על הערבים, בהם היה בא לביתנו אחרי יום עמל של 12 שעות, כדי לעיין ב„הצפירה.״ בהדגשה מיוחדת הזכיר את כוס התה הרותח, שהוגשה לפניו בידי אמי ז״ל, ועל כולם — השיחות עם דוד! „איי־איי — מיצמץ בעיניו — שיחה עם דוד!...״. והוסיף: „לא החמצתי הזדמנות כזאת אף פעם״.

גאה היה ר׳ לייב על תלמידותיו, שהגיעו לדרגת הוראה בארץ, ולא פחות על זו שהיא רופאה. ומה רבה היתה התעניינותו במתרחש בשדה־החינוך בארץ!

מאושר היה לשמוע מפי דברי שבח על הקוביות, בהן השתמש להקניית הקריאה לדר־דקיו ועל בעלי־החיים שהיו מצויירים עליהן. „אל נא תשכחי, — הדגיש בדבריו, — למדתי מפי ד״ר משה כהנשטם ז״ל את תורת הקניית הקריאה״.

השמיע האיש אנחה והוסיף: „לא סיימתי את הקורסים הגרודנאיים. לא הספיקו לי הכוחות הפיזיים ללמוד בתנאי רעב כמעט. לא יחידי היה המקרה״.

תיארתי לפניו את מראה החדר, בו היינו יושבים ומטים אוזן לדברי התורה, את הלוח השחור ואת הגיר הלבן, שנפשנו יצאה אז למנות את מספר דפנותיו. הזכרתי לו את המי־לון בעל הכריכה הצהובה, שמונח היה מעל לארון הבגדים, והוא, המורה שלנו, היה מעיין בו מפעם לפעם.

מלא התפעלות היה, עת תיארתי לפניו את הזכור לי על ימי חורף קשים ב„חדר״, כאשר גבר הקור והשלג כיסה את עין הארץ, ואנו לא היינו נהנים מהפסקת הצהריים. ההורים היו מספקים לנו ארוחה מבושלת בסיר מיוחד ל„חדר״. רעית מורנו, הגב׳ חייקה ז״ל, היתה שומרת בתנור על הארוחות הללו, ובבוא העת (על־פי רוב בשעת בין השמשות!) היה מורנו יושב בראש השולחן ואנו מסביבו, כשארוחתנו לפנינו.

נדמה לי היום, ככל שזכרוני אינו מטעה אותי, כי ארוחתו של המורה היתה הדלה ביותר, אבל לא אשכח את המפית הלבנה שהיתה פרו־שה לפניו ואת דאגתו לנטילת־הידיים שלנו לפני האוכל.

ביקש מורי לשמוע מפי את צלצול השפה העברית בהברה הספרדית. קראתי באוזניו את פרק ב׳ בספר תהילים: „למה רגשו גויים״. ברגע הראשון היה צלצול השפה זר לו, אך ככל שהמשכתי — התרחב החיוך על שפתיו.

הרבה לשאול על מוסדות תרבות והשכלה בארץ, והנה נזכר בספר ששלח לפי כתובת הספריה הלאומית בירושלים. האם נתקבל? — הבטחתי לו לחפש את הספר.

יום ארוך גדוש עניין והתרגשות עבר עלי במחיצתו.

לעת ערב עלה לחדרו וחזר. ביד רועדת הגיש לי מתנה, מזכרת ביקורי אצלו: מזוזת קיר באורך של 20—25 ס״מ בנרתיק פח, מעשה ידיו של ר׳ יודל הסופר־סתם שבדרצ׳ין.



למחרת היום חייבת הייתי להצדיק את היע־דרי מלימודי באוניברסיטה בפני הגב׳ פרופ׳ שרלוט וינדזור. תגובתה היתה: „ביקורך זה סימן טוב הוא למורך״.

אכן, „סימנים״ רבים לאין ספור גיליתי במורי, „סימנים״ בהם מחוננים טובי מורי העמים ומורי ישראל.

לא לחינם נמשכתי לראותו לאחר הפסקה של עשרות בשנים. את זכרו אשא ועליו אספר לחניכי.

## משפחתי שנספתה / שושנה שפירא־נוז׳ניצקי

שנים רבות חלפו מאז שנות השואה, שבה נספו כל בני משפחתי הענפה, משפחת חנן־יעקב נוז׳ניצקי, אשתו, בניו ובנותיו, ואתם גם הסב־תא. שני הבנים וארבע הבנות, אחי ואחיותי, כולם נשואים היו והם נפלו מידי הצורר יחד עם ילדיהם.

הכאב אינו נשכח, כשם שלא יישכח בית אבא ואמא. אבי היה איש רב־פעלים, עסק במסחר ובצרכי ציבור ונתן ידו לכל מפעל שיש בו לעזור לזולת. במיוחד דאג אבא להגשת עזרה רפואית לנזקקים, בהיותו מפעילי „לינת הצ־דק״. עזרה לידו אמי, שהיתה מטגנת ריבות מפירות הקיץ, כדי לחלקן בין הנצרכים בימי מחלתם, למען „השיב נפשם״. תמיד היה ביתנו מלא צלוחיות ריבה.

אבא היה גם גבאי בבית־הכנסת „דער נייער מויער״ ופעיל בחברא־קדישא, מתוך רצון לח־לוק כבוד לנפטרי קהילתנו.

כשעמדתי לעלות ארצה ב־1935, התנגדו לכך הורי בתוקף, כפי שנהגו להתנגד רבות ממש־פחות ישראל. התעקשתי ועמדתי על דעתי, ואז אמר אבא לאמא: „ניתן לה לנסוע, כנראה ששם מחכה לה מזלה. מי יודע, אם ניפגש עוד. לכל הפחות תציל היא את עתידה״...

ניבא אבא ולא ידע מה שניבא. ענני הנאציזם היו כבר אז תלויים בשמי אירופה. כעבור שנים מעטות נפלו כל בני משפחתי מידי הרו־צחים הגרמניים.

# ניטא שוין מער דערעטשין / דאָרא בירנבוים-ראטשטיין

ביסט מער ניטאָ, מיין טייערע, הארציקע דערעטשין. עס זיינען בלויז פארבליבן די זיסע דערינערונגען פון מיינע קינדער-יאָרן און פון מיין פריעסטער יוגנט, און זיי זיינען מיר אזוי פריש אין זכרון, אז זיי וועלן בלייבן דאָרטן מיין גאנץ לעבן.

דערעטשין איז, ווי הונדערטער אנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, ליטע און ווייסרוסלאנד, חרוב געוואָרן און אירע אידן זיינען אומגעבראכט געוואָרן דורך היטלערס מערדערס. מיינע טייערע עלטערן, סאמסאָן און איידלע ראָטשטיין, מיין ברודער יאשע און שוועסטערל מאשעלע זיינען אומגעקומען, צו-זאמען מיט טויזנטער אידן, בעת דעם שווארצן, בלוטיקן שבת אין סלאָנים — די שטאָט, מיט וועלכער דערעטשין איז געווען פארבונדן ווי מיט אן עלטערער שוועסטער. דערזעלבער גורל האָט געטראָפןביידע שכנותדיקע שטעט און ניט איין דערעטשינער ליגט אין די ברידער-קברים ארום סלאָנים.

קליין איז געווען אונזער שטעטל דערעטשין, אָבער מיר איז זי אזוי ליב און טייער און איך זע אלע אירע מעלות, איר חן און אידישע הארציקייט ווען נאר איך טראכט פון איר. מיין פאמיליע איז געווען אלע יאָרן פארבונדן מיט דערעטשין, אויך ווען מיר האָבן געלעבט אין סלאָנים.

איך האָב מורא, אז ס'זיינען שוין פארבליבן ווייניק דערעטשינער, וועלכע געדענקען נאָך מיין זיידן מאיר-יהושע וואָלפאָוויטש און מיין באָבע חנה-חיה. דער זיידע איז געווען דער פעלדשער פון דערעטשין. מיין מוטער איידלע ראָטשטיין איז געווען אן אקושעריו.

ווי פריש זיינען מיר נאָך אין זכרון יעדער גאס און געסעלע פון דערעטשין, די גרינע לאָנקעס, סעדער און גערטנער, וועלכע האָבן ארומגערינגלט די הייזער פון שטעטל, מיט די גרויסע, פארצווייגטע פרוכט-ביימער און מיט דער ריינער, פרישער לופט, פול מיט ריחות פון גרינסן און פרוכטן. און איך קען ניט פאר-געסן די דערעטשינער, נאָנטע און ווייטע, באקאנטע און אומבאקאנטע — אלע אזעלכע באשיידענע, הארציקע, יעדער האָט געארבעט אין זיין פאך, אָדער אין געשעפט, כדי צו מאכן א לעבן, אָפט ניט קיין צו-גרינג לעבן, אבער א רואיק און צופרידן, פול מיט האָפענונג אויף א בעסערער צוקונפט.

אָט זע איך פאר זיך דעם גרויסן מארק-פלאַץ אינמיטן שטעטל, קעגנאיבער אונזער מויער, וואו די פויערים פון ארומיקע דערפער פלעגן קומען אויף די מערק און ירידים, כדי צו פארקויפן זייערע פראָדוקטן און איינקויפן וואָס זיי האָבן נויטיק פאר זייער הויז און ווירטשאפט. אויך אין געווינלעכע טעג איז דער מארק-פלאַץ פול געווען מיט פויערישע פורלעך, מיט קראנקע, וואָס זיינען געקומען צו מיין זיידן נאָך מעדיצינישער הילף. געצויגן האָט מיין זיידע זיין פראָפעסיע בירושה פון זיין פאָטער און זיידע, פון דורי דורות, און איז געווען א מומחה אין זיין פאך, באליבט און באגלויבט דורך אידן און קריסטן פון דערעטשין און דער ווייטער אומגעגנט. געווען איבערגעגעבן בלב ונפש זיינע פאציענטן, געהאָלפן אלעמען, אָרעם און רייך, בייטאָג און ביינאכט, ווען זיין הילף איז נאָר נויטיק געווען.

מיין מוטער, די אקושערקע, איז אויך גע-גאנגען אין די שריט פון איר פאָטער. זי איז אויך געווען איבערגעגעבן איר פראָפעסיע, שטארק פארבונדן מיט יעדער משפחה, וועמענס קינדער זי האָט אָפגענומען, געוואוסט גענוי די לאגע אין יעדן הויז און אין יעדער פאמיליע, געשעצט און געאכט אירע פאציענטינס און געווען דורך אלעמען געשעצט און געאכט. זי איז געווען די נאָנסטע שותפ׳טע פון ליידן און פריידן פון א סך דערעטשינער משפחות.

געווען נאָך אַן אקושערקע אין דערעטשין, נחמה מאַניקאָוו. זי און מיין מוטער זיינען טאַקע געווען קאָנקורענטקעס, אָבער ביידנס קינדער זיינען געווען גוטע חברים, און אַזוי בין איך ביז היינט באַפריינדעט מיט נחמה׳ס טאָכטער, סאָניע מאַניקאָוו, וואָס לעבט איצטער אין יש-ראל מיט איר מאַן ד״ר ראַקאָווער.

קעגנאיבער אונזער מויער, פון דער צווייטער זייט מאַרק, זיינען געשטאַנען די שיינע הייזער פון די גרויסע, פאַרצווייגטע דערעטשינער משפחות, די ראַבינאָוויטשעס און די אַלפּערס, וואָס האָבן געהאַט אין משך פון יאָרן אַ גרויסע השפעה אויפן קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער דערעטשינער אידישער באַפעל-קערונג. די ראַבינאָוויטשעס, און באַזונדערס חיים ראַבינאָוויטש, זיינען טעטיק געווען בעיקר ביזן סוף פון דער ערשטער וועלט-מלחמה. נאָכדעם האָבן זיי איבערגעטראָגן זייער געזעל-שאַפטלעכע אקטיוויטעט קיין סלאָנים און אויך דאָרטן געווען גוט באַקאַנט און טעטיק אין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אין שטאָט-ראַט. די השפעה פון די אַלפּערס איז באַזונדערס קענטיק געווען אויפן פעלד פון דערציאונג און פון דער ציוניסטישער און חלוצישער טעטי-קייט. זיי זיינען עס געווען די גרינדער פון תרבות-שולע, וועלכע איך האָב אויך געענדיקט. איך געדענק נאָך ביז איצטער, ווי אונזער לערערקע מלכה אַלפּער האָט זיך געזעגנט מיט אונז, אירע תלמידים און מיר האָבן זי באַגלייט צום באַן פאַר איר עולה זיין קיין ארץ-ישראל. איך האָב דאַן לאַנג געוויינט, וואָכן און חדשים געבענקט נאָך מיין האַרציקער לערערקע. דאָס-זעלבע האבן מיר אַלע געפילט, ווען דוד אַלפּער מיט זיין פרוי שושנה האָבן פאַרלאָזן דערעטשין און אריבערגעפאָרן קיין פּינסק, כדי דאָרטן אויף אַ ברייטן פאַרנעם צו אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע דערציאונג פון דער אידישער יוגנט. און איך קען ניט פאַרגעסן אַלע אַנדערע לערער, וועלכע האָבן באַרייכערט אונזער וויסן און איינגעפלאַנצט אין אונזערע יונגע הערצער און מוחות די ליבע צום פאָלק, די גערדאַנקען פון געזעלשאַפטלעכקייט און די האָפענונג פון נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט אין אונזער היסטאָרישער היימאַט, אין ארץ-ישראל.

דאָס זיינען זכרונות פון דער ווייטער, ווייטער פאַרגאַנגענהייט. זיי קערן מיר אום צוריק צו מיינע קינדער-און יוגנט-יאָרן. איך וואָלט אַזוי געוואָלט באַערן דעם אָנדענק פון אַלע דערע-טשינער משפחות, באַזונדערס די, פון וועלכע ס׳איז קיין שריד און פּליט ניט געבליבן און ס׳איז ניטאָ קיינער ווער ס׳זאָל זיי באַוויינען און באַערן זייער אָנדענק. איך קען דאָך ניט פאַרגעסן מיינע גליקלעכע קינדער-יאָרן, די צייטן ווען איך האָב געלערנט און זיך געשפּילט מיט די טעכטער און זין פון די דערעטשינער פאַמיליעס. און שפּעטער איז יעדער איינער פון אונז אַוועק מיט זיין וועג, אָבער מיר זיינען געבליבן גוטע חברים און פריינט, מיט פיל פון זיי פלעגן מיר זיך טרעפן אין די זומער חדשים אין דערעטשין, אַנדערע זיינען אַוועק קיין אַמעריקע, אַרגענטינע אָדער עולה געווען קיין ארץ-ישראל.

אויך ווען איך מיט מיין ברודער יאשע האָבן זיך געלערנט אין דער סלאָנימער גימנאַזיע, נאָכדעם ווי דער פאָטער האָט זיך איינגעאָרדנט אַלס דיריגענט פון חזנס כאָר און אַלס מוזיק-און געזאַנג-לערער אין גימנאַ-זיע און אין אַנדערע סלאָנימער שולעס, — זיינען מיר נאָך אַלץ געבליבן פאַרבונדן מיט דערעטשין און דאָרטן פאַרבראַכט די זומער-וואַקאַציעס. דאָס זיינען געווען שיינע יוגנט-יאָרן און ס׳פאַרגעסן זיך ניט די זומערדיקע באַגעגענישן מיט די גוטע חברים און חברטעס, וואָס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פון אַלערליי שטעט, פון גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן, כדי צו פאַרברענגען אין דער רואיקער, גרינער היים-שטאָט. און ס׳געדענקען זיך אַזוי זיס די הערלעכע אָוונטן, ווען מיר פלעגן זיך אַלע באַגעגענען, פאַרברענגען אָפּט אויף אונזער גרויסן גאַנעק, שמועסן, זיך וויצלען, זינגען און שפּילן אויף מאַנדאָלינעס, פּיאַנאָ און זיך צו-הערן צו מיין ברודער יאשעס פידל-שפּילן. די שיינע מוזיק טענער פלעגן פליסן פון אונ-זערע פענסטער אַרויס איבער די דערעטשינער גאַסן און געסלעך און פאַרוויגן אין אַ זיסן שלאָף די איינוואוינער.

שפּעטער, נאָכן טויט פון מיין זיידן, זיינען אויך מיין מוטער און באָבע אַריבערגעפאָרן

קיין סלאָנים, וואו די מוטער האָט אויך געאַרבעט אלס אקושערקע, סיי פריוואט און סיי, צוזאמען מיט דער באקאנטער סלאָנימער אקושערקע יאַכקע, אין דער ניי־איינגעאַרדנטער געבורט־קליניק. ס׳איז אונז דאן געווען פיל לייכטער, אויך יאשע האָט געארבעט אלס סעקרעטאר און איך בין, מיט דער צייט, אוועקגעפאָרן קיין ווארשע אויף צוויי מיט א האלבן יאָר און געענדיקט אקושעריע. נאכן ענדיקן מיין שטודיום האָב איך זיך איינגעאָרדנט אין זעלווע, בשכנות פון דערעטשין, און געארבעט דארטן ביז 1941 מיט גרויס דערפאָלג. כ׳האָב חתונה געהאט מיט חיים פאסמאניק פון קאָסאָווע, ס׳איז אונז געבאָרן געוואָרן א טאָכטערל, בעלא, מיר האָבן געעפנט א שיינעם שוך־געשעפט, „באטא“, און געלעבט גליקלעך און צופרידן.

אזוי איז דאָס לעבן געפלאָסן רואיק און שיין, ביז דער היטלער־מבול האט פארפלייצט מיט בלוט און מיט חורבן די פוילישע מדינה, פארניכטעט שטעט און שטעטלעך, און צווישן זיי אויך אונזער ליבע דערעטשין.

איך בין איינע אליין, פון מיין פארצווייגטער משפחה, ניצול געוואָרן, ממש על־פי נס, געוואָגלט דורך געטאָס און פארטיזאנען־לאגערן, פארלאָרן מיין משפחה׳לע און אויפגעבויט פונדאָסניי מיין פאמיליע און הויז, מיט מיין מאן אדעק בירנבוים, מיט וועלכן מיר האָבן אויך דורכגעמאכט די שבעה מדורי גיהנום, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין אמעריקע, מיט דער הילף פון מיין מומען רחל ראבינאָוויטש פון סאן־פראנציסקאָ.

מיין מאן שטאמט אויך פון א מוזיקאלישער משפחה, איז געווען, צוזאמען מיט זיינע ברידער, אין כאָר פון זיין פאָטער, א באקאנטער חזן אין קראָקע ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיין מאן האָט געענדיקט די קראקאָווער קאָנסערוואטאָריע. אזוי ארום איז אויך מיין ניי לעבן פארבונדן מיט דער מוזיקאלישער טראדיציע, וואָס האָט געהערשט אין דער משפחה פון מיינע עלטערן. די מוזיק לעבט ווידער אין מיין משפחה, אונזערע צוויי זין, וועלכע טראָגן די נעמען פון אונזערע ביידע פאָטערס, האָבן אויך געירשנט דעם טאלענט פון זייערע זיידעס. זיי שטודירן מוזיק און האָפן דערגרייכן זייער ציל אלס קאָנצערט־פיאַניסטן.

און טראָץ דעם, וואס אונזער הויז איז פול מיט מוזיק־קלאנגען, לעבט אין אונזערע הערצער דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונזערע טאטעס און מאמעס, ברידער און שוועסטער, און די זכרונות פון יענע שוידערלעכע יאָרן אין די געטאָס און וועלדער. בויג איך מיין קאָפּ פאר מיינע טייערסטע, פאר דערעטשין מיין שטעטעלע און פאר די געפאלענע קרבנות און העלדן.

## באזוך אין מיין היים־שטעטל / רוחמה זיסקינד־אבעלאַוויטש

מיט א וואַרעמען געפיל פאר מיין געבורטס־שטעטל דערעטשין וויל איך דערציילן וועגן געוויסע איבערלעבונגען, וואָס זיינען מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון. יונגערהייט האָב איך פארלאָזן מיין היים־שטעטל, אָבער ס׳זיינען בא יעדערן, און אויך בא מיר, פאראן זכרונות, מיט וועלכע מ׳טראָגט זיך ארום א גאנץ לעבן.

כ׳דערמאָן זיך מיינע ערשטע טעג אין חדר. געווען איז דאָס א „חדר מתוקן“ און געגרינדעט אים האָט מיין טאטע, יצחק־אברהם ע״ה, וועלכער איז געווען א איד א משכיל. אין זיינע יוגנט־יאָרן האָט ער געחלומט וועגן פאָרן זיך לערנען אין ווילנער לערער־אינסטיטוט, אָבער זיין טאטע, ד. ה. מיין זיידע, ר׳ יאָשע ע״ה, איז געווען קעגן דעם. ער האָט געטענה׳ט, אז מ׳דארף דאָרטן שרייבן אום שבת...

מיין טאטע איז אויך געווען אקטיוו אין שטעטלדיקן קהלשן לעבן, געווען גבאי אין אלטן מויער, נאמן פון „ביקור חולים“. איך

געדענק נאָך ביז איצטער, ווי ס׳פלעגן צו אים קומען קראנקע לייט נאָך א צעטל צום דאקטאר אָדער צום אפטייקער. דאָס זיינען געווען מענטשן פון די אָרעמע שיכטן פון שטעטל, וועלכע האָבן אליין קיין מיטלען ניט געהאט זיך צו היילן. מיין טאטע האָט אלץ געטאָן, כדי זיי אנטקעגן צו קומען און באזארגן מיט דער נויטיקער מעדיצינישע הילף.

צווישן מנחה און מעריב פלעגט מיין טאטע לערנען א בלאט גמרא מיט נאָך עטלעכע בעלי-בתים.

מיין ערשטער לערער איז געווען א סלאָנימער יונגערמאן, פנחס איצקאָוויטש. נאָך אים איז מען איבערגעגאנגען לערנען צו אברהם אייזיקאָוויטשן, באקאנט מיטן נאמען „דער מיכויסקער״.

דער קלאס-צימער איז שוין געווען אויסגעשטאט מיט „סקאמייקעס״ און מיט א טאפל צום שרייבן מיט קרייד. שבת פרי פלעגן מיר קומען אין קלאס אריין. דעם לערערס זון מאָטקע, וועלכער איז געווען סטודענט פון ווילנער לערער-אינסטיטוט, פלעגט פאר אונז לייענען שלום-עליכם און ווערק פון רוסישע שרייבער.

איך געדענק גוט די חברים און חברטעס, מיט וועלכע איך האָב צוזאמען געלערנט. דאכט זיך, אז קיינער פון זיי לעבט שוין ניט מער — ווער ס׳איז געשטאָרבן מיט א נאטירלעכן טויט און ווער ס׳איז אומגעקומען אויף קידוש השם.

נאָכן אָפזיין א סך יאָרן אין אמריקע, בין איך אין 1927 געקומען אויף א באזוך אין מיין היים-שטעטל. דאָס איז געווען א גרויסע איבערלעבונג פאר מיר און פאר מיין משפחה. כ׳האָב געטראָפן א סך ענדערונגען בא מיינע פאמיליע-לייט און אויך אין דערעטשין. מיין ברודער שמואל איז געקומען קיין וואַרשע מיר באגעגענען און מיר זיינען צוזאמען מיט אים געפאָרן אהיים. מיט מיר צוזאמען איז אויך געקומען פון אמעריקע אויף א באזוך וועלוול וואליצקי, בערל דעם קירזשנערס זון.

ווען דער אויטאָ האָט זיך דערנענטערט צו דערעטשין האָב איך געזען פונדערווייטן א גרופע אינגלעך לויפן. פרעג איך מיין ברודער, וואס לויפן זיי אזוי, זאָגט ער מיר, אז דאס לויפט אונזער ברודער חנן מיט זיינע חברים אָנזאָגן, אז דער אויטאָ מיט די אמעריקאנער קומט אָן. אריינגעפאָרן אינדערפרי אין שטעטל, האָבן מיר געפונען אלע קראמען פארמאכט און כמעט גאנץ דערעטשין איז געקומען אין מארק אריין, כדי צו זען ווי די אמעריקאנערין וועט זיך באגעגענען מיט דער מאמען און ברידער. די סצענע איז שווער צו באשרייבן.

נאָכדעם ווי אלץ האט זיך איינגעשטילט, זיינען אלע אוועק צו זייער ארבעט און האנדל. ס׳האָבן אָנגעהויבן קומען קרובים, פריינט און באקאנטע מיר אָפגעבן שלום-עליכם. דער ערשטער איז געקומען באָמע, ס׳הייסט אברהם-שלמה גראטשוק, וועלכער איז נאָכן טאטנס טויט געוואָרן א ראש-המשפחה. צווישן אנדערע איז אויך געקומען העניאך אלפער, אונזערער א לאנג-יאָריקער גוטער פריינט. אויך מענדל פעלדמאן, א ידיד פון מיין משפחה איז געקומען מיר זען.

אין שטעטל האָב איך געפונען א סך ענדערונגען. ניט קוקנדיק אויף דער שווערער עקאָנאָמישער לאגע פון דער אידישער באפעלקערונג און אויפן דרוק מצד דער פוילישער רעגירונג, האָט זיך אין דערעטשין אנטוויקלט אן אינטעליגענטע יוגנט, וועלכע איז געווען אקטיוו אויף פארשיידענע געביטן פון אידישן קולטורעלן לעבן. ס׳איז געווען דאן אין דערעטשין א רייכע ביבליאָטעק, וועלכע האָט אויך געדינט אלס צענטער פאר דער יוגנט און אָרט פאר דיסקוסיעס וועגן אלערליי פראגן. מען האָט זיך געריסן אין דער גרויסער וועלט און ניט געוואוסט גענוי וואוהין צו לויפן. אין יענער צייט איז אין דערעטשין געווען אן אמאטאָרן-טעאטער, וועלכער האָט דעמזעלבן זומער אויפגעפירט דעם „דוכס״ פון אלטער קאציזנע. די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען שבת צו נאכט אין די קאזארמעס. קינד און קייט האָבן זיך געלאָזט גיין אהין, ווייל יעדער איינער האט געהאט עמיצן וואָס האָט זיך באטייליקט אין דער פאָרשטעלונג. מיין ברודער יששכר איז אויך געווען צווישן די ארטיסטן, און איך בין געזעסן מיט אונזערע משפחה-לייט און געציטערט, אז ער זאָל כאטש גוט

שפילן זיין ראַל. אלץ איז אדורך כשורה.

באזונדערס נאָנט האָב איך זיך געפילט מיט מיין ברודער שמואל. ער איז שוין דאן געווען פארהייראט מיט באשקע פלאַטקין און מיר פלעגן צוזאמען אָפּזיצן גאנצענע נעכט און שמועסן. פֿון צייט צו צייט פלעגט אויך די מאמע מיט אונז זיצן, אָבער מיר פלעגן איר שיקן שלאָפן און ניט לאָזן איר זיצן שפעט אין דער נאכט.

פאר מיר זיינען דאָס געווען אָנגענעמע טעג, וואָכן און חדשים. די ייִנגערע ברידער פלעגן גיין יעדן אָוונט פארברענגען מיט זייערע חב-רים און דערנאָך קומען אהיים און דערציילן די נייס פון שטעטל. איך בין ווידער געגאנגען שפאצירן צום פוסטן בארג, צו די פריסאדעס און אין סאַד, אין די ערטער, וואָס זיינען געווען די שטאָלץ פון דערעטשין. איך האָב זיך געטראָפן מיט זייער פיל שטעטלדיקע, ווייל כמעט יעדער איינער האָט געהאט א קרוב אין אמריקע און געוואָלט וויסן ווי ס׳לעבט זיך אים דאָרטן. זייער אָפט האָב איך פארבראכט בא די אלפערס. מלכה איז שוין דאן געווען אין ארץ-ישראל און די אנדערע שוועסטער זיינען געקומען א היים אויף זייערע זומער-וואקאציעס. מיר פלעגן זיך אָפט טרעפן און פארברענגען צוזאמען.

איך בין אָפּגעווען אין דערעטשין 6 חדשים, ביז ס׳איז געקומען די צייט פון צוריקפאָרן קיין אמעריקע. איך בין געבליבן ביז מיין טאטנס יאָרצייט, וואָס פאלט אויס דעם 19-טן טאָג אין חשון. מ׳האָט געדונגען א שליטן און אין א קאלטן שנייאיקן פרימאָרגן זיינען מיר אלע געפאָרן צום טאטנס קבר. אין אָוונט זיינען די ברידער געגאנגען אין שול אריין קדיש זאָגן. אין עטלעכע טעג ארום בין איך אַוועקגעפאָרן.

שווער איז געווען די צעשיידונג. מיין ברודער שמואל האט מיר ווייטער באגלייט ביז ווארשע, פונוואנען איך בין אוועקגעפאָרן צוריק קיין אמעריקע.

זאָלן די זכרונות דינען ווי א מצבה מיין שטעטל דערעטשין, וועלכע איז אוועק מיטן רויך, און מיינע ליבסטע און טייערסטע, וועלכע זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם.

## הייתי עדה במשפט עלילת שוא / לאה שלכטר־שפירא

אחרי שדודתי אלקה סביצקי נתאלמנה, קשה היה לה לנהל את חנותה, שהיתה מרוחקת מביתה. החליטה איפוא להעביר את החנות לתוך דירת מגוריה. פעם, לפני חג הפסחא של הנו־צרים, הופיע איזה גוי שמעולם לא הכירה אותו, ביקש שתתן לו קמח בהקפה, בהוסיפו שבעלה היה נותן לו תמיד בלי כסף. כשהיא סירבה לתת לו, ביקש שתמכור לו גרעינים במזומן. היא לקחה נייר מעתון שהיה מונח על השולחן וארזה לו את הגרעינים, והוא הסתלק.

אחרי זה חזר עוד פעם, באומרו שהשיג כסף, ושאל אותה אם יש לה חלה שאפתה מהקמח הזה. כשיצאה להביא את החלה, הס־פיק הנכרי להסתיר על מדף חבילת סכרין, שהיה לפי החוק אסור איסור חמור במכירה. כשדו־דתי הופיעה עם החלה, אמר לה הנבל שהחלה אינה מוצאת חן בעיניו, והלך לו.

כעבור זמן קצר הופיע פקח ה„אקציז" ושאל אותה, אם היא מוכרת סכרין. כשענתה בשלילה, ניגש ישר לאחד המדפים והוציא ממקום מסויים קופסת סכרין עטופה בנייר עתון. היא תפסה מיד שזאת היתה מזימת הקונה הנכרי. היא הכירה את פיסת הנייר שבה ארזה לו את הגרעינים. חתיכת הנייר התאימה לעתון שהיה עוד מונח על השולחן.

התנהל משפט בבה"ד המחוזי בסלונים, אני ורשה קוליקובסקה, אחותו של אברהם הרשל, העדנו: כשעמדנו בפתח החנות ראינו, שהנכרי הושיט את ידו למדף, כאילו להסתכל במשהו. הוא מצידו הביא כמה עדים, שגם הם כביכול קנו אצלה סכרין, אך השופטים לא מצאו לנכון לשמוע אותם. לפני השופט הוצג כהוכחה נייר־האריזה יחד עם העתון שממנו נתלשה פיסת־

הנייר. דודתי יצאה זכאית והגוי שילם את כל הוצאות המשפט.

במשפט השני נגדו, שהתנהל בדרצ'ין, שאלו אותו מאין השיג את הסכרין. הוא הוסיף לטעון שקנה אותו אצל דודתי. גם פה לא רצו לשמוע את העדים שלו.

המשפט עורר התעניינות רבה בין האוכלוסיה היהודית בדרצ'ין, ולמרות עריכתו ביום שישי היה אולם בית המשפט מלא.

בסופו של דבר נענש המעליל בכמה שנות מאסר. אז נשמנו לרווחה.

## מיין ברודער לייבע / לאה עליאָוויטש-יאַטוויצקער

שווערע קינדער-יאָרן האָבן מיר דורכגעמאַכט. אלס פּליטים פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, ארויסגעשיקטע מיט אלע אידן פון דער קריגס-זאָנע, זיינען מיר אָנגעקומען קיין דערעטשין. קורץ נאָכדעם איז געשטאָרבן אונזער פּאָטער און די מוטער איז געבליבן אַן אלמנה מיט דריי יתומים, וועלכע זי האָט געדאַרפט שפּייזן און האָדעווען אין יענע שווערע מלחמה-יאָרן. הונגער, נויט, קעלט און וואָגלענישן פון אָרט צו אָרט זיינען געווען אונזער ביטערער גורל.

ערשט נאָך דער מלחמה, ווען ס'איז באַנייט געוורן דער קאָנטאַקט מיט אמעריקע, האָבן אונז אָפּגעפונען אונזערע קרובים, גענומען אונז העלפן און מיר האָבן אָנגעהויבן עסן צו זאַט.

מיינע ברידער לייבע און חיים האָבן געלערנט אין תלמוד-תורה. דער קאָלאָנער רב האָט אויף זיי אויפגעפּאַסט זיי זאָלן קדיש זאָגן נאָכן פאָטער. איך געדענק, ווי לייבע, וועלכער איז נאָך דאַן געווען א קליין אינגעלע, פלעגט זאָגן קדיש, אונטער דער אויפזיכט פון קאָלאָנער רב, שטייענדיק אויף א בענקעלע.

נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט די תלמוד-תורה האָט אים די מאמע ע"ה געשיקט אין סלאָנימער ישיבה. ער האָט דאָרטן זייער פלייסיק געלערנט און דער ראש-ישיבה איז געווען זייער צופרידן פון אים.

גאַנץ פּלוצלינג הט זיך לייבע אָנגעשלאָסן אין דער החלוץ-אָרגאַניזאַציע. ער האָט געזאָגט, אז ער וויל מער ניט עסן קיין לחם-חסד אלס ישיבה-בחור, נאָר אַרבעטן, לעבן פון זיין אַרבעט און עולה זיין אלס חלוץ קיין ארץ-ישראל. די מאמע איז געווען אויסער זיך, האָט געוויינט, זיך געבעטן בא אים — אָבער ער האָט שוין מער אין ישיבה ניט געוואָלט גיין.

געווען איז לייבע א באוואוסטזיניקער חלוץ און אַן אקטיווער אין דער באוועגונג פאַרן אַרבעטנדן ארץ-ישראל. אין יענע יאָרן איז שוין אין דערעטשין געווען א שטאַרקע ביתר-אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער אויך איך האָב געהערט. צווישן מיר און לייבען זיינען געווען אָפטע רייסענישן אויפן אידעאָלאָגישן געביט. איך האָב נאָך דאַן, אלס יונגע מיידל, זייער ווייניק פאַרשטאַנען, און לייבע פלעגט מיט מיר איינטענה'ן, אז מיר, אלס אַרבעטער, דאַרפן געהערן צום החלוץ און ניט צום ביתר, וועלכן ער פלעגט אפילו אָנרופן מיטן נאָמען „פאַשיסטן".

די רייסערייען צווישן ביתר און די לינקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען נאָך שאַרפער געוואָרן צוליב דער קאָנקורענץ צווישן ביידע הכשרה-קיבוצים אין דערעטשין, איינער פון ביתר און דער צווייטער פון החלוץ. איך געדענק, אז די ביתרישע הכשרה האָט געהאַט איר דירה אויף סלאָנימער גאַס. קיין אַרבעט איז אין דערעטשין ניט געווען אפילו פאַר איין קיבוץ-הכשרה. די הכשרה'ניקעס פלעגן האַקן האָלץ, טראָגן וואַסער און ווינטערצייט האַקן דעם אייז בא די ברונעמער.

אויף די ביתר-פאַרזאַמלונגען פלעגט מיין ברודער לייבע שטערן די רעדנער מיט צווישנרופן און מיט פאַרשיידענע פראַגעס, מיט וועלכע ער פלעגט אָפט שטעלן די רעדנער אין פאַרלעגנהייט. מיר פלעגן מיינע ביתר-חברים פאַר-

וואַרפן פאַר די שטערונגען מצד מיין ברודער און ניט איינמאָל בין איך געקומען אהיים א ווײנענדיקע.

דערווייל איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט-מלחמה. מיינע ברידער זיינען אוועק אין וואלד, געקעמפט אין דער פּאַרטיזאַנקע און אדאנק זייער ברידערלעכער זאָרג פאַר מיר בין איך לעבן געבליבן און אָנגעקומען קיין ארץ-ישראל.

מיין ברודער לייבע איז געווען א דרייסטער פּאַרטיזאַן, ער איז געווען פון די, וואָס זיינען געגאַנגען אויף דערעטשין, אטאַקירט רודא יאַוואָרסקא, צוזאַמען מיט נאָך דערעטשינער פאַרברענט די קאָזלאָווישטשינער מיל, אויסגע-פירט אלערליי קאַמפּס-אויפגאבן.

געפאַלן איז ער פון די הענט פון אנטיסע-מיטן, וועלכע האָבן ניט געפעלט אויך אין דער פּאַרטיזאַנקע. פון אוממענטשלעכער מידקייט האָט ער איינמאָל, שטייענדיק אויף דער וואַך, איינגעדרעמלט מיטן ביקס אין דער האַנט. די קריסטלעכע קאָמאַנדירן האָבן אויף אים ארויס-געגעבן אַ טויט-אורטייל, ווי זיי פלעגן זיך תמיד נוהג זיין מיט אידן.

אזוי האָט מיין ברודער לייבע, דער העל-דישער פּאַרטיזאַן, געפונען זיין טויט אין וואלד.

## בית אבי ב„שולהויף" / ליזה כץ־ביאלוסטוצקי

בית אבי הבלתי־נשכח עומד לנגד עיני עם הזכרונות מאותן השנים שעברו עלי בעיירתי דרצ׳ין ימי הילדות היפים. נדמה, והבית עומד עדיין כמו שעזבתיו, לפני עלותי ארצה, בחצר בית־הכנסת (שול־הויף). ביתנו היה מכונה בפי כל „החלונות הגבוהים" („די הויכע פענסטער"). הבינותי אז את הכינוי פשוטו כמשמעו, כי חלונותיו היו אמנם גבוהים מבלי יכולת להציץ פנימה, בניגוד ליתר הבתים הקטנים בעירה.

את החצר של בית הכנסת הקיפו כל בתי המדרש היפים ובצד בלט גם ביתו הנאה של רב העיר. מה עוד היה חסר בחצר הזאת?

אפילו בית־קברות עתיק־יומין גבל אתה. בקושי בלטו מעל לגדר, כשהצצנו דרכה פנימה מתוך סקרנות, המצבות הישנות שהעלו אזוב וצמחים מרוב ימים ושנים. שמענו לפעמים מפי מישהו מהזקנים שבעיירה סיפורים על בית־הקברות, מאלה שהם שמעו פעם מאביהם, סבם ואבי סבם. שמועות היו מהלכות בינינו הילדים על שדים ורוחות המטיילים בקירבת המקום, ודיים היה בסיפורים אלה להפיל עלינו אימה ופחד. גדלנו והבינונו שהמקום הזה אומר רק כבוד וקודש.

את מיטב שנותינו בילינו במשחקים בחצר הזאת. הכל התרכז דווקא על־יד בית אבי. ילדי בית־הספר היו יוצאים בסך לטיול על דגלם והיו מתאספים בחצר הגדולה שלנו. זקנים היו יוצאים לקידוש לבנה בקולות ותפילות, כמובן, רק בחצר הזאת שעל־יד בית־הכנסת. בר־מינן, להבדיל, מובל למנוחות עולם, ואיך לא יעשה את דרכו האחרונה בחצר בית־הכנסת, וקול הקורא „צדקה תציל ממוות" היה מבשר לנו משהו רע ומפחיד.

ומה גברה שמחתנו כאשר נתבשרנו שחתונה עומדת להיערך בעיר! לא הצטרכנו כבר לחפש ולטרוח. מכל פינה בעיר היו החוגגים מגיעים אלינו, לחצר הגדולה: הזוג הצעיר עם קהל המחותנים ואחריהם נוהרים כל יושבי העיירה, מטף ועד זקן, בלוויית תזמורת הכלי־זמר, המנ־גנת את הזמר היהודי המיוחד והמסורתי, שמ־נגנים בחתונות. והעיר דרצ׳ין היתה צוהלת ושמחה.

והנה הגיעו אלינו שמועות מעדי ראיה, מני־צולי השואה, שגם הצורר הנאצי, ימח שמו, בחר דווקא בחצר היפה הזאת כמרכז הגיטו בשביל הורינו ומשפחותינו האומללים, לביצוע פעולותיו האכזריות. נתקדשה איפוא אדמת השול־הויף שלנו בדמם של הורינו היקרים. והדם הטהור לעולם לא יחדל לזעוק מתוך האדמה.

לפי עדויות היה אבי מאחרוני קרבנות הש־חיטה של י״ב באב 1942 וקברו — בקבר אחים בסביבות ביתו. אמי מתה שבועיים לפני השחיטה והיתה אחת מקהל קדושי הגיטו, שזכו לבוא לקבורת־ישראל.

## כאב הזכרונות / רבקה סגלוביץ־דייחובסקי

קשה לכתוב על בית אמא ואבא, אשר עזבתיו בהיותי עדיין נערה צעירה, מה גם שתמיד דמותם האהובה מלווה אותך ומשמשת נר לרגליך.

בית פשוט ועניו היה ביתנו ולא תמיד האיר לנו המזל פניו בעסקי מסחר, אבל בית חם היה ודלת פתוחה לכל נזקק ונצרך. ילדה הייתי עדיין בזמן מלחמת־העולם הראשונה. הורי נש־ארו אז ללא פרוטה, כי ה„פריץ״, אשר אבא סחר אתו, ברח לרוסיה מפחד הגרמנים. שני אחי הצעירים, כמעט ילדים, הלכו לאסוף תפו־חי אדמה בשדות נטושים. זוכרת אני, שאמא אספה אז לביתנו יתום ללא הורים, מכוסה פצעים וכינים. היא גזזה במו ידיה את שערותיו שרפה את בגדיו, רחצה והלבישה אותו, סידרה אותו בתלמוד־תורה ואחרי שהרב חקר מי הוא, נמצא שיש לו אב באמריקה. שנתיים היה מנשקה (זה היה שמו) בביתנו. בעיר היו כמה משפחות של פליטים, ביניהם גם מפורסמים בתורה ובכבוד, אבל חסרי אמצעים. אמא היתה מגייסת אותי ואת אחותי, מסדרת חבילות מזון, ובצינעה, ביום חמישי לפנות ערב, שולחת אותנו לבתיהם. כלה עניה אם זקוקה היתה לנדוניה, אמא שלנו היתה עוברת בין בתי הגבירים שבעיירה ואלו כיבדוה ועזרו לה לא־סוף כלי־מיטה, קצת כסף, והחדר הגדול שב־ביתנו שימש אולם החתונה.

בית פשוט היה ביתנו, עם כיבוד אב ואם. אחי פירנסו הרבה שנים את הבית בשקט, באה־בה ובהבנה. כשהפצרתי באחי יעקב בשנת 1933, בהיותי בביקור, לבוא לישראל, שאל אותי על מי יעזוב את „העצים הזקנים״. „לא אעקור אותם מביתם״ — אמר אחי. והוא שילם על נאמנותו בחייו הצעירים. בליל ההשמדה שלח את אמא ואת גיסתי עם הילדים בין ראשוני הבורחים והוא היה במאסף, וככה נפל חלל ליד הנהר. אמי היקרה נשארה ונתענתה ביסוריה 6 חדשים ביער ובהיותה כבר קפואה בחצי גופה התחננה בפני האנשים, בזמן שברחו מן היער מפחד התקפת הגרמנים: „קחו אותי אתכם, יש לי ילדים טובים, הם יגמלו לכם!״ אלו היו דבריה האחרונים, שנמסרו לי מפי עדים שהיו בקירבתה ביער.

וזו נחמתי, שבשעותיה האחרונות חשבה עלינו לטובה. אחרי יומיים חזרו האנשים למקום מחבואה ולא מצאוה.

יהיו נשמות אבי, אמי ואחַי צרורות בצרור החיים.



מצבה אויפן
ברידער־קבר

## מיין שטעטל דערעטשין / קאטיא כלעבניק־ביאַלאָסטאָצקי

שטעטל מיינס, ביסט איינגעקריצט אין דעם זכרון מיינעם,
זע איך דיר פון ווייטן — און ס׳ווערט פארקלעמט מיין הארץ —
זע איך ווי דו וויגסט זיך שטיל אין שאָטן־שיינען,
כאָטש אין דיינע גאסן הערשט דער חושך שווארץ.

מיין חרובע דערעטשין, ביסט מיר ליב און טייער,
האָסט באגלייט מיר תמיד אין מיין וואנדער־וועג.
מיין העלע יוגנט־פרייד אוועק מיט דיר אין פייער,
נאר מיין געוויין אויף דיינע חורבות וועט קיינמאל ניט אוועק.

שטיין אויף שטיין אין דיינע גאסן, כליפענדיקע קולות
רייסן זיך ארויס פון פעלדער אָנגעזאָפּט מיט בלוט,
אוועק דער רויך פון שריפות, ס׳איז דיין הימל תכלת,
ווי אין יענעם פרילינג, ווען אלץ געווען איז גוט.

ווי אין יענע שבת־טעג, ווען ס׳האָבן זיך געצויגן
פארביי מיין פענסטער אידן מיט טליתים צו דער שול.
מיט שבתדיקער פרייד געפינקלט האָבן אויגן,
א פרייד, מיט וועלכער יעדע שטוב געווען איז פול.

איצטער ווייס איך אָבער, אז אין דיינע וויסטע גאסן וועט שוין
מער ניט אָפּהילכן די פרייד פון יעדער שטוב.
איך ווייס : ניטא שוין מער, ניטא די אידישע דערעטשין,
מיט „שמע ישראל" איז אוועק מיין שטעטעלע אין גרוב.

# אזוי איז אומגעקומען די אידישע עדה אין דרעטשין

/ מאשע און אברהם־הירש קולאַקאָווסקי

עס קומט אויפן זכרון דער 23־טער מערץ 1939. א קאלטער רעגן געמישט מיט שניי איז געפאלן אן אויפהער פון די פרימארגן שעה"ן. דער שניי האט ניט לאנג געהאלטן און איז צעגאנגען אונטער די פיס. א זומפיקע בלאטע האט באדעקט די גאסן און געסלעך פון דע־רעטשין.

דער 23־טער טאג אין חודש איז געווען א טאג אויף וועלכן די אידן האבן געווארט וואכנ־לאנג — דאס איז געווען דער יאריד־טאג, ווען טויזנטער פויערים פלעגן קומען אין שטאט אריין פארקויפן זייערע פראדוקטן און איינקויפן פארשיידענע זאכן, ווי נאפט, זאלץ, צוקער, שוכווארג, קליידונג א. ד. גל. דער מארק־פלאץ איז געווען געפאקט מיט הונדערטער וועגענער. די פויערים האבן זיך געאיילט פארקויפן זייער סחורה, כדי נאך אריינכאפן זיך אין שענק עפעס אויסטרינקען, זיך דורכשמועסן מיט באקאנטע, איינקויפן וואס זיי דארפן און אנקומען צוריק אין דארף אריין נאך איידער די נאכט וועט צופאלן.

### ערשטער אנזאג פון מלחמה

אויסערלעך האט עס אויסגעזען ווי א געוויינ־לעכער מארק־טאג, אבער ער געדענקט זיך אזוי שטארק ווייל אין יענעם טאג האבן מיר איבער־געלעבט די ערשטע בשורה פון א מעגלעכער מלחמה, און דאס איז געווען דער אנהויב פון דעם גרויסן אומגליק וואס האט א פאר יאר שפעטער געטראפן דרעטשין און באַזונדערס אירע אידן.

אין דעם טאג האט אונז ווי א דונער געטראפן די פאראָרדענונג וועגן א באלדיקער מאביליזא־ציע. עטלעכע שעה איידער ס׳איז אנגעקומען די ידיעה וועגן דער מאביליזאציע האט קיינער אפילו ניט געחלומט וועגן אזא פלוצלינגדיקער גזירה. איצטער איז קלאר געווארן — עס שמעקט מיט מלחמה.

די ערשטע מאביליזירטע זיינען ארומגעלאפן איבער די גאסן פון שטעטל כדי צו דערליידיקן דרינגענדע ענינים. זייערע מאַמעס האבן גע־קלאָגט און געיאמערט, אז ס׳האט ממש געריסן ביים הארצן. אבער די עלטערע לייט האבן נאך געדענקט די מאביליזאציע פון 1914 און זיך דערמאנט ווי טראגיש זי איז דאן אויפגענומען געווארן דורך אלעמען. אבער קיינער האט זיך דערמיט ניט געוואלט טרייסטן. מיר זיינען אלע אויפגעציטערט געווארן. אין אזא שווערער שטימונג זיינען די מאביליזירטע ארויף אויף די וועגענער און אוועקגעפארן קיין זעלווע, צו דער באן־סטאנציע.

ס׳זיינען אוועק עטלעכע טעג און די ערשטע בריוו האבן אנגעהויבן אנצוקומען. די יונגעלייט זיינען געווען ערגיץ אויף דער פויליש־דייטשער גרעניץ, שטארק פארנומען מיט מיליטערישע איבונגען, און אלץ איז בא זיי בסדר. אבער די געשפאנטע שטימונג אין דרעטשין האט נאך אלץ אנגעהאלטן.

אזוי זיינען אריבער טעג, וואכן און חדשים, און די זעלנער אונזערע זיינען נאך אלץ ניט צוריקגעקומען אהיים. פון צייט צו צייט פלעגט עמיצער פון זיי אראפקומען אויף א פאר טעג אורלויב, אבער פון מיליטערישער דינסט איז קיינער פון אונזערע ניט באפרייט געווארן.

דאס לעבן איז זיך געגאנגען מיטן נארמאלן שטייגער, אבער דער אומרו האט אונז ניט אפגעלאזן. 5 חדשים זיינען שוין פארביי, אט איז שוין אויגוסט, און די געשפאנטע שטימונג ארום האלט אן די גאנצע צייט און ווערט אפילו שווערער פון טאג צו טאג. פארשיידענע ידיעות און קלאנגען הערן ניט אויף זיך פארשפרייטן צווישן די אידן, און אלעמענס נערוון זיינען אנגעצויגן ביז גאר.

עס קומט די לעצטע וואך פון אויגוסט. עס ווערן מאביליזירט אלע איבערגעבליבענע פון

די באשטימטע יארגענג. אין דער לופטן פילט זיך, אז די מלחמה איז נאנט.

### די מלחמה ברעכט אויס

אויפן פרימארגן פון 1־טן סעפטעמבער קומט אן די ביטערע בשורה: די דייטשע לופט־כוחות האבן באמבארדירט סוואלק און אנדערע פויליש שטעט. ס׳ווערט אלעמען שווער אויפן הארצן. מיטאק־צייט האבן מיר אין ראדיא געהערט די ווערטער פון פוילישן פרעזידענט מאשטשיצקי און זיין האפענונג, אז גאט וועט העלפן דעם פוילישן פאלק איבערווינדן זיינע שונאים. גאנץ שנעל איז אלעמען קלאר געווארן, אז דאס איז געווען אן אומזיסטע האפענונג. שווערע טעג, מיט ידיעות פון די דייטשע נצחונות, קומען אן. די אידן זיצן ס׳רוב אין די הייזער, פול מיט פחד. דער מסחר איז כמעט פאראליזירט. אין שטאט איז אייגנטלעך ניטא בכלל קיין מאכט. מ׳גיט איבער, אז די זעלווער באן־סטאנציע איז באמבארדירט געווארן. דעם טעם פון נאנטע באמבעס פארזוכט דרעטשין ראש־השנה. עטלעכע באמבעס פאלן אויסער דער שטאט און חוצן פחד ברענגען זיי קיין שום שאדן ניט.

פאר שרעק פון נאך דייטשע באמבעס פארלאזן מיר דרעטשין און פארן אריבער אין דארף. אונזערע פוילישע שכנים ראטן אונז אנטלויפן פון די דייטשע עראפלאנען, ווייל זיי באמבארדירן נאר די אידן... אבער מיר נעמען אויף די לעכערלעכע עצה אן געלעכטער, ווייל מיר געדענקען יעדער רגע, אז די דייטשן האבן א לאנגן חשבון מיט אונז אידן.

די מלחמה דויערט שוין באלד צוויי וואכן, און אט זיינען א געוויסן טאג אנגעקומען קיין דרעטשין עטלעכע צענדליק פוילישע יוגנטלעכע, וועלכע זיינען ווי א מיליטערישע פארמאציע געשיקט געווארן אפצוהיטן די אָרדענונג. פארשטייט זיך, אז די „ארדעננוג" האט זיך אנגעהויבן מיט די אידן. עטלעכע אידן זיינען געפאלן קרבנות פון זייערע הענט, און זיי האבן זיך געקליבן פארזעצן זייער בלוטיקע ארבעט. מיט געווער אין די הענט האבן זיי אריינגעשטויסן עטלעכע צענדליק אידן אין אן אלטן פארלאזענעם שייער און געוואלט אים אונטערצינדן.

בלויז אדאנק דער ענערגישער אינטערווענץ פון שטאטישן גלח זיינען די אידן ניצול געווארן פון שוידערלעכן טויט.

### די סאוועטן ראטעווען אונז

דאן איז ארויס א קלאנג אין שטאט: די סאוועטן זיינען אריבער די רוסיש־פוילישע גרעניץ און זיי קומען אונז ראטעווען. מיר האבן דאן ניט פארשטאנען געגנוי, מיט וואס עס וועט זיך אויסדריקן זייער רעטונג, אבער א גרויסע פרייד האט באהערשט אלע אידן. און די פרייד איז געווען זייער פארשטענדלעך.

דעם 17־טן סעפטעמבער איז דאס רויטע מיליטער אריבער די גרעניץ און מיט א פאר טעג שפעטער האבן מיר זוכה געווען צו זען מיט אונזערע אויגן די סאוועטישע רעטער.

עס איז שווער צו באשרייבן אונזער שמחה. מיר האט זיך דאן געדוכט, אז איך לעב איבער דעם גליקלעכסטן טאג פון מיין לעבן. די גאנצע אידישע באפעלקערונג, און אויך א סך קריסטן פון דרעטשין און אומגעגנט, זיינען ארויס מקבל פנים זיין די סאוועטישע רעטער. זייער באציאונג צו די איינוואוינער איז געווען זייער פריינטלעך. זייער אריינפאר אין שטאט ארייך האט געמאכט א קאלאסאלן איינדרוק. באזונדערס זיינען אלע באגייסטערט געווארן פון די רויטע קאוואלעריסטן, וועלכע זיינען אנגעקומען רייטנדיק אויף ווייסע פערד, מיט פרעכטיק־שיינע פעלערינעס אויף די פלייצעס. זיי האבן ארומגענומען און געקושט יעדן איינעם וואס איז צו זיי צוגעקומען מיט א באגריסונג, די קינדער האבן זיי געטיילט קליינע רויטע פענער אלס אנדענק פון דעם גליקלעכן טאג. אונזער אלעמענס שמחה האט קיין גרעניצן ניט געהאט. ממש משיח׳ס צייטן...

צו די פייערלעכע מיטינגען פלעגן זיך צונויפזאמלען צענדליקער טויזנטער מענטשן פון דער גאנצער ארומיקער געגנט. דרעטשין איז פשוט צו קליין געווען זיי אלעמען אויפצונעמען. אויף פארשיידענע אופנים האבן די מאסן אויסגעדריקט זייער באגייסטערונג מיטן באפרייערישן רויטן מיליטער און זיין גלענצנדן פירער סטאלין.

גאנץ גיך האט אנגעהויבן איר ארבעט די

שטאט־פארוואלטונג. עס איז באלד באשלאסן געווארן זיך ווייטער באנוצן מיטן פוילישן געלט און דער ווערט פון זלאטי איז גלייך געווען צום ווערט פון סאוועטישן רובל. די אנגעקומענע רוסן האבן אנגעהויבן איינקויפן אלץ וואס עס האט זיך געלאזט. אין פארגלייך מיט די פרייזן בא זיי אין דערהיים זיינען די סחורות, באזונדערס קליידונג און שוכווארג, געווען שפאטביליק.

אין דערעטשין איז דאן אויפגעקומען א נייע „שיכט". הונדערטער אידן, וועלכע זיינען אנטלאפן פון דייטשן אקופאציע־געביט אין מערב־פוילן, האבן געשטראמט אין די ווייסרוסישע שטעט און שטעטלעך און זיינען מאסנווייז אנגעקומען אויך קיין דערעטשין. און כאטש די דערעטשינער אידן האבן דאן ניט געלעבט אין איבעריקן לוקסוס, האבן זיי דאך אויפגענומען די נייע־געקומענע „בעזשענצעס" מיט אפענע ארעמס. כמעט אין יעדן הויז האבן געוואוינט אידן פון פוילן און זיי האבן אריינגעבראכט א נייעם קאלאריט אין דערעטשינער לעבן. צוזאמען מיט אונזער ליטווישן אידיש האט מען געהערט פון אלע זייטן אויך דעם פוילישן זינגענדיקן אידישן לשון. די קעגנזייטיקע באציאונגען זיינען אין אלגעמיין געווען פריינטלעכע.

### ס׳קומט די סאוועטישע ווירקלעכקייט

אונזער פרייד מיט די סאוועטישע רעטער האט אנגעהויבן ביסלעכווייז אויסגעלאשן ווערן. לויט כסדרדיקע פאראָרדענונגען האט דאס לעבן אנגענומען דעם באקאנטן סאוועטישן שטייגער. דער פרייער האנדל איז אייגנטלעך ניט דערלויבט געווארן. איין צענטראלע קראם איז געעפנט געווארן, און זי האט עס געדארפט באדינען די גאנצע באפעלקערונג מיט אלע נויטיקע פראדוקטן. אפיציעל זיינען קיין שום באשרענקונגען ניט איינגעפירט געווארן, אבער פאקטיש האט מען גארניט געקענט באקומען.

ווען מ׳האט זיך דערוואוסט, אז ס׳איז אנגעקומען א וועלכער ס׳איז פראדוקט אין קראם, האט זיך גלייך אויסגעשטעלט א לאנגע ריי, אין וועלכער ס׳האבן שטענדיק געהערשט די „שטארקע". אזוי האט מען, למשל, געטיילט 400 גראם צוקער יעדער משפחה אויף עטלעכע חדשים. אויף וויפל איך געדענק, האט אונזער משפחה באקומען נאר איינמאל פאר דער גאנצער צייט פון די סאוועטן אזא פארציע צוקער. געווען אזעלכע וועמען ס׳האט זיך אפילו איינגעגעבן קריגן אין איין פארטיילונג מער ווי איין פארציע. ווייניקע משפחות האבן זיך געקענט פארזארגן מיט אלץ וואס איז נויטיק צום לעבן.

דאס לעבן איז געווארן זייער שווער, אבער דאס האט ניט געשטערט די גוטע, פריינטלעכע באציאונגען, וועלכע האבן זיך געשאפן צווישן די סאוועטישע זעלנער און דער ארטיקער יוגנט. אזוי האבן מיר זיך באפריינדעט מיט א הויכן אפיציר, א איד, וועלכער האט גערעדט א „גויאישן" אידיש, אבער האט דעקלאמירט ביאליקן אויף אויסווייניק.

ביסלעכווייז האבן זיך מענטשן איינגעארדנט בא פארשיידענע ארבעטן, ווער אלס באאמטער, לערער אדער ארבעטער אין איינעם פון די געשאפענע „ארטעלן", ארבעטס־קאאפעראטיוון. אונז איז נאך דאן שווער געווען זיך צוגעוואוינען צום געדאנק, אז פארן פארשפעטיקן עטלעכע מינוט צו דער ארבעט קען מען שטרענג באשטראפט ווערן, אפילו מיט ארעסט. אבער צו אלץ קען מען זיך צוגעוואוינען...

אזוי האט זיך די צייט געצויגן. עס זיינען שוין פארלאפן 21 חדשים זינט דעם אנקום פון דער סאוועטישער מאכט.

און דאן איז פלוצלינג געקומען דער 22־טער יוני 1941.

### טעג פון פחד און פאניקע

ביטערע איוב־בשורות קומען און יאגן איינע די צווייטע. די דייטשן האבן באמבארדירט מיליטערישע לאגערן, פלוג־פלעצער, באן סטאנציעס, שאסייען און שטעט. די סאוועטישע מיליטער־לייט זיינען פולשטענדיק דעזאריענטירט און צעטומלט.

יענעם טרויעריקן 22־טן יוני האבן זיך דייטשע אעראפלאנען באוויזן אויף איבער דערעטשין. די זעלווער באן־סטאנציע איז באמבארדירט געווארן. אן אומבאשרייבלעכע פאניק האט באהערשט די באפעלקערונג, און באזונדערס די אידן. די פאלאקן ארום פרייען זיך מיטן אידישן

אומגליק. זיי האבן שטארק פיינט געהאט די סאוועטישע הערשאפט און איצטער האבן זיי געטראכט פון נקמה.

אונז האט דאס הארץ געזאגט, אז עס דער־נענטערט זיך די שרעקלעכסטע תקופה אין אונזער לעבן.

אין אוונט האבן אלע יונגעלייט באקומען מאביליזאציע־מעלדונגען און צומארגנס האבן זיי זיך געדארפט צושטעלן צום זאמלפונקט אין זעלווע. אבער דער דייטש איז, ווייזט אויס, געווען גוט אינפארמירט וועגן אלץ און שוין פון פארטאג האבן זיי שטארק באמבארדירט דעם פונקט. די סאוועטישע באאמטע האבן קיין שום אנדער אויסוועג ניט געהאט ווי צעשיקן אלע פארזאמלטע יונגעלייט. ווער ס׳איז לעבן גע־בליבן פון די דייטשע באמבעס אנטלויפט אהיים. מיטן צוריקקערן זיך פון די מאביליזירטע איז די שטימונג אין דערעטשין נאך שווערער געווארן. א ט־פער טרויער האט ארומגענומען אלע אידן.

אויפן צווייטן טאג, מאנטיק פרי, האבן אלע סאוועטישע באאמטע פארלאזן דערעטשין און גענומען לויפן אויף מזרח, צו דער רוסישער גרעניץ. צוזאמען מיט זיי איז אויך געלאפן א טייל פון דער יוגנט. די וועגן זיינען געווען פארפאקט מיט מיליטער און ציווילע. אלץ איז געלאפן אין רוסלאנד אריין. אבער גאנץ ווייניקע איז געלונגען זיך דורכרייסן און אנקומען אין די ערטער וואו ס׳איז נאך געווען סאוועטישע הערשאפט. די וועגן זיינען געווארן אפגעהאקט דורכן פייער פון די דייטשן און זייערע דעסאנטן. מענטשן זיינען געפאלן אויף די וועגן פון דייטשע קוילן. די לעבנגעבליבענע האבן זיך ווי ס׳איז דערשלעפט צוריק אהיים.

דערעטשין איז געבליבן אן א מאכט. אויפן פערטן טאג, מיטוואך, האט זיך פארשפרייט א קלאנג, אז א דייטשער טאנק איז שנעל דורכ־געלאפן די שטאט. קיינער האט ניט געוואלט גלויבן, אז עפעס אזוינס זאל געשען — אין דערעטשין איז דאך סטאנציאנירט געווען איינער פון די בעסטע סאוועטישע פאלקן, און די יונ־געלייט, וואס זיינען באפריינדעט געווען מיט די רוסישע מיליטער־לייט, האבן דערציילט ניט איינמאל ווי גוט און מאדערן דער פאלק איז באוואפנט. האט דער פאלק איבערגעלאזן זיין באזע אין דערעטשין אן פארטיידיקונג? די פראגן זיינען אזוי געשטעלט געווארן פון אלע זייטן, ביז מיר האבן זיך ארומגעזען, אז אין שטאט איז שוין ניט פארבליבן קיין איין סאוועטישער סאלדאט.

### די דייטשן זיינען דא

דעם 27־טן יוני איז דערעטשין פארנומען געווארן דורך די דייטשן. א דעסאנט פון דייטשע פאראשוטיסטן איז אריין אין שטעטל, בעת דאס רעגולערע דייטשע מיליטער איז נאך געווען אין זעלווע. אריינגייענדיק אין שטאט האבן זיי באלד געעפנט א גוואלדיקע שיסעריי און גענו־מען ארויסטרייבן אלעמען פון די הייזער צום הויף פון קלויסטער. אויך צו אונז זיינען אריין דייטשע שווארץ־געקליידעטע ס.ס.־לייט, מיט די ווייסע שארבנס אויף זייערע מונדירן, און אונז געהייסן גיין מיט אויפגעהויבענע הענט צום קלויסטער.

די גאנצע באפעלקערונג, יונג און אלט, אידן און קריסטן, איז געווען פארזאמלט דארטן, אוו איינער א דייטש האט געמאלדן, אז דערעטשין איז אקופירט דורך די דייטשן און ס׳ווערט אין שטאט דערקלערט אן אויסנאם־און־קריג־צוש־טאנד. פארדעכטיקע מענטשן האט מען גלייך אפגעשטעלט אן א זייט. כדי צו זיין „פארדעכ־טיקט" אלס אנטלאפענער סאוועטישער זעלנער איז גענוג געווען צו האבן דעם קאפ ראזירט אדער גלאט אפגעשארן. זיי האבן אויך אנגעהוי־בן צעטיילן די מענטשן אויף אידן און קריסטן.

אזוי זיינען מיר אלע געשטאנען דארטן און ניט געוואוסט וואס מיט אונז וועט געשען. און דא איז פלוצלינג געשען א נס, וואס האט אונז יענעם טאג געלאזן ביים לעבן, אבער פארברענט מער ווי א האלבע שטאט.

ביז איצטער ווייס מען ניט גענוי, ווער ס׳האט פונקט אין יענער שעה פון טויט־שרעק געעפנט א הארמאטן־פייער אויף דערעטשין. לויט איין מיינונג האט די רעגולערע דייטשע ארמיי, וואס איז געגאנגען פון זעלווע אויף דערעטשין, באשאסן די שטאט, ניט וויסנדיק אז זי איז שוין פארנומען דורך דייטשע פאראשוטיסטן. אנדערע ווייסן צו דערציילן, אז דאס האט א

סאוועטישע אפטיילונג, וואס האט געוואלט דורכ־רייסן די דייטשע ליניעס, געעפנט א פייער. אזוי אדער אזוי, אבער די פֿאלנדיקע הארמאטן־קוילן, וועלכע האבן אנגעצונדן די שכנותדיקע הייזער פון קלויסטער, האבן אזוי צעטומלט די דייטשע העלדן, אז זיי האבן גענומען לויפן הין און צוריק ווי די פארסמטע מייז. מיר זיינען זיך אלע צעלאפן פון קלויסטער־הויף, צו די ברענענדיקע הייזער. מ׳האט גענומען ראטעווען וואס ס׳לאזט זיך. דאן האבן מענטשן גענומען לויפן זיך ראטעווען פון פייער אין די פעלדער ארום שטעטל. ווען מיר זיינען צוריקגעקומען, האבן מיר געפונען אונזער הויז פארברענט. ביז וואס ווען זיינען מיר אריין אין שייער, וואס האט אויסגעמיטן די שריפה.

ביינאכט האבן די ס.ס.־לייט געוואלט אנהויבן מארדן אידן. מיר זיינען געלעגן אין שייער, צוזאמען מיט שכנים און נייע פליטים, וואס זיינען ערשט אנגעקומען פון דער סאוועטישער זייט. פלוצלינג האבן אונז ארומגערינגלט דייטשע סאלדאטן, באוואפנטע מיט האנט־גראנאטן. זיי זיינען אריין אין שייער, געהייסן אלע מענער אויפהויבן די הענט, צוגענומען פון זיי די זייי־גערס און יעדע זאך וואס האט געהאט א ווערט. די פרויען האבן זיי ניט אנגערירט. זיי האבן אונז געהייסן בלייבן אין שייער און זיך ניט רירן, ווער ס׳וועט ארויסגיין, וועט באלד דער־שאסן ווערן.

דערשלאגענע און דערשראקענע זיינען מיר אזוי געזעסן און ניט געוואוסט וואס די קומענ־דיקע מינוט וועט מיט זיך ברענגען. די קליינע קינדער האבן געוויינט, געוואלט אהיים, ניט געוואוסט, אז פון זייער היים זיינען געבליבן אפגעברענטע ווענט. די דערוואקסענע זיינען געזעסן און זייער הארץ איז צעפלאצט געווארן. מ׳האט זיך שוין אנגעהערט אזויפיל דערציילונ־גען וועגן דער דייטשער אכזריות, וועגן בעס־טיאלישע מארדן. אויב ס׳איז אמת, זיינען דאס שוין אפשר אונזערע לעצטע מינוטן. א טרויער פון צום טויט פארמישפטע איז אונז באפאלן. קיינער האט ניט גערעדט, זיך ניט גערירט פון ארט. די דייטשע פאטרולן היטן אונז, מיר הערן זייערע טריט ארום שייער.

א פינסטערע נאכט ארום אונז. וואס וועט די נאכט אונז ברענגען? וועלן מיר נאך דערלעבן זען דעם שיין פון פרימארגן?

ארום האלבער נאכט האט זיך געעפנט א שטארקע שיסעריי פון אלע זייטן. די קוילן פון אויטאמאטישן געווער פליען ממש איבער אונ־זער שייער. און מיר זיינען געזעסן אינעווייניק אזויווי פארכאפט אין א פאסטקע. מיין פאטער, א געוועזענער רוסישער סאלדאט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, דערקלערט מיר שעפּ־טשענדיק די ריכטונג פון די קוילן. פון מאטער־ניש און געוויין שלאפן די קינדער איין. די מאמע ע״ה זיצט איבער זיי און היט זיי, און טרערן גיסן זיך איר פון די אויגן.

די גרויקייט פון פרימארגן צערייסט די שווארצע פינסטערניש, מ׳קען שוין עפעס זען. גייט מען שטילערהייט צו צו דער טיר און מ׳קוקט ארויס דורך א שפארונע. מ׳זעט סאל־דאטן פארן אויף מאטאציקלען, וויזט אויס, אז די דייטשן באקומען פארשטארקונגען. אבער אז דער פרימארגן ווערט העלער, דערקענט מען אז דאס זיינען סאוועטישע סאלדאטן. באלד האבן מיר געזען, אז אונזערע דייטשע פאטראלן זיינען זיך צעלאפן. אין טומל פון דער שלאכט האבן זיי פארגעסן אן אונז, און אזוי זיינען מיר לעבן לעבן געבליבן. איין נס נאכן צווייטן.

אין דער פרי זיינען מיר אוועק אין שטאט אריין. דארטן האבן מיר זיך דערוואוסט, אז א טייל פון א סאוועטישער דעוויזיע, וואס איז געווען ארומגערינגלט דורכן דייטשן מיליטער, האט געוואלט זיך דורכרייסן דורך די דייטשע ליניעס און, ניט האבנדיק קיין אנדער אויסוועג, אטאקירט אינמיטן נאכט די דייטשן אין שטעטל. אין די גאסן האט זיך אנגעהויבן א קאמף אויף טויט און לעבן. די שטאט איז ממש באשאטן געווארן מיט קאנאנען. קיינער פון די איינ־וואוינער האט קיין אויג ניט פארמאכט. צום סוף פון דער שלאכט איז די רוסן געלונגען זיך דורכצורייסן און זיי האבן זיך דורך דע־רעטשין געצויגן צו מזרח צו, זוכנדיק א וועג צו זייערע צעבראקלטע פארמאציעס.

די דייטשן זיינען פון דערעטשין געלאפן קיין האלינקע. א גוטע בשורה, אבער לאנג האט די שמחה ניט אנגעהאלטן. באלד איז אנגעקומען די ידיעה, אז די דייטשן האבן, אנקומענדיק

קיין האלינקע, דערמארדעט און אויך לעבע־דיקערהייט באגראבן 140 אידן. פון דערעטשין גופא האבן זיי אוועקגעפירט אלע אויף וועלכע ס׳איז געפאלן א חשד אז זיי זיינען געווען זעלנער אין סאוועטישן מיליטער און ביז איצ־טער ווייס קיינער ניט וואו מ׳האט זיי אויס־געהרגעט. זיי זיינען געווען די ערשטע קרבנות פון דער דייטשער הערשאפט אין דערעטשין. נאכדעם איז דורך א שטיקל צייט אן טויט־פאלן.

### די נאצישע טעראר הערשאפט

ארום 15־טן יולי איז אין שטעטל אריינגע־קומען א גאנצע מחנה פון די נאצישע מלאכי־חבלה. אין געציילטע מינוטן האבן אלע אידן, מענער און פרויען, אין עלטער פון 14 ביז 60 יאר, געדארפט זיך פארזאמלען אויפן מארק־פלאץ. פאר די פארזאמלטע האט איינער פון די ס.ס.־לייט געהאלטן א קורצע רעדע. ער האט געמאלדן: פון מארגן, דעם 16־טן יולי, מוזן אלע אידן אין עלטער פון 14 יאר און ווייטער אננייען געלע לאטעס אין דער גרויס פון 10 קוואדראט־סענטימעטער. פאר ניט טראגן דעם שאנד־צייכן, אדער פארן ניט־ריכטיקן אננייען אים, האט געדראט — טויט אויפן ארט. אלע אידן פון 14 ביז 60 יאר מוזן טאג־טעגלעך באלד אין דער פרי זיך צושטעלן צו צוואנגס־ארבעטן. אלס לוין פאר דער ארבעט האט מען, אייגנטלעך, באקומען זייער אפט קלעפ, און שפעטער — אפילו א קויל. די אידן איז פאר־באטן געווען גיין אויף די טראטוארן, וואוינען בשכנות מיט קריסטן, ארויסגיין פון זייערע הייזער נאך 5 נאכמיטאק.

אזוי האט זיך אנגעהויבן די סדרה גזירות. כדי אפצוהיטן אלע גזירות און באפעלן האבן די דייטשן נאמינירט א „יודענראט". צום יודענ־ראט האבן זיך די דייטשע הערשער באצויגן מיט ביטול און שפאט און זיינע מיטגלידער באהאנדלט ניט בעסער ווי אלע איבעריקע אידן.

די צוואנגס־ארבעטן זיינען געווען פארשיידענע און משונה׳דיקע. זייער אמתער ציל איז געווען אויסצומאטערן די אידן ביז טויט. מיר האבן געגראבן גריבער און זיי צוריק פארשאטן, אריבערגעשלעפט גרויסע, שווערע שטיינער פון איין ארט אויפן צווייטן און שפעטער זיי צוריק געשלעפט אויף זייער פריערדיקן ארט. אלס אויפזעער אויף דער פרויען־ארבעט איז באש־טימט געווארן איינער פון די „בעזשענצעס", א געוויסער בעלקאוויטש, א רואיקער און גוטער מענטש, הינקעדיק אויף איין פוס. ער פלעגט בעטן אנטשולדיקונג יעדעס מאל ווען ער איז געקומען אונז רופן צו דער ארבעט. ס׳איז פאר קיינעם קיין סוד ניט געווען, אז א מיידל וואס גייט ארויס צו דער ארבעט קען נאך מיטאק ניט צוריקקומען, פלעגט ער אונז בארואיקן און צוזאגן, אז מיר וועלן נאך זוכה זיין זען דעם ביטערן סוף פון די מערדער.

ניט איינמאל פלעג איך מיר אויפכאפן פול מיט שרעק אינמיטן דער נאכט, טאמער פאר־שפעטיק איך צו דער ארבעט. אט איז דער זייגער ארום 2 ביינאכט, אין דריי שעה ארום דארף איך זיך צושטעלן צו דער געסטאפא־קאמאנדע. דער הויפט־רוצח אליין פלעגט ציילן און קאנטראלירן זיינע ארבעטער, שילטן אלע אידן און אכזריותדיק שלאגן ווען ס׳איז אים נאר איינגעפאלן. די גאנצע פראצעדור איז א שרעקלעכע און דערנידערנדיקע. דו טראכסט בא זיך, אז מ׳טאר גארניט אנרופן מיטן נאמען „מענטש" אט די דייטשע חיה וואס שטייט פאר דיר מיט אויגן וואס פלאקערן מיט שנאה.

ניטא קיין סך צייט אויף אזעלכע מחשבות. עס פאלט א באפעל ארויסצוגיין פון הויף און אנהויבן די ארבעט. אין משך פון גאנצן טאג ווערן מיר פארוואנדלט אין ראבאטן, וואס טוען אלץ ניט אריינטראכטנדיק זיך אין ציל פון דער ארבעט. מיר ווערן געמאטערט און גע־פייניקט. ווינטער, למשל, האבן מיר געדארפט אפרייניקן אלע גאסן פון שניי, און דווקא יענעם ווינטער האט אונז דער אויבערשטער צוגעשיקט שניי אן א מאס. איך שטיי אויפן מארק־פלאץ, אויף וועלכן ס׳פלעגן פארקומען די יארידן. אויך אין יענע צייטן פלעגן נאך פויערים קומען יעדן 23־טן צום מארק־טאג. מיר דארפן אפ־ראמען דעם גרויסן פלאץ פון שניי און פון אלץ וואס די פערד און וועגענער האבן דארטן איבערגעלאזן. און דער שניי דערגייט אונז ביז די קני. די איבערגעבליבענע פויערים קוקן אויף אונז מיט שפאט, ווי זיי וואלטן דערקוויקט

זיך מיטן נקמה־געפיל קעגן אט די אידישע מיידלעך, וועלכע האבן ביז ניט לאנג געלעבט א רואיקן לעבן, זיך געלערנט, געהאפט און געטרוימט וועגן זאכן, פון וועלכע די פויערים האבן קיין אנונג ניט געהאט.

איינמאל אין אזא דערשלאגענער שעה דערזע איך ניט ווייט פון מיר מיין חברטע סאניע גראטשוק. לעצטנס האבן מיר זיך וויניק גע־טראָפן, ווייל צוליב די שטרענגע „שפער־שטונדן״ פלעגן מיר אלע בלייבן גאנצע אוונטן פאר־שפארט אין אונזערע הייזער. סאניע שטייט און ארבעט ניט. איך פרעג איר, וואס איז געשען און זי זאגט מיר, אז ווען נאר מיר קענען דארפן מיר שעדיקן און קאליע מאכן דאס וואס די דייטשן הייסן אונז טאן. און דערביי דערציילט זי מיר אן איבערראשנדיקע ידיעה: אין די בעלאוועזשער וועלדער געפינען זיך טויזנטער פארטיזאנער. זיי פירן א גערילא־מלחמה קעגן די דייטשן. דא איז סאניע פלוצלינג פארשוויגן געווארן — פונדערווייטן איז אנגעקומען דער תליין פון די דערעטשינער אידן, אין זיינע הויכע גלאנציקע שטיוול און לעדערנער קורטקע, וועלכע ער האט באקומען פון די אידן און ניט איינמאל זי באפלעקט מיט אידיש בלוט. מיר האבן זיך באלד ביידע איינגעבויגן און גענומען צו דער ארבעט.

מיט עטלעכע חדשים שפעטער, א געוויסן זומער־טאג, איז קיין דערעטשין פלוצלינג אנגע־קומען א גרופע עסטאנער פאליציאנטן. מיר זיינען אלע אויפגעציטערט געווארן. די עסטאנער זיינען שוין באקאנט געווען אלס ווילדע חיות. יעדער קריסט, וואס האט געהאט א טענה אדער סתם א שנאה צו א אידן, האט געקענט אים אפמסרן, און די עסטאנער האבן אויסגעפירט די רציחותדיקע שטראף. אזוי פלעגן זיי געשיקט ווערן אויף בלוטיקע „גאסטראלן״ אין די שטעטלעך. קיין סך צייט איז ניט פארביי, און מ׳פירט שוין די ערשטע קרבנות צו דער פאליציי. דארטן זעצט מען זיי ארויף אויף א לאסט־אויטא און מ׳פירט זיי ארויס הינטער דער שטאט. איך דערוויס זיך, אז סאניע גראט־שוק איז אויך צווישן זיי. שפעטער האבן עדות דערציילט, אז ווען דער אויטא איז דורכגעפארן אינמיטן מארק, האט סאניע אויפגעהויבן איר קאפ, כדי זיך צו געזעגענען מיט די צוואנגס־ארבעטער. אן עסטאנער האט מיט דער קאלבע פון ביקס איר א זעץ געגעבן איבערן קאפ און זי איז געפאלן טויט אין אויטא. צוויי יאר שפעטער האב איך אויפן וועג קיין גראבאווע אנגעטראפן אויפן ברודער־קבר אין וועלכן סאניע איז באגראבן געווארן. מיט טיפן שווייגן האב איך באערט איר ליכטיקן אנדענק.

### איוב־בשורות וועגן אקציעס

אין צווישנצייט האבן זיך פארשפרייט קלאנ־גען, אז אין סלאנים האט מען אן א פארוואס צוגענומען 1100 אידן און זיי אוועקגעפירט אין אן אומבאקאנטער ריכטונג. עטלעכע טעג שפע־טער האט מען זיך דערוואוסט, אז מ׳האט זיי אלע אויסגעשאסן ניט ווייט פון דער שטאט. אויך פון אנדער שטעט און שטעטלעך זיינען אנגעקומען ענלעכע ביטערע בשורות. דער אומרו צווישן די אידן איז געשטיגן פון טאג צו טאג. מ׳האט געלעבט אין שטענדיקער מורא, ביז עס זיינען אנגעקומען די ימים־טובים, וואס זיינען אין יענעם יאר פארוואנדלט געווארן פאר אונז אין אמתע ימים נוראים.

דעם ערשטן טאג סוכות זיינען די אידן, ווי געוויינלעך, ארויס גאנץ פרי צו דער ארבעט. אבער דאסמאל האט מען זיי ניט געשיקט צו זייער געוויינלעכער ארבעט, נאר די פאליציי האט זיי אוועקגעפירט גאר אין אן אנדער ריכטונג. אומזיסט האט מען יענעם נאכמיטאק געווארט אויף די עלטערן, מענער און ברידער, זיי זיינען ערשט צוריקגעקומען נאך 36 שעה אוממענטשלעכער ארבעט. זיי האבן געגראבן א ריזן־גרוב, 45 מעטער די לענג, 20 מעטער די ברייט און 4 מעטער טיף.

צו וואס דארפן די דייטשן האבן אזא גרויסע גרוב? פארשיידענע ווערסיעס זיינען ארומגעגאנ־גען צווישן די אידן. מ׳האט געפרואווט פאר־טומלען דעם בייזן פארגעפיל און געזאגט, אז דארטן וועט מען מאכן סקלאדן פון קארטאפל און אנדערע פראדוקטן. אבער די גרוב איז בא קיינעם פון מוח ניט ארויס. מ׳האט וועגן איר גערעדט בייטאג און ביינאכט און זי איז אונז אלעמען אפט אין חלום געקומען.

דורך דער צייט איז שוין ארויס דער באפעל, אז אלע אידן דארפן זיך ארויסציען פון קריסטלעכע הייזער און פון די געמישטע גאסן און זיך באזעצן אין דעם אזוי־גערופענעם אידן־קווארטאל, וואס האט ארומגענומען איין זייט מארק און דעם שול־הויף. גאנץ אפט פלעגן אנקומען קיין דרעטשין ס.ס.־לייט פון אנדערע שטעט, און די אידן פלעגן דאן דורכלעבן שעה׳ן פון אומבאשרייבלעכן טויט־שרעק. דאס שטעטל פלעגט גלייך ווערן ארומגערינגלט דורך מיליטער און פאליציי און די באנדיטן פלעגן זיך לאזן איבער די אידישע הייזער און זוכן גאלד, געלט, לעדער און אנדערע ווערטפולע זאכן. אזעלכע רויב־רעוויזיעס זיינען שטענדיק באגלייט געווען מיט מערדערישע קלעפ. נאך אזעלכע פאלן פלעגן די אידן א ביסל אפאטעמען.

אבער לאנג אטעמען האט מען זיי ניט געלאזן.

די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אקופאציע אין די ארטיקע אדמיניסטראציע געווען אין די הענט פון דער פוילישער מיליץ. איר באציאונג צו די אידן איז ניט בעסער געווען ווי די דייטשע. דעם 17־טן נאוועמבער זיינען אראפגעקומען 11 ס.ס.־לייט איבערצונעמען די לייטונג פון דער שטאט אין זייערע הענט. אין שפיץ פון דער מערדערישער גרופע איז געשטאנען א יונגער געפערלעכער סאדיסט, פריץ. ער איז געווען בלוטדורשטיק ווי א ווילדע חיה. די פוילישע מיליץ ווערט פארביטן דורך ווייסרוסישער פאליציי, וועלכע איז ניט בעסער פון אירע פארגענגער. די דייטשן האבן זיך באזעצט אין דער געביידע פון קינא און פון דארטן פארשפרייט זייער בלוטיקע הער־שאפט איבער דער שטאט. פריץ איז געווען דער לייטער איבער דער אידן־פראגע.

טאג־טעגלעך פלעגן זיך הונדערטער אידן, אלט און יונג, פארזאמלען פארן שטאב פון די געסטאפא־לייט און פון דארטן גיין צו דער ארבעט. ס׳איז פאר אזויפיל מענטשן בכלל קיין ארבעט ניט געווען אין דרעטשין, אבער די דייטשן האבן הנאה געהאט זיך צוצוקוקן, ווי הונגעריקע און אפגעריסענע אידן שטייען א גאנצן טאג אין רעגנס און שנייען און הארעווען מיט די לעצטע כוחות.

די גרוב נעמט אויף קרבנות

די לאגע איז געווארן אלץ מער אומדער־טרעגלעך. די גויים איז פארבאטן געווען צו האבן וועלכן ס׳איז קאנטאקט מיט אידן, און עס איז אלץ שווערער געווארן צו באקומען לעבנס־מיטלען. אין מארק האט א איד ניט געטארט קויפן, אפילו ווען ער האט געהאט געלט. ניט זעלטן זיינען געווען פאלן, ווען פארן קויפן א ביסל מילך פאר די קינדער, אדער א שטיקל ברויט, איז א איד דערשאסן געווארן אין מיטן מארק. טויט האט אויף דערווארט די, וואס האבן געוואגט ארויסגיין פון שטאט, אדער גיין צו די ארטיקע קריסטן, כדי צו זוכן וואס צום עסן.

שרעקלעכע ידיעות פלעגן אפט אנקומען, דורך אלערליי וועגן, פון די ארומיקע שטעט. מ׳האט שוין אויסגעשאכטן די אידן אין באראנאוויטש, האראדישטש. דאס לעבן איז בא אונז ווי אפגעשטארבן. מ׳האט בלויז געהערט וועגן טויט און געזען אים שטענדיק פאר די אויגן. קליינע קינדערלעך האבן שוין געוואוסט צו אנטלויפן פארן בלוטיקן פריץ. יעדע נאכט פלעגן צוויי־יאריקע קינדערלעך פרעגן זייערע מאמעס, צי מ׳קען זיך די נאכט אויסטאן, צי וועט די נאכט זיין א רואיקע.

פורים־צייט האט מען פון דרעטשין גענומען א פאר הונדערט מאן קיין סלאנים צו דער ארבעט. געפירט האט מען זיי אונטער א שטרענגער וואך פון דייטשן און פאליציי, פון די דרעטשינער שקצים. עס איז געווען שטארק קאלט און די אידישע יונגעלייט זיינען געווען אנגעטאן אין צעריסענע בגדים און שיך. געפירט האט מען זיי, פארשטייט זיך, צופוס, אויפן וועג מערדערלעך געשלאגן יעדן איינעם וואס איז א ווילע אפגעשטאנען.

עטלעכע פון זיי האבן זיך אין א שטיקל צייט ארום אומגעקערט קיין דרעטשין און א דער־לויבעניש. די דייטשן האבן זיך וועגן דעם דערוואוסט און א געוויסן טאג סוף אפריל ארעסטירט די אנטלאפענע יונגעלייט מיט זייערע משפחות. וועמען מ׳האט נאר געפונען אין זייערע הייזער האט מען אוועקגעפירט אין דער פאליציי. אן קיין שום אויספארשונג האט מען זיי געהאלטן א גאנצע נאכט, געשלאגן ממש

טויט־קלעפ. דעם 30־טן אפריל האט מען אלעמען, ארום 200 נפשות, אוועקגעפירט צו דער גרויסער גרוב, לעם דארף ראדזישאק. אייניקע פון זיי האבן פארשטאנען, וואס די גרייט זיך, און גענומען לויפן איבער די פעלדער. מ׳האט זיי נאכגעשאסן און געלאזן ליגן אויף די פעלדער. אלע אנדערע האט מען מיט קלעפ אריינגעווארפן אין גרויסן גרוב אריין און געעפנט אויף זיי א פייער פון מאשין־געווער און גראנאטן. די גרוב האט מען פארשאטן מיט ערד, וואס האט קוים באדעקט די טויטע און טיילווייז נאך לעבעדיקע קרבנות.

פון די וואס זיינען געפאלן אויף די פעלדער איז געווען איין פרוי, וועלכע איז בלויז פארוואונדעט געווארן. מיט מאטערנישן האט זי זיך דערשלעפט צוריק אין שטאט אריין, אידן האבן די פרוי אין געהיים אפגעפירט אין שפיטאל, האבן זיך די דייטשן דערפון דערוואוסט, ארויסגעפירט די אומגליקלעכע אויפן בית־עלמין און דארטן זי דערשאסן.

צומארגנס נאך דעם שרעקלעכן שחיטה־טאג איז דער לייטער פאר אידישע ענינים, פריץ, געקומען צו די אידישע ארבעטער, זיי א ווארף געטאן דעם לעדערנעם מאנטל זיינעם און באפוילן: „רייניקט אפ דעם מאנטל פון אידישן בלוט”.

אזוי האט די ראדזישקער גרוב אויפגענומען די ערשטע קרבנות.

### ערשטע אפקלאנגען פון וואלד

די דייטשן האבן דורכגעפירט א רעגיסטראציע פון אלע רוסישע בירגער, וועלכע זיינען פארבליבן אין אונזער געגנט. עס האבן זיך געמאלדן ארום 100 מענטשן. דאס זיינען געווען זעלנער און אפיצירן פון סאוועטישן מיליטער, וואס האבן ניט געקענט זיך ארויסבאקומען נאכן דייטשן אנפאל אויפן ראטנפארבאנד, ווייל די גאנצע געגנט פון ווייסרוסלאנד איז פאקטיש געווען ארומגערינגלט מיט דייטשע כוחות באלד אין די ערשטע טעג. זיי האבן אויסגעטאן זייערע סאוועטישע מיליטערישע מונדירן און זיינען אוועק ארבעטן בא די ארטיקע פויערים.

די רעגיסטרירטע רוסן האבן די דייטשן ארעסטירט און אוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון סלאנים. אויפן וועג קיין האלינקע האט מען זיי אלע אויסגעשאסן. ווען אלע איבעריקע רוסן האבן זיך וועגן דעם דערוואוסט, זיינען זיי אנטלאפן פון די דערפער אין וואלד אריין. זיי זיינען געווען די גרינדער פון דער פארטיזאנקע אין אונזערע געגנטן.

קלאנגען וועגן די פארטיזאנער און זייערע דרייסטע מעשים זיינען דערגאנגען קיין דערעטשין. מ׳האט וועגן זיי דערציילט ממש לעגענדעס, אז זייער צאל דערגרייכט א סך טויזנטער, אז זיי זיינען באוואפנט מיט מאדערנעם געווער. אין יענער צייט זיינען דאס געווען בלויז לעגענדאס, שפעטער איז דאס געווארן א ווירקלעכקייט. אבער די קלאנגען האבן געהויבן דעם מוט בא די אידן, א קליינע האפענונג האט זיך דערוועקט אין די הערצער, אז די דייטשן וועלן איצטער א ביסל מורא האבן אנצוהויבן מיט די אידן. א סך יונגעלייט האבן אנגעהויבן טראכטן וועגן גיין אין וואלד אריין. אבער ניט אזוי לייכט איז געווען אוועקצוגיין פון געטא אין וואלד אריין. א געפאר האט געדראט ניט גאר פון די דייטשן, וועלכע וואלטן נקמה גענומען אן די משפחות פון די פארטיזאנער, אבער אויך פון דער זייט פון די אידן.

כדי אריינצופירן אנטאגאניזם צווישן איין טייל אידן און דעם צווייטן, האבן די דייטשן איינגעטיילט די אידישע באפעלקערונג אויף „נוצלעכע” אידן און אויף „אומנוצלעכע”. די „נוצלעכע” זיינען געווען די, וואס האבן געארבעט פאר די דייטשן. זיי האבן געמאכט דעם אנשטעל, אז די „נוצלעכע” אידן זיינען זיכער מיט זייער לעבן. כדי צו באקומען א צעטל פון א „נוצלעכן” האבן אידן געצאלט גרויסע סומען די מקורבים פון די דייטשע הערשער און זיינען גרייט געווען אויף די שווערסטע און שמוציקסטע ארבעטן ביים באדינען די דייטשן. פארשטייט זיך, אז די גאנצע געשיכטע מיט די שיינען פון נוצלעכע אידן האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן ווי א גרויזאמער דייטשער בלאף, צו זייען שנאה און קנאה צווישן איין איד און דעם צווייטן, כדי אזוי ארום אפצושוואכן זייער וואכזאמקייט אנטקעגן די סכנות וואס האבן אויף זיי געלויערט מצד די דייטשן.

פון די אמתע און פריש־געבאקענע בעלי־

מלאכות האבן די דייטשן ארגאניזירט „אר־טעלן״, אויסגעליידיקט א גרויס אידיש הויז און געעפנט דארטן ווארשטאטן. די דארפישע איינוואוינער, וועלכע האבן זיך גענויטיקט אין בעלי־מלאכות, פלעגן זיך ווענדן צו די „אר־טעלן״. די באשטעלטע ארבעטן פלעגן די אידן אויספירן אן וועלכן ס׳איז לוין. געווען א סך פויערים, וועלכע האבן בשום אופן ניט משלים געווען מיט אזא מיאוסער עקספלואטאציע פון די אומגליקלעכע אידן און זיי פלעגן ברענגען מיט זיך פאר די בעלי־מלאכות א ביסל מעל, א פלעשל מילך — און דאס אלץ אין געהיים, ווייל פאר העלפן א אידן זיינען זיי שטרענג באשטראפט געווארן. די קי וועלכע אידן האבן געהאט ביזן אנקומען פון די דייטשן, זיינען פון זיי קאנפיסקירט געווארן נאך אין די ערשטע טעג, און דאס ביסל מילך האט ממש מחיה נפשות געווען די קליינע קינדערלעך. עס געדענקט זיך, ווי שווער ס׳איז געווען ברענגען די געשענקטע פראדוקטן פון די ווארשטאטן, וואס זיינען געווען אויסערן געטא, אין שטוב אריין. מיינע קליינע ברידער ע״ה האבן זיך געמאכט א קליין וועגעלע און דערמיט פלעגן זיי, מיט סכנת נפשות, דורך זייטיקע שטעגלעך און הויפן, ברענגען אהיים דאס ביסל פראדוקטן.

אזוי האבן זיך געשטיקט אין געטא, אין 40 הייזער, ארום 4 טויזנט נפשות פון דרעטשינער, „בעזשענצעס״ און אידן געבראכטע פון האלינקע און קאלאנע. ארום 500 „נוצלעכע״ אידן האבן געוואוינט אויסערן געטא. קיין שום קאנטאקט איז צווישן די באזונדערע טיילן פון דער אידישער באפעלקערונג ניט געווען.

בא אזעלכע באדינגונגען איז ניט לייכט געווען צו טראכטן וועגן גיין אין וואלד אריין, ווייל קיינער איז ניט גרייט געווען איינצושטעלן אויף טויט־געפאר אלע געטא־אידן. באזונדערס קעגן דער שטימונג פון גיין אין וואלד זיינען געווען די אידן, וועלכע האבן געלעבט מיט דער אילוזיע פון זייער „נוצלעכקייט״ פארן דייטשן אקופאנט.

און טראץ דעם אלעמען האט זיך די יוגנט אין געהיים געגרייט צום אוועקגיין אין וואלד און צום שטעלן א ווידערשטאנד אין דער לעצ־טער מינוט. די וועלכע האבן געארבעט אין די מאגאזינען, וואו מ׳האט סארטירט דאס געווער וואס איז אריינגעפאלן אין די דייטשע הענט מיטן אפטרעטן פון די רוסן, פלעגן ארויסטראגן איינציקווייז און ביסלעכווייז טיילן פון געווער, קוילן. אזוי האבן זיי צוזאמענגעשטעלט א 20 ביקסן און אויטאמאטן און דאס באהאלטן הינ־טער דער שטאט, עס זאל קיין חשד ניט פאלן אויף די אידן. א באשלוס איז געווען, זיך צו באנוצן מיט דעם געווער נאר ווען ס׳וועט שוין קיין אנדער ברירה ניט זיין. מ׳דארף געדענקען מיט וועלכע געפארן ס׳איז געווען פארבונדן דאס ארויספירן געווער פון די דייטשע מאגאזינען, כדי צו פארשטיין די העלדישע מעשים פון די דרעטשינער יונגעלייט.

מ׳האט געפילט, אז דער סוף פון די דרעטש־שינער אידן דערנענטערט זיך. די דייטשן האבן שוין אויסגעזויגן פון די אידן, דורך קאנטרי־בוציעס, די לעצטע ווערט־זאכן. פון צייט צו צייט האט דער יודענראט, לויט דער אויפ־פאדערונג פון דער נאצישער געגנט־מאכט אין סלאנים, געדארפט צושטעלן קילאגראמען גאלד, זילבער, פוטערווארג, גרויסע געלט־סומען — און די אידישע הייזער זיינען שוין אויס־געליידיקט געווארן. די אידן גופא זיינען שוין געווען אויסגעמאטערט פון שווערער ארבעט און הונגער. די טויט־פאלן אין געטא זיינען געווארן אן אפטע דערשיינונג. עס האבן געשאסן אלע: די דייטשן, די פאליציי, יעדער איינער האט געהאט א הארץ אויף די אידן און געוואלט פון זיי נקמה נעמען, ניט טראכטנדיק אפילו פארוואס און פארווען.

די לאגע פון די זעלווער אידן איז נאך דאן געווען בעסער א ביסל. זעלווע האט אפיציעל געערט צום „דריטן רייך״, און מ׳האט דארטן געלאזן די אידן לעבן. מ׳האט זיי אפילו געצאלט פאר דער צוואנגס־ארבעט. אין די אויגן פון דרעטשינער אידן האט זעלווע אויסגעזען ווי א גן־עדן. ניט קיין וואונדער, אז מענטשן האבן אלץ געטאן כדי זיך אריבערצוכאפן קיין זעלווע. קיין לייכטע זאך איז דאס ניט געווען, ווייל בלויז פארן ארויסגיין פון געטא האט מען געקענט באקומען א קויל. ס׳איז אויך ניט לייכט געווען צו געפינען א קריסט, וועלכער זאל מסכים זיין, אפילו פאר א סך געלט,

אריבערצופירן אידן פון דערעטשין קיין זעלווע. פונדעסטוועגן איז געלונגען א געוויסע צאל אידן זיך אריבערצוכאפן אין „גן־עדן״ פון זעלווע. איך אליין האב באגליט צוויי שוועגערינס מיינע און א יוגנט־חברטע און זיך מיט זיי געזעגנט בא דער גרעניץ פון געטא, פאר זייער שמוגלען די גרעניץ קיין זעלווע. געזעגנט האב איך זיך מיט זיי אויף אייביק, ווייל איך בין זיכער אז אונזער סוף דערנענטערט זיך.

די ביטערע שעה
האט אויסגעשלאגן

תשעה באב תש״ב און דער טאג נאך אים, י׳ באב, 24־טער יולי 1942, ווערן קיינמאל ניט פארגעסן ווערן דורך אלע דערעטשינער אידן איבער דער גארער וועלט.

די געשפאנטע שטימונג האט זיך שוין געפילט אין טאג פון תשעה באב. אידן האבן געפאסט, געבעטן פאר זיך א גאולה און פאר די דייטשן א מפלה. דער תענית און די תפילות האבן ניט געהאלפן. דער גורל פון די דערעטשינער אידן איז דעם טאג געחתמעט געווארן.

עפעס האט מען דעם טאג געפילט אין דער לופטן מער פולווער ווי אלעמאל. די דייטשן און די פאליציי האבן יענעם טאג געבושעוועט אין געטא. די אידן זיינען אומרואיק געווארן און גענומען לויפן איינער צום צווייטן, זיך נאכפרעגן, זוכן אן עצה. א געוויסער איד, ווייזט אויס א שליח פון די דייטשן, האט כסדר פארזיכערט אז ס׳איז ניטא פארוואס זיך צו שרעקן, ס׳וועט גארניט געשען און מ׳קען רואיק זיך אויסטאן און שלאפן. מיר האבן זיך, ווי געוויינלעך, געלייגט שלאפן אין די זאכן.

עס איז נאך געווען פינסטער, ווען דער געטא איז ארומגערינגלט געווארן דורך דייטשן און פאליציי. מיר זיינען זאלבעפערט — מיין שוויגער ע״ה, מיין מאן, אונזערער א באקאנטער און איך — געווען אויסערן געטא. מיר האבן קיין אויג ניט פארמאכט און געזען וואס עס טוט זיך ארום געטא.

מיין שוויגער האט יעדן איינעם פון אונז געגעבן צו א האלבן לעבל ברויט און זי האט אונז כסדר צוגערעדט מיר זאלן אנטלויפן. מיר זיינען אלע פיר ארויס פון שטוב צוזאמען, גארניט געוואוסט מיט זיך און גענומען לויפן צו די פעלדער. עס איז געווארן א ביסל ליכטיקער, און די פאליציי האט אונז באמערקט. א האגל פון קוילן האט זיך א שאט געטאן איבער אונזערע קעפ. מיר זיינען זיך פארנאנדער געלאפן אין אלע זייטן, און פון דאן אן האב איך שוין מער מיין שוויגער ניט געזען. מיין מאן אברהם, אונזער באקאנטער מוניע און איך זיינען ווייטער געלאפן צוזאמען. א גרויסע זומפיקע בלאטע איז געווען פאר אונז און אונזערע פיס האבן געזונקען ביז איבער די קני. פארדעם נאך האבן מיר געדארפט דורכלויפן דעם פראוואסלאווונעם פאפס הויף, און זיין איידעם איז באקאנט געווען אלס באדינער פון די נאציס. ווייזט אויס, אז זיי זיינען אלע געשלאפן, ס׳איז אונז געלונגען דורכצושמוגלען זיך דורכן געפערלעכן הויף.

נאכן דורכקריכן מיט מאטערנישן די בלאטע, האבן מיר זיך באהאלטן אין א קארן־פעלד. שטיל איז געווען ארום. פונדערווייטן האבן זיך געטראגן די אפקלאנגען פון א געדיכטער שיסעריי.

## דער גורל פון דער פעלדמאן־משפחה / רחל אפרת־פעלדמאן

מיינע עלטערן, מענדל פעלדמאן און פעשע געבארן בערנשטיין, זיינען געווען פון די אנגעזעענע משפחות אין דערעטשין. ס׳איז געווען א פארצווייגטע משפחה — 6 טעכטער און 2 זין.

געבליבן לעבן זיינען בלויז צוויי קינדער פון דער משפחה: די שרייבערין פון די שורות, רחל אפרת, וועלכע איז גליקלעכערווייז אריבער־געפארען קיין אמעריקע קורץ פאר דער צווייטער וועלט-מלחמה, און א זון, חיים פעלדמאן, וועל-

כער האט מיט זיין פרוי ליזע און צווי קליינע אינגעלעך דורכגעמאכט שבעה מדורי גיהינום צוערשט אין נאוואראדעקער געטאָ און נאָכדעם אין דער פּאַרטיזאַנקע, אין וואלד; זיי האָבן איבערגעלעבט אלע שוידערלעכע פּאַסירונגען און נאכן ארויסגיין פון די וועלדער דערגרייכט אמעריקע און זיך איינגעאָרדנט.

די משפחה פעלדמאַן איז אין דערעטשין געווען ווי „אן אינסטיטוציע" פאר זיך. אלע געדענקען מיין פאָטער און מוטער ע"ה, מיט זייער גאסטפריינטלעכקייט און הארציקער באַציונג צו אלעמען.

מיין פאָטער, מענדל פעלדמאַן, איז לאנגע יאָרן געווען ראש-הקהל פון דערעטשין און האט מיט זיין קלוגן און טאקטישן פירן די קהילה זיך דערוואָרבן רעספּעקט מצד דער גאנצער שטאָט. אָפט זיינען אידן געקומען צו אים זיך אן עצה האלטן, ווייל ער איז באשאנקען געוואָרן מיט א שכל הישר און געזונטער לאָגיק. מיין מוטער איז אין אונזערע און אלעמענס אויגן געווען דער סימבאָל פון גוטסקייט.

ס'איז דעריבער פארשטענדלעך, אז מיר, די קינדער פון דער משפחה פעלדמאַן, האָבן באַקומען א גוטע דערציונג און זיינען געווען טעטיק צווישן דער יוגנט אין שטעטל.

מיין שוועסטער טאַמארע איז געשטאָרבן פאר דער מלחמה. אלע אנדערע ברידער און שוועסטער, חוץ מיין ברודער חיים און מיר, זיינען אומגעקומען פון די רוצחישע נאַצישע הענט.

דער פאָטער האָט אין דער ערשטער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע פרובירט ווייטער אָפּהיטן די אינטערעסן פון אידישן כלל, אָבער גאנץ שנעל האָט ער געזען, וועלכע מערדערישע פּלענער די רוצחים האָבן צוגעגרייט און קלייבן זיך זיי אויספירן.

אַ געוויסן פרימאָרגן איז פון נאַצישן קאָמענדאַנט אָנגעקומען דער באַפעל, אז מענדל פעלדמאַן מיט זיין פרוי דארפן זיך מעלדן צום אריבערגיין אין געטאָ. דער פאָטער האָט אלץ איינגעפּאַקט, מוסטערהאפט איינגעאָרדנט אלע זאכן. אין א געוויסן מאָמענט איז ער ארויס פון שטוב און ניט צוריקגעקומען אזוי גיך. מיטאמאָל האָט זיך דערהערט דער מוטערס געשריי: „אידן, ראטעוועט!". ווען ארומיקע שכנים זיינען זיך צוזאמענגעלאָפן, האָבן זיי געזען מיין פאָטער הענגען אויפן בוידעם.



מענדל פעלדמאַן

מיט דער דערלויבעניש פון נאַצישן קאָמענדאנט האָט מען איינגעאָרדנט די לוויה. ווען זי איז דורכגעגאנגען די דערעטשינער גאסן צום בית-עולם, האָט דער מנוולדיקער קאָמענדאנט מיט כוונה און רשעות אויסגעשריען אויף א היוכן קול: „דאָ באגלייט מען צו קבורה דעם קליגסטן אידן פון שטעטל..."

די זין און טעכטער פון דער פאמיליע פעלדמאַן, וועלכע זיינען אומגעקומען פון היטלעריסטישע מערדער, זיינען געווען: חיה דוואַרעצקי מיט איר מאן הירשל און צווי קינדער (א דריטער לעבט אין רוסלאנד); שיינדל בלום מיט איר מאן און טאָכטער; רבקה וויניאַצקי מיט איר מאן און 2 זין; עלקע וויינשטיין מיט איר מאַן און 2 זין; הירשל פעלדמאַן איז געפאלן אין וואלד, מיט א העלדישן טויט אלס פארטיזאן.

# די דייטשן זיינען אנגעקומען / שרה וואכלער־אגולניק

שוין אזויפיל יארן פארבייגעגאנגען זינט יענע טעג, און איך קען נאך אלץ דאס שרעקלעכע בילד ניט פארגעסן. די איבערלעבעניש פון יענעם טאָג ווען די דייטשן זיינען אריין קיין דערעטשין.

דער דייטשער אטאק אויף די סאָוועטישע גרעניצן, דעם 22־טן יוני 1941, האט מיר פאַר־כאפט אין זשעלודאק, וואו כ'בין געווען צו גאסט בא מיין באָבען. אויפן דריטן טאָג, דינסטיק, נאך שווערע באָמבארדירונגען, בין איך גאנץ פרי געלאָפן פון זשעלודאק אהיים, קיין דערעטשין. איך בין אדורך די 50 קילאָ־מעטער אין איין טאָג און אָנגעקומען בין איך א צעבראָכענע, קיין כוח ניט געהאט צו שטיין אויף די פיס.

א מאָדנע, גרויזאמע שטילקייט האָט געהערשט אין די גאסן, ווען איך בין אריינגעקומען קיין דערעטשין. איך האָב ניט געקענט פארשטיין, פונוואנען קומט אהער אזא טויטע שטילקייט, בעת אלע וועגן זיינען פול געווען מיט פליטים, מענטשן זיינען געלאָפן פון אָרט צו אָרט, אָפט אָן א ציל, געזוכט א וועג זיך צו ראטעווען פון די דייטשן.

ס'איז מיר ארויס אנטקעגן באשקע אבעלאָ־וויטש. מיט איר טאָכטער ציפע האָב איך צוזאמען געלערנט אין איין קלאס. זי האט מיר געהאָלפן צוגיין ביז מיין היים. די פרייד פון מיינע עלטערן איז געווען פארשטענדלעך. אין דערעטשין האט נאך אזוי געדויערט די טויטע שטילקייט ביז פרייטיק.

אָט דער פרייטיק איז מיר שטארק איינגע־קריצט אין זכרון. איך געדענק, ווי אזייגער 9 פרי זיינען אריינגעפאָרן טאנקעטקעס און פאנצער־אויטאָס פול מיט דייטשן. מיט געווער אין ביידע הענט זיינען געקומען צו אונז דייטשע סאלדאטן און געהייסן אלעמען, אידן און קריס־טן, אויפקלייבן זיך אין קלויסטער אויפן הויף. אָן אלטער דייטש האט אין א געבראָכענעם רוסיש געמאָלדן וועגן פארשיידענע באפעלן, געבאָטן און פארבאָטן. אלע מענער מיט געגאָלטע קעפּ האבן זיי אָפּגעקליבן, מיינענדיק אז דאס זיינען רוסישע זעלנער. מ'האט די אלע דעמ־זעלבן טאג געשאָסן.

ווי מיר זיינען אזוי אלע געשטאנען אין הויף פון קלויסטער, האט זיך געעפנט א באמבאר־דיראָווקע און דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן ברענען. די דייטשן האָבן זיך אויך דערשראָקן און גענומען לויפן צו זייערע מאשינען.

איך בין געלאָפן צו אונזער הויז, ווייל איין באָמבע האט געטראָפן אין בעקענשטיינס מויער און דער פייער איז פונדארטן געגאנגען גלייך צו אונזער שטוב. די מאמע ז"ל האָט געהאלטן בא זיך די קינדער און איך מיטן פאָטער האָבן גענומען ווארפן פון שטוב אלץ וואס מיר האבן געקענט. צום סוף האָב איך נאָך געכאפט מיין ראָווער.

אונזער הויז האָט אָנגעהויבן ברענען. אין טומל און געדרודער האָב איך זיך פארלאָרן פון מיין משפחה. איך בין אוועקגעלאָפן אויפן וועג וואָס פירט קיין סלאָנים.

די פעלדער זיינען פול געווען מיט אידן און זייערע קינדער. בין איך געזעסן אליין און זיך צוגעקוקט צו די גרויל־בילדער ארום מיר. ביזן היינטיקן טאָג ווייזט זיך מיר דאס אויס ווי א גרויזאמער פילם. ס'האָט אָנגעהויבן בליצן און דונערן און א גוס־רעגן איז אראָפּ. אעראָ־פלאנען זיינען געפלויגן איבער די קעפּ. די דייטשן זיינען מיט זייערע טאנקען געפאָרן אהין און צוריק.

דאס שטעטל האָט געברענט. דער רויך איז געווען געדיכט און שטיקנדיק. מענטשן האָבן היסטעריש געשריען, געוויינט, פארבראָכן מיט די הענט. פרויען מיט קינדער אין זייער שויס האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. מ'האט כסדר געהערט רופן פארשיידענע נעמען, פאר־לאָרענע מענטשן האָבן געזוכט איינער דעם צווייטן, טאטע־מאמעס האָבן געזוכט זייערע קינדער, קינדערלעך האבן געיאָמערט און גע־זוכט זייערע עלטערן. רינד און שאָף זיינען געלאָפן ווילד איבער די פעלדער — א שוידער־לעך מלחמה־בילד.

# פון „סכראן" אין וואלד אריין / יהודית יאנקעלעוויטש־לאַנצעוויצקי

באלד נאך זייער אריינמארש קיין דערעטשין האבן די דייטשן צוזאמענגעטריבן אלע אידן ארום דער צערקווע, מענער, פרויען און קינדער אָן אויסנאם. אין צערקווע גופא האָבן זיי צונויפגעקליבן געפאנגענע רוסישע זעלנער.

פלוצלינג האט זיך געעפנט א באָמבען־אטאק פון עראפלאנען, פיל הייזער האָבן גענומען ברענען און מיר זיינען זיך אלע צעלאָפן. דעמזעלבן אָוונט זיינען די רוסן צוריק אריין אין שטאט און א גאנצע נאכט האבן זיך געצויגן בלוטיקע שלאכטן אין דערעטשין און ארום. צומארגנס זיינען די רוסן אָפגעטראָטן און די דייטשן זיינען צוריק אריין.

ס׳האט זיך אָנגעהויבן זייער בלוטיקע הערשאפט. זיי האָבן געשאפן א יודנראט און געפייניקט די אידן מיט גזירות, קאנטריבוציעס און מאָרד־טאטן. זיי פלעגן אפט בארויבן אידישע הייזער, און אונזער פאמיליע איז פון די ערשטע געפאלן א קרבן פון דייטשן רויב.

זיי האבן גענומען אלע אידן צו צוואנגסארבעטן בלויז פאר א שטיקל ברויט א טאָג. אויך אלע מיידלעך האבן, לויט א באפעל, געדארפט זיך צושטעלן צו דער ארבעט. איך בין ניט געגאנגען צו זיי ארבעטן, איז געקומען צו אונז א דייטש מיט אן אָרטיקן פאָליציאנט, דעם דערעטשינער מעשטשאנין קאזיע טשאפלינסקי, און געשטעלט מיין פאטער צו דער וואנט, וועלנדיק אים שיסן אויפן אָרט. דאן בין איך מיט מיינע שוועסטער ארויס פונם קעלער, אין וועלכן מיר האבן זיך אויסבאהאלטן, און אוועק ארבעטן מיט אלע דערעטשינער מיידלעך — געגראָבן גריבער, לויט דער אנווייזונג פון די דייטשן, אין די שליזער וועלדער, אויפן וועג צו פאָדזעוויע.

ווען איך בין א פאָר טעג שפעטער צוריקגעקומען אהיים, האט מען שוין בא אונז און בא אלע אידן קאָנפיסקירט דעם פארמעגן, ווי פוטערס, גאלד, צירונג א.ד.גל. בא אונז האט מען אויך צוגענומען די קו, דעם פערד און וואָגן.

דאן האבן די דייטשן אפגעצאמט א געטאָ און אריינגעפירט די אידן אינעווייניק. די ענגשאפט איז געווען ניט צום באשרייבן.

פיל אידישע יוגנטלעכע זיינען גענומען געווארן אויף צוואנגס־ארבעטן אין א „בויטעלאגער", מאגאזינען מיט געווער פארכאפט פון סאוועטישן מיליטער. די באדינגונגען בא דער ארבעט זיינען געווען שרעקלעכע, און עטלעכע יונגעלייט זיינען פון דארטן געלאפן צוריק אהיים, קיין דערעטשין. די דייטשן האבן אויסגעמאָרדעט די גאנצע פאמיליעס פון די אנטלאָפענע.

זומער 1942, א טאָג נאך תשעה־באב, האבן די דייטשן ארומגערינגלט דעם געטא, ארויסגענומען די אידן פון די הייזער און באהעלטענישן און זיי געפירט צו די טויט־גריבער. דארטן איז דערמאָרדעט און באגראבן געווארן די מערהייט דערעטשינער אידן.

איך האב זיך יענעם טאָג באהאלטן אין א „סכראָן", צוזאמען מיט נאך א 20 מענטשן. אונזער בונקער איז געווען אויסערן געטא, אין א קעלער פון א מיל. מיר זיינען דארטן אָפגעזעסן א גאנצן טאָג.

די פאליציי האט געפונען דעם בונקער, אויפגעריסן דעם צודעק און געהייסן אונז ארויסגיין. מיר זיינען ניט ארויס. די פאָליציאנטן האָבן מורא געהאט אריינצוקריכן אינעווייניק, האָבן זיי פארשלאָסן דעם קעלער און זיינען אוועק.

12 אזייגער ביינאכט האבן מיר אויפגעריסן דעם צודעק, ארויס פון קעלער אויפן בוידעם, אויפגעבראכן דעם דאך און אנטלאפן. איך בין געלאפן צוזאמען מיט מאטיע באָסאק און אלתר קאָלאָנער. מיר זיינען אנגעקומען אין וואָליער וואלד.

# קוים מיטן לעבן ארויס אין וואלד / פעשע פיינזילבער

ווען ס׳איז דורכן ראדיאָ אנגעקומען די ידיעה, אנהויב סעפטעמבער 1939, אז לויטן דייטש־סאָוועטישן אָפּמאַך וועט קיין דערעטשין אריין די רויטע ארמיי, איז אין שטעטל געוואָרן א טומל און א גערודער. פוילישע באאמטע זיינען זיך צעלאָפן און מיט זיי איז אויך געלאָפן די פּאָליציי און ווער נאָר ס׳האט מורא געהאט פאַר דער סאָוועטישער מאכט.

דערווייל איז דערעטשין געבליבן אָן פּאָליציי און אָן שוץ. האָבן אָרטיקע יידישע בחורים, צוזאמען מיט קריסטן פון די נאָענטע דערפער, איבערגענומען די מאכט אין דערעטשין, „עד לווילע״, ביז ס׳וועלן אָנקומען די רוסן. זיי האָבן געהאט א ביסל געווער בא זיך.

באלד די ערשטע נאכט האָט מען אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר און מיר געהייסן עפענען די קראָם און ארויסגעבן רויטע שטאָף אויף פענער און צום באדעקן טישן ביים אויפנעמען די רויטע ארמיי.

### קרבנות פון פוילישער נקמה

די צווייטע נאכט זיינען דורך דערעטשין דורכגעפאָרן דריי אויטאָס מיט פוילישע אָפיצירן, נאָך וועלכע ס׳האט געזאָלט אָנקומען א גאנצער פּאָלק פון דער פוילישער ארמיי. די צייטווייליקע מאכט האָט פארהאלטן די פוילישע אָפיצירן, זיי אָנגעשלאָגן, צוגענומען פון זיי די אויטאָס און זיי אליין ארעסטירט. אין שטעטל איז געוואָרן א טומל און א פּאניקע: אָט קומט באלד אָן דער פוילישער פּאָלק און די פּאָלאקן וועלן אויסלאָזן זייער כעס פאר די ארעסטירטע אפיצירן צו אונז, אידן. א סך אידן זיינען זיך צעלאָפן פון שטאָט און זיך אויסבאהאלטן ביי קריסטן און אין די פעלדער. מיר האבן זיך באהאלטן ביי רושעצקין, דעם „אמעריקאנעץ״. מיט אונז איז אויך געווען דער רב מיט דער רביצין און זייערע קינדער.

פארטאָג איז מען געקומען רופן דעם רב צום אָרטיקן קסיאָנדז. מ׳האט געפאָדערט פון רב ער זאָל ווירקן אויף די יונגעלייט זיי זאָלן ארויסלאָזן די פוילישע אָפיצירן פון תפיסה, ווייל ס׳דראָט די סכנה אז דער פוילישער פּאָלק וועט אָנקומען און חרוב מאכן דערעטשין. מיט גרויס מי האָבן דער רב מיטן קסיאָנדז באקומען די שליסלען און באפרייט די אָפיצירן.

ארום 10 אזייגער אינדערפרי איז אנגעקומען די פוילישע אפטרעטנדיקע ארמיי. די אָפיצירן האָבן אָנגעוויזן זייערע סאָלדאטן אויף בעקענשטיינס הויז און דערציילט, אז די „רויטע״, וועלכע זיינען זיי באפאלן און איינעם פון זיי פארוואונדעט, האָבן זיך נאָכדעם באהאלטן אין דעם הויף. די פּאָלאקן האָבן באלד אריינגעשאָסן אין בעקענשטיינס פענסטער. די גאנצע משפחה איז געלעגן פארבאהאלטן אין קעלער, נאָר דער אלטער הירשל בעקענשטיין האָט פון שטוב זיי געפרעגט, וואס האָבן זיי צו זיין הויז. מיט געשרייען, אז מ׳האָט אויף זיי געשאָסן פון דעם מויער, האָבן זיי דערשאָסן דעם אלטן בעקענשטיין. ווען די פּאָלאקן האָבן זיך דערווייטערט, איז שמואל בעקענשטיין ארויס פון קעלער, צו זען וואָס ס׳הערט זיך ביים ברודער אין הויז. דערזעענדיק דעם ברודער א טויטן, איז ער געפאלן און פון א הארץ־שלאג געשטאָרבן אויפן אָרט.

### פרייד און אנטוישונג

אלע אידן זיינען ארויס פון זייערע באהעלטענישן און זיך גענומען גרייטן אויפצונעמען די רויטע ארמיי. צומאָרגנס זיינען אויף פורן אָנגעקומען די ערשטע סאָוועטישע סאָלדאטן. מ׳האָט זיי באגעגנט מיט פרייד און מיט פּאטשעריי. ווען ס׳זיינען אריין די ערשטע טאנקען, האָט מען געהאלטן אין איין שרייען: „זדראווסטוויטיע! הורא! הורא!״. דאָס גאנצע שטעטל איז ארויס זיי באגעגענען.

ס׳זיינען פארביי די ערשטע פאָר טעג, און ס׳איז ארויס א באפעל צו עפענען די קראָמען און פארקויפן אלץ צו די אלטע, ביליקע פרייזן.

הגרמנים לעבר הבתים: „כל מי שנשאר במח־בואים ייצא! אין הורגים עוד!״ עקבנו בחרדה אחר אדם אחד שיצא מאחת הפינות ונלקח מיד. כל נסיונותיו להלחם לא עזרו, הוא נפל כשפיו זועק „שמע ישראל״ ודמו נוסף לשלולית הדם הענקית שבחצר.

קשה לתאר, בעיקר מאחר שעברו כבר שנים רבות מאז יום השחיטה, את פרטי המראה האיום שחזו בו עינינו. ישבנו כפופים, חרדים ורועדים בעליית הגג. באין מוצא — לא היה לנו מה להפסיד — כאשר דבר יחידי בעל ערך שהיה ברשותנו היה שעון הזהב עם שרשרת שקיבלתי מהסבתא. ניסינו שוב לסנוור את לב השוטרים בעזרת הזהב, ומן השמים סייעו בידינו. משיצאתי ממקום המחבוא הרמתי קולי בצעקה: „אדונים״! — השוטרים, שעברו במשמר, נזעקו אלי מיד כשרוביהם מכודנים — הרמתי ידי והתקרבתי אליהם, הצעתי להם את השעון והשרשרת בע־בור חיי וחיי חברי שנשארו בגגון. לאחר ריב ומדון ביניהם על חלוקת השלל, הסכימו לשח־ררנו, בתחילה לא האמנו כי אכן ניצלנו. קשה היה לתפוס את משמעות הדבר אז, בעיקר מאחר שהדעה לא היתה צלולה ביותר לאחר יום כזה.

הבינונו שהפתח היחידי להצלה היה היער. חברי שניצלו יחד אתי לא רצו להסתכן בכניסה ליערות והם החליטו לחזור אל הגרמנים, בתקווה כי שוב יעלה בידם להינצל. איני יודע מדוע ולמה, אך החלטתי כי מוטב לברוח ליערות, ואכן כן עשיתי. ביערות נפגשתי עם עוד כמה מאנשי דרצ׳ין, שהצליחו אף הם כמוני להמלט מהש־חיטה.

## דער גורל פון מיין משפחה / חיה לעווין־גליקספעלד

איך וויל דערציילן וועגן ביטערן גורל פון אונזער גרויסער משפחה, פון שלמה רודענשטיינס פאמיליע מיט די זין און טעכטער, איידעמס און אייניקלעך.

די צרות האָבן זיך אָנגעהויבן נאך אין 1939, מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ווען די סאָוועטן האָבן פארנומען ווייסרוסלאנד, האבן זיי אלץ נאציאנאליזירט און בא אונז האט מען אלץ קאָנפיסקירט און צוגענומען די מיל. אזוי זיינען מיר געבליבן אָן א שטיקל ברויט. יעדערער פון אונז איז אוועק ארבעטן אויף שטעלעס. מיין מאן, יעקב גליקפעלד, איז געוואָרן בא די סאָוועטן א „וועסאָוושטשיק״ אין מיל. רבקה׳ס מאן, שמחה הענדליש, איז געוואָרן א לערער אין דארף אוגרין. איטקעס מאן, הירשל גורוויטש, האט געארבעט אלס לייטער פון א דיקטן־פאבריק לעם סטוטשין. עליע־חיים, מיין ברודער, איז אוועק ארבעטן אין די מעכאנישע ווארשטאטן אין באראנאָוויטש, אלס אינזשיניער. דער אינגערער ברודער, יוסף־שמואל, האט געארבעט אלס בראקער אין „לעססאָווכאָז״. אזוי זיינען מיר אלע געווען פארזאָרגט מיט פרנסה...

עס האָט לאנג ניט געדויערט, און די מיל איז בא זיי פארברענט געוואָרן. שולדיק זיינען געווען די גרויסע „ספעציאַליסטן״, מיטן דירעקטאר בראש, וועלכע זיי האָבן באשטימט אָנצופירן מיט דער מיל. פארשטייט זיך, אז די שולד האָבן זיי ארויפגעוואָרפן אויף מיין מאן. מ׳האט אים ארעסטירט, און איידער מיר האָבן געקענט אויפווייזן אונזער אומשולד, האָט מען אים אריינ־געוואָרפן אין א קעלער אין זעלווע און די לייט פון נ.ק.ג.ב. פלעגן אים וועקן יעדע נאכט און הייסן אים שרייבן „קאק עטאָ בילאָ״, ס׳הייסט: וויאזוי האט ער אונטערגעצונדן די מיל.

נאך אזא פעקל צרות האָבן מיר שוין מורא געהאט צו פארבלייבן אין דערעטשין און זיינען אוועק קיין וואָלקאָוויסק. דארטן האָבן מיר געארבעט אויף שטעלעס אין „וואָיענטארג״ אוי־פן ראָסער אעראָדראָם אלס „קלאדאָוושטשיקעס״ און די קינדער זיינען געבליבן אין דערעטשין. פארשטייט זיך, אז קיין האָניק האָבן מיר אויך אין וואלקאָוויסק ניט געלעקט. און אזוי האָבן מיר זיך אָפּגעמאטערט ביזן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה אין יוני 1941.

ווען די פינסטערע דייטשן זיינען אריין קיין דערעטשין, איז מיין מאן מיט דער איינגערער טאָכטער אַליע געווען אין וואלקאוויסק. דארטן ערגיץ אין א קעלער האָבן זיי דורכגעלעבט די באָמבארדיראָוועקע, ווען מענטשן זיינען ארום זיי געפאלן. איך מיט דער עלטערער טאָכטער, מיניע, זיינען געווען אין דערעטשין.

ס׳איז ניט לייכט געווען אָנצוקומען אין יענע טעג פון וואלקאוויסק קיין דערעטשין. די וועגן זיינען געווען פול מיטן דייטשן מיליטער, וואָס האט זיך געצויגן צום פראנט, אויף מזרח. אידן האָבן מורא געהאט אריבערצוטרעטן דעם שוועל און זיך לאזן אין וועג אריין.

מיין טאכטער אליע, 12 יאר אלט, האט ניט געוואלט ווארטן ביז די וועגן וועלן זיך אָפּ־רייניקן און זי האט איינע אליין זיך געלאזן גיין אהיים, קיין דערעטשין. דעם פאָטער האט זי גאָרניט דערציילט, ווייל ער וואָלט איר אזא שריט ניט דערלויבט צו מאכן.

אויפן וועג האָבן די דייטשן זי פארהאלטן און געפרעגט, צי זי איז א יידישקע. האָט זי געענט־פערט, אז זי איז א קריסטין. ווען דער מאן האָט דערזען, אז די קליינע טאכטער איז ניטאָ, איז ער געלאָפן זי זוכן. און די דייטשן האָבן אים געכאפּט אויפן וועג און שוין אָפּגעפירט אָן א זייט צו שיסן. א נס איז דאן געשען, וואס דער גאנצער עשאלאָן האט זיך געאיילט, פון הינטער־שטן „אבאז" האט מען גענומען שרייען מ׳זאל דעם וועג ניט פארשטאָפּן — און נאר אַדאַנק דעם איז יענעם טאָג מיין מאן ניצול געוואָרן.

אנגעקומען קיין דערעטשין איז ער א האלבע שעה נאָך דער טאָכטער, א טויט־דערשראָקענער נאך אזא איבערלעבונג מיט די דייטשן.

אין יענע טעג האט מיין ברודער עליע־חיים באשלאסן זיך צוריקקערן אהיים קיין דערעטשין. אויפן וועג האָבן אים פארהאלטן די דייטשן, אונטערזוכט און געפונען בא אים א דייטשן בוך פון העכערער מאטעמאטיק. געזען אז ער איז אן אינזשיניער, האָבן זיי אים גלייך אויפן ארט דערשאָסן.

ער איז געווען דער ערשטער קרבן פון אונזער משפחה.

ווען די דייטשן זיינען אריין קיין דערעטשין, האָבן זיי באלד געמאכט א „יודענראט". זיינע מיטגלידער זיינען יעדע מינוט געווען אויס־געשטעלט אויף טויט־געפאר. מ׳האט פון יודענ־ראט כסדר געפאָדערט גאלד און זילבער און פוטערוואַרג און צירונג — יעדער מאל אן אנדער גזירה. אלע אידן האָבן געלעבט אין פחד בייטאָג און ביינאכט.

אונזער גאס, די דייטשע, איז געווען אויסערן געטאָ און ס׳האבן אין איר געוואוינט די „נוצ־לעכע" אידן — שוסטער, שניידער, מעכאניקער, בעקער, שמידן, דאָקטוירים א.ד.גל. אין אונזער הויז האָבן געוואוינט ארום 90 פערזאן. מ׳איז געשלאָפן אויף די בוידימער, אין שפייכלער און אין קעלער. געמיינט האט מען, אז ווער ס׳וואוינט אין אונזער גאס איז פארזיכערט פון טויט...

יעדן פרימארגן האט מען געטריבן די מענטשן אויף ארבעט אין די ווארשטאטן און גראָבן גריבער אין די וועלדער. אז מ׳פלעגט דערלעבן פארנאכט זען די מענטשן צוריק פון דער אר־בעט, איז מען גליקלעך געווען. א סך זיינען פארטריבן געווארן אויף ארבעט אין לאגערן.

איין לאגער איז געווען צווישן סלאנים און קאזלוישטשינע. אהין איז פארשיקט געוואָרן מיין איינגערער ברודער, יוסף־שמואל. ער האָט שוין צוריק פון דאָרט זיך ניט אומגעקערט. זיי האָבן אים דארטן געפטרט.

מיט אלערליי מיטלען האבן זיי פארנארט מענטשן, זיי געמאטערט, אויסגעהונגערט און אויסגעהרגעט. פארדינען בא זיי אויף ברויט האָט מען ניט געקענט. אויסבייטן עפעס בא א קריסט אויף א שטיקל ברויט האט מען ניט געטאָרט — ס׳האָט דערפאר געדראט טויט־שטראָף. אויפן מארק האט א איד ניט געטאָרט זיך ווייזן. פלעגט מיין קליינע טאכטער אליע זיך אָנטאן פאר א קריסטין און אונטער דער פאטשיילע ברענגען עפעס צום עסן.

גאנצע נעכט פלעגט מען קוקן אין די פענס־טער, צי ס׳קומען ניט אָן די עס־עס לייט כדי אויסצוקוילעלענען אונז אלעמען ביי די גריבער. אנטלויפן פון שטעטל האט מען מורא געהאט, ווייל די דייטשן האָבן געהאלטן חשבון און טאָמער וואָלט עמיצער געפעלט, וואלטן די דייטשן אויסגעשאסן די גאנצע משפחה. דערי־בער איז מען טאקע ניט געלאָפן.

בא אונז אין שטוב האָבן מיר זיך צוגעגרייט

א באהעלטעניש, א „סכראַן", אויפן פאל פון אן אקציע. די פּאַדלאָגע איז בא אונז געווען געלייגט אויף געמויערטע סטאָלבעס, האט מען ארויס־גענומען א פאר ברעטער, געגראָבן די ערד פון אונטער דער פאדלאגע און ביינאכט דאס ארויס־געטראגן און אויסגעשאטן לעם מיל. מיטן בויען דעם „סכראַן" האָבן זיך פארנומען מיין שוועס־טער רבקה, דער שוואגער שמחה, סאניע מאני־קאוו, וועלכע האט זיך געפונען בא אונז צוזאמען מיט איר מאמען און קינד, און אויך איך האב צוגעהאָלפן. מיין מאן איז דאן אוועק קיין וואָל־קאוויסק זען צי מען קען זיך דאָרטן בעסער אויסבאהאלטן. געזאגט האט מען, אז אין די שטעט וועלכע געפינען זיך אין די גרעניצן פון דריטן רייך הרגעט מען ניט די אידן. זיינען אידן פון כלערליי שטעט און שטעטלעך געלאָפן קיין וואָלקאָוויסק און ביאליסטאָק זיך ראטעווען פון טויט.

דער מאן האט צו מיר געשיקט א וועגווייזער, וואָס האָט געזאָלט מיר מיט די קינדער אַריבער־פירן די גרעניץ, וועלכע איז געווען אין זעלווע. אין דער נאכט ווען כ'האב געדארפט אריבערגיין די גרעניץ איז געווען א חתונה פון א פאָליציאנט אויפן אלעקסאנדערער כוטאָר, פארביי וועלכן ס'האט געפירט דער וועג קיין זעלווע. בין איך געבליבן אין דערעטשין.

פארטאָג האָבן די דייטשן מיט זייערע בלוי־טיקע משרתים ארומגערינגלט דעם געטאָ. מיר זיינען אראָפּ אין „סכראַן". אין אונזער באהעל־טעניש זיינען מיר געווען: איך מיט מיינע ביידע טעכטער און מיט מיין מאמען, סאָניע מיט איר מאמען און קינד, איטשע שעלובסקי מיט זיין ווייב און 4 קינדער, לאה'קע די קאַלאנערקע מיט אירע 3 קינדער, דער רימער מיט זיין פאמיליע און נאָך א סך אנדערע, וועלכע כ'קען זיך ניט דערמאָנען. מיין שוועסטער רבקה מיט איר מאן און צוויי קינדער, זיאמע און ישראל־מאיר האבן זיך באהאלטן אין א צווייטן סכראַן אונטערן שפייכלער בא אונז אין הויף.

דאנערשטיק איז געווען תשעה באב, און די שחיטה האָט זיך אנגעהויבן פרייטיק, 10 טעג אין אב, באלד פון איינדערפרי.

די דייטשן זיינען אָנגעקומען מיט לאסט־אויטאס, אין וועלכע זיי האָבן געשליידערט אלע־מען אָן אויסנאם, ווען זיי האבן געטראָפן און אויסגעפונען. מ'האט אלע אוועקגעפירט אויף בליזניאנסקיס פעלדער, געשאָסן און געוואָרפן אין די 7 צוגעגרייטע גריבער.

פון אונזער „סכראַן" האבן מיר געזען, ווי מ'וואָרפט אַרויף די מענטשן פון אונזער צווייטן הויז אויף די אויטאָס. די געשרייען זיינען געווען שרעקלעכע.

אזוי זיינען מיר אפגעזעסן ביז שבת. מיין טאכטער אליע און לאה'קעס מיידל האבן זיך שבת איבערגעטאָן אלס קריסטינס און ארויס זען וואס ס'טוט זיך אין שטעטל. קיין מענטשן אין די גאסן האט מען ניט געזען, און נאר אין אפטייק האָבן זיי געטראָפן א פאָר אידן.

די מיליץ איז עטלעכע מאָל צוגעגאנגען צו אונזער סכראַן און געפרווט אונז ארויסנארן פון דארטן. זיי האָבן באלויכטן מיט עלעקטרישע לעמפלעך און איינער פון דער מיליץ, א פאלקס־דייטש, וואס איז געווען מילנער פריער בא אונז און נאָכדעם בא שעלובסקין, האט צוגע־זאגט די שעלובסקיס אז ער וועט זיי לאָזן לעבן, אויב זיי וועלן ארויסגיין פון סכראַן. האבן זיי טאקע געוואלט ארויס, אבער מיינע קינדער האָבן גענומען וויינען און שרייען, אז די שע־לובסקיס וועלן זיך ראטעווען און אונז וועט מען דערשיסן. מיר האבן זיי געבעטן בלייבן מיט אונז. אזוי זיינען מיר אָפּגעזעסן ביז זונטיק פארטאָג.

מ'האט שוין מער קיין שיסעריי ניט געהערט, זיינען מיר ארויס פון סכראַן. בא די ראטנערס אין שטוב האָבן מיר געטראָפן א סך אידן, וועלכע די דייטשן האָבן ארויסגעשלעפּט פון די באהעלטענישן און זיי אריינגעפירט צו ראט־נערן, צוזאָגנדיק אז די פארבליבענע וועט מען שוין מער ניט טויטן.

מיר האבן ניט געגלויבט אין די דייטשע הבטחות און זיך געלאזט מיט די פעלדער צום וואלד. האבן אונז געכאפט די ווייסרוסישע פאָליציאנטן און געפירט צוריק צו ראטנערס הויז. מיר האבן זיי געגעבן געלט, אבער דאס האט אויך ניט געהאָלפן. דאס געלט האָבן זיי צוגענומען און אונז האָבן זיי געבראכט צו די אנדערע לעבנגעבליבענע אידן.

לאנג זיינען מיר דארטן ניט פארבליבן און

זיך ווייטער געלאָזן גיין צום וואַלד. פון שרעק האָט מיין עלטערע טאָכטער ניט געקענט רירן מיט די פיס, און אַזוי ווי מיר האָבן זיך אָפּגע־רעדט מיט די שעלובסקיס זיך צו טרעפן בײַ די „פּראָסאַדעס" און ניט געוואָלט זיך פאַרלירן איינער פון צווייטן, איז די איינגערע טאָכטער אַוועק צום טרעפפונקט בעטן זיי וואַרטן אויף אונז. מיר האָבן שוין אַהין ניט געקענט צוקומען און מיין טאָכטערל אַליין האָט זיך שוין צו אונז ניט צוריקגעקערט. בין איך אַוועק אין וואַלד מיט מיין מאַמען און עלטערער טאָכטער.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך געזוכט מיין טאָכ־טערל, אָבער ניט געקענט זי געפינען. שפּעטער האָט מען מיר דערציילט, אַז זיי האָבן זי פאַר־הרגעט מיט רידלען.

ס'האָט אונז לאַנג גענומען אָנצוקומען איז וואַלד. מיין מאַמע, דאָן 66 יאָר אַלט, האָט זיך מיט מאַטערנישן געשלעפּט און אָפט זיך אָפּ־געשטעלט. מיר האָבן איר געהאָלפן וויפל מיר האָבן געקענט און געוואַרט אויף איר ביז זי פלעגט צוריק אָפּכאַפּן דעם אָטעם. מיין שוועס־טער און שוואָגער האָבן געטראָגן אויף די פּליי־צעס זייערע קינדערלעך. דעם וועג האָבן מיר ניט געקענט און מיר האָבן זיך אַזוי געשלעפּט אין דער פינסטערניש. מיר האָבן מורא געהאַט זיך אָפּצושטעלן, ווייל די ווייסרוסישע פּויערים האָבן אַ סך אידן איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן.

אויך אין וואַלד האָבן מיר זיך געשלעפּט פון איין אָרט צום צווייטן, געלאָפן פון די דייטשע אָבלאַוועס. אין דער אָבלאַווע נאָך דער פּאַר־טיזאַנישער שטראַף־אַקציע קעגן די דערעט־שינער מערדער זיינען געפאַלן פון די דייטשע קוילן מיין מוטער, מיין שוועסטער, שוואָגער און זייערע קליינע קינדערלעך.

איך בין מיט מיין טאָכטער אַוועק אין אַ „באַיעוואַי אָטריאַד", און מיט דער קאַמפּס־גרופּע דורכגעמאַכט אַלע שוועריקייטן אויף וועלכע ס'זיינען אויסגעשטעלט געווען אידישע פּאַרטיזאַנער אין די ווייסרוסישע וועלדער.

## אין די שחיטה־טעג / קאַטיע ביאַלאָסטאָצקי־כלעבניק

— — — תשעה באָב, 23 יולי 1942.

דער תשעה באָב גייט דורך אין געטאָ רואיק. מ'וואונדערט זיך, די דייטשע רוצחים האָבן זיך עפּעס דעם טאָג פאַרהאַלטן רואיקער ווי אין די פאַרגאַנגענע טעג.

אָבער אין דער לופטן טראָגט זיך אַ פּאַר־דאַכט, אַן אומרו. ניט איינער וויל ווערן אַ נביא און וויסן, וואָס ס'דערוואַרט אונז און וואָס וועט אונז ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג. אויפן האַרצן לייגט זיך אַ שווערקייט, דער מוח אַר־בעט שווערמוטיק און אַ בייזער פאָרגעפיל עקבערט אינעווייניק אָן אויפהער.

בין השמשות. די זון לאָזט זיך אַראָפּ צום האָריזאָנט. עס ווערט טונקל און די פינסטערניש גנבעט זיך אַריין אין דער נשמה.

מיר גייען אַרויס אויף די הויפן כאַפּן אַ וואָרט איינער מיטן צווייטן, אפשר אַ טרייסט, אפשר עפּעס אַ ידיעה... ס'ווילט זיך וויסן, וואָס אַ צווייטער איז זיך משער.

פּלוצלינג דערזעט מען אין חושך צוויי סילועטן ווייט־ווייט, וואָס שלייכן אַרויס פון שטעטל און לאָזן זיך אויפן וועג קיין קאַלאַנע. דאָרטן גייט דורך אַ זייטיקע וועג אויף זעלווע. און זעלווע איז די גרעניץ צום דריטן רייך. דאָרטן זיינען ניטאָ קיין גריבער — דערציילט מען... מ'האָפט זיך ראַטעווען דאָרטן פון זיכערן טויט. די סילועטן לאָזן איבער אַ שוואַרצן שאָטן אויף דער נשמה. אפשר ווייסן זיי עפּעס און אַנטלויפן? אַ שחיטה? — אַ קאַלטער ציטער גייט דורך אַלע גלידער.

יענע נאַכט, פון 23־טן אויפן 24 יולי, איז כמעט קיינער אין געטאָ ניט געשלאָפן.

דער געטאָ פאַרנעמט דעם שטח פון גאַנצן שול־הויף, דעם קוואַרטאַל פון שניידערשן בית־מדרש, די א. ג. „חייטים־שול", ביז צו דער קאַמעניצע. דער שטח איז אַרומגעצוימט מיט שטעכעדיקן דראָט. דער אַריינגאַנג אין געטאָ איז דורכן הויף צווישן סלוצקיס מויער (וואו

ס׳האָבן געוואוינט די עדעלשטיינס) און בעבע ראבינאָוויטשעס מויער. אונזער הויז איז די ערשטע אין געטאָ, אונזערע טרעפּלעך זיינען א פּאָר טריט פון געטאָ־טויער.

נאָך איידער עס הויבט אָן טאָגן זעען מיר, ווי דער געטאָ ווערט ארומגערינגלט דורך הונדערטער פּאָליציי־לייט, וועלכע מ׳האט מאָ־ביליזירט פון סלאָנים. ס׳ווערט אונז קלאר וואס עס גייט געשען. מ׳מוז זיך באהאלטן.

אונזער באהעלטעניש האט צוגעגרייט מיין פאטער ז״ל אויף אזא אופן: רעכטס פון אונזער קיך איז געווען א סוכה, א צימערל מיט א פליגל־דאך. פון דער סוכה האט געפירט אַן ארויפגאנג צום בוידעם, מיט א לייטער. דאס פענסטער פון דער סוכה איז ארויס צו בעבע ראבינאוויטש אויפן הויף. זינט איך געדענק איז דאס פענסטער קיינמאל ניט געווען באג־לאָזט, נאר פארקלאפּט מיט דיקט. דעם ארויפ־גאנג אויפן בוידעם האט מיין פאטער ליקווידירט און דעם לייטער האט ער איבערגעטראגן אויפן הויפל, וואו ס׳איז געווען א דורכגאנג צו בעבען. אונטערן דאך פון אונזער שטוב האט ער געמאכט א טירל, דורך וועלכע מ׳האט געקענט ארויפגיין אויפן בוידעם. די טיר וואס האט געפירט פון קיך אין דער סוכה האט דער פאטער פארשטעלט מיטן קיך־בופעט, וואס האט פולשטענדיק פארמאסקירט די טיר. די הינטער־שטע וואנט פון בופעט, גאנץ אונטן, האט ער אזוי איינגעאָרדנט, אז זי פלעגט זיך פּראָווי־זאָריש אויפהויבן און אראָפּלאָזן דורך א צי מיט א שטריקל.

דורך דער דאזיקער הויב־טיר אין דער אונ־טערשטער שאפקע האב איך אריינגעפירט די איינוואוינער פון אונזער הויז אין סוכה אריין. איך אליין בין אריינגעקראָכן די לעצטע. די לעצטע מינוט פאר דעם האב איך ברייט געעפנט די גאס־טיר, כדי די רוצחים זאלן מיינען, אז מ׳איז זיך פון דעם הויז צעלאָפן. דאן האָב איך אויך צוגעגרייט עטלעכע לעבלעך פריש־געבאקענעם ברויט. פארן אריינקריכן אין סכראָן האָב איך זיך נאך געוואָלט פארזיכערן און וויסן, וואס עס טוט זיך ארום, ווייל ס׳איז געווען טויט־שטיל ארום געטא. בין איך אריינ־געלאפן אין שלאפצימער, צוגעשפרונגען צום פענסטער, פון וועלכן מ׳האט געקענט גוט זען חוה איטשעס שטוב. דאָרטן האט זיך געצויגן דער דראָטן־צוים פון געטאָ.

א ציטער איז מיר דורך איבער אלע אברים. ס׳איז דאָרטן געשטאנען גרייט די פּאָליציי מיט אנגעשטעלטע ביקסן איך האָב נאך באוויזן צו זען, ווי מענטשן וועלכע האָבן געוואוינט אין די בתי־מדרשים האָבן גענומען לויפן אהין און אהער, ממש ווי פארסמטע, טויט בלאסע מיט אויפגעריסענע אויגן. און די פאליציאנטן שטעלן אָן אויף זיי זייערע ביקסן, לאכן ציניש און שפּאָטנדיק.

אינסטינקטיוו האָב איך זיך אָפּגעריסן פון פענסטער און בין אן אויפגעציטערטע און צעטרייסלטע אריין אין „סכראָן". כ׳האב פאר־מאכט נאך זיך די טירלעך פון דער שאפע, פארלייגט א פאליצע און אויסגעשטעלט אויף איר עטלעכע טעפּ, פארמאכט די פּראָוויזארישע דעק, אריבערגענומען די שטריקלעך צו זיך, מ׳זאל זיי ניט באמערקן, און פארמאכט די טיר פון דער סוכה.

אזוי זיינען מיר געזעסן אלע טויט־שטיל און געווארט... אפשר וועט געשען א נס מן השמיים.

געווען זיינען מיר דארטן 12 פערזאָן: מיין פאטער, משה געלמאן, חסיה געלמאן, שעפּליאַן און זיין זון סאשע, זינע בליזניאנסקי, א סוואל־קער יונגערמאן מיט זיין פרוי, הערשל זארניק מיט זיין פרוי פעשע און ברודער שמואל, און איך.

ארום 6 פרי האט זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע שפּיל. די ערשטע קויל האָט געכאפּט מאקס שעפּליאַן, וועלכער האט אויך געוואוינט בא אונז. אין באהעלטעניש איז ער ניט אריין, ער האָט געוואָלט זיך ארויסבאקומען פון געטאָ.

פון אלע זייטן האבן זיך צו אונז דערטראָגן הארצרייסנדיקע געשרייען און יללות. זיי האָבן ממש געשניטן ביים הארצן, אָנגעפילט דעם מוח, פאראליזירט די גלידער. מיר זיינען געזעסן ווי אין געהאקטע וואונדן. אין דרויסן רוישן די מאטארן פון די לאסט־אויטאס, וואס פירן מענטשן צו דער שחיטה. עס הילכן שיסערייען, קלאפּעריי, און פון צייט צו צייט הערט מען א הילכיקן אבער צעבראכענעם געשריי: „שמע ישראל!"

און אָט, אָט זיינען זיי בא אונז אין שטוב, אויפן בוידעם. מ׳זוכט, מ׳וואַרפט, מ׳ברעכט, מ׳שטעכט מיט די שפּיזן, זאַמד שיט זיך איבער אונזער קעפּ, אלע אברים ציטערן ווי אין פיבער, מיט געוואַלד האַלט מען די ציין צו־זאַמען, זיי זאָלן ניט קלאַפּן צאָן אָן צאָן, מ׳האַלט איין דעם אָטעם, מ׳זיצט אָנגעשטרענגט און אָנגעצויגן די נערוון, פול מיט פּחד אַז אָט גייט וואָס פּלאַצן אין אונז אינעווייניק. די לופט אין באַהעלטעניש ווערט שווערער פון מינוט צו מינוט, עס שטיקט אין האַלז, אוממעגלעך צו אָטעמען כסדר דורך דער נאָז — אבער קיינער וואַגט ניט שעפּן לופט מיט אַן אָפענעם מויל. יעדער הויך פון מויל קען אונז אויסגעבן — שוין בעסער דערשטיקט ווערן...

בא אונז אין שטוב ווערט שטילער, זיי גייען אוועק. אָבער אָט קומען זיי ווידער, מסתמא אַנדערע בלוטדורשטיקע צווייפיסיקע חיות. נאָכ־אַמאָל הויבן זיך אָן די זוכענישן, ווידער הויבט אָן דאָס האַרץ קלאַפּן ווי מיט האַמערס. מיר הערן ווי מ׳גייט צו צום קיך־בופעט מ׳עפנט פאַנאַנדער די טירלעך, צוויי ביקסן־שטויסן גיבן א שטופּ אַרויס די פּראָוויזאַרישע דעק פון בופעט, די טיר פון סוכה פּראַלט זיך אויף — און פיר פּאָליציייאישע אויגן קוקן אַריין צו אונז — — —

געקומען דער סוף, מ׳נעמט אונז צו די גרי־בער — גיט יעדער איינער פון אונז א טראַכט איבער.

איצטער, לאַנגע יאָרן זינט יענעם שוידער־לעכן מאָמענט, ווען איך שרייב אָט די שורות, גלויב איך אליין ניט אַז עס האָט טאַקע געקענט געשען א נס.

איצטער באַוואונדער איך מיין דרייסטקייט. אין יענעם טראַגישסטן מאָמענט אין מיין לעבן האָב איך זיך אָפּגעגעבן א דין־וחשבון וואָס ס׳שטייט מיר פאָר. איך האָב זיך אַריינגענומען אין געדאַנק אַז ווען א מענטש טרינקט זיך, כאַפּט ער זיך אָן א שטרוי.

ווי א קאַץ בין איך פלינק אַרויסגעלאָפן פון באַהעלטעניש. פאַר מיר זיינען געשטאַנען צוויי פּאָליציי־לייט, ניט קיין אָרטיקע. איך האָב זיי אָנגענומען פאַר די הענט און זיך צו זיי געווענדעט אויף פּויליש: „פּאַנאָוויע, זליטוייציע סיע". מער איז מיר דאַן קיין וואָרט פון מויל ניט אַרויס. זיי שטייען ביידע, שווייגן און קוקן אויף מיר. איך פאַרליר זיך ניט, כאַפּ זיך אַריין צוריק דורך דער שאַפקע אין סכראָן, שעפּליאַן גיט מיר א זייגער, איך נעם צוזאַמען מיינע עטלעכע ווערטפולע זאַכן, די סוּוואַלקער גיט מיר א פינגערל. איך לויף אַרויס צוריק צו זיי — ביידע שטייען נאָך אַלץ אויף די ערטער ווי פריער. איך גיב זיי די זאַכן, וועלכע האָבן דאַן אין אונזערע אויגן קיין שום ווערט ניט געהאַט. „טילקאָ טאַ?" — פרעגט איינער — „נאַר דאָס? וויפל פערזאָן זייט איר דאָרטן?". איך ענטפער אים: „צוועלף". לויף איך אַריין אין שלאָפצימער, דאָרטן האָב איך געהאַט פאַר־באַהאַלטן עטלעכע הונדערט רובל, דער מאַמעס א גאָלדענע קייט און א זייגערל. אבער איך האָב שוין גאָרניט געפונען. די גאַנצע שטוב האָט אויסגעזען ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש.

ווענד איך זיך צו די צוויי פּאָליציי־לייט: „אַז ס׳וועט רואיקער ווערן, וועט איר שיין באַשענקט ווערן". ענטפערט מיר דער צווייטער: „דו האָסט א מזל, וואָס האָסט אונז אָנגעטראָפן" — און מאָמענטאַל גיבן זיי מיר ביידע א שטופּ אַריין אין שאַפקע און פאַרמאַכן נאָך מיר די טירלעך.

א בליץ פון האָפנונג איז אַדורך מיינע געדאַנ־קען. איך האָב ווידער פאַרלייגט די פּאָליצע, אויפגעשטעלט די טעפּ, פאַרריכט די פּראָ־וויזאָרישע דעק און פאַרמאַכט די טיר. אָט זיץ איך ווידער צווישן די צום־טויט־איבער־געשראָקענע. זיי האָבן ניט געוואוּסט וואָס מיט מיר איז געשען, און איצטער זיינען אָנגעשטעלט געווען אויף מיר זייערע צעשראָקענע און פאַר־וואוּנדערטע בליקן. „וואָס, קאַטיע?" — פרעגט דער סוּוואַלקער יונגערמאַן. מיר איז דער לשון געווען אָפּגענומען, ס׳איז מיר שווער געווען צו האַלטן מיין קאָפּ אויף די פּלייצעס.

וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט און דורכגע־טראַכט אין יענע מינוטן, ביז איך בין צו זיי צוריק אַריין אין באַהעלטעניש, איז מיר שווער צו זאָגן. דערווייל, אַזוי האָבן מיר אַלע גע־טראַכט, האָבן מיר אויסגעמיטן דעם זיכערן טויט. דערווייל...

די נאַכט אויף שבת איז געווען שטיל. שבת

גאנץ פרי האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן אויפסניי. דורך די דיקטן פון פארקלאפטן פענסטער זיינען צו אונז ווידער געקומען די געשרייען און יאָמערייען פון די אידן, וועלכע האבן געוואוינט אויסערן געטא, ארום דעם באָד־געסל און ראד־קראָמען. ווייזט אויס, אז מיטן געטאָ האָבן שוין די רוצחים פארטיק געמאכט, איצטער האָבן זיי זיך גענומען צו די „נוצלעכע", לעבן־פארצייכנטע אידן. דעם גאנצן שבתדיקן טאג האט מען געשאָסן, און מיר האבן ווידער דורכגעלעבט א לאנגן טאָג פון פיין און ווייטאָק.

מיר האבן באשלאסן אנטלויפן ביינאכט. ווי ס'איז נאר צוגעפאלן דער אָוונט האָב איך געעפנט א קאסטן, ארויסגענומען עטלעכע שטיקלעך וועש פאר די מענטשן, אריינגעלייגט אין א קליין זעקעלע א פאר שטיקלעך שטאָף, וואָס קען אומעטום צוניץ קומען, צוגעגרייט א ביסל וועש פארן פאָטער און גרייט געווען זיך לאָזן אין וועג.

איך האב זיך צוגעשארט צום פאטער און אים געזאָגט: „פאפא, קום, מיר ווען אנטלויפן". מיין פאָטער רירט זיך ניט פון אָרט. „גיי — זאָגט ער — אנטלויף, ראטעווע זיך, אויב ס'וועט מעגלעך זיין. מיר איז שוין אלץ איינס. אָדער דאָ, אדער אין וועג וועל איך סיווי פאלן...".

א ציטער האט מיר ארומגעכאפט. איך האָב געפרוווט נאך און נאך איינטענה'ן מיטן פאָטער, אבער ער האט עקשנותדיק געזאגט: „איך וועל בלייבן...".

איך האב זיך געזעגנט מיט מיין פאטער אויף אייביק.

אונזער וועגווייזער איז געווען הערשל. ער האט גוט געקענט אלע וועגן, דערפער און כוטארעס. אויפן וועג האבן מיר זיך געטראָפן מיט די פעטרוכאָוויטשעס. ער, פעטרוכאָוויטש, איז געווען א גוטער וועגווייזער און געקענט געבן אן עצה אין פארשיידענע פאלן.

אזוי האָבן מיר זיך געראטעוועט פון דער שחיטה. ס'האט זיך אנגעהויבן אונזער וואלד־לעבן, פול מיט געפארן און טראגעדיעס. פון אלע וואס זיינען אנטלאפן פון אונזער באהעל־טעניש זיינען לעבן געבליבן בלויז צוויי — הערשל און איך.

וועגן ביטערן גורל פון מיין פאטער האט מיר דערציילט איסר לעוו. זונטיק, דעם 26־טן יולי, איז מיין פאטער ארויס פון באהעלטעניש מיט א לעבל ברויט אונטערן ארעם. אזוי איז ער געגאנגען געלאסן און טרויעריק אין דער ריכ־טונג פון יהודה וואָלפאָוויטשעס שטוב.

אנטקעגן אים איז אָנגעקומען דער ארטיקער פאליציאנט אלבין, וואס איז געווען מילנער אין שעלובסקיס מיל. „וואוהין גייסטו ביאלאס־טאצקי?" — פרעגט ער שטרענג מיין פאטער. און דער פאָטער ענטפערט אים: „איך גיי וואו די אויגן טראגן מיר. איך ברענג ברויט פאר די הונגעריקע...".

מיין פאטער איז געפאלן פון אלבינס מער־דערלעכער קויל.

# כך ניצלתי ביום הטבח / שרה וכלר־אגולניק

מזה ימים מהלכות השמועות, שיום הטבח ממשמש ובא. מפה לאוזן מוסרים, כי בעיירות הסמוכות הוציאו כבר את כל היהודים להורג, ובכל זאת אין איש מעלה על דעתו, שדבר איום כזה עלול לקרות. מצפים לנס, מסבירים ומנסים לשכנע, קודם כל את עצמם, כי לא ייתכן הדבר שהגרמנים יוציאו לטבח אנשים חפים מפשע, המוכנים לעבוד בכל עבודה קשה ובכל התנאים.

אך היום הנורא הגיע. עד היום עולות הדמעות בעיני, בהיזכרי לאחר שנים רבות ביום המר והנמהר ההוא, למחרת צום תשעה באב.

עם עלות השחר הקיצונו מטרטור היריות שנשמעו בסמוך לביתנו. גרנו אז בקסרקטין, שבו היה פעם משרד הדואר. יחד אתנו היו באותו בית משפחות סיני, בקנשטיין, משה קויאט ועוד יהודים מעיירה סמוכה לדרצ׳ין.

בשעה 6 קרב אל ביתנו אוטו־משא. הגרמנים

ועוזריהם הביילורוסים החלו מזרזים אותנו בקתות רוביהם ומעלים על האוטו. אי־אפשר לתאר את הרגשתי ברגע בו זזה המכונה המובילה אותנו אל המוות האכזרי.

ברגע מסויים קפצו מהאוטו מוטל בקנשטיין, וולוול קויאט ואחריהם גם משה קויאט. לאחר ימים, ביער, נודע לי כי השניים הראשונים נהרגו ביריות השומרים על המכוניות.

הפניתי מבטי והסתכלתי פעם אחרונה בפני הורי, אחי ואחותי היקרים וקפצתי מהמכונה מייד אחרי משה קויאט. אולי לא חשבתי שאציל את חיי, אבל כל רצוני היה למנוע מעצמי את הזוועה האימתנית של טבח המוני. מטר יריות נפתח בעקבותי. רגע אחד הייתי בטוחה שנפגעתי בגבי, אבל היה זה רק פצע קל בכתף.

אבי ז״ל לא חשב אפילו לברוח מפני הגרמנים והמוות. הוא היה בטוח, כי הכל אבוד. הגרמנים הגיעו לשערי מוסקבה, כל היהודים ייטבחו, ועל כן יש ללכת עם כל העדה ולחלק את גורלם של כל בני עמנו.

רצתי כל עוד כוחי בי, בטוחה שהנה יפגע בי הכדור שימיתני. הגעתי לחצרו של אנטונוביץ הגוי וזחלתי לתוך מלונתו של כלב, שעמדה בחצר. עד היום מהדהדות באזני הצעקות שני־שאו מתוך המשאית המתרחקת, הנושאת אתה את כל יקירי אל המוות.

אחר כך השתררה דומיה מסביב. לא הספקתי להתרגל למצבי ולמחשבה על הצלחתי, והנה רואה אני את בעלת־הבית, הגויה, רצה ישר אלי, אל המלונה. משראתה אותי, את היהודיה, אצה לקרוא לשוטר והראתה לו את מקום מחבואי. השוטר הרים את כנפי מעילו והראה לה את השלל שהביא מבתי היהודים, והגויה הכניסה אותו לביתה. בטוחים היו השניים, שאני בין כך לא אצליח להימלט מידיהם.

נמלטתי מתוך המלונה והסתתרתי בין קוצים ועשבים בשדהו של טורוביץ. שכבתי שם עד שראיתי את אשתו של בעל השדה קוצרת בקירבתי את הקוצים. עד היום אינני יכולה להאמין, כיצד ניצלתי, מדוע לא השגיחה בי האשה עם המגל בידיה.

פתאום נשמעו יריות מכיוון בית־המטבחיים הקרוב, שם הסתתרו יהודים ונתפסו ע״י הגרמנים. ושוב השתרר שקט מסביב, גשם קל החל מטפטף — ואני שכבתי בלי ניע. נשארתי בשדה־הקוצים עד חצות. הגשם נפסק, ירח בהיר יצא מתוך העננים. התחלתי לזחול על ארבעתי, עד שהגעתי לשדה־חיטה. החיטה היתה גבוהה, יכולתי להתקדם בה אפילו במלוא קומתי.




געטאָ־פּאַספּאָרט פון שרה לעוו (דושקע דראַלינערס טאָכטער)

מימיני עברה הדרך ובצידה — שדירת עצים. מאחורי העצים האלה נחפרו הבורות, שבהם ישנו עתה שנת עולמים מאות יהודי עיירתי, בתוכם בני משפחתי.

המשכתי בדרכי לכיוון הכפר הקרוב. רעדתי מקור וממראות הזוועות שעברו לנגד עיני. הגעתי לחצרו של איכר שהכיר את הורי. כלב רץ מהחצר והתנפל עלי בנביחות, התקדמתי לקראתו לאט־לאט, עד שהכלב נשתתק. הגעתי לדלת, דפקתי בה — איש לא ענה. עייפה ורצוצה צנחתי על המפתן. הכלב רבץ תחתיו לידי, הוא היה הראשון והיחידי שנתיידד אתי באותו ליל־אימים.

כשהפציע השחר זזתי משם והלכתי לכפר מיכובסק. שם הסתתרתי במשך כל יום השבת בגורנו של איכר. ביום א׳ הוביל אותי האיכר אל היער והראה לי את השביל שבו אגיע אל קבוצת הפרטיזנים.

בדרך פגשתי קבוצת אנשים ומשקרבתי אליהם התברר לי, כי היו אלה הניצולים אשר הספיקו להימלט מבית־המטבחים.

נכנסתי ליער. לא עלה אז בדעתי, שאשאר בחיים. באו ימים לאחר מכן, בהם בטוחים היינו, שאולי טוב להם למתינו מאשר לנו, למתענים ולנרדפים בסבכי היער הלוחם. אבל חיינו ניתנו לנו אז לשם נקמה. ונקמנו.

## געבליבען איינער אליין / אברהם־יצחק מעדוועצקי

איך בין איינער אליין לעבן געבליבן פון מיין גאנצער משפחה אין דרעטשין. מיין פרוי איז געווען דאָבע, פון צו הויז טשערניצקי, ביילע־חנה׳ס טאָכטער. איך האָב זיך באהאלטן אין א טיש אין אונזער הויז, וואס האט פריער געערט צו עליע ווילענטשיקן פון „ראד קראָ־מען״, אין טאג פון דער שרעקלעכער שחיטה. מיין פרוי און קינדער זיינען אומגעקומען.

ליגט טאקע אויף מיר, ווי אויף אלע געראַ־טעוועטע און לעבן־געבליבענע דרעטשינער, די פליכט צו געדענקען דרעטשין, אירע בעלי־בתישע אידן, איר יוגנט, איר רעליגיעז און געזעלשאפטלעך לעבן, כדי זיי אלעמען צו שטעלן א מצבה.

קליין איז געווען אונזער דרעטשין, אָבער פול מיט תורה, מיט א פלייסיקער און לעבע־דיקער יוגנט. אויף פרנסה האָבן די דרעטשינער אידן געצויגן מיט שווערער ארבעט און מי. איצטער ווייסן מיר אלע זייער גוט, אז דרעטשין האט באוויזן דער אידישער וועלט, ווי אזוי מ׳נעמט נקמה פון מערדערלעכן שונא, וואס האט קאלטבלוטיק דורכגעפירט די שחיטה פון אונזערע ברידער און שוועסטער, עלטערן און קינדער, אין אונזער שטעטל און אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון אידישן יישוב אין פוילן און אנדערע לענדער אין איירָאפּע. דרעטשין איז געווען ארומגערינגלט דורך א סך וועלדער, אין די טיפענישן פון וועלכע אונזערע יונגעלייט האָבן געפירט א בלוטיקן קאמף קעגן דייטשן שונא, א מלחמה ענלעך צו דער, וועלכע ס׳האט אין אונזער אלטער געשיכטע געפירט מתתיהו און זיינע זין.

עס ווילט זיך מיר אזוי, מיט ליבע און יראת־הכבוד, אויסרעכענען די צענדליקער נע־מען פון דרעטשינער פיינע בעלי־בתים — אידן למדנים, פול מיט וויסן און חכמה, אי־דישקייט און פרומקייט, גוטסקייט און פריינ־טלעכקייט. און ס׳ווילט זיך אויסרעכענען א גאנצע ריי איידעמס, געקומענע פון דער פרעמד קיין דרעטשין, וועלכע האָבן זיך אריינגעוואקסן אין דרעטשינער קהל און צוגעגעבן אים וועלטלעכע און אידישע שיינקייט. ס׳ווילט זיך אויך דערציילן וועגן די הונדערטער זין און טעכטער פון דרעטשין, יונגעלייט מיט אי־דעאלן און מיט גלויבן, פון וועלכע ס׳איז אויסגעוואקסן אין די ארומיקע וועלדער דער שטארקער פארטיזאנישער כוח.

יעדער איינער פון די דרעטשינער אידן האט געהאט זיין גאנג אין לעבן, איז באקאנט

געווען מיט זיינע אייגנשאפטן און מיט זיינע אויסדריקן און ווערטלעך.

צום באדויערן איז עס ניט אזוי לייכט אויסצורעכענען אלעמען, און ווייל מ׳טאָר ניט מקפּח זיין דעם כבוד פון די צופעליק־פארגעסענע נעמען, ווען מיר אויך ניט דערמאנען די נעמען וואָס זיינען שטארק איינגעקריצט אין אונזער זכרון — בעלי־בתים, איידעמס, יונגעלייט; למדנים, רבנים, כלי־קודש, קהלשע עסקנים, אינטעליגענץ, בעלי־מלאכות, געשעפטס־לייט, מיל־אייגנטימער און תבואה־הענדלער, מלמדים און לערער, — אלע צוזאמען א שיינע אידישע קהילה, וואס איז פארשניטן געוואָרן, פון וועלכער ס׳האָבן זיך געראטעוועט ווייניקע צענדליקער.

צווישן די אלע דערעטשינער, וועלכע קומען מיר אויפן זכרון, זיינען געווען אזלעכע געשטאלטן, וועלכע מ׳זעט שוין ניט אין אונזער איצטיקן דור.

פון יאָר צו יאָר ווערט אונז קלאָרער דער סך־הכל פון דעם וואָס אונזער פאָלק האט פארלארן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳איז אויף אונז אָנגעקומען די פינסטערע צייט פון דער היטלערישער הערשאפט. איצטער ווערט אזוי פארשטענדלעך די איינציקע שטרעבונג פון די יונגע דערעטשינער אין יענע טעג — דער ווילן צו נעמען נקמה אן די מערדער.

# דער סוף פון ,,האלינקע / מינע ליברײדער

ווען די פארשאָלטענע דייטשן זיינען אריין קיין האלינקע, האָבן זיי באלד דעם ערשטן טאָג צונויפגעטריבן אלע אידן אין קלויסטער און גלייך אויפן אָרט געשאָסן יעדן איינעם, וואָס האָט פרובירט זיך קעגנשטעלן. זייער פיל קרבנות זיינען געפאלן יענעם ערשטן טאָג פון דער דייטשער אָקופּאציע.

ווען עס זיינען אָפּגעצאמט געוואָרן אין דער גאנצער געגנט די געטאָס פאר אידן, זיינען די האלינקער אידן פארשיקט געוואָרן אין דערעטשינער געטאָ און דאָ איז געקומען זייער סוף. זיי ליגן אין גרויסן ברידער-קבר.

דער ביטערער סוף פון מיין משפחה איז אויך געקומען גאנץ שנעל. ווען מ׳האט זיך דערוואוסט, אז צומאָרגנס וועט מען פירן די אידן צו דער שחיטה, האָבן זיך א סך אידן באהאלטן אין צוגעגרייטע בונקערס. מיין מוטער, ליבע, מיין שוועסטער פריידל, דער שוואָגער יונתן מיט זיינע דריי קינדער — מיכעלע, יאָסעלע און אסתר-מיכל — זיינען מיט נאך אנדערע אראָפּ אין בונקער. מיין שוועסטער לאה איז געבליבן אויבן, אין דער דירה, ווייל זי האט אויף די הענט געהאט א קליין קינד און ניט געוואָלט מיט אים אראָפּ-
גיין אין בונקער, טאָמער וועט עס וויינען און ארויסגעבן די באהעלטעניש פון א סך אידן. אין זעלבן בונקער האט א פאָטער דערשטיקט זיין קליין קינד, ווען עס האָט אָנגעהויבן וויינען. מיין שוועסטער פריידל איז געבליבן שטיין אויפן לייטער, וואָס האָט געפירט פון הויז צום בונקער, כדי צו וויסן וואָס עס געשעט מיט לאה׳ן און מיטן קינד. דאן האָט זי געהערט דעם לעצטן אויסגעשריי...

מיין מוטער, שוואָגער און די קינדער האָבן ווייטער געוואנדערט קיין סלאָנים, געמיינט אז דאָרטן וועלן זיי זיך קענען ראטעווען. מיין מוטער האָט יעדן ביסן אָפּגעגעבן די קינדער און אייניקלעך — „עסט, קינדער — האָט זי זיי געזאָגט — איר זיינט דאָך יונג, אפשר וועט איר לעבן בלייבן”. זי איז געשוואָלן געוואָרן פון הונגער. ווען די קינדער זיינען איינמאל ארויס פון באהעלטעניש, האָבן זיי די מוטער מער ניט געפונען. די דייטשן האָבן זי צוגענומען...

מיין שוואָגער יונתן האָבן די דייטשן געהרגעט אין סלאָנים. ער וואָלט זיך אפשר געקענט ראטעווען, ווייל די פארטיזאנער האָבן אים פאָרגעלייגט גיין מיט זיי, אָבער אן די קינ־

דער. ער האָט ניט געוואָלט לאזן די קינדער אַליין.

נאָך זיין טויט זיינען די דריי קינדערלעך געבליבן אַליין. אסתר איז אלט געווען 8 יאָר, יאָסעלע — 10 און מיכעלע — 12. די צוויי עלטערע קינדער האָבן באשלאָסן אוועקגיין אין וואלד. אסתרקען האָבן זיי איבערגעלאָזן בא א קריסט, וואָס האט געוואוינט ניט ווייט פון אונזער מיל. זיי האָבן געגלויבט, אז ס׳וועט איר קיין שלעכטס ניט געשען. דער גוי, בא וועלכן זיי האָבן איבערגעלזן אסתרקען, האָט דאס קליינע מיידעלע איבערגעגעבן אין דייטשע הענט. די דייטשן האָבן זי געפאָרשט און שפעטער איבערגעגעבן א ווייסרוסישן זשאַנ-דארם, אונזערן א געוועזענעם שכן, ער זאָל זי דערשיסן אין וואלד. דער גוי האט גענומען מיט זיך א ביקס און א רידל, אוועקגעפירט די קליינע אסתרקע אין וואלד און פונדאָרטן אין א ווייטן דאָרף צו א באַקאַנטן קריסט. פארן איבערלאָזן דאס מיידעלע ביים קריסט, האָט ער אים געוואָרנט, אז ס׳זאָל איר קיין שלעכטס ניט געשען, ווייל אין קעגנפאל וועט ער פארברענען דאָס גאנצע דאָרף.

די צוויי ברידערלעך, יאָסעלע און מיכעלע האָבן געזוכט זייער קליינע שוועסטערל, אָבער ניט געפונען. אין וואלד האָבן זיי זיך געוואָלט דערנענטערן צו די דערעטשינער, אָבער ס׳האָט זיך קיינער ניט געפונען ווער ס׳זאָל פאר זיי זאָרגן און זיי באשיצן. נאר דער טייערער איד שמעון לוסקי פלעגט זיי פון צייט צו צייט געבן צו עסן. ביידע ברידערלעך זיינען אין איין נאכט אויסגעגאנגען פון הונגער און קעלט אין וואלד.

אסתר האָט געלעבט ביים פויער ווי א קריס-טין, געטראָגן א צלם אויפן האלז און געגאנגען אין קלויסטער זיך מאָדלען. זי האָט שוין דאן מער נישט געוואָלט וויסן פון אידן. זי איז דאָך אלס קינד געגאנגען איבער די קערפערס פון אירע נאָנסטע, פון אנדערע אידן, איז זי זיכער געווען, אז דער גורל פון אַלע אידן איז — טויט.

נאָך דער מלחמה, ווען שמעון לוסקי האָט זיך דערוואוסט, אז אסתרקע לעבט צווישן גויים, איז ער געקומען אהין און געוואָלט זי נעמען צו זיך. זי האט אים ניט געוואָלט ניט זען, ניט הערן, זי האָט געטענה׳ט, אז זי פארשטייט קיין אידיש ניט. שמעון, דער טרייער איד, האָט זיך ניט מיאש געווען און נאָך לאַנגער מי איז אים געלונגען ארויסנעמען אסתרקען פון דעם פויערס כאָטע. זי איז איבער־געגעבן געוואָרן דער משפחה סאָבאָל. ניט איין געראטעוועטער פון האלינקע האָט בא זיי געפונען א ווארעמע היים. אָבער אסתרקע האט זיך אויך דאָרטן געפילט פרעמד און זי איז צוריק אנטלאָפן צו דער קריסטלעכער פאמיליע.

ווען שמעון און פיל אנדערע פון דער שארית הפליטה פון האלינקע און דערעטשין האָבן זיך געקליבן צו פארלאָזן פוילן, האָבן זיי באשלאָסן פאר יעדן פרייז מיטנעמען אסתרקען מיט זיך. זיי האָבן איר געוויזן א קארטל פון מיר, כדי זי זאָל וויסן, אז זי האָט נאָך א מומע, וואָס איז גרייט פאר איר אלץ צו טאָן. זי איז מיט זיי מיטגעפאָרן.

נאָך לאנגע וואָגלענישן איבער אייראָפּע, נאָכן זיין אין א יוגנט-באוועגונג פון דער שארית הפליטה, איז אסתרקע אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. היינט לעבט זי א גליקלעך פאמיליען־לעבן, האָט א גוטן מאן און צוויי ליבע טעכטערלעך.

## צרות, פיין און טויט / יקותיאל כמעלניצקי

היטלערס אנטיסעמיטישע אגיטאַציע האָט אונז שווער געטראָפן לאַנג איידער זיינע מער־דערישע סאָלדאטן זיינען אָנגעקומען אין אונ־זערע געגנטן.

ביים סוף פון די דרייסיקער יאָרן האָט זיך געשטאַרקט, אונטערן איינפלוס פון היטלעריזם, דער אנטיסעמיטיזם אין פוילן, וועלכער איז אויך דערגאנגען קיין דערעטשין. די פוילישע מאכט און פארשיידענע פוילישע פארבאנדן האָבן געוואָלט קודם־כל טרעפן די אידן אין

זייער ארבעט, האנדל און פרנסה־קוועלן. עס זיינען שוין געווען א סך פאלן, ווען קריסטן פלעגן נעמען סחורות בא אידן און ניט וועלן באצאָלן פאר זיי. איך קען ניט פארגעסן דעם פאל, ווען מיין פרוי הדסה עליה־השלום איז געקומען צו מיר אין בעקעריי און מיט טרערן אין די אויגן מיר דערציילט, אז א קריסט איז אריין צו אונז אין קראָם, גענומען דריי לעבלעך ברויט און ניט געוואָלט באצאָלן. ער האָט אפילו געשפאסט און געלאכט, ווען מיין פרוי האָט בא אים געפאָדערט געלט פארן ברויט. ווען מ׳האָט אים ניט געוואָלט געבן ברויט אָן געלט, איז דער קריסט אוועק אין פאָליציי און געבראכט א צעטל פון פאָליציאנט דאָמבעק, אז אויב מיר וועלן ניט דערליידיקן מיטן קריסט, וועט ער קומען און מאכן אָר־דענונג בא די אידן.

דאָס איז ניט געווען דער איינצלנער פאל בא אונז און געשעפט, און זיכער ניט בא אנדערע דערעטשינער אין זייערע קראָמען און ווארשטאטן. ניט איינמאָל זיינען געשטאנען גרופעס פון קריסטלעכע יונגעלייט און ניט געלאָזן די פויערים אריינגיין אין אידישע גע־שעפטן. הינטערן שטעטל אין שכנות פון פּיווול בליזניאנסקיס תבואה־געשעפט, זיינען איינ־געשטאנען „סטשעלצעס", און זיי פלעגן כאפן די פויערישע פערד־און־וואָגן מיט גוואלט, ניט פרעגנדיק אפילו דעם פויער, און אוועקפירן אין קאָאָפּעראטיוו אריין.

שוין אין יענער צייט האָבן מיר גוט געפילט די היטלערישע האנט פונדערווייטנס, — די פּאָלאקן האָבן געקענט די אנטיסעמיטישע מלאכה.

אזוי האָט דער אנטיסעמיטיזם אָרעם געמאכט די אידישע מאַסן און אוועקגערויבט זייער פּר־נסה.



נאָכדעם איז געקומען סעפטעמבער 1939, דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלח־מה. איך וועל ניט באשרייבן די שרעק פון יענע טעג, ווען דערעטשין איז געבליבן ממש אָן א מאכט, די פּאָלאקן האָבן זיך אָפּגעטראָגן און די סאָוועטן זיינען נאָך ניט געקומען, און גרו־פּעס אידישע יונגעלייט, צוזאמען מיט איינינקע קריסטן, האָבן גענומען באלעבאטעווען אין שטעטל און אָנמאכן סתם אומזיסטע צרות. עס איז כמעט געקומען צו א פּאָגראָם אין דערע־טשין. סוף־סוף זיינען אָנגעקומען די סאָוועטישע „באפרייער".

אָן אמת איז, אז מיר זיינען אלע דאן גליק־לעך געווען, וואָס די סאָוועטן האָבן אונז געראטעוועט פון די דייטשן. אויף א קנאפּע פאר יאָר האָבן זיי אונז באפרייט פון דער נאצישער חיה.

אָבער נאָכדעם ווי ס׳האָט זיך איינגעשטעלט די סאָוועטישע הערשאפט, האָבן מיר זיך באלד איבערצייגט, אז זי „באפרייט" אונז אויך פון אונזערע פרנסות. די מילן זיינען צוגענומען געוואָרן בא די דערעטשינער מילנער. קיין מעל פאר די בעקערייען איז ניט געווען. וואָס טוט מען? איך בין אוועק צו א צווייטן בעקער, צו שמואל אבעלאָוויטשן. ער, מיט זיין פרוי באשקע, ביידע קלוגע מענטשן, זכרונם לברכה, האָבן מיר געטרייסט און געזאָגט, אז די נייע מאכט וועט זאָרגן פאר די ארבעטער. אָט וועט מען איבערשטעלן די באַן־ליניעס און ווען די באנען וועלן אָנהויבן גיין, וועט מען ברענגען תבואה אין די מילן אריין. מיר, די בעקער, וועלן ארבעטן נאָר 7 שעה א טאָג, אָן נאכט־ארבעט, און וועלן לעבן גליקלעך...

עס זיינען אריבער טעג און וואָכן — און קיין מעל איז ניט געווען. ביז שמואל ע״ה האָט מיר איין טאָג געזאָגט, אז ער האָט נאָך אזעלכע ליגנערס ווי די סאָוועטן אין זיין לעבן ניט געטראָפן. ס׳איז בא זיי פשוט קיין תבואה ניטאָ און זיי וועלן אונז קיין דערעטשין גאָרניט ברענגען.

קלייבן מיר זיך צונויף אלע 12 בעקערס פון דערעטשין און פאָרן קיין זעלווע, צום „איספּאָלקאָם", דער פאָרזיצער טענה׳ט צו אונז כסדר, אז איצטער איז אונזער לאנד א מדינה פון „סוואָבאָדא", יעדערער איז פריי צו טאָן און ארבעטן ווי ער וויל, ראט ער אונז ארויס־נעמען פּאטענטן און אָנהויבן באקן. הכלל, מיר האָבן גענומען פּאטענטן — אָבער קיין מעל איז דערפון ניט געוואָרן. אז א פויער פלעגט שוין ברענגען א ביסל קאָרן אָדער מעל, פלעג איך אים וועלן באצאָלן מיט געלט — אָבער

דער פויער האָט געטענה׳ט, אז געלט האָט ער מערער פון מיר, ער האָט געוואָלט פאר זיין מעל — זאלץ, צוקער... פונוואנען האָבן מיר אים געקענט געבן אזעלכע פּראָדוקטן, וועלכע זיינען שוין לאנג פארשוואונדן פון מארק?

האָבן מיר כמעט ווי ניט געבאקט, אָבער ס׳זיינען נאָך ניט פארביי קיין צוויי חדשים, און מיר האָבן פון „איספּאָלקאָם" באקומען פּאָדערונגען צו באצאָלן אזעלכע גרויסע שטייערן פארן פּאטענט, אז מיר זיינען ממש אנטשטוינט געוואָרן.

זיינען מיר ווידער געפאָרן קיין זעלווע און געוויינט פארן „פּרעדסעדאטיעל". האָט ער ווידער געטענה׳ט, אז בא אונז איז פולע „סוואָבאָדא", מ׳האָט אונז אפילו דערלויבט זיין זעלבשטענדיקע בעקערס און געגעבן פּאטענטן. סוף־סוף האָט ער אונז געראטן שאפן א קאָאָפּעראטיווע בעקעריי פון „סעלכאָז", אָבער די שטייערן אונזערע וועלן מיר סיווי מוזן באצאָלן. אונזער קאָאָפּעראטיוו, מיטן אָנגעשטעלטן בערל סאקער, האָט אָנגעהויבן ארבעטן, געבאקן ברויט פארן מיליטער — אָבער די שטאָטישע פלעגן אָפּשטיין אין „אָטשערעד" פון 8 אין אָוונט ביז אינדערפרי און באַר א טייל פון זיי פלעגט באקומען א ביסל ברויט. ניט קענענדיק צוזען דעם הונגער פון א סך דערעטשינער, פלעג איך פון דער זייט שלעפּן ברויט, איינשטעלנדיק מיין לעבן אין געפאר, און טיילן שטיקלעך צווישן די הונגעריקע.

איך דערצייל דאָ בלויז פון מיין פאַך און פון מיינע דערפארונגען בא דער סאָוועטישער מאכט. אָבער אזוי האָבן זיי געפירט די ווירטשאפט אין אלע פאכן און בראנזשעס. געשעפטן זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן, מענטשן זיינען פאַראָרעמט געוואָרן — אזוי האָבן די סאָוועטן אונז אָנגעטאָן דיזעלבע צרות ווי די אנטיסעמיטישע מאכט פון פוילן.

כ׳וויל דערמיט ווייזן, אז די צרות האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך פאר דער מלחמה. אָבער דערפירט אונז צום קבר האָט די דייטשע מאכט.

★

מיר האָבן געמיינט אין אנהויב פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה, אז די רוסן זיינען שטארק און העלדיש און וועלן ניט דערלאָזן די דייטשן זאָלן אזוי טיף אריינדרינגען אין רוסלאַנד. אָבער מיר האָבן זיך שנעל אנטוישט.

צוויי טעג נאָך דעם ווי היטלער איז באפאלן רוסלאנד, דינסטיק פארנאכט, זיינען שוין אריין קיין דערעטשין צוויי דייטשע טאנקעטקעס. עטלעכע פּאָלאקן זיינען ארויס פון זייערע הייזער, אויפגעהויבן זייערע הענט און געשריען: „הייל היטלער!" מיטוואָך זיינען נאָך געווען שלאכטן צווישן די דייטשן און די אָפּטרעטנדיקע רוסן, פרייטיק איז שוין אריין קיין דערעטשין א גרויסער דייטשער דעסאנט.

ווען מ׳האָט אלע איינוואוינער צונויפגעטריבן בא דער רוסישער צערקווע, האָבן זיך שוין די קריסטן אליין אָפּגעזונדערט פון די אידן און אפילו די נאָנסטע באקאנטע האָבן זיך שוין ניט געוואָלט באגריסן מיט אונז און אָפּגעדרייט זייערע קעפּ פון אונז.

דאַן איז אויסגעבראָכן די שריפה אין א סך אידישע הייזער. מיין פרוי הדסה ע״ה האָט זיך גענומען לעשן דאָס פייער. זי האָט געזאָגט: „איך ווייס ניט, ווילאנג מיר וועלן נאָך לעבן, אָבער אפילו אויף איין מעת־לעת וויל איך לעבן אין מיין אייגענער דירה". מיר האָבן די שריפה איינגעלאָשן און האָבן אין אונזער שטוב אָפּגעלעבט ביזן אומקום פון דער אידישער באפעלקערונג אין דערעטשין.

ס׳איז שוין אזויפיל דערציילט געוואָרן וועגן די שוידערלעכע טעג און חדשים אונטערן יאָך פון די דייטשן און פון זייערע באהעלפערט. מיר האָבן געוואוסט אז אונזער גורל איז — אונטערגאנג. נאָך אין די ערשטע טעג האָט א דייטשער זעלנער פון דער פעלד־פּאָסט (אונזער הויז איז געווען לעם דער פּאָסט) אונז געזאָגט: „א שאָד, וואָס איר זייט אידן. אונזער פירער האָט פיינט די אידן און זיין פּראָגראַם איז אויסצוראָטן אייך אלעמען"...

אזוי זיינען אוועק די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאציע. קיין דייטשן זיינען, אייגנטלעך, אין דערעטשין דאַן ניט געווען. געהערשט האָבן זייערע באהעלפערס, די ווייסרוסן. מענטשן האָבן ניט געארבעט און ניט געהאנדלט, נאָר אויספארקויפט זייער האָב און גוטס צו די קריסטן — פאר א שטיקל ברויט. קיינער איז ניט זיכער געווען מיטן לעבן, ריכטיקער

געזאָגט: יעדער איינער איז זיכער געווען מיטן טויט, וואָס וועט קומען.

קינדער האָבן ניט געלערנט, אפילו זיך ניט געשפּילט. קיין שמחות זיינען אין די אידישע הייזער ניט געווען.

צו אָסיען־צייט האָבן אָנגעהויבן קומען באַפעלן פון סלאָנים וועגן צושטעלן די דייטשן זייף, פּוטערוואַרג, געלד. מ׳האָט געשאַפן דעם „יודענראַט". און כ׳וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן יענעם בילד, וואָס כ׳האָב געזען פון מיין פענסטער: ס׳איז אין א רעגנדיקן טאָג אָנגעקומען א מאַשין מיט דריי דייטשע אָפיצירן, גענומען שיסן פייגעלעך אין דער לופטן און שרייען: „יודענראַט! אכט מענער פון יודענראַט!" די מיטגלידער פון יודענראַט זיינען געקומען צולויפן און די דייטשן האָבן פון זיי געפאָדערט באַלד ברענגען זיי 300 שטיקלעך טואַלעט־זייף און 200 פּראָסטן זייף — און דערביי זיי געשלאָגן מיט די קאַנטשיקעס און געדראָט מיט טויט, אויב די זייף וועט ניט צוגעשטעלט ווערן צו דער צייט. די אידן זיינען געלאָפן איבער די הייזער און געבעטן זיך: „אידן, ראַטעוועט! גיט אייער זייף!" און ווען זיי האָבן געבראַכט די זייף, האָבן די דייטשן זיי אָפּגעדאַנקט מיט קלעפּ און שמייסערייען מיט די קאַנטשיקעס. פון מיין פענסטער האָב איך זיך צוגעקוקט, ווי די אידן אַנטלויפן, קריגן קלעפּ, פאַלן אויף דער ערד און הויבן זיך ווידער אויף צו אַנטלויפן. און די רציחותדיקע דייטשן שלאָגן זיי, שיסן אויף רעכטס און אויף לינקס — און לאַכן.

ווינטערצייט זיינען געקומען א 8 דייטשן, צונויפגעשטעלט א פּאָליציי פון 40 ווייסרוסן און אליין געבליבן הערשן אין דערעטשין. אין שפּיץ פון זיי איז געשטאַנען „דער מייסטער"; דער צווייטער האָט געהייסן פריץ — א מערדער פון מערדער־לאַנד; דער דריטער איז געווען א פּוילישער „פאָלקס־דויטשע" און ער איז געשטאַנען בראש פון דער פּאָליציי. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א סדרה פון צוואַנגס־אַרבעט, מיט א שטאַרקער קאָנטראָל איבער דער צאָל אידן. מ׳האָט אָנגעהויבן פאַרטיילן די אידן אין נוצלעכע און אומנוצלעכע. ברויט האָט מען געטיילט לויט קאַרטן — ממש הונגער־פּאַרציעס.

נאָכן אויסשיסן די ציגיינער, וועלכע זיי האָבן געטראָפן אין אונזערע געגנטן, האָבן זיך די דייטשן גענומען צו די פּוילישע בירגער און א סך פון זיי אויסגעשאָסן. און דערווייל האָבן זיי זיך אויך גענומען צו די געוועזענע סאָוועטישע אָפיצירן און סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די ארומיקע דערפער. א טייל, די וועלכע האָבן זיך געשטעלט צו דער יאַווקע אין סלאָנים, האָבן זיי דערשאָסן, די איבעריקע זיינען שוין אוועק אין וואַלד און געשאַפן די ערשטע אָטריאַדן פון די פּאַרטיזאַנער. אזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פון די פּאַרטיזאַנער קעגן די דייטשן. די דייטשן האָבן פּרובירט מאַכן אַבלאַוועס אויף די פּאַרטיזאַנער, אָבער אָן דערפּאָלג. איינמאָל האָבן אפילו די פּאַרטיזאַנער צוגעגרייט אויף די דייטשן און ווייסרוסישער פּאָליציי א זאַסאַדע, געטראָפן א סך פון זיי. זייערע פערד זיינען זיך צעלאָפן און זיי זיינען צוריק געקומען קיין דערעטשין מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ.

אין שטאָט האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן לעגענדעס וועגן די פּאַרטיזאַנער און זייערע העלדישע אויפטוען.



„דער מייסטער" איז געפאָרן אויף אורלויב קיין דייטשלאַנד און דאָרטן איז ער פּונקט אריינגעפאַלן אין א שטאַרקן אמעריקאַנער לופט־אָנגריף — איז ער נאָך פאַרן סוף פון זיין אורלויב צוריק געקומען קיין דערעטשין.

און אין אונזער געגנט האָבן זיך געשטאַרקט די פּאַרטיזאַנישע גרופּן און זיי פלעגן אָנטאָן צרות די דייטשן און דער פּאָליציי.

די דייטשן האָבן אויסגעלאָזט זייער כעס צו די אידן. פריץ האָט גענומען מערדערלעך שלאָגן און אפילו שיסן וועמען ער האָט געטראָפן אויף זיין וועג. דאַן איז געקומען יענער שוואַרצער שבת, ווען מ׳האָט גענומען די משפּחות פון אלע יונגעלייט, וועלכע זיינען צוריק געקומען פון א אַרבעטס־לאַגער, נאָכדעם ווי פּאַרטיזאַנער זיינען באַפאַלן דעם לאַגער און באַפרייט פונדאָרטן די אידן. מ׳האָט אלע זייערע משפּחה־לייט, טאַטעס, מאַמעס, ברידער און שוועסטער, אַרויסגעפירט אויסערן שטאָט און דערשאָסן.

אידן האָבן גענומען לויפן פון דערעטשין אין וואלד אריין, צו די פארטיזאנער. די וואך ארום געטאָ איז פארשטארקט געוואָרן, מ׳האָט דעם געטאָ ארומגעצאמט מיט שטעכל־דראָטן. איך, אלס בעקער, האָב נאָך געקענט פריי זיך באוועגן, פון דער בעקעריי אין געטאָ אריין און צוריק. פלעג איך נאָך קענען ברענגען אין שטאָט אריין פארשידענע זאכן, וועלכע די קריסטן פלעגן שיקן פאר פארשידענע מענטשן, מיט וועמען זיי האָבן אויסגעטוישט פראָדוקטן פאר שטוב־זאכן.

די לאַגע איז ערגער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. די פאָליציי און די דייטשן האָבן אונז געשלאָגן אָן א פארוואָס און אָן א פארוועןְ. ס׳איז אזוי ביטער געווען, אז מיר זיינען מיט־אמאָל אלע געוואָרן פרום, געדאווענט ווען מ׳האָט נאָר געקענט און געפאסט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. דער רב האָט אונז כסדר געטרייסט און געמוטיקט, מאכנדיק פארשידענע חשבונות, לויט וועלכע די מלחמה דארף זיך ענדיקן אין א קורצער צייט ארום. אָבער די מלחמה האָט געדויערט, און ס׳איז געקומען דער שחיטה־טאָג...



תשעה־באב האָבן מיר אלע געפאסט. אין די נאָכמיטאָק־שעה׳ן האָבן זיך גענומען פאר־שפרייטן קלאנגען אין געטאָ, קיינער האָט ניט געוואוסט גענוי וואָס און ווען, אָבער אָן אומרו האָט באהערשט אלעמען. דער דייטש האָט דורך אייניקע אידן געלאָזט פארשפרייטן קלאנגען, אז ס׳קלייבט זיך אָן אָבלאווע אויף פארטי־זאנער...

אָבער מענטשן זיינען געווען וואך אויך ביינאכט, קיינער האָט זיך ניט אויסגעטאָן. מיין משפחה מיט נאָך אייניקע נאָנטע מענטשן זיינען געבליבן אין דער בעקעריי אויסערן געטאָ.

געווען א טייל אידן, וועלכע זיינען אין יענער נאכט, מיט דער הילף פון קריסטן, אריבער די זעלוויאנקע, כדי זיך צו ראטעווען אין זעלווע אָדער וואָלקאָוויסק, וואָס האָבן געערט צום דריטן רייך. מ׳האָט געגלויבט, אז דאָרטן וועלן קיין שחיטות ניט זיין. איך וואָלט אויך געקענט זיך אריבערכאפן אהין מיט מיין ליבער משפחה, אָבער איך האָב יעדן טאָג געדארפט צושטעלן די דייטשן א געבעקס פון ברויט, און אויב זיי וועלן אינדערפרי ניט באקומען דאָס, ווער ווייס וויפל אידן זיי וועלן דערפאר אויס־קוילענען. האָב איך געפאָלגט מיין געוויסן און געבליבן אין דערעטשין.

מיר זיינען אלע געלעגן אויפן בוידעם, מיט די פעקלעך ביים זייט, גרייט צו לויפן אין פאל פון געפאר.

9 אזייגער איז פונקט אָנגעקומען דער לייטער פון דער בעקעריי, א סליזשער קריסט. ס׳איז אים אויסגעקומען צו זיין אין מינסק בעת דער אידן־שחיטה און ער האָט זיך דאָרטן אָנגענומען מיט האָב און גוטס. איצטער האט ער זיכער געוואָרט אויף דער שחיטה אין דערעטשין...

מיר האָבן געבעטן גאָט, אז ער זאָל אוועקגיין, אָבער ער איז געזעסן און געזעסן. געטענה׳ט האָט ער, אז ער האָט מורא פאר די פאר־טיזאנער און דערפאר וויל ער ניט גיין צו זיך אהיים. ערשט 1 ביינאכט איז ער אוועק.

פינף פארטאָג זיינען געקומען צולויפן חיים־שיע מיט רחל׳ען און גענומען שרייען, אז די שטאָט איז ארומגערינגלט מיט פאָליציי, וועלכע שיסט אין די אידישער הייזער אריין.

מיר זיינען אלע אראָפּ אין קעלער און פאר־שטעלט דעם ארייגאנג מיט א שאנק. איך בין ארויף אויפן בוידעם, געעפנט א פאָר דאכלקעס און געזען וויאזוי מען טרייבט די אידן אין די אויטאָס, וואָס זיינען אָנגעקומען פון סלאָנים, מ׳שלאָגט מיט די קאָלבעס ביז טויט און מ׳פירט אלעמען הינטערן שטאָט צום אויסשיסן זיי לעם די גריבער. נאָכמיטאָק, ווען די אויטאָס זיינען אוועקגעפאָרן, זיינען די קריסטלעכע שכנים ארויס פון זייערע הייזער און גענומען זוכן די אידן וואָס האָבן זיך אויסבאהאלטן, כדי זיי איבערגעבן אין די הענט פון דער פאָליציי.

איך בין אראָפּ אין קעלער. איך מיט מיין פרוי ע״ה האָבן גענומען העק און זיך געשטעלט ביים ארייגאנג, כדי צו ברעכן די קעפּ פון די, וואָס וועלן זיך ארייגרייסן אין קעלער. דערווייל האָבן די פאָליציאנטן אָנגעהויבן האקן די פאָדלאָגע און ווענט מיט אייזנס. איינער פון זיי האָט גענומען שרייען: „ארויס פון דאנען!" — און דאָ איז צוגעלאָפן באשקע ליפשאָוויטש און גענומען אונז איינריידן, אז זי דערקענט

דעם קול פון וואנקען, איר שכנס זון, וועלכן זי האָט געהאָלפן אויסהאָדעווען. מיר האָבן אראָפּגעלאָזן די העק. יאַנעק איז אריין אין קעלער, האָט אים באשקע אָנגעהויבן בעטן רחמים: „איך האָב דיר דערצויגן און אויסגעהאָדעוועט, ווילסטו אונז איצטער הרגענען?!!!״ יאַנעק האָט געטענה׳ט, אז ער וויל קיינעם, חלילה, קיין שלעכטס ניט טאָן, אָבער ער מוז באקומען אין האנט אריין, כדי דאָס צעטיילן צווישן זיינע חברים אין דרויסן.

מיר האָבן אים געגעבן וואָס ס׳איז געווען אין אונזערע קעשענעס, ער האָט דאָס א כאַפּ געטאָן און איז ארויסגעלאָפן מיט געשרייען: „ארויס פון דאָרטן, אויב ניט — שיס איך גלייך!״ מיר האָבן גענומען לויפן דורך די פענסטער און טירן. איך, און נאָך מיר חיים־שיע, עליק, טייבל און גרשון, זיינען ארויסגעקראָגן דורך א פענסטער און זיך באהאלטן אין א געוועזענעם הינער־שטייג, פון וועלכן ס׳איז געוואָרן שפּעטער א מיסט־קאסטן. מיר האָבן ניט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט די איבעריקע. זיי האָבן, ווייזט אויס, ניט באוויזן צו אנטלויפן פון קעלער און מ׳האָט זיי אלע אומגעבראכט.

ארום 7 פארנאכט זיינען מיר ארויס פון דער באהעלטעניש. כ׳בין אריין אין קעלער און דאָרטן קיינעם ניט געפונען. איך האָב גענומען וויינען און קלאָגן אויף מיין גרויסן בראָך און ניט געקענט זיך רירן פון אָרט. עליק איז צו מיר צוגעגאנגען און גענומען שרייען: „אויב מיר האָבן זיך געראטעוועט, דארפן מיר איצטער טאָן אלץ כדי צו נעמען נקמה פון די מערדער!״. פון בעקעריי האָבן מיר גענומען ברויט, האק־מעסערס און קריכנדיק ממש אויפן בויך זיינען מיר אוועק איבער פעלדער און בלאָטעס אין דער ריכטונג פון וואלד. אויפן וועג האָבן מיר געפונען העלא (איצטער די פרוי פון שמואל באָרנשטיין) און איזא, די קינדער פון די דאָקטוירים. זיי זיינען געבליבן אליין, נאָכדעם ווי מ׳האָט אויסגעמאָרדעט זייערע עלטערן.

מיר האָבן לאנג געוואנדערט, ביז ס׳האָט אונז דאָקטאָר אטלאס געהאָלפן אויפגענומען צו ווערן אין א פאַרטיזאנישן אָטריאד.

## נותרתי אחת מכל משפחתי / חיה איינשטיין־אסתרוביץ

באותו תשעה־באב, ערב יום השחיטה, התרוצצו אנשים מבית לבית ובכל מקום דיברו על הפורענות העלולה לבוא עלינו בכל יום. שיחות מבוהלות כאלה היו כבר עשרות פעמים לפני כן. כל פעם כאשר פשטה שמועה על אפשרות של טבח ביהודי דרצ׳ין, היה אבי ז״ל לוקח אותנו, את הילדים, לבית של גויים. אמא לא הלכה אתנו אף פעם. היא היתה אומרת: „אתם ילדים צעירים, אני אשאר עם הורי ואחי, גורלם יהיה גורלי״.

אחרי צום תשעה באב, כאשר בהלה אחזה את היהודים, אמרנו אחד לשני: הרבה פעמים כבר נפוצו שמועות מחרידות על העלול לקרות לנו, ועד כה נתבדו הניחושים הללו. הבה נאמין, כי גם הלילה ויום המחרת יעברו עלינו בשקט. האמת היא, שגם לבנו חרד, אבל לא רצינו להאמין, ועל כן לא האמנו. שכבנו לישון.

עם עלות השחר התעוררנו לשמע טרטור מכונות וזעקות אימים.

הבינונו מה מתחולל ברחובות דרצ׳ין ובבתיה. כל הזמן חשבתי, כי אם נחרץ גורלי למוות, מוטב שאמות תוך כדי ריצה, ובלבד שלא אראה ברצח יקירי.

הורי ואחי הצעיר וולוול עלו לעליית הגג. אחי משה־פרץ וברוך נשארו יחד אתי בפתח הבית. ברגע מסויים התחלנו — אני, אחי משה־פרץ ואתנו משה־חיים אגולניק לרוץ לעבר שדה־חיטה. משה־חיים הצליח להימלט, אותי ואת אחי תפסו השוטרים וציוו עלינו לחזור אל ביתנו.

בכניסה לבית עמד שוטר ובידו רובה. זה עתה רצח את יענקל הנגר, שהיה מוטל מת לאורך הכניסה. השוטר פנה אלי ואמר:

— „את דומה מאד לגויה, מדוע את צריכה למות ?״

ואחי משה־פרץ ענה לו : „אם אתה חס באמת על חייה, הרי הם בידיך״.

— „אשחרר אותה כשהנאצים לא יראו״ — ענה לו השוטר. הוא ציווה עלי להוריד את הטלאי הצהוב. עמדתי דומם, לא האמנתי לד־בריו. חשבתי שהוא יירה בי כאשר אַתחיל ללכת בכיוון כלשהו.

לבי נקרע בקרבי בראותי את אחי ברוך, כשהוא מנסה לחמוק דרך חריצי דלת־הכניסה, דבר שאי־אפשר היה לבצעו. כחיה נרדפת רצה להימלט מכדורי הרוצחים.

השוטר ציווה עלי ללכת. בפעם האחרונה בחיי ראיתי את שני אחי. לא נפרדתי מהם, כיון שלא האמנתי אף לרגע קט שאשאר בחיים.

התרחקתי אל שדה־החיטה ושכבתי בתוכו, בלי להרים את ראשי, עד שקיעת החמה.

משהחשיך קמתי וראיתי מרחוק את ביתנו. כל כלי הבית התגוללו בחוץ. הבינותי שאין לי לאן ולמי לחזור. כל משפחתי נרצחה בידי הנא־צים — אבי שמואל־אריה איינשטיין, אמי אסתר לבית ווליצקי, שלושת אחי משה־פרץ, ברוך ובן־הזקונים וולוול.

עם גבור החשיכה הלכתי לבית המכיר הנו־צרי, שאצלו היה אבא מסתיר אותנו. רק חדר אחד היה בו בבית זה, וגרו בו אשתו של מכירנו וילדיו המרובים. הוא עצמו היה עם הפרטיזנים. בלילה היינו מבשלות, ביום התחבאתי בשדה־חיטה קרוב.

כך עבר עלי זמן־מה בבית מצילי. החלטתי לא לסכן עוד את חייהם וללכת היערה, אל הפרטיזנים. האשה ניסתה לעכב אותי, טענה כי הפרטיזנים אינם מקבלים נשים לשורותיהם, אולם אני התעקשתי. המארחת הנדיבה שלי הכינה לי צידה לדרך, הובילה אותי עד לכביש הראשי ושם הסבירה לי כיצד להגיע לקבוצת הפרטיזנים.

כך ניצלתי, אחת מכל משפחתי, והגעתי ליער.

## מיינע אויגן האבן דאס אלץ צוגעזען / נעכע פעטרוכאָוויטש

מיין זון יאסל פעטרוכאָוויטש איז געווען א ישיבה־בחור. ער האט געלערנט אין דער סלאָ־בּימער ישיבה, אבער ווען דער דייטש איז אריין, איז מיין זון געקומען צוריק אהיים. נאכדעם איז ער געווען אין לאגער פּוזעוויטש, מיט אלע יונגעלייט, און אז מ׳האָט דעם לאגער צעטריבן, איז ער געבליבן אין דערהיים. יעדן טאג פלעגט מען אים, מיט אלע אידן, טרייבן גראָבן גריבער. איך פלעג אמאָל צאָלן מיט מעל און שיקן א פרעמדן אויף זיין אָרט. נאכהער האָבן מיר זיך געלאזט קאסטן געלט און אויך געגעבן פאדעשווע־לעדער, אז מ׳זאל דעם זון אריינ־נעמען אין סטאָלריי־ווארשטאט. געארבעט האט ער אין לאבזאווער הויף און יעדן טאג פלעגט ער מיט אלעמען קומען אהיים.

דעם לעצטן טאג, תשעה באב, האָט ער געפאסט, געקומען אהיים און געבראכט מיט זיך בוריקעס און קעז. זאגט ער צו מיר : „מאמינקע, היינטיקן שבת וועט שוין זיין וואָס צו עסן״. כ׳האב אָפּגעבאקן א גאנצן געבעק ברויט.

אויף צומארגנס האט מען אים געהרגעט.

איך אליין האב אים פארבאהאלטן, אבער זיי האָבן אים געפונען. און איך האָב אליין געהערט, ווי ער האט זיך געבעטן בא די דייטשן, געזאגט זיי אז ער איז א פאכמאן. האָבן זיי געענטפערט : גוט, מיר דארפן האָבן אזעלכע ווי דו. און מ׳האָט אים צוגענומען צו טויטן. און איך האָב דאָס אלץ געקענט איבערטראָגן !

מיין טאָכטער גישע איז געווען אויפן בוידעם. האט מען זי מיט נאָך עטלעכע און צוואנציק מענטשן אראָפּגענומען פון דאָרטן. דער פּאָלי־ציאנט, וואָס האט אמאל געארבעט בא שעלוב־סקין אין מיל, האט זי נאך געשלאָגן און געש־טויסן, שרייענדיק : „אידזש פרענדזוי !״ און זי האָט נעבעך גערופן נאך הילף : „אידן, אידן !״

און די מאמע האט דאס אלץ געקענט איבער־לעבן, הערן און ניט קענען העלפן!

מיר זיינען געזעסן אין „סכראָן" בא פיניע דעם בלעכער. געוואוינט האָבן מיר בא אים אין שטאל, ווייל קיין אנדער אָרט האָבן מיר שוין ניט געהאט. ס'איז אוממעגלעך צו באַש־רייבן, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין יענע טעג!

צומאָרגנס נאָך דער ערשטער שחיטה איז מיין מאן אנטלאָפן אין וואלד מיט אונזער 10־יאריקן אינגל. זיי זיינען געלעגן אויפן בוידעם אונטער א שליטן, אלעמען האט מען אראָפּגע־נומען פון בוידעם און דערשאָסן, זיי זיינען לעבן געבליבן. צום סוף איז אונזער אינגל פאר־לאָרן געגאנגען אין וואלד.

איך האָב ניט געוואוסט, אז מיין מאן לעבט און ער האָט וועגן מיר גאָרניט געוואוסט. דעם ערשטן טאג האט מען אלעמען געטריבן צום גרוב. שבת, דעם צווייטן טאָג, האט מען אלץ געשאָסן אויפן בית־עלמין און געלייגט אין די גריבער.

זונטיק פרי זיינען די שטאטנע מענטשן געגאנגען נאך וואסער. איך האָב דאס געזען פון מיין באהעלטעניש. נאכהער, 10 אזייגער, האט מען ווידער גענומען שיסן.

מ'האט געבראכט שאפיראַ'ן מיט זיין פרוי און זון, און א בעזשענקע, און דאָבקע ליפּ־שאָוויטשעס צוויי זין, און צירע פריידקעס מאן, און ריבעס מאן, און מענדזשע בעקענשטיינס איידעם. מ'האָט זיי געהייסן גראָבן די גריבער, האָבן זיי ניט געקענט, און דער פאָליציאנט האָט זיי געשלאָגן מיטן ביקס. נאכדעם האָבן זיך די דאָרפישע גויים גענומען גראָבן.

אזוי האט מען פון אלע ערטער און באהעל־טענישן געבראכט די אידן און זיי געשאָסן. איך האב דאס אלץ געזען מיט מיינע אויגן!

כ'האָב געזען, ווי מ'האט נאכדעם געבראכט יאנקל וויינשטיינען אנגעטאָן אין א פוטער, און שיינע־רייזלס א ברודער, אן אמעריקאנער. מ'האט אים אויסגעטאָן נאקעט ווי די מאמע האָט אים געהאט און דער גוי גערביק, פון אלעקשיץ, האָט צוגענומען [illegible]גע זאכן. דאָס אלץ האב איך צוגעזען.

נאכהער האָט מען געבראכט א בעזשענקע מיט א קינד אויפן האנט. מ'האָט זיי גע־שאָסן און אריינגעוואָרפן אין גרוב. דער קאָפּ מיטן מוח זיינען געלאָפן אין דער הויך. א האלאנער פרוי מיט א קינד אויף די הענט האָט מען געטאָן דאסזעלבע. די צוויי בילדער וועל איך ביז מיין טויט ניט פארגעסן.

מ'האט נאכדעם געבראכט די וואגאנטשיכע און געשאסן, און פאר איר איז שוין קיין אָרט אין גרוב ניט געווען, האָט מען איר קערפער אזוי פארקאָרשקעט.

און נאָך א סך אידן האָט מען אזוי געבראכט און געמאָרדעט. און דער הויפטמאן איז געש־טאנען און פאטאגראפירט אָן אויפהער.

דאן האָט מען געבראכט 10 מאן פון דער גארבארניע. ישיע דעם האלינקער האָט מען שוין געהאט פארוואונדעט, איז לייבקע שולקא־וויטש געגאַנגען לעם אים מיט א שיסל, דאס בלוט זאל זיך אים ניט גיסן איבער דער ערד. ווי מ'האָט זיי געבראכט צום גרוב, האָט מען אלע אויסגעטאָן נאקעט און מ'האט איינעם געשאסן גלייך אין גרוב אריין.

האט עליע גאָלדינבערג אנגעהויבן ריידן: „ווער וועט אייך ארבעטן די פעל?" — איז צוגעקומען דער זאָנדער־פירער און געהייסן מ'זאל זיי לאָזן לעבן. האט מען זיי ארויסגענומען צוריק פון גרוב.

מער האָב איך שוין ניט געקענט קוקן.

מיר זיינען געזעסן פארשטעקט אין אונזער „סכראָן", דאס איז געווען א סוכה און איר וואנט איז ארויס צום בית־עלמין. דורך די שפּארונעס האָבן מיר אלץ געזען, איך און מיין אינגערע טאָכטער היה יודאָוויטש.

זונטיק ביינאכט זיינען מיר אנטלאָפן אין וואלד. מ'האָט אונז נאָכגעשאָסן. אויפן וועג זיינען געלעגן א סך טויטע, ניט פארגראָבענע. דערשאָסענע ביים אנטלויפן פון גיהינום.

## צו דער גארער וועלט / רעגינע ראבינאָוויטש
**(געשריבן בעת דעם אייכמאן־פּראָצעס)**

— — — קומען וועט נאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה,
ס׳וועט א פּויק טאָן אונזער טראָט — מיר זיינען דאָ!

מיר קומען פון פוילן, טשעכיע, אונגארן און ליטע,
פון שטעט און שטעטלעך „יודענריינע" נאך דער שחיטה;
פון געטאָס, בונקערס, גריבער, שטעכעדיקע דראָטן,
פון אומעטום וואו מ׳האָט אונז אויסגעראָטן;
פון אוישוויץ, סאָביבור, טרעבלינקע און מאידאנעק,
וואו מיר זיינען טויזנט מיתות אויסגעשטאנען;
פון אייז און שניי, פון ווינטן, רעגנס, ברענענדיקע שטראלן,
פון כוואליעס שטורמישע, פון בלוטיק־זידנדיקע קוואלן.

מיר קומען איצט אלס אויסגעוויילטע ריכטער
א ניי קאַפּיטל שרייבן אין דער וועלט־געשיכטע.
וועלט, קוק זיך צו צום טויטן־מארש,
הער זיך איין צום גרויזאמען רעש —
דאס זיינען מיר די זעקס מיליאן מתים אויפגעוועקטע,
צו דיר, אָ, וועלט, מיט פויסטן אויסגעשטרעקטע.
מיר קומען פון יענעם ווייטן, ווייטן וועג,
פון יענע בלוטיקע נעכט און שוידערלעכע טעג.

צי אראָפּ די ווײַסע הענטשקעס, וועלכע דיינע הענט באשיצן
זיי זאָלן זיך מיט אש און בלוט, חלילה, ניט באשפּריצן.
אָ, וועלט, דו ציניִשע, הויב אויף דיין קאָפּ און לויער,
מאך אויף די אויגן — פול מיט שרעק און שאנד און טרויער,
קוק זיך צו, דו וועלט, נעם זיך אָן מיט מוט,
מיר זיינען דאָך שטראָמען פון זודיקן בלוט,
מיר זיינען הייסער אש פון אויסגעברענטע אויוונס,
מיר זיינען רויך פון קרעמאטאָריִע־קוימענס;
פון אלע וועגן, אלע שטעגן, צעזייטע און צעשפּרייטע ביינער,
פון מיילער אונזערע ארויסגעריסן אלע גאָלדענע ציינער,
אויסגעמישט מיט ערד און ליים, מיט ציגל און מיט קאלך,
מיט צעשפּריצטן קינדערישן מארך;
צעשאָסענע און לעבעדיק פארשאָטענע,
מיט „ציקלאָן־ב" גאז אויסגעראָטענע;
דורך בייזע הינט ביז טויט געלינטשטע,
הינט געקרוינטע דורך ס"ס־לייט מיטן נאָמען „מענטש";
מיר זיינען א פּראָדוקט — זייף,
געמאכט פון אונזער בלוט און פלייש צום פארקויף;
מיר זיינען אבאזשורן פון מענטשלעכער הויט,
אראָפּגעשונדן נאָך ביים לעבן — און באלד נאָכן טויט.

אַ, וועלט ציוויליזירטע,
פארנארטע און פארפירטע!
ווי גלייכגילטיק ביסטו געווען צום נאצישן סאדיזם,
ווי לייכטזיניק זיך צוגעקוקט צום ווילדן קאטאקליזם!
קיין הילף, קיין ווידערשטאנד און קיין פארמעסט.
וואו איז דאן געווען דיין געוויסן, דיין פראָטעסט,
ווען פול מיט שרעק און פיין עס האָבן קינדער קליינע,
דאר און קוואר, נאָר הויט און ביינער,
אין אנבליק פון דעם טויט
געבעטלט: גיט א שטיקל ברויט, א שטיקל ברויט!
און וואו איז דאן געווען די מענטשלעכע אחריות
צו ראטעווען כאָטש קינדער פון נאציש־ווילדע חיות?

אַ, וועלט פון טאטע־מאמעס! קינדער פונקט ווי אייערע,
אינגעלעך און מיידעלעך, זיסינקע און טייערע,
שווארצע, בלאָנדע, געלע קעפעלעך,
ווער מיט קורצע הערעלעך און ווער מיט לאנגע צעפעלעך,
ליבע און באטעמטע ליכטיקע פנימלעך,
מיט חנעוודיקע גריבעלעך אין זייערע בעקעלעך,
אויגעלעך ווי סאמעט, בלויע ווי דער ים,
וואָס האָבן געלויכטן מיט גן־עדן־טעם.
דיזעלבע קליידעלעך ווי אייערע קינדער געטראָגן,
און ווי אייערע קינדער זיך געשפילט און געשלאָגן.
האָט עס דען דער וועלט געשטערט אדער געשאדט,
וואָס זיי האָבן נעמען אנדערע געהאט?
איז דאָס געווען אזא גרויסע זינד
געבאָרן צו ווערן אלס אידיש קינד?

אך! צו שפעט זיך געענדיקט דאָס טייוולאָנישע שפיל,
צו שפעט זיך דערוועקט דאָס מענטשלעכע געפיל,
צו שפעט האט פארבלאָנדזשעט א זיפץ, א טרער —
דער וועלטס על־חטא טרייסט שוין ניט מער.
ווייל די לופט איז מיט קנאלן פון קוילן צעקלונגען
איבער ערד וואָס האָט זעקס מיליאָנען פארשלונגען.

ברידער און שוועסטער, כל זמן מיר לעבן —
קיינמאָל ניט פארגעסן, קיינמאָל ניט פארגעבן!
נקמה וועט צינדן דיין לייב מיט פלאמען,
ביז וועסט ווערן פארשרפעט פון בושה, נאצישע מאמע!
הייליקע קינדערשע נשמות הייסן: **אייביק געדענקען!**
מאָנען: **נקמה, נקמה,** ניט שענקען, **ניט שענקען!**

# אל תבל ומלואה / רגינה רבינוביץ

**(נכתב בימי משפט־אייכמן)**

**זה יום נכספנו לו עוד יעל ויבוא,**
**ומצעדנו עוד ירעים : אנחנו פה !**

מפולין, מצ׳כיה, הונגריה וליטא אנחנו,
ממקומות בהם עד אחרון היהודים נטבחנו ;
מבונקרים, מגיטאות מחומות שסגרו עלינו,
עד אשר קלגסי הרצח קמו לכלותנו ;
מאושביץ, טרבלינקה, מאידאנק, מכל המחנות
בהם הומתנו יומם ולילה באלף מיתות, —
משלג ומקרח, מרוח זלעפות, מאש הגיהינום,
מתוך הכבשן, מחוד הקרדום, מעל הגרדום
באנו הלום —
כשופטים הגענו, כנבחרי העם
לכתוב פרק חדש בתולדות העולם.

תבל, הביטי וראי את מצעד הכליון
של עם רב שנטבח, של ששה מיליון.
מקברות־אחים באנו, מיליוני המומתים,
ואגרופינו אלייך, תבל, מושטים.
באים אנו מדרך ארוכה־ארוכה,
מאותם ימי ההרג ולילות המצוקה.

הורידי כסיותייך הלבנות, אשר הגנו
על ידייך מהזדהם בדמנו ובאפרנו.
ראשך הרימי, תבל צינית ומפוכחת,
פקחי עינייך, עיני כלימה, יגון ופחד,
הסתכלי, תבל, אזרי עוז רק הפעם :
אנו זרמי דם השוצפים בזעם,
אנו — אפר לוהט מתנורים עשנים,
אנו — תמרות העשן מארובות כבשנים ;
על פני דרכים ומשעולים עצמותינו פוזרו,
מפיותינו הפעורים שיני־הזהב נעקרו,
זוהמנו בעפר וחומר, בסיד ובלבנים,
במוחות שפוכים של תינוקות קטנים ;
ירויים או קבורים חיים בבורות ארוכים,
מורעלים בגאז „ציקלון־ב״ וחנוקים ;
שסועים בשיני כלבים ברעבונם,
כלבים שחיות־ס״ס כינום : „בני־אדם״ ;
סבון אנחנו, מוצר גרמני מובחר
עשוי מדמנו וחלבנו למקח וממכר ;
אנחנו — אהילים עשויים עור אדם.
שנפשט בעודנו שותתים דם.

אהה, תבל מתורבתת,
מרומה ומעוותת!
מה רבתה אדישותך ברצוח הטבטונים
בכל מיני מיתות את המיליונים, **המיליונים.**
היכן היתה אז עזרתך, עמידתך בשער
להצלת תינוק ואם, זקן ונער?
היכן היית, כשילדינו הקטנים,
עור ועצמות כולם, נפוחי פנים,
אפופי צלמוות, בלי אבא־אמא, בני בלי בית,
התחננו: פת לחם תנו, ולו קטנה כזית?
ומצפונך היכן היה בימי ההרג,
כאשר נפלו העוללים מידי חיתו הפרא?
אהה, תבל אבות ואמהות, בדיוק כמו אלה שלכם
היו הילדים שלנו, שנרצחו ללא רחם,
שער ראשם היה בהיר, זהוב, שחרחר,
ארוך־צמות, גדל־בלורית או סתם קצרצר,
כה מתוקים וזוהרים היו פניהם
עם יופי של גומות־החן בלחייהם,
ועיניהם — קטיפה, כחולות ככחול הים והשמיים,
וכל חינו של גן־העדן זהר מאלה העיניים;
והם לבשו בגדים ושיחקו — כמו ילדי תבל כולה,
כילדיכם מילאו גם הם אוויר הרחוב בהמולה.
האמנם, תבל, הפריעו לך הילדים
מחמת השוני שבשמותיהם היהודים?
האם היה כל כך גדול החטא
כילד יהודי להיוולד?

אהה, איחר לבוא קיצו של מחול המוות,
בושש להזדעזע מצפון אנוש אל מול העוול,
התמהמהו האנחה והדמעה על קברותינו,
אף הכאת על־חטא של התבל לא עוד תנחמנו.
כי ילל הכדורים נישא על פני האדמה,
אשר בלעה מיליונים וכיסתה דמם.

אחים ואחיות, כל עוד חיים אנחנו —
מאומה לא שכחנו, מאומה לא סלחנו!
ונקמתנו תצרבך כאש, כמדקרות חנית,
עד שתאכלך כלימה, האם הטבטונית!
נשמות הילדים תובעות: **לזכור לעד הכל!**
לנקום! לנקום! ולא לסלוח, **לא למחול!**

## קברות קדושינו הי״ד



## קברים פון אונזערע קדושים הי״ד

# צוויי יאר אין פארטיזאנקע / מאשע און אברהם־הירש קולאקאָווסקי

דעם גאנצן לאנגן שחיטה־טאג זיינען מיר געלעגן אין הויכן קאָרן. פארנאכט, ווי ס׳איז נאר טונקל געוואָרן, זיינען מיר ארויס פון פעלד און אוועק אין ליפּאָווער וואלד. דארטן האָבן מיר איבערגענעכטיקט, אבער פארטאָג צוריק אריינגעקראָכן אין קאָרן־פעלד, ווייל דער וואלד איז געווען א שיטערער און מ׳האָט אין אים ניט געקענט זיך אויסבאהאלטן.

ווידער זיינען מיר אָפּגעלעגן א גאנצן טאג אין פעלד, שטארקנדיק די פארשמאכטע הער־צער מיט א פאר קאָרן־זאנגען. ווען ס׳איז צוגעפאלן די צווייטע נאכט, איז אברהם אוועק צו א באקאנטן קריסט און באקומען פון אים א לאבן ברויט. דערביי האט ער זיך דער־וואוסט, אז איסר לעוו, זיין שוואָגער, איז לעבן געבליבן.

מיר האָבן באשלאָסן זיך לאָזן אין וואלד אריין זוכן די פארטיזאנער.

### וואו נעמט מען געווער?

א גאנצע נאכט זיינען מיר געגאנגען און צומארגנס גאנץ פרי אָנגעקומען אין דאָרף דובראָווקע. אין דובראָווקער וואלד האָבן מיר געטראָפן עטלעכע דערעטשינער אידן, וועלכע זיינען שוין געווען אין א פארטיזאנישער גרופּע אונטער דער אָנפירערשאפט פון אן אַסטראָווער קריסט, בולאק. ער האָט אונז גאנץ ווארעם אויפגענומען און עטלעכע טעג געגעבן אונז אָפּרו און עסן. נאָכדעם אבער האט ער אונז געזאָגט, אז מער קען ער אונז ניט אויסהאלטן און אז פון איצטער אָן דארפן מיר אליין זארגן פאר זיך, און קודם כל דארפן מיר זיך שאפן געווער.

אָבער ווי־אזוי שאפט מען געווער מיט ליידיקע הענט און קעשענעס? אים, דעם פארטיזאנען־פירער, האט דאס ניט אינטערעסירט: „גייט, קויפט געווער פאר אייער געלט...״ — און מיר האָבן ניט געהאט קיין גראָשן בא לייב און לעבן, חוץ די צעריסענע בגדים אויף זיך.

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן אונזער פארטיזאניש לעבן. ארום דריי הונדערט נפשות האָבן זיך געראטעוועט פון דער שחיטה אין דערעטשין, צווישן זיי פיל פרויען און קינדער. כדי צו שאפן געווער פאר די קאמפּס־פעאיקע האָט מען געמוזט עפּעס אויפטאָן. מיר האָבן אויסגעווילט א קאמיטעט פון דריי מענטשן, וועלכער האט געדארפט אויסארבעטן פּלענער צו דעראָבערן ווי ס׳ניט איז געווער. ס׳איז באשלאָסן געוואָרן צו מאכן אן איבערפאל אויף דערעטשין, צעק־לאפן די דייטשן און פּאָליציאנטן און אזוי ארום קריגן א ביסל געווער.

נאָך לאנגע ריידענישן איז אונז געלונגען צו איבערצייגן דעם רוסישן קאָמאנדיר, אז ער זאָל אונז באָרגן א ביסל געווער כדי אויסצופירן דעם אטאק אויף דערעטשין.

### דער אָנגריף אויף דערעטשין

דערווייל האָבן מיר געשאפן א קאָנטאקט מיט עטלעכע דערעטשינער יונגעלייט, וועלכע האָבן געערט צו ד״ר אטלאסעס פארטיזאנער־גרופּע. נאָכן צוזאמענריידן זיך מיט זיי, איז באשלאָסן געוואָרן אויסצופירן דעם אָנגריף אויף דערע־טשין צוזאמען.

א סך איז שוין דערציילט און געשריבן געוואָרן וועגן ד״ר אטלאסן און זיינע פארדינסטן פאר דער אידישער פארטיזאנקע אין די ווייס־רוסישע וועלדער. איינע פון זיינע גרעסטע אויפטוען איז געווען — דאס שאפן געווער פאר אידישע פארטיזאנער, פאר די וועלכע זיינען שוין געווען אין וואלד און פאר די וואס האבן נאך געדארפט אָנקומען. אלס דאָקטאָר, וואס איז באליבט געווען אין די ארומיקע דערפער, האט ער מיט דער הילף פון פויערים, דורך אלערליי וועגן און מיטלען, אנטדעקט פאר־שיידענע געווער־לאגערן און באהעלטענישן, געבליבענע נאך דער אָפּטרעטנדיקער רויטער ארמיי. ד״ר אטלאס האָט באוואָפנט יעדן אידן וועלכער איז געקומען אין וואלד אריין מיטן

ווילן און פעאיקייט נקמה צו נעמען אָן די דייטשן. פאר הונדערטער אידישע יונגעלייט האט אטלאס געדינט אלס ביישפיל פון א מוטיקן, געוואגטן און אנטשלאסענעם קעמפער.

אן ערך 200 מאן, פון וועלכע נאר א קליינער טייל איז געווען באוואָפנט און די מערהייט בלויז מיט שטעקענער אין די הענט, זיינען צווי וואָכן נאָך דער שחיטה אָנגעפאלן אויף דערעטשין.

דער אָנפאל איז געווען פאר די דייטשן אומדערוואַרטעט — און פאר די פארטיזאנער א נצחון! נאָך א קאמף פון צוויי שעה זיינען געהרגעט געוואָרן ארום 50 פאָליציאנטן און צוויי דייטשן. 13 פאָליציי־לייט זיינען גענומען געוואָרן אין געפאנגענשאפט. עס זיינען אריינ־געפאלן אין די הענט פון די פארטיזאנער אלע פראדוקטן־מאגאזינען און געווער־לאגערן.

פון אונזער זייט זיינען געפאלן פינף קעמפער: דוד דאָמבראווסקי, וועלכער האט נאָך פארן טויט אנגעזאגט זיין ברודער ער זאל נקמה נעמען פארן פארגאסענעם אידישן בלוט; חיים פעלקאָוויטש, חנן קרעסנאווסקי פון קאָלאָנע און צוויי פליטים.

4 וואָכן האבן מיר געהערשט אין שטעטל און אין דער גאנצער אומגעגנט. מיר האָבן פארברענט כמעט אלע הייזער און געשאסן די אלע, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן דעם דייטש אומצוברענגען אונזערע טאטעס, מאמעס און קינדער. א פחד איז אנגעפאלן אויף אלע אונזערע שונאים אין דערעטשינער ראיאָן.

### די פארטיזאנקע לעבט אויף

מיטן אנגריף אויף דערעטשין האט אויפ־געלעבט די פארטיזאנקע אין אונזער געגנט. עס הויבט זיך אָן א שורה פון העלדן־טאטן, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר אטלאס, פון בולאקן און פון אונזער דערעטשינער אליהו ליפשאָוויטש.

די לאגע פון די אידישע פארטיזאנער איז נאכן קאמף אין דערעטשין געוואָרן א סך לייכטער. דער דרייסטער אָנפאל אויפן דייטשן גארניזאָן האָט געווירקט רעספעקט בא די קריסטן, וועלכע האבן אנגעהויבן צו באקומען דרך־ארץ פאר די אידישע פאַרטיזאנער.

די אידן האבן דאָך איינגעזען, אז ס׳איז פיל גלייכער צו צעטיילן אידישע קעמפער צווישן פארשיידענע רוסישע פארטיזאנער־איינהייטן. אזוי זיינען געשאפן געוואָרן עטלעכע געמישטע גרופן. נאר איין גרופע, פון ד״ר אטלאס, איז געבליבן א אידישע.

אין וואלד איז נאָך געבליבן א גרויסע גרופע פון א פאר הונדערט עלטערע מענער, פרויען און קינדער, ניט קיין קאמפס־פעאיקע, וועלכע האָבן געבילדעט א „סעמיינעם״, פאמיליען לאגער.

פיר וואָכן נאָך אונזער אנגריף אויפן דערע־טשינער גארניזאָן איז אָנגעקומען א דייטשע דעוויזיע און צוריק פארנומען דערעטשין. דאס האט ווייניק וואָס אפגעשראָקן די פארטיזאנער, וועלכע פלעגן נאָך פון צייט צו צייט קומען קיין דערעטשין אויף קורצע „באזוכן״ און אָנמאכן די דייטשע אָקופאנטן א סך צרות.

### דייטשער קאָנטר־אטאק

ערשט דאן האט דער דייטש באשלאָסן זיך נעמען צו די וועלדער, אין וועלכע ס׳האבן פריי געהערשט די פארטיזאנער. די דייטשע מיליטערישע מאכט האט קאנצענטרירט א ריזיקן כוח, וועלכער האָט באלאגערט די וועל־דער און נאָך א קורצן קאמף זיך אריינגעריסן אינעווייניק.

די שלאכט אין וואלד האָט געדויערט א גאנצן טאָג. פון אונזער זייט זיינען געפאלן א סך קרבנות. ארום 20 פארטיזאנער און 70 פון „סעמיינעם״ לאגער זיינען אריינגעפאלן אין די הענט פון די דייטשן, און מ׳קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאר א שוידערלעכן טויט זיי האָבן געהאט. פון די דייטשן זיינען געפאלן פיל מערער, זיי האָבן ממש אנגעלאָדן פולע אויטאָס מיט זייערע פגרים.

ערשט דאן ווען ס׳האט שוין די פארטיזאנער אויסגעפעלט אמוניציע, האָבן זיי דורכגעריסן א דייטשן פליגל און אוועק אין א צווייטן וואלד.

עטלעכע טעג נאָך דער שלאכט זיינען מיר צוריק געקומען אין אונזער פריערדיקן וואלד און נאָך מיט מער ברען זיך גענומען צו דער פארטיזאנישער ארבעט. דאן האָבן מיר אָנגעג־

הויבן גיין „אויף באנען", ס׳הייסט: אונטערגעלייגט מינעס אונטער די רעלסן, כדי די דייטשע באנען, ס׳רוב מיט זעלנער און אמוניציע, זאלן פליען אין דער לופטן. דעמזעלבן סוף האָבן געהאט די גרעסערע בריקן, די ארומיקע פאבריקן וועלכע האָבן געארבעט פארן דייטש. מיר פלעגן ניט דערלאָזן, אז די פויערים זאָלן צאָלן דעם דייטש צינזן, און פון די אלע דערפער וואס זיינען געלעגן נאָנט צום וואלד האָט טאקע דער דייטש ניט געקענט ארויסשלעפן קיין איין מארק.

### אונזערע געווער־זאפאסן וואקסן

גייענדיק איינמאל לענג־אויס דעם ברעג פון דער שטשארע, האבן אונזערע פארטיזאנער זיך אָנגעשטויסן אויף א פאנצער־אויטאָ, וואָס איז דארטן איבערגעלאָזן געווארן דורך דער אָפטרעטנדיקער סאָוועטישער ארמיי. מ׳האָט גוט באטראכט דעם „בראָניעוויק" און באשלאָסן אים פארריכטן, כדי ער זאל אונז נאָך קענען נוצן ברענגען. און אזוי איז טאקע געווען. אין א קורצער צייט ארום פלעגן שוין די פארטיזאנער זיך ארויסלאָזן אין קאמף מיט א געפאנצערטן אויטאָ. די ערשטע פראָבע מיטן „בראָניעוויק" האָט מען געמאכט אין האלינקע. אויך דאָרטן האָבן די פארטיזאנער פארניכטעט די דייטשן און פאָליציי־לייט, פארברענט די הייזער און זיך אָפגערעכנט מיט די וואָס האָבן געהאָלפן דעם דייטש אין זיינע מערדערישע מעשים.

אזוי איז געוואקסן אין אונזער געגנט די פארטיזאנישע באוועגונג און זיך געשטארקט פון טאָג צו טאָג. מיט דער צייט זיינען צוגעקומען סאָוועטישע געפאנגענע פון די דייטשע לאגערן, אלץ מער און מער ווייסרוסן זיינען אוועק פון זייערע דערפער, פארלאזן דאס ביסל האָב און גוטס און אנטלאפן אין וואלד אריין.

קיין אידן זיינען שוין מער אין וואלד ניט געקומען. ניט געווען שוין ערגיץ אין אונזער געגנט מער קיין אידן.

די אמוניציע־זאפאסן זיינען געוואקסן, אלס רעזולטאט פון די געלונגענע אָנפאלן אויף דייטשע גארניזאָנען און פאָליצייאישע סטאנציעס.

### מ׳גייט אויף קאָזלווישטשינע

אין א געוויסן טאָג איז באשלאָסן געווארן צו אטאקירן קאָזלווישטשינע, וואו ס׳איז געווען סטאנציאָנירט א גרויסער, שטארק־באוואָפנטער דייטשער גארניזאָן.

מ׳איז טאקע אוועק אויף קאָזלווישטשינע.

ווי ס׳האָבן אויסגערעכנט אונזערע זאכקענער, איז דאָס אויסגעפאלן ערב ראש־השנה, 1942. מיר האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף א פלאץ ארום 10 קילאָמעטער פון שטעטל. די נאכט איז געווען אַן אָסיענדיקע, א קאלטע און פינסטערע. א קאלטער רעגן האָט אונז דורכגענעצט ביז די ביינער. מיר האָבן געעפנט אונזער מארש צום שטעטל.

א קילאָמעטער פון קאזלווישטשינע זיינען מיר שטיין געבליבן, און די קאָמאנדירן האָבן געגעבן די לעצטע אינסטרוקציעס. אלס סיגנאל צום עפענען דעם קאמף האט געדארפט דינען א שאָס פון אונזער הארמאט.

פונקט 2 ביינאכט איז געפאלן דער ערשטער שאָס. מיט „הורא!"־געשרייען האָבן מיר זיך געוואָרפן אויף די פאָזיציעס פון שונא. די שלאכט האט געדויערט פון 2 ביינאכט ביז 8 פרי. דער שונא האט זיך פארביטערט געראנגלט. דאך איז דאָס שטעטל געבליבן אין אונזערע הענט, אָבער ניט אויף לאנג. די דייטשן האָבן באקומען א גרויסע הילף און די פארטיזאנער זיינען געצוואונגען געווען צו פארלאָזן דעם קאמפס־פלאץ. ביים אָפטרעטן איז איין הארמאט און א גרויסער קוילן־ווארפער געבליבן ביים שונא. א גרופע אידישע קעמפער האט באשלאָסן צוריק ארויסנעמען פון שונא׳ס הענט אונזער טייער געווער — און זיי האָבן דאס דערגרייכט. דאָס האָט געקאָסט דאָס לעבן פון דריי יונגע, 16־יעריקע אידישע פארטיזאנער. די איבעריקע, לעבן־געבליבענע האָבן צוריק געבראכט מיט זיך פון שלאכטפעלד דעם הארמאט און קוילן־ווארפער. פאר זייער דרייסטן טאט האָט זיי דער פארטיזאנער־שטאב געגעבן אויסצייכענונגען. געווען זיינען דאס די דערעטשינער קעמפער גדליה באָסאק און ז״ל חיים־יהושע ליפשאָוויטש, און דער פליט פון ווארשע קרימאלאָווסקי.

מ׳דארף דערביי דערמאנען דעם העלדישן


אליהו (עליק) ליפשאָוויטש ז״ל אלס פוילישער זעלנער

קאזלווישטשינער אידישן פארטיזאן, אברהם קאזלאָווסקי, וועלכער האט מיט זיין אייגענער האנט דערשאָסן 11 פאָליציאַנטן, ביז ער איז געפאלן פון א קויל פון צוועלפטן פאָליציי־מאַן.

### אידישע העלדן־טאָטן

עס דערנענטערט זיך דער ווינטער. א פחד פאלט אויף די פארטיזאנער. קעמפן קעגן די דייטשן זיינען זיי שוין געוואוינט, אבער קעגן פראָסט?! ווער קען וויסן וועלכע שווערע קאמפן ס׳שטייען אונז פאָר? מענטשן שמועסן, ברענגען ארויס די פארשיידנסטע פארשלאגן: מ׳זאל גיין און דורכרייסן דעם פראָנט, וועלכער איז נאָך דאן געשטאנען ערגיץ בא מאסקווע און סטאלינגראד; און אפשר גאר לאזן זיך אויף מערב? די אידן, און נאָך זיי אויך די קריסטלעכע פארטיזאנער, באשליסן צו ווינטערן אין די וועלדער. מ׳הויבט אָן זיך גרייטן צום ווינטער. מ׳מאכט סוכארעס, מ׳זאלצט פלייש און שמאלץ און מ׳איז גרייט אויפצונעמען דעם קאמף מיטן ווינטער.

אבער נאָך פאר דעם קומט אונז אויס צו קעמפן מיטן דייטש. אין סאמע הארץ פון אונזערע וועלדער ליגט דער דאָרף רודא יאַוואָרסקא. דער דייטש, וועלנדיק אָפּשוואכן און צעברעקלען אונזערע כוחות און ניט דער־לאָזן צו קיין קאָנטאקט און צוזאמענארבעט צווישן אונז מיט אנדערע פארטיזאנישע גרופן, באזעצט אין אנהויב פון נאָוועמבער א שטארק באוואפנטן גארניזאן אין רודא. דער גארניזאָן האָט נאָך קוים באוויזן זיך איינצואָרדענען אין זיין נייעם פלאץ, ווי דער פארטיזאנישער שטאב האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, און שוין צומארגנס פארטאָג זיינען די פארטיזאנישע גרופן געשטאנען בא די אריינגענג צום דאָרף.

דער אָנפאל האָט די דייטשן געטראָפן אומ־דערווארט. זיי זיינען נאָך כמעט אלע געשלאָפן. דער פארטיזאנישער נצחון איז געווען גרויס: די דייטשן און אוקראינער זיינען געפאלן אין קאמף. אין די הענט פון די פארטיזאנער זיינען אריינגעפאלן מאגאזינען מיט קליידונג, שפייז און אמוניציע. בא דעם געלונגענעם איבערפאל האָבן זיך אויסגעצייכנט די דערעטשינער פאר־


עליק ז״ל נאָכן ארויסגיין פון וואלד

טיזאנער, בראש מיט די ברידער חיים־יהושע און אליהו ליפשאָוויטש, צוזאמען מיט זייער שוועסטער טייבל, ז״ל.

געווען איז דאס דעם 7־טן נאָוועמבער, דעם יארטאג פון דער אקטאָבער־רעוואלוציע. אונ־זערע פארטיזאנער זיינען געזעסן ארום פלאקער און געטראכט, וואס פאר א מתנה מ׳וואלט געקענט צוטראָגן דער סאָוועטישער „ראַדינע״ לכבוד דעם יום־טוב. פלוצלינג דערטראָגט זיך פון אויבן א גערויש און באלד באווייזט זיך איבער אונזערע קעפּ אן אעראָפּלאן, פארשטייט זיך א דייטשער. ווי פיין וואלט דאָס געווען, ווען ס׳וואלט אונז זיך איינגעגעבן אראָפּשיסן דעם פארשאָלטענעם אעראָפּלאן — טראכטן די פארטיזאנער. אבער איידער וואָס־ווען איז שוין דער אעראָפּלאן פארשוואונדן ווייט איבערן וואלד.

בליץ־שנעל האט זיך צומאָרגנס פארשפּרייט איבערן וואלד די ידיעה, אז דער אעראָפּלאן האט צוליב א דעפעקט אין זיין מאָטאָר זיך אראָפּגעלאזן ניט ווייט פון דער וואלד־גרעניץ, אויף א בלאָטע. ד״ר אטלאס, ניט טראכטנדיק לאנג, האט אהין ארויסגעשיקט א גרופּע אידישע פארטיזאנער, בראש מיט אונזער דרערעטשינער אליהו ליפשאָוויטש, כדי אויסצופירן דאָס שטיקל ארבעט. נאך א קורצן קאמף זיינען די דייטשע פליער דערהרגעט געוואָרן און דעם אעראָפּלאן האָט מען פארברענט. ווידער באווייזן די אידישע פארטיזאנער זייער העלדישקייט.

### טויט פון ד״ר אטלאס

דעם זעלבן מאנאט האט דער דייטש ארויס־געשיקט א שטראָף־עקספּעדיציע אויף די פויערים פון די וואלד־דערפער, וועלכע האָבן אים קיין שטייערן ניט געצאָלט. ארום 300 דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צום דאָרף וואָליע. דער ערשטער, וועלכער האָט באגעגנט די דייטשן מיט א האָגל קוילן, איז געווען ד״ר אטלאס מיט זיין גרופּע.

בא יענער זייט טייך איז געשטאנען בלויז אטלאסעס גרופּע פון א 30 מאן. דער קאמף איז, פארשטייט זיך, ניט געווען קיין גלייכער. דאָס האט זיי, די „אטלאסאָווצעס״, ניט אָפּגע־שראָקן. אטלאס האט צעטיילט זיין גרופּע אויף צוויי, איינע האט ער גענומען אונטער זיין אָנפירונג און די צווייטע — אונטער דער אָנפירונג פון אליהו ליפשאָוויטש. ווען א טייל פון די דייטשן איז אריבער די שטשארע, האָבן די פארטיזאנער געעפנט אן אטאק. די שלאכט איז געווען א פארביסענע. די טייך איז רויט געוואָרן פון בלוט. הונדערטער דייטשן און אוקראַאינער זיינען דערשאָסן געוואָרן.

די אידישע פארטיזאנער האבן דאן באקומען הילף פון דער צווייטער זייט שטשארע, און אזוי האבן זיך די דייטשן געפונען אין קלעם צווישן צוויי פייערן, דער צוריקקער איז זיי אָפּגעהאקט געוואָרן און א סך פון זיי האָבן זיך געוואָרפן אין טייך און דערטרונקען געוואָרן.

די שלאכט האָבן די פארטיזאנער געוואונען, אָבער זיי האָבן פארלארן דעם בעסטן און געטרייעסטן העלד און ארגאניזאטאר פון דער אידישער פארטיזאנישער באוועגונג, דעם ד״ר אטלאס. ער איז פארוואונדעט געוואָרן אין פוס, און ביז מ׳האָט אים געגעבן די נויטיקע הילף, איז ער אויסגעגאנגען אין בלוט און אויסגעהויכט זיין נשמה.

דער טויט פון ד״ר אטלאס האט ארויס־



חיים־יהושע ליפשאָוויטש ז״ל

גערופן א שטארקן טרויער בא אלע פארטיזאנער, אמשטארקסטן אָבער האָבן געפילט דעם פאר־לוסט די אידישע וואלד־קעמפער. נאָך זיין טויט איז אויפגעקומען א שטארקע אנטיסעמיטישע כוואליע מצד די קריסטלעכע קאמפס־חברים, הגם די העלדישע אויפטועז פון די אידישע פארטיזאנער, אונטער דער אָנפירונג פון אליהו ליפשאָוויטש, האָבן ניט אויפגעהערט אויף קיין איין טאָג און זיינען אפילו נאָך פארשטארקט געוואָרן. מיט מער ברען און פארביסנקייט האבן זיך די פארטיזאנער אריינגעוואָרפן אין דער דיווערסיע־ארבעט. אלע באן־ליניעס אין אונזער געגנט זיינען צעשטערט געוואָרן, קיין איין טראנספארט האט ניט געקענט דורכגיין אויף יענע ליניעס צום פראָנט. א פחד האט ארום געכאפט די דייטשע גארניזאָנען און זיי האָבן גענומען אלארמירן די העכערע מיליטערישע מאכט וועגן הילף. און די הילף איז זיי געשיקט געוואָרן.

ביטערע שלאכטן אין וואלד

דעם 24־טן דעצעמבער 1942 האָבן זיך דערנענטערט צו די וואלד־דערפער 5 דיוויזיעס פון דייטשן פראָנט־מיליטער, באוואָפנט מיט דער בעסטער טעכניק. זיי האָבן ארומגערינגלט דעם וואלד. אונזערע גרופן האָבן דאן געציילט ארום 800 מאַן. עס האט זיך אָנגעהויבן א שלאכט אויף טויט און לעבן. דריי מעת־לעת האָבן מיר געקעמפט פאר יעדן שפאן ערד, פאר יעדן בוים. ווי ווילדע חיות האבן מיר זיך געוואָרפן אויף די דייטשן, און ממש וואונ־דער באוויזן. דייטשע מאשינעס און טאנקען זיינען געפלויגן אין דער לופטן. הונדערטער דייטשן זיינען אומגעקומען. אבער לאנג אויס־האלטן דעם דרוק פון אזא גרויסן פיינטלעכן כוח האָבן מיר ניט געקענט. מיר האָבן באשלאָסן אָפּטרעטן אין אן אנדער וואלד. מ׳האט דורכ־געריסן דעם שונא׳ס ליניע און אוועק א פאָר צענדליק קילאָמעטער ווייט, אין א צווייטן וואָלד.

די פארטיזאנער האָבן דאן קיין סך פארלוסטן ניט געליטן, אבער די פאמיליע־גרופן און די דאָרפישע באפעלקערונג האָבן געבראכט א סך קרבנות. די דייטשן האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיט מענטשלעכן בלוט און זיינען אָפּגעטראָטן פון וואלד.

אין א פאָר וואָכן שפעטער זיינען מיר צוריק געקומען אין אונזער פריערדיקן וואלד. און אזוי ווי שטענדיק זוכן קריסטן די סיבה פון אומגליק און געפינען פונקט דעם אידן, איז דאסזעלבע געווען אויך אין וואלד. עס האט זיך אָנגעהויבן א שטארקע אנטיסעמיטישע העצע, פון וועלכער ס׳האבן באזונדערס געליטן די „סעמיינע״ לאגערן. די רוסישע קאָמאנדירן האָבן זיי ניט געלאָזן זיין נאָנט לעם זיי און געטריבן זיי פון איין אָרט אויפן צווייטן. אזוי האָבן די אידן געהאט א סך צרות אויסצושטיין פון אלע זייטן. די פארטיזאנער־גרופן האָבן אויפגעהערט זיי צו שטיצן, טיילווייז צוליב דעם, וואָס נאכן בלוטיקן צוזאמענשטויס מיט די דייטשע דעוויזיעס איז בא זיי אליין שווער געווען מיט פראָדוקטן, און בעיקר דערפאר, וואָס זיי האָבן סתם ניט געוואָלט דערלאָזן אז די אידישע פארטיזאנער זאָלן שטיצן די פאמיליע־גרופן.

קרבנות פון ווינטער און אידן־האס

דעם ערשטן ווינטער איז דאס לעבן אין וואלד געווען זייער שווער פאר די פארטיזאנער, ווייל זיי האָבן נאָך קיין גענוגנדיקע דערפארונג ניט געהאט. באזונדערס האָבן געליטן פון די קעלטן די ניט קאמפס־פעאיקע פאמיליע־גרופן. זיי האָבן זיך אויסגעגראָבן פלאכע גריבלעך און דאָרטן אָפּגעלעגן די ווינטערדיקע טעג און נעכט, ס׳רוב נאקעט און הונגעריק. קיין געצייג אויסצוגראָבן זיך טיפערע „זעמלאנקעס״ האָבן זיי ניט געהאט, פלעגט מען אזוי בשו־תפות, א פאָר משפחות צוזאמען, גראָבן א ביסל די פארפראָרענע ערד און פון אויבן אויפשטעלן א שטיקל „בודע״. אין אזעלכע הינטישע בודעס זיינען געלעגן א סך מענטשן, אין ענגשאפט, הונגער און שמוץ. קיין וואונדער ניט, אז זייערע אויסגעמאטערטע און אויסגעהונגערטע קערפערס האָבן ניט געקענטביישטיין דעם אָנגריף פון כלערליי מיקראָבן און א סך פון זיי זיינען געשטאָרבן פון פארשיידענע עפידע־מישע קראנקהייטן. ניט ווייניקע זיינען אויס־געגאנגען פון הונגער און קעלט. א געפראָרענער

קארטאָפל איז געווען א יום־טוב. זייער אָפּט פלעגן גאנצע משפחות אויסגיין אין זייערע ווינטער־גריבער און מ׳פלעגט זיי אלע צוזאמען פארשיטן אויפן ארט, אין דעם ברודער־קבר. ווי אויף צו להכעיס איז יענער ווינטער געווען א שווערער, די פרעסט זיינען דערגאנגען ביז 30 גראד.

אלץ ארום האט געקעמפט קעגן אָט די אומגליקלעכע מענטשן, און נאר א קליינער טייל פון זיי האט איבערגעלעבט אלע צרות.

סוף פעברואר 1943, ווען ס׳זיינען אָנגעקומען אין וואלד די ידיעות וועגן סטאלינגראדער נצחון, האט זיך די לאגע א ביסל געענדערט און מ׳האט אויפסניי אָנגעהויבן שטיצן די אידן אין וואלד. ליידער זיינען שוין א סך פון זיי געווען אויף יענער וועלט און אנדערע זיינען געבליבן אייביקע קאליקעס, מיט אָפּגעפראָרענע פיס און הענט. ניט איינעם פון זיי האָבן די פארטיזאנישע דאקטוירים געמוזט אמפוטירן די פיס, כדי זיי צו ראטעווען פון גאנגרענע.

מיט אונזער פארטיזאנישן שפיטאָל האָבן מיר זיך טאקע געמעגט גרויסן. ער איז איינגעאָרדנט געווארן ערגיץ אין א ווייט־פארוואָרפענעם אָרט אין וואלד, מיט א געהיימען צוגאנג. נאָר געציילטע פארטיזאנער האבן געוואוסט דעם אָרט פון שפיטאָל. אין גרויסע זעמלאָנקעס האבן דאָרטן געארבעט מיט מסירת־נפש די אידישע דאקטוירים מיאסניק, ראקאָווער און ראָזנצווייג און די קראנקען־שוועסטער מאניע מאניקאָוו מיט איר מוטער ז״ל, צוזאמען מיט נאָך מעדיצינישע ארבעטער. די מעדיקאמענטן פלעגן מיר צושטעלן פון די איבערפאלן אויף דייטשע גארניזאָנען. ערשט שפעטער, ווען מיר האָבן אָנגעקניפּט א קאנטאקט מיט מאָסקווע, האט דער שפיטאל אָנגעהויבן באקומען מעדי־קאמענטן אראָפּגעוואָרפענע מיט פאראשוטן.

## „זאסאדעס“ און „אבלאוועס“

זעלטן ווען האָבן מיר געהאט א רואיקן טאָג אין וואלד. כמעט טאָג־טעגלעך איז מען געגאָנ־גען אויף „זאסאדעס“ און גאנץ אפט פלעגט מען זיך אנרייסן אויף דייטשע לויער־פאטרולן. אבער וואו־נאָר ס׳איז געווען א דייטשער גאר־ניזאָן אין דער געגנט, איז מען געגאנגען אים צעקלאפּן און צעשמעטערן.

זומער 1943 האט דער דייטש געמאכט אויף אונז עטלעכע „אָבלאוועס“, אָבער זיי זיינען דורך אָן גרויסע פארלוסטן פון אונזער זייט. ערשט דאן ווען די פארטיזאנער האָבן פארריכט און אָנגעהויבן נוצן אין זייערע אָנגריפן א גרויסן טאנק, וואָס איז איבערגעבליבן נאָך די אפּטרעטנדיקע סאָוועטישע כוחות אין 1941, זיינען די דייטשן אראָפּגעקומען אין וואלד מיט א גרויסן כוח.

ארום 3־טן סעפטעמבער 1943 האָבן זיך די דייטשן ארייַנגעריסן צו אונז אין וואלד. עס זיינען זיי געקומען צו הילף עראָפּלאנען, וועלכע האָבן א פאר טעג נאכאנאנד באָמבאר־דירט די וועלדער. די פארטיזאנעד האָבן זיך אבער ניט אונטערגעגעבן, א פאָר טעג האָבן זיי געקעמפט מיטן דייטש און נאכדעם פאר־לאָזן דעם וואלד. א סך דייטשן זיינען געפאלן אין די וואלד־שלאכטן. אין איינער פון די שלאכטן איז פארוואונדעט געוואָרן אונזער דערעטשינער טייבל ליפּשאָוויטש. אזיווי מ׳האט איר אויפן אָרט ניט געקענט געבן די נויטיקע הילף, איז זי שטארק אָפּגעשוואכט געוואָרן און נאכן באקומען א בלוט־פארגיפטונג איז זי געשטארבן אין אונזער וואלד־שפּיטאָל. מ׳האט זי געבראכט מיט גרויס כבוד אין אָטריאד און באערדיקט אויף דעם פארטיזאנישן בית־עולם. אלע פארטיזאנער, אידן און קריסטן, האָבן איר אָפּגעגעבן דעם פארדינטן כבוד.

אין צווישנצייט איז אונז געלונגען אָנצובינדן א קאָנטאקט מיט מאָסקווע. די פארטיזאנער האָבן איינגעאָרדנט א ראדיאָ־סטאציע און ספּעציעלע ראַדיסטן פלעגן איבערגעבן וועגן אלץ וואָס טוט זיך אין וואלד. פון מאָסקווע האָט אונזער פארטיזאנער־שטאב באקומען באפעלן. די נייס פלעגן מיר הערן דורכן ראדיאָ. אונזער איינזאמקייט אין וואלד האט זיך געענ־דיקט, מיר זיינען געווען פארבונדן מיט מאָס־קווע און באקומען נייס פון דער גאנצער וועלט. אויסערדעם פלעגן צו אונז קומען זייער אָפּט אין די נעכט סאָוועטישע עראָפּלאנען, וועלכע פלעגן לויט די אָפּגערעדטע סיגנאלן אראָפּוואַרפן צו אונז מיט פאראשוטן געווער, צייטונגען און — מענטשן. ס׳זיינען בא אונז

געשאפן געווארן ספעציעלע דעסאנטן־גרופן, וועלכע פלעגן זיך פארנעמען מיט דיווערסיע־ארבעט.

אזוי איז אָנגעקומען דער צווייטער ווינטער. די פארטיזאנער האבן שוין געהאט דערפארונג פון פאַריקן יאָר. מ׳האט שוין מער ניט געגראָבן קיין פלאכע גריבלעך, נאר צוגעגרייט גרויסע „זעמלאנקעס״, מיט פענסטער און טירן, אפט אפילו מיט פאָרהאנגען אויף די פענסטער, און אויך מיט אויוונס. אזוי זיינען אין וואלד אנטשטאנען אונטערערדישע דערפער, וואס האָבן זיך געצויגן אויף קילאָמעטערס. ס׳איז אפילו צוגעגרייט געוואָרן א ספאָרט־און טאנץ־פלאץ. אזוי איז געשטיגן אונזער לעבנס־ניוואָ.

די קאמפן קעגן די דייטשן זיינען ווייטער געגאנגען. מ׳האט ווידער צעקלאפט רודא, אסטראווא, מיט א גרויסן נצחון. ווידער האבן זיך אין די קאמפן אויסגעצייכנט אידישע פאר־טיזאנער, און ווידער איז געשטיגן די אנטי־סעמיטישע העצע. א גאנץ גרויסע צאָל אידישע קעמפער איז געפאלן פון די פאררעטערישע קוילן פון זייערע קריסטלעכע קאָלעגן. אזוי איז דאס לעבן אין וואלד געגאנגען, ביז — — —

די גרויסע דייטשע בלאָקאַדע

גאנץ אומדערווארט איז דעם 4־טן יוני 1944 דערגאנגען צו אונז די ידיעה, אז פון אלע זייטן ציען זיך אין דער ריכטונג פון אונזערע וועלדער גרויסע דייטשע מיליטערישע כוחות. דער דייטש האט דאסמאל, ווייזט אויס, ניט געזשאלעוועט און אראָפּגענומען פון פראָנט ארום 85 טויזנט קאָזאקן, באוואָפנטע מיטן בעסטן און שטארקסטן געווער, און זיי ארויס־געשיקט אין וואלד. עטלעכע טעג האט גע־דויערט, ביז זיי זיינען דערגאנגען צו דער שטשארע. ביים טייך איז זיי אנטקעגנגעקומען דער העלד פון דער פארטיזאנקע אין אונזערע וועלדער, בולאק, מיט זיינע קעמפער, צווישן וועלכע ס׳האבן זיך אויסגעצייכנט די דערעט־שינער אידישע פארטיזאנער. א פאָר טעג האבן אָן אויפהער געקלאפט אונזערע פארטיזאנישע קוילן־ווארפער און הארמאטן. פון יענער זייט האָבן געענטפערט מיט פייער די דייטשע הארמאטן. א סך שונאים זיינען געפאלן אין יענע שלאכטן, אָבער דאס האט זיי נאָך מער אויפגערייצט. לאנג האָבן די פארטיזאנישע כוחות ניט געקענט אויסהאלטן אין דעם שווערן צוזאמענשטויס מיט אזא גרויסן כוח, וואס האט ארומגערינגלט אלע אונזערע גרופן. קיין הילף איז פון ערגיץ ניט געקומען. דער קאָמאנדיר בולאק האט דאן באשלאָסן דורכצורייסן מיט זיין בריגאדע דעם דייטשן כוח און אריבערגיין דעם א. ג. „ווילנער טראקט״.

די דייטשן האָבן זיך פאר די עטלעכע קאמפס־טעג שטארק באפעסטיקט, אָבער ניט האָבנדיק קיין אנדער אויסוועג האָבן זיך אונזערע כוחות געוואָרפן אויף די דייטשן. דער קאמף האט געדויערט עטלעכע שעה און איז געווען דער שרעקלעכסטער און פארביסנסטער פאר דער גאנצער פארטיזאנישער תקופה אונזערער. ס׳איז געווען א שלאכט צווישן א טויזנט פארטיזאנער קעגן צענדליקער טויזנטער שונאים. עס איז געוואָרן אזא מיש־מאש, אז מ׳האט שוין קיין געווער ניט געקענט באנוצן. מ׳איז געגאנגען אויף באגנעטן, און די דייטשן און קאָזאקן זיינען געווען שטארקער.

זייער א סך פארטיזאנער זיינען געפאלן אין יענער אומברחמנותדיקער שלאכט, און נאָך פיל מערער פון שונא׳ס זייט. די דייטשן האָבן בא די זייטן פון טראקט צוגעגרייט פאסטקעס, גריבער פארדעקטע מיט יאָלקעס, און א סך פארטיזאנער זיינען אריינגעפאלן לעבעדיקע צו זיי אין די הענט.

אין דעם טאג איז אומגעקומען אונזער חיים־יהושע ליפשאָוויטש. ער איז פארוואונדעט געווארן איןביידע פיס, און ניט וועלנדיק אריינפאלן צו די מערדער אין די הענט, האט ער זיך אליין דערשאָסן מיט זיין רעוואָלווער. מיט א העלדן־טויט איז אויך געפאלן סימע שעלובסקי, וועלכע האָט געארבעט אלס קראנקן־שוועסטער. ניט וועלנדיק איבערלאזן אליין א פארוואונדעטן סאָוועטישן מאיאָר, איז זי אומגע־קומען פון דעם שונא׳ס קוילן. געפאלן איז יענעם טאָג אויך משה־חיים אגולניק, וועלכער האט זיך די גאנצע צייט אין וואלד אויס־געצייכנט אלס איינער פון די וויכטיקסטע

פארטיזאנער. דעמזעלבן טאג איז אויך געפאלן וויטיע שעלובסקי, און נאך א סך דערעטשינער.

ביטערע טעג און גוטע בשורות

טראָץ די פילע פארלוסטן האָט א גאנץ גרויסער טייל זיך דורכגעריסן און פארייניקט מיט די פארטיזאנער פון דער אנדער זייט טייך. פון מאָסקווע איז געקומען א באפעל ניט צו פארלאָזן דעם וואלד און ניט אויפצונעמען קיין קאמף מיט די דייטשן. די פארטיזאנער האָבן דאן אויפגעהערט צו שיסן און אפילו ניט געענטפערט אויף די דייטשע שיסערייען. זיי האָבן זיך ארומגעדרייט פון איין וואלד אין צווייטן. אונזער שווייגן האט נאך מער באַאומרואיקט די דייטשן, און זיי האָבן געגומען גיין אין וואלד אריין און באזעצן אונזערע לאגערן.

דערווייל איז געוואָרן אלץ שווערער מיטן עסן. צו די באזעס מיט פראָדוקטן איז אוממעגלעך געווען צוצוקומען, ווייל זיי זיינען פארנומען געוואָרן דורך די דייטשן. פון וואלד ארויסגיין האט מען אויך ניט געקענט, ווייל אלע ארומיקע דערפער זיינען באזעצט געווארן דורך דייטשע גארניזאָנען. אלע וועגן זיינען אפגעשניטן געוואָרן, דער וואלד איז געווען אונטער א שווערער, געדיכטער בלאָקאדע. דער הונגער האט אונז אזוי געמאטערט, אז מיר האבן געגעסן פערדן־פלייש און געגריזשעט אלטע ביינער, געפונענע אין וואלד. די לאגע האט אויסגעזען אויסזיכטלאָז.

דאן זיינען דורכן ראדיאָ דערגאנגען צו אונז דערמונטערנדיקע ידיעות פון פראָנט. מארשאל ראקאסאווסקי האט געעפנט זיין זיגרייכע אָפענסיווע אויפן צפון־פראָנט. דאס האָט געהויבן דעם מוט בא די פארטיזאנער: נאך א ביסל ליידן, און מיר וועלן אלע אויסגעלייזט ווערן.

ניט געקוקט אויף אלע שוועריקייטן איז אונז דאָך געלונגען ארויסצורייסן זיך פון דער דייטשער בלאָקאדע און צונעמען פון די דייטשן 60 קי און אנדערע שפייז־פראָדוקטן. פארשטייט זיך, אז דער געוואגטער טאט האָט באלד ארויסגערופן א רעאקציע מצד׳ן שונא. די קאָזאקן האבן דורכגעגנישטערט דעם גאנצן וואלד. זיי זיינען געווען אויף אלע וועגן און שטעגן, אין בלאָטעס און וואסערן האבן זיי געיאָגט די פארטיזאנער. און פונדעסטוועגן איז פון טאג צו טאג געוואקסן די האָפענונג אין אונזערע רייען. מ׳קען זיך לייכט פאָרשטעלן אונזער שמחה, ווען מיר האבן דורכן ראדיא געהערט די בשורה, אז בארנאָוויטש איז באפרייט געוואָרן דורכן סאָוועטישן מיליטער. מ׳האט גענומען ציילן די מינוטן. מיר האָבן שוין מער קיין אכט ניט געלייגט אויף די כסדרדיקע דייטשע קאנאָנאדעס — מ׳האט זיך צוגעהערט צו די וייטע דונער־קנאלן פון די סאָוועטישע „קאטיושעס". און די „קאטיושעס" האבן זיך כסדר דערנענטערט.

דער טאָג איז געקומען!

און פלוצלינג — וואָס איז געשען? די דייטשע קאנאָנאדע איז א ביסל שטילער געוואָרן, מ׳שיסט נאך טאקע טאָג און נאכט, אָבער ס׳איז שוין עפעס אנדערש. די קנאלעריי פון די „קאטיושעס". פארהילכט די דייטשע הארמאטן, קוילן און מינען־ווארפער.

דער טאָג איז געקומען! די דייטשן זיינען אָפגעטראָטן פון וואלד און ס׳האט זיך אויסגעשטעלט א פראָנט־ליניע בא דער שטשארע. די דייטשן שלאָגן זיך שוין דירעקט מיט דער רויטער ארמיי, די סאָוועטישע סאָלדאטן זיינען שוין פול אין וואלד און אין דער גאנצער געגנט. די דייטשן טרעטן אָפּ אין אויסערגעוויינלעכער פאניק, איבערלאזנדיק אומעטום טויזנטער הרוגים.

ענדלעך זיינען מיר, נאָך א פינף־וואָכעדיקער בלאָקאדע, באפרייט געוואָרן.

יע, גרויס איז געווען די שמחה, אבער טיף איז געווען אויך דער טרויער. מיר זיינען באפרייט געוואָרן, אבער אונזערע נאנסטע און טייערסטע — וואו זיינען זיי? צו וועמען קענען מיר קומען?

# דער איינציקער פארלאנג — נקמה נעמען / יקותיאל כמעלניצקי

ס׳איז ניט אזוי לייכט איבערצוגעבן מיט ווערטער אלץ וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין וואלד, מיט די פארטיזאנער. וועל איך דערציילן דאָ נאָר א טייל פון מיינע איבערלעבענישן. איין זאך ווייס איך: די גאנצע צייט אין די וועלדער, האָב איך געהאט איין טרוים, איין פארלאנג — נקמה נעמען!

עס איז אונז גאנץ שווער געווען די ערשטע צייט אין וואלד. דער דאָקטאָר אטלאס האָט אלץ געטאָן פאר אונז, געבראכט אונז געווער, געגעבן אונז עצות ווי זיך צו פירן, פונוואנען באקומען עסנווארג א.ד.גל. מיר זיינען דערווייל שוין געווען א גרופע פון 18 מאן. ס׳זיינען צו אונז צוגעקומען די ברידער ניאָמע און וועלוול דאָמבראָווסקי, חיים שעלקאָוויטש, ישראליק קוויאט און אנדערע.

דער דאָקטאָר האָט אונז געזאָגט, אז עסן דארפן מיר נעמען אין די שכנותדיקע כוטאָרס. מיר זיינען אוועק זאלבעפינפט, איך מיט אלתר׳ן, עליקן, ניאָמען און גדליה באסאקן, איבער די כוטאָרס און באקומען א ביסל עסנווארג. מיר האָבן שיין באדאנקט אומעטום. אָבער שטענדיק האָבן מיר געמוזט ברענגען וואָס מער עסן, ווייל די איבעריקע חברים אונזערע האָבן געווארט אויף אונז הונגעריקע אין וואלד.

איינמאָל זיינען מיר אריין צו א פויער אין דאָברוישטשינע. הויבט ער אָן שרייען און זידלען: „מ׳קען גאָרניט פטור ווערן פון די זשידעס! וויפל מ׳הרגעט זיי — און זיי זיינען נאָך אלץ דאָ און קומען נאָך צו אונז פאָדערן עסן!״ און דער פויער כאפט מיר פארן קאָלנער, כדי מיר אריינשליידערן אין דער סטאָדאָלע און שפעטער איבערגעבן דעם דייטש אין די הענט אריין, ווייל דער דייטש האָט גוט געצאָלט פאר איבערגעבן אים א פארטיזאן, דערצו נאָך א אידישן. דעם פויערס זון האָט געדינט אין דער פאָליציי.

עליק האָט גלייך אויסגעשאָסן אין דער לופטן. ס׳איז געוואָרן א סומאטאָכע בא דעם פויער און צווישן זיינע שכנים, מ׳האָט אונז באלד אָנגעהויבן ברענגען ברויט און קעז. פונדעסטוועגן האָט דאָס אלץ ניט געקלעקט פאר אלע אונזערע חברים. און ווען מיר האָבן זיי שפעטער דערציילט, וואָס מיט אונז איז געשען, האט עלענדער, דער סוואלקער, גענומען גוואלדעווען: „איר פארטשעפעט זיך מיט די פויערים און זיי וועלן אונז אלעמען איבערגעבן דעם דייטש אין די הענט אריין! איך וויל ניט שטארבן צוליב א שטיקל ברויט, פון וועלכן מ׳ווערט סייווי ניט זאט!״

האָבן מיר געזוכט אן עצה. אלתר, מאָטעלע באסאק און איך זיינען אוועק אין א קארטאָפלפעלד און גענומען ארויסשלעפן קארטאָפל פון אונטערן וואָרצל און נאָכדעם דעם קאָרטש צוריק אריינגעשטעקט אין דרערד. די קארטאָפל האָבן מיר געבאקן און אזוי זיך ווי עס איז געהאלטן א שטיקל צייט.

דאָס האָט געדויערט, ביז דער דאָקטאָר איז איינמאָל געקומען צו אונז מיט צוויי קאָמאנדירן פון דער פארטיזאנקע. פון דאן אָן איז ער שוין געבליבן אין וואלד, און ס׳איז שווער צו באשרייבן, וואָס ער האָט אלץ אויפגעטאָן און ווי באליבט ער איז געווען סיי בא די פארטיזאנער און סיי בא די דאָרפישע פויערים. די לעצטע פלעגן אים די הענט קושן, ווייל ער פלעגט זיי היילן פון זייערער קראנקהייטן. געצאָלט האָבן זיי אים ניט מיט געלט און אפילו ניט מיט פראָדוקטן — נאָר מיט געווער! זיי האָבן אליין געהאט געווער און געוואוסט בא וועמען דאָס געפינט זיך. יעדער נאכט האָט עמיצער פון אונז באגלייט דעם דאָקטאָר, כדי צו ברענגען פון ערגיץ־וואו ביקסן, פולעמיאָטן און אמוניציע.

די צוויי רוסישע קאָמאנדירן, קאָלקע און וואנקע, האָבן באלד אָרגאניזירט אן עקספעדיציע קיין יעזשאָרקע, דאָרטן גענומען א פערד

און וואגן און געבראכט אין וואלד אריין א גוט־אויסגעפאשעטן חזיר, זעקלעך מעל און פארשיידענע פראָדוקטן. ביסלעכווייז האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן פון אונזער פאר־טיזאנישער גרופע.

אויף יענער זייט שטשארע, אין א וואלד לעם אָסטראָווע, האָבן זיך דאן געפונען צענדליקער גראטעוועטע פון דער שחיטה אין דערעטשין. מיט ישראל קוויאטן און עליקן זיינען מיר אוועק זיך זען מיט אונזערע שטאָטישע. דאָרטן האָבן מיר געהערט נסים ונפלאות וועגן קאָמאנ־דיר באטקא בולאק, וואָס האָט שטארק געזאָרגט פאר דעם פאמיליע־לאגער. געווען איז בולאק א פויער פון אָסטראָווע, פאר די צייטן פון סאָוועטישער מאכט איז ער געווען פארטיי־סעקרעטאר, און ווען ס׳זיינען אָנגעקומען די דייטשן, איז ער אוועק אין וואלד אריין. א פשוטער, אָרנטלעכער קריסט, שטענדיק א פריילעכער, געריטן אויפן פערד, און מיט אים נאָך עטלעכע רייטער, באזוכט די ארומיקע דערפער, געשמועסט מיט די פויערים און פויערטעס, באקומען פון זיי א סך ידיעות וועגן די דייטשן אין די ארומיקע שטעטלעך און דערפער. די יוגנט איז אים נאָכגעגאנגען, ווי נאָך א פירער און חבר.

פאר דער דערעטשינער שארית הפליטה איז ער געווען ווי א טאטע.



מיר זיינען צוריק אוועק אין אונזער אָטריאד און מיטגענומען פון פאמיליע־לאגער דריי דערעטשינער. דאן איז צו אונז געקומען אויך שמואל באָרנשטיין, אויף א שמועס מיטן דאָק־טאָר. שמואל איז א אוועק אין פארטיזאנקע א סך פריער, לאנג פאר דער שחיטה. ער האָט געוואָלט אריבערגיין צו אונז, ווייל מיט אונז איז געווען בעלא און נאָך עטלעכע פון זיינע גוטע פריינט.

און איך קען ניט פארגעסן, ווי כ׳בין געשיקט געוואָרן צו א צווייטן אָטריאד כדי פון דאָרטן ברענגען א בריוו. א באָרוועסער בין איך נאָכ־געגאנגען דעם קאָמאנדיר, וואָס האָט מיר אהין אוועקגעפירט. פארנאכט בין איך צוריק אוועק מיטן בריוו און איך האָב ניט געקענט געפינען דעם ריכטיקן וועג. בין איך אָפּגעלעגן אין א וועלדל, ביז ס׳האָט גענומען שארייען. אָבער ווען כ׳בין געקומען צום אָרט, וואו אונזער גרופע האָט זיך געפונען, האָב איך דאָרטן קיינעם ניט געטראָפן. ווי א צעדולטער בין איך ארומגעלאָפן איבערן וואלד און געזוכט מיינע פארטיזאנער. א באקאנטער פויער האָט מיר געטראָפן און געבראכט מיר ברויט מיט מילך. כ׳האָב אזוי לאנג געזוכט מיין גרופע, ביז כ׳האָב באגעגנט צוויי פארטיזאנער פון אן אנדער אָטריאד און זיי האָבן מיר מיט־גענומען צו זייער קאָמאנדיר. יענער האָט מיר געפאָרשט, ביז ער האָט פארשטאנען, אז איך בין פון דעם דאָקטאָרס פארטיזאנער. ער האָט מיר געהייסן וואַרטן, ווייל דער דאָקטאָר האָט געזאָלט אהין קומען.

סוף־סוף איז געקומען דאָקטאָר אטלאס, גע־נומען פון מיר דעם בריוו און מיר דערציילט, אז אונזער גרופע איז אוועק פון אלטן פלאץ, ווייל מ׳גרייט זיך צו אן אטאקע אויפן דע־רעטשינער מיליטערישן און פאָליצייאישן גאר־ניזאָן.



ס׳איז שוין א סך דערציילט געוואָרן וועגן דער פארטיזאנישער אטאקע אויף דערעטשין. אויך איך האָב אין איר אָנטיילגענומען, מיט א פולעמיאָט. כ׳האָב יענע נאכט געקענט א ביסל שטילן מיין נקמה־דורשט.

פון דערעטשין האָבן מיר געבראכט דריי שווער־פארוואונדעטע. דער דאָקטאָר, בעלא און סימע שעלובסקי האָבן אלץ געטאָן כדי זיי צו ראטעווען, אָבער זיי זיינען אויסגעגאנגען אין וואלד, אונטער די ביימער, און מיר האָבן זיי באגראָבן מיט דער שבועה ווייטער נקמה צו נעמען פון די מערדער.

פון דערעטשין האָבן מיר אויך געבראכט א סך געווער און אמוניציע, מעדיקאמענטן און פארשיידענע פראָדוקטן.

איך האָב געבראכט פון דאָרטן א פּאָר גוטע שטיוול. מער בין איך שוין ניט געווען קיין באָרוועסער פארטיזאן.



די דייטשן האָבן געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט די פארטיזאנער פאר דער מעשה דערע־

טשין, האָבן זיי געמאַכט אַן אָבלאַווע אויף דעם פאמיליע־לאגער, ווייל באטקא בולאק, אונטער וועמענס קאָמאַנדע ס׳זיינען געווען די אַטריאַדן וואָס האָבן אטאקירט דערעטשין, האָט אונז אלעמען באצייטנס אריבערגעוואָרפן אויף אנ־דערע ערטער אין די ארומיקע וועלדער. אין פאמיליע־לאגער האָבן די דייטשן דורכגעפירט א שוידערלעכן פּאָגראָם.

דער דאָקטאָר האָט ניט גערוט, ער האָט געפּלאָנעוועט אלץ דרייסטערע זאדאניעס קעגן די דייטשן. אזוי איז דורכגעפירט געוואָרן דער אויפרייס פון דער באַן־בריק איבערן ניעמאַן, בעת וועלכן א גאנצער צוג מיט דייטשע סאָל־דאַטן, וועלכע מ׳האָט געפירט פון פראָנט אין די שפּיטעלער קיין דייטשלאנד, איז אריינ־געפאלן אין טייך אריין. איך האָב אָנטייל גענו־מען אין דער זאדאניע, צוזאמען מיטן דאָקטאָר, עליק ליפשאָוויטש, גדליה באסאק, קאָלקע דער קאָמאנדיר און א נייער פארטיזאן, שובין, וואָס איז צו אונז געקומען פון דייטשן פּלען און האָט געטאָן די וויכטיקסטע ארבעטן ביים צו־גרייטן דעם אויפרייס פון דער בריק.

איך קען ניט פארגעסן, ווי אזוי מ׳האָט צונויפגעקליבן אלע נויטיקע טיילן און מאַ־טעריאלן אויף דער מינע און אויף דער באטעריע־לייטונג, וואָס האָט געדארפט ברענ־גען צום אויפרייס; און דאן, ווען אלץ איז שוין געווען פארטיק, האָט מען גוט אויס־געפּאָרשט דעם אָביעקט פון אונזער זאדאניע, די בריק אויפן ניעמאן; א לאנגע און שווערע וועג האָבן מיר געהאט דורכצומאכן, ביז מיר זיינען אָנגעקומען צו דער בריק; דאָרטן זיינען אויפגעשוואומען נייע שוועריקייטן — מ׳האָט געדארפט מינירן די בריק אזוי, אז דער דייטשער פּאטרול זאָל דאָס ניט באמערקן; און ס׳געדענקען זיך די לאנגע שעה׳ן פון ווארטן אויף דער מיליטערישער באן, ביז זי איז אָנגע־קומען, כדי דורך דער מינע אראָפּצוקייקלען זיך, מיט אלע אירע וואגאָנען אין טייך אריין; די ווילדע געשרייען פון די דייטשן האָבן דאן געקלונגען אין אונזערע אויערן ווי א מוזיק פון נקמה; דער וועג צוריק איז אויך ניט געווען קיין לייכטער, אָבער מיר זיינען געווען פול מיט זיגערישער פרייד.



דער דייטש האָט געזען, אז עס וואקסט דער כוח פון די פארטיזאנער און זייערע אויפטוען מאכן אים אַן גרויסע צרות און שאָדנס. ער האָט באשלאָסן איינסטאנציאָנירן אין רודע, אין צענטער פון די וועלדער, א שטראָף־גארניזאָן פון א 300—400 זעלנער גוט באוואָפנט, כדי צו באקעמפן די פארטיזאנער. מיר האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט באצייטנס. מיר זיינען שוין אויך געווען גוט באוואָפנט, געהאט אפילו א געפאנצערטן אויטאָ מיט הארמאטן פון פאר־שיידענעם קאליבער און פּולעמיאָטן. עטלעכע פון אונזערע פארטיזאנער זיינען שוין געווען ספּעציאליסטן פון אלערליי מאשין־געווער. דער אָטריאד פון דאָקטאָר אַטלאַס איז שוין געווען גוט באקאנט אין די וועלדער פון אונזער אומ־געגנט. אויפרייס־מאטעריאלן זיינען צו אונז אָנגעקומען מיט די דעסאנטניקעס, וועלכע מ׳האָט געשיקט פון יענער זייט פראָנט.

מיר האָבן אטאקירט די דייטשע כוחות, באלד ווי זיי זיינען אָנגעקומען קיין רודע און איידער זיי האָבן נאָך באוויזן אויסצופּאקן זייער געווער און פּראָדוקטן. איך געדענק גוט יענע שלאכט, אין וועלכער מיר האָבן אויסגעהרגעט דעם גאנצן דייטשן כוח און גענומען מיט זיך אין װאלד אריין זייער גאנצן האָב־און־גוטס נאָך איינגעפּאקטערהייט.

די דעסאנטניקעס האָבן געזען, אז מיר זיינען גוטע קעמפערס און האָבן אונז באשאָנקען מיט פארשיידענע נאגראַדעס, ווי נאגאנען, רעוואָל־ווערן און אווטאָמאטן. די אָרטיקע קאָמאַנדירן האָבן גענומען זיך קריגן צווישן זיך פאר דער ירושה פון די פארכאַפּטע טראָפּייען — און געליטן צוליב זייערע קריגערייען האָבן מיר, די אידן, צו וועלכע זיי האָבן זיך געטשעפּעט פאר יעדער קלייניקייט.



אונזער אטאקע אויף קאָזלווישטשינע איז ניט געווען גוט צוגעגרייט און מיר האָבן געליטן א מפּלה, א סך פון אונז זיינען פארוואונדעט געוואָרן און עטלעכע זיינען געפאלן אין שלאכט. איך בין אויך געטראָפן געוואָרן אין דער לינקער האנט און ס׳האָט לאנג גענומען, ביז כ׳האָב מיין וואונד אויסגעהיילט.

דערווייל איז געקומען א ידיעה, אז ניט ווייט פון דאָרף רינקי האָט זיך אראָפּגעלאָזן א דייטשער עראָפּלאַן און געבליבן שטעקן דאָרטן. ווייזט אויס, אז עפּעס איז דאָרטן קאַליע געוואָרן, אָבער מ'האָט דערציילט, אז מ'האָט אים שוין פאַרריכט און באַלד דאַרף ער ווייטער אָפּפליען.

אונזער גרופּע האָט זיך פרייוויליק געשטעלט צו דער אַטאַקע אויפן עראָפּלאַן. א פּויער, וועלכן ס'האָבן גענוי אויסגעפאָרשט שמואל באָרנשטיין און מאָניעק (מאָניעק האָט געהאַט אַן אויסזען פון א גוי און גערעדט פּונקט ווי די גוים), האָט אונז אוועקגעפירט צום אָרט פון עראָפּלאַן. מיט שוועריקייטן זיינען מיר אַהין אָנגעקומען אין שטאָק-פינסטערניש. מיר האָבן געעפנט אויף אים א פייער און דער דאָקטאָר האָט נאָכדעם געפאָדערט פון די וואָס זיינען געווען אינעווייניק זיך אונטערצוגעבן. קיין ענטפער איז פונדאָרטן ניט געקומען.

איך האָב זיך אונטערגענומען אריינצוגיין אין עראָפּלאַן, כדי צו זען וואָס ס'טוט זיך אינעווייניק און צו נעמען פון דאָרטן דעם בענזין פאַר אונזערע טאַנקען. ווי נאָר כ'בין צוגעקומען צום עראָפּלאַן, איז פון דער זייט ארויסגעשפּרונגען פון אים איין מענטש און איז פאַרשוואונדן אין דער פינסטערניש. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און בין אריינגעקראָכן אינעווייניק. כ'האָב לאַנג געזוכט, אָבער קיין בענזין ניט געפונען. סוף-סוף האָט דער דאָקטאָר געגעבן א באַפעל צו פאַרברענען די דייטשע פלי-מאַשין.



ס'זיינען נאָך אויסגעפירט געוואָרן פאַרשיידענע זאַדאַניעס דורך אונזער גרופּע, ביז ס'איז געקומען די גרויסע דייטשער אָבלאַווע. ס'האָט זיך פונדערווייטנס געהערט א שיסעריי, זיינען מיר אוועק, איינגעטיילט אין קליינע גרופּעס, זען פונוואַנען די שיסעריי קומט און ענטפערן, אויב מ'דאַרף. איך בין געגאַנגען מיטן דאָקטאָרס גרופּע. מיר האָבן אויפן וועגן גאַנץ געמיטלעך געשמועסט וועגן אונזער ווייטערדיקן גורל און צוקונפט. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער שטשאַרע, האָבן מיר שוין געקענט זען די דייטשן שיסן אין אונזער ריכטונג. דער דאָקטאָר האָט אונז געפירט פאָרויס, כאָטש די געפאַר איז געווען א גרויסע און דאָס פעלד צווישן אונז און שונא איז געווען אָפן. פּלוצלינג האָט זיך אויף אונז א שאָט געטאָן א האָגל פון קוילן. מיר פאַלן אויף דרערד און פרעגן, ווער ס'איז געטראָפן געוואָרן. אַלע ענטפערן, דער דאָקטאָר רופט זיך ניט אָפּ. איך בין צו אים צוגעלאָפן, צוזאַמען מיט באַסאַקן. דער דאָקטאָר איז געלעגן א שווער פאַרוואונדעטער. מיר האָבן אויפגעריסן זיינע קליידער און גענומען מאַסאַזשירן זיין האַרץ, האָט ער געעפנט די אויגן און געזאָגט: „נעמט נקמה!" מיר האָבן אים ביידע גענומען און אריבערגעטראָגן אויפן צווייטן זייט פון א בערגל און פּרובירט אים העלפן, טאָן עפּעס, כדי צו פאַרהאַלטן די שטראָמען בלוט. אָבער מ'האָט מיר באַלד צוריק גערופן צו מיין פּולעמיאָט. דעם דאָקטאָר האָט א טאַנק אוועקגעפירט אין לאַגער. מיר האָבן געקעמפט ביז די נאַכט איז אָנגעקומען. דערשלאָגענע און פאַרצווייפלטע האָבן מיר זיך אומגעקערט אין וואַלד, צום לאַגער. מיר, די אידן, האָבן זיך גרופּירט צוזאַמען, בעת די גוים האָבן זיך צוגעכאַפּט צום עסן. מיר האָבן באַגראָבן אונזער ליבן דאָקטאָר אַטלאַס און געשוואוירן, אז נאָך דער מלחמה וועלן מיר אים ברענגען צו קבורה אויף א אידישן בית-עולם.

דערווייל איז שוין געקומען דער באַפעל צו פאַרלאָזן דעם לאַגער און אריבערגיין אין אַן אַנדער טייל פון די וועלדער. מיט טרערן אין די אויגן האָבן מיר זיך געזעגנט מיטן קבר פון גרויסן אידישן קעמפער דאָקטאָר אַטלאַס.



ס'זיינען אָנגעקומען שווערע טעג פאַר די פּאַרטיזאַנער. פאַר דער צייט האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער בעקעריי, וועלכע מ'האָט איינגעאָרדנט אין וואַלד, אין צענטער פון די פאַרשיידענע אָטריאַדן. דער מאַנגל אין ברויט האָט זיך געלאָזט פילן אַלע יאָרן אין וואַלד, פּראָדוקטן, מילכיקע און פליישיקע, האָט מען געקענט ארויסקריגן פון די פּויערים, אָבער קיין ברויט האָבן זיי ניט געהאַט. די בעקעריי

האָט ארויסגעגעבן גוטע ברויט און מיר, די אידישע פּארטיזאנער, האָבן, טאַקע מיט גרויס געפאר, געקענט פון צייט צו צייט געבן פון דער זייט א ביסל ברויט פארן סעמיינעם לאגער.

שטיי איך איינמאָל אין בעקעריי און קלייב זיך נעמען קנעטן טייג אויף א געבעקס. בעלא, וואָס איז דאן געווען הויפּט־קעכין, איז אויך געווען אין דער בעקעריי, מיטאַמאָל לאָזט זיך אריין צו אונז א הויכער, געזונטער גוי און פרעגט אויפן וועג צו די קאָמאנדירן. ער וויל זיי דערציילן, אז די פארטיזאנער פירן זיך אויף ניט אָרנטלעך מיט די דאָרפישע שיקסעס. עפעס האָט ער אונז אויסגעזען פארדעכטיק. דערוויל איז אָנגעקומען הערשל זלאטאָגורע און, אוועקנעמענדיק מיר אָן א זייט, האָט ער געפרעגט ווער ס'איז דער פרעמדער קריסט. ווען כ'האָב אים דערציילט וואָס דער גוי זאגט וועגן זיך, האָט הערשל אונז געראטן האלטן אונזער געווער נאָנט לעם זיך, טאָמער באפאלט ער אונז, וויל מ'דערוואַרט אן אָבלאווע פון די דייטשן אויף אונזער לאגער און ווער ווייס וואָס ס'טוט דאָ א פרעמדער מענטש. ער אליין, הערשל, האָט אוועקגעטראָגן געווער אין סע־מיינעם לאגער, כדי זיי זאָלן זיך קענען אליין פארטיידיקן אין פאל פון אן אָבלאווע.

הערשל איז עטוואָס שפּעטער צוריקגענומען און באפוילן דעם פרעמדן ארויסגיין מיט אים אין וואלד. אין דרויסן האָט שוין אָפּגעוואַרט באַגדוש. שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אז נאָנט צו דער בעקעריי איז געשטאנען א ווייסער פערד איינגעשפּאנט אין א שליטן — ווייזט אויס א צייכן פאר די דייטשן, וועלכע האָבן צו אונז געשיקט דעם געזונטן פויער אויס־צושפּיאָנירן אלץ און צו וויסן געבן די דייטשן.

ס'האָבן זיך דערהערט געשרייען פון ארום: „דער דייטש רינגלט אונז ארום!" מיר זיינען ארויסגעלאָפן אין דרויסן און גענומען לויפן. די דייטשן האָבן מיר באמערקט, ווען כ'בין געווען ארום הונדערט מעטער ווייט פון זיי, און געעפנט אויף מיר א פייער. א קויל האָט מיר אָפּגעריסן א פינגער פון דער לינקער האנט. בלוט האָט פון מיר געראנען און דער ווייטאָק איז געווען זייער שארף. בין איך ווייטער געלאָפן, אָבער ניט געפונען דעם וועג צו אונזער לאגער און אָנגעטראָפן אויף א צווייטן אָטריאד. מ'האָט מיר דאָרטן באנדאז־שירט דעם פינגער און איך בין אוועק צו מיין לאגער. אין וועג האָב איך געהערט א שיסעריי פון יענעם לאגער פון וועלכן כ'בין נאָרוואָס אוועק. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די דייטשן זיינען געגאנגען לויט די סימנים פון בלוט, וואָס האָט געראונען פון מיין וואונד און זיי האָבן זיך אזוי אָנגעשטויסן אויף דער זאסאדע וואָס איז פאר זיי צוגעגרייט געוואָרן אין יענעם לאגער. עטלעכע צענדליק דייטשן זיינען דערשאָסן געוואָרן דורך דער זאסאדע.

נאָכן נעכטיקן איין נאכט, צוזאמען מיט אנ־דערע פארוואונדעטע, אין די זעמליאנקעס, האָט מען אונז אוועקגעפירט אויף א צווייטן אָרט, וואָס איז שוין געווען צוגעגרייט אויפצונעמען די קראנקע און פארוואונדעטע.

די נאכט אין דער זעמליאנקע איז געווען א פּראַסטיקע. א סך קראנקע האָבן אָפּגעפרוירן די פיס, הענט אָדער פינגער. דעם וועג צום נייעם פעלד־שפּיטאָל האָב איך געמאכט צופוס און קומענדיק אויפן נייעם פּלאַץ האָב איך געהאט 41.5 גראד היץ. ד"ר ראָזנצווייג האָט פעסטגעשטעלט, אז כ'בין קראנק אויף טיפוס. ער האָט מיר געהיילט, אָפּגעהיט און איז געווען גליקלעך, ווען איך בין דורכגעגאנגען דעם קריזיס.

אז כ'בין צו זיך געקומען און זיך געקליבן צוריק צום מיין לאגער, האָט ער מיר געבעטן איך זאָל אים שענקען מיינע שטיוול, ווייל ער איז געגאנגען כמעט באָרוועס. איך האָב אים גערן אוועקגעגעבן מיינע שטיוול׳ כאָטש כ'האָב געכאַפּט א פאָרציע דערפאר פון עליקן, אונזער קאָמאנדיר.

ס'האָט לאנג ניט געדויערט און מיר האָבן צעשאָסן א דייטשן פּראָדוקטן־טראנספּאָרט פון א 20 אויטאָ־מאשינען. איך האָב דערביי גוט געארבעט מיט מיין פּולעמיאָט, מיר האָבן גע־נומען א סך טראָפייען און איך האָב באקומען א נייע פּאָר שטיוול.

★

ארום פסח־צייט אין 1943 האָבן די דייטשן ווידער געמאכט אן אָבלאווע אויף אונזער וואלד.

אונזער לאגער האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט באַצייטנס און אלע האָבן זיך גאַנץ שנעל אָפּגעטראָגן אויף א צווייטן פּלאַץ. אלע — חוץ מיר און נאָך א פּאָר חברים, וועלכע זיינען פּונקט געווען אויף שמירה און געבליבן אין וואלד. מיר האָבן זיך אויסבאהאלטן א פּאָר טעג, ניט געהאט וואָס צו עסן, זיינען מיר אוועק בלאָנדזשען אין דער געגנט, זיך אָנגעשטויסן אויף א גרופּע פון אָרלאָנסקער אָטריאַד.

א פויער אין א דערבייאיקן דאָרף האָט אונז געבראַכט א גרופּע אידן פון לידער געטאָ, וועלכע מיר האָבן אויסבאהאלטן אין וואלד ביזן צוריקקומען פון אונזערע פּארטיזאַנער.



נייע צרות פאַר אונז, אידישע פּארטיזאַנער, האָבן זיך אָנגעהויבן. מ׳האָט פאַרשפּרייט קלאַנגען אין אלע וועלדער, אַז די דייטשן האָבן ספּעציעל באַפרייט מינסקער אידן און זיי געשיקט אלס שפּיאָנען צו די פּארטיזאַנישע אָטריאַדן.

דער חשד, וועלכן די קריסטלעכע פּארטיזאַנער האָבן אויף אונז געוואָרפן, האָט אונז אזוי דערדריקט, אַז מיר האָבן געגומען נאָכקוקן און נאָכפאָרשן איינער דעם צווייטן. דאָס האָט געדויערט אזוי לאַנג, ביז ס׳האָט זיך אויפגעדעקט, אַז שיקסעס, וואָס האָבן זיך געחברט מיט אונזערע גוישע קאָמאַנדירן, זיינען געשיקט געוואָרן אלס שפּיאָנקעס אין וואלד. מ׳האָט די שיקסעס געשאָסן, אָבער דער אומצוטרוי צו די אידישע פּארטיזאַנער האָט נאָך לאַנג געדויערט, כאָטש אונזערע אידישע גרופּן האָבן נאָך כסדר אויסגעפירט שווערע און וויכטיקע זאַדאַניעס, וועלכע אנדערע גרופּן איז ניט געלונגען אויסצופירן.

ס׳דערמאָנט זיך מיר דער אויפרייס פון א דייטשן באַן, וועלכן כ׳האָב דורכגעפירט צוזאַמען מיט מאָניעקן. די ליניעס און בריקן זיינען שטאַרק פּאַטרולירט געוואָרן דורך דייטשן מיט שפּיר־הינט און דורך ווייסרוסן. ס׳איז ממש שווער געווען צוצוקומען צו די ליניעס. די באַנען זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם. ווען מיר האָבן געזען די באַן אָנקומענדיק, האָט שוין עליק מורא געהאַט, אַז מ׳וועט אונז באַמערקן פון לאָקאָמאָטיוו און עפּענען אויף אונז א פייער, אָבער איך מיט מאָניעקן האָבן אויף גיך אונטערגעלייגט דעם אויפרייס־מאַטעריאַל און זיך באהאלטן אין א גרוב. א גרויסער טייל פון צוג איז צעשטערט געוואָרן.

מ׳האָט מיר געגרופן אין פּארטיזאַנישן שטאַב. כ׳האָב דאָרטן געטראָפן משה קוויאַטן און שמחה קרעסנאָוסקין און זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז דער הויפּט־קאָמאַנדיר וויל זען דעם העלדישן פּארטיזאַן יקותיאל כמעלניצקי. נאָך דער מלחמה בין איך געווען אין מינסק, באַקומען די פּארטיזאַנישע נאַגראַדע און מ׳האָט מיר צוגעזאָגט שיקן פון מאָסקווע די „גערעאָי״־אָפּצייכענונג, אָבער איך האָב אויף דעם ניט געוואָלט וואַרטן.

ס׳קומען אויפן זכרון נאָך אויפטוען פון אונזערע אידישע פּארטיזאַנער, ווי צ.ב. די זאַסאַדע אויף א דייטשן טראַנספּאָרט, מיט מאַשינען און צוויי טאַנקעטקעס, וועלכע מיר האָבן געלאָזן אריינפאָרן צווישן צוויי מינירטע בריקלעך און דאַן זיי אויפגעריסן פונדערווייטן און באַשאָסן לאַנגע שעה׳ן די דייטשן און זייערע מיט־העלפער. פוןביידע זייטן וועג האָבן זיך געצויגן באַוואַלדעכע זומפּן. די ווייסרוסן און אוקראַינער, וועלכע האָבן פּרובירט זיך ראַטעווען דורך די זומפּן, האָבן מיר געכאַפּט און אוועקגעפירט אין וואלד. זיי זיינען געפאַלן צו די פיס און געבעטן, מ׳זאָל זיי לאָזן לעבן. רעשע האָט צו זיי געשריען: „ווען אונזערע מאַמעס האָבן זיך בא אייך געבעטן רחמים, האָט איר זיי דערהרגעט — איצטער בעט איר בא אונז מיר זאָלן אויף אייך רחמנות האָבן?!״ — און בולאַק האָט אויפן אָרט אוועקגעלייגט אַרום 20 פון די פאַררעטער מיט זיין מאַשין־געווער.



דאַן איז געקומען די לעצטע דייטשע אָבלאַווע אויף אונזער וואלד. ס׳איז געווען אין חודש מערץ 1944. דער שונא האָט באַשלאָסן אונז פאַרניכטן און האָט אַרומגערינגלט אונזער וואלד. מיר האָבן אפילו ניט געקענט געפינען שפּייז פאַר זיך און זיינען געגאַנגען אויף זאַסאַדעס.

איינמאָל א שבת האָט מען אונז אלעמען צו

נויפגעקליבן אין איין אָרט — א סך, גאנצע מחנות פארטיזאנער, אלע אָטריאַדן פון די ארומיקע וועלדער, הונגריקע, דורשטיקע, מידע.

דער קאָמיסאר איוואלעוו האָט פאר אונז געהאלטן א רעדע, געזאָגט אונז, אז מיר זיינען ארומגערינגלט דורכן שונא און דער איינציקער אויסוועג איז — דורכרייסן די ליניע פון דייטש און זיך לאָזן צו די פינסקער בלאָטעס אָדער צו דער רויטער ארמיי. ער האָט אונז גערופן זיך לאָזן קעגן שונא מיטן רוסישן „הורראַ״ און דאן וועלן מיר זיגן.

די נאכט איז אָנגעקומען, די גרויסע מאסע פארטיזאנער האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער ליניע פון דער דייטשער ארומרינגלונג. מיט א געשריי „הורראַ!״ האָט מען גענומען לויפן צו דער ליניע — און באלד האָט זיך אויף אונז א שאָט געטאָן א האָגל פון פייער, פון אלע זייטן; די לויפנדיקע זיינען געפאלן ווי געקאָסיטעטער קאָרן. די דייטשע ראקעטן האָבן באלויכטן אלץ ארום. וואו טוט מען זיך אהין?

איך ליג מיט מיין פולעמיאָט, און מיט מיר — יוסף בליזניאנסקי און גרשון ליפשאָוויטש. זיי קוקן ביידע אויס אויף מיין הילף און עצה, ווייל איך בין עלטער פון זיי. איך שריי צום קאָמאנדיר אבראמאָוו, אז מ׳דארף אויפהערן מיטן „הורראַ!״, ווייל מיר גיבן זיך אליין ארויס צו די דייטשן. בעסער שטילערהייט דורכרייסן זיך דורך דער ליניע. אָבער אבראמאָוו ענטפערט שוין ניט. ער זיצט דאָרטן, דער קערפער אָנגעשפארט אָן א בוים — און שווייגט.

איך קוק זיך ארום. קריכן פארויס, דארף מען אריבערגיין א טייכל און נאָכדעם זיך ארויפדראפען אויף א הויכן ברעג. און דאָ פאטרולירן ביים טייכל די דייטשע טאנקען. האָבן מיר זיך זאלבעדריט געצויגן אויף צוריק. פון אלע זייטן ליגן טויטע און פארוואונדעטע. די לעצטע בעטן זיך, מ׳זאָל זיי דערשיסן, ניט לאָזן זיי זיך מאטערן. מיר זיינען אוועק צו א פויער, באקומען ברויט מיט מילך און זיך געצויגן צום גרויסן וואלד פון דוברווישטשינע, צוזאמען מיט נאך פילע פארטיזאנער.

האָבן דייטשע אעראָפּלאנען גענומען באָמבארדירן דעם וואלד. מ׳הערט שוין געשרייען: די דייטשן קומען! און דאן האָט א פּאָליטרוק אלעמען גערופן און געראטן אונז, מיר זאָלן ערגיץ באהאלטן אונזער געווער און זיך פאנאנדערגיין אין די דערפער אריין, צו די משפחות און באקאנטע, ביז ס׳וועט רואיקער ווערן, און דאן קומען צוריק און נעמען דאס געווער...

ס׳איז געווען א גוטע עצה פאר די גויים, אָבער ניט פאר אונז, לעבנגעבליבענע אידן־פארטיזאנער. איך האָב בשום אופן ניט געוואָלט אוועקגעבן מיין פולעמיאָט, ווייל נאָר מיט זיין הילף קען איך דערפילן מיין הויפּט־אויפגאבע — נקמה נעמען אָן דעם דייטשן מערדער. דער פּאָליטרוק האָט געפּאָדערט, איינגערעדט, באַפוילן — ס׳האט אים ניט געהאָלפן, כ׳האָב מיין געווער ניט אוועקגעגעבן. מיר זיינען זאלבעדריט אוועק, צו אונז זיינען צוגעשטאנען נאָך 8 פארטיזאנער. מיר האָבן ניט געוואוסט, אין וועלכער ריכטונג צו גיין, ביז יוסף בליזניאנסקי האָט אונז גענומען פירן צו א גרויסן זומפּ, הינטער וועלכן ס׳איז געווען א קוסטארניק. דאָרטן זיינען מיר אָפּגעלעגן די נאכט און דעם טאָג נאָכדעם, אָן עסן, אָן טרינקען, אָן א האָפענונג אָנצוקומען אין א זיכערערן פּלאַץ, זיך אויסבאהאלטן פארן דייטש מיט זיינע טאנקען און אעראָפּלאנען.

אויף דער צווייטער נאכט זיינען מיר אלע עלף אוועק זיך דערוויסן ווי ס׳האלט מיט דער אָבלאווע און געפינען א ביסל עסנווארג. אין די ארומיקע כוטערס זאָגט מען אונז, אז קיין דייטשן זיינען שוין ניטאָ אין דער געגנט. מיר קומען צו צו דער דייטשער ליניע, צו די בונקערס מיט די קליינע פענסטערלעך, פון וועלכע מ׳האט א פאָר טעג צוריק אויף אונז געפייערט מיט קוילן — איצטער איז שטיל ארום. הענאך, דער שמיד פון קאָזלווישטשינע, האָט ערגיץ נאָנט געהאט באקאנטע קריסטן, האָבן מיר זיך געלאָזן צו זיי. באקומען ברויט מיט מילך. א פויער זאָגט אונז צו זיך דערוויסן, וואו ס׳זיינען אונזערע פארטיזאנער. דערווייל האט ער אונז אוועקגעפירט בלייבן איבערן טאָג אין א קליינעם וועלדל. לאנג בלייבן דאָרטן קען מען ניט. די דייטשן דרייען זיך ארום אין דער געגנט.

זיינען מיר צוריק אוועק אין די בלאָטעס, נאכן דערוויסן זיך, אז די רוסן האָבן דורכ־

געריסן דעם דייטשן פראָנט און דערנענטערן זיך צו אונזער געגנט.

נאָך זוכענישן האָבן מיר סוף־סוף צוריק זיך פאַרייניקט מיט אונזער אָטריאַד, פון וועלכן ס׳איז קיין העלפט מענטשן ניט געבליבן. מיר ווייסן, אז באלד, אָט־אָט, קומען די רוסן אונז באפרייען, אָבער דערווייל האלטן די דייטשן אין איין שיסן. ביז זיי האָבן גענומען אָפּטרעטן.

ס׳איז געווען א שבתדיקער טאָג. מיר ליגן אין וואלד, שפירן אז קיין דייטשן זיינען שוין ניטאָ — און מיר ווארטן.

און דאָ האָט מיר פארשאָטן א מינע. אויפגעכאפּט זיך האָב איך אין א שפּיטאָל פון דער רוסישער ארמיי. דער קאָפּ פארבאנדאזשירט. מ׳האט מיר דערציילט, אז מ׳האט מיר אויסגעגראָבן פון דער פארשיטונג. אזוי בין איך לעבן געבליבן.

# הונגער און טויט אין וואלד / צירל קאמעניעצקי־פרידמאן

ניטא וואוהין צו גיין — דאס איז געווען אונזער ערשטע מחשבה, ווען מיר זיינען ארויס אויף דער פרישער לופט, וועלכע האט א ביסל אויפגעמונטערט אונזער בליק און מוח נאָך די שוידערלעכע צוויי טעג אין בונקער.

ס׳האט ביסלעכווייז גענומען טאגן, כאטש פאר אונז איז אלץ ארום פינסטער געווען, חושך ואפילה. מיר זיינען אריין אין קאָרן און פון דאָרטן אוועק צום ליפּאָווער וואלד, געטראָפן א סך מענטשן אויפן אָרט.

### מיט די קינדערלעך אויף די הענט

די ערשטע פראגע וואס מ׳האט אונז געשטעלט איז געווען: איר ווילט זיך ראטעווען מיט אזעלכע קליינע קינדערלעך?

דיזעלבע נאכט זיינען מיר אוועק צום אסטראווער וואלד. איך מיט מיין מאן און מיינע קליינע קינדערלעך זיינען כסדר געווען די לעצטע. מיין טייערע שוועסטער האט זיך געשראָקן, אז מיר זאָלן ניט בלייבן אליין אין וואלד. געפירט האָט אונז הערשל לאבזאווסקי און ער האָט אויף אונז געווארט, ניט געלאָזן מיר זאָלן אָפּשטיין און חלילה פארלאָרן גיין. און אזוי האבן מיר זיך דערשלעפּט מיט אונזערע דריי קליינע קינדערלעך: די עלטסטע, ליזינקע, א שיינהייט, 6 יאר אלט, דער גרעסערער זון, מאטעלע, 4 יאר און דער קליינינקער יאנקעלע — 18 מאָנאטן. שטעלט אייך פאר די לאגע פון טאטע־מאמע, מיט דריי עופה׳לעך ארום זיך, ווען מ׳פרעגט זיי: ווילט איר זיך טאקע ראטעווען מיט אזעלכע קליינע קינדערלעך?

אוממעגלעך צו באשרייבן אונזערעליידן. די וועלכע זיינען ניט פעאיק געווען צום קאמף און די פרויען מיט די קליינע קינדער האבן זיך געפונען אין א „סעמיינעם" לאגער. הונגעריקע, קראנקע, צעבראכענע און צעשראקענע זיינען מיר שטענדיק געווען. א פחד האט אונז ארומגענומען פון יעדער באוועגונג, פון יעדן שאָרך פון א בלעטל. באלד איז אויף אונז מקויים געווארן די דריטע מכה פון פרעה׳ן — כנים. די שמוץ אליין האט אונז געקענט אויפעסן.

א מאָנאט נאָך אונזער אנקומען אין וואלד האט דער דייטש גענומען אָן אונז א שרעקלעכע נקמה פארן פארטיזאנישן איבערפאל אויף דערעטשין. די דייטשן האבן געמאכט אן אָבלאווע אויפן אסטראווער וואלד און ארום 80 אומשולדיקע מענטשן זיינען דערשאָסן געוואָרן, א סך פון זיי זיינען גענומען געווארן לעבעדיקערהייט, און מ׳קען זיך פאָרשטעלן, וואס פאר א שרעקלעכן טויט דער דייטשער מערדער האָט פאר זיי צוגעגרייט.

פאר יעדן טאג וואס מיר האבן איבערגעלעבט האב איך געדאנקט דעם אויבערשטן: ברוך ה׳ יום יום. אזוי האט מען געשטופּט די צייט אין פחד און הונגער. ניט איינמאל האָב איך געטראכט, אז ס׳איז שוין א סך בעסער דעם

וואָס איז שוין ניטא, ווייל אפט האט דער טויט אין אונזערע אויגן אויסגעזען גרינגער און בעסער ווי אונזער טרויעריק לעבן.

געלעגן זיינען מיר אין די קעלטן אין פלאכע גריבלעך, פול מיט מענטשן, אויסגעמאטערטע און אויסגעהונגערטע, און דא האט זיך פארשפרייט אין לאגער א טיפוס־עפידעמיע. גאנצע פאמיליעס פלעגן אפט אויסגיין אין די גריבער, וואָס זיינען געווען זייער „וואוינונג" און געווארן זייער ברידער־קבר. נאר א קליינער טייל פון די אידן האט דאס אלץ איבערגעלעבט.

איך מיט מיינע צוויי אינגעלעך זיינען קראנק געוואָרן אויף טיפוס. געווען איז דאס אין חודש מערץ, ערב פורים. ס׳איז אפילו קיין טערמאָמעטער ניט געווען אויף צו מעסטן די היץ. קיין עסנווארג האָבן מיר ניט געהאט. דער שניי האט אָנגעהויבן צעגיין אין אונזער גריבל, זיינען מיר געלעגן אין וואסער. מיין מאן, משה־צבי קאמענעצקי, איז אוועק אין א נאנטן דאָרף נאך א ביסל קארטאָפל, ער האט ממש ריזיקירט מיטן לעבן. דער אויבערשטער האט אים געהאָלפן, ער איז מצליח געווען און געקריגן א ביסל זאלץ און קארטאָפל. איך מיט מיינע קינדער האבן באקומען צו צוויי קארטאָפל, אָפצוכאפן די נשמה.

נאך אזא שרעקלעכער קרענק בין איך געבליבן אָן כוחות און ניט געקענט זיך שטעלן אויף מיינע פיס. מ׳האָט מיר ממש אויף די הענט ארויסגעטראגן פון דער גרוב צום פייער. די פרישע לופט האָט מיר א ביסל אויפגעמונטערט. אזוי זיצנדיק ביים פייער זע איך פאר זיך א איד וואס איז נארוואס געקומען פון דאָרף וואָליע, און א ביטערע בשורה האט ער געבראכט: מיליטער איז אנגעפארן ארום און ארום. איך האָב א גאנצע נאכט געוויינט מיט ביטערע טרערן. וואס וועט איצטער זיין? וועל איך שוין מער ניט זען מיין מאן און קינדער? מ׳האט געמוזט אנטלויפן פון דאנען, און איך האָב קיין כוחת ניט געהאט מיטצולויפן מיט אלעמען.

צומארגנס, גאנץ פרי, האבן זיך שוין געהערט שיסערייען פון אלע עקן וואלד. מ׳האט געמוזט וואס שנעלער לויפן פון דעם אָרט, מיט זיינע אויסגעטראָטענע וועגן. איך האב זיך געזעגנט מיט מיין מאן און קינדער, געבעטן זיך רחמים בא זיי, אז זיי זאלן גיין מיט אלעמען, און איך וועל דא בלייבן אליין. געוואוסט האבן מיר, אז בלייבן דא הייסט א זיכערער טויט.

אין דעם איז א הארמאטן־קויל געפלויגן איבער אונזערע קעפ, און איך האָב פלוצלינג אָנגעהויבן לויפן. מיר זיינען שוין כמעט געווען ממש בא די דייטשן אין די הענט. מיר זיינען געלאָפן דורך א גרויסער בלאָטע, און איך בין דאָרטן געבליבן שטעקן. מיר האָבן שוין אפילו געהערט הינטער זיך די קולות פון דעם שונא, וואס איז געלאפן איבערן וואלד, זוכנדיק די אומשולדיקע קרבנות.

איך ווייס עד היום ניט, וואס פאר א נס ס׳איז געשען. מיין מאן האט גענומען מיר און דאס קליינע עופה׳לע אויף די פלייצעס, און מיט אלע כוחות ארויסגעשלעפט אונז פון דער בלאָטע און געבראכט צוריק אין וואלד אריין. קיין אידן ארום זיך האָבן מיר שוין ניט געזען, נאר געהערט דעם געלויף פון די דייטשע מערדער. זיי זיינען געלאפן פון דער רעכטער זייט, און מיר האָבן זיך באהאלטן לינקס, זיך אייגגעגראָבן אין דער ערד און ממש ניט געאָטעמט.

ניט איינמאָל זיינען מיט אונז געשען אזעלכע נסים אין וואָלד.

דער ערשטער ווינטער אין וואלד איז געווען א שווערער און ביטערער. מיר האָבן אפילו ניט געהאט קיין מכשירים אויסצוגראָבן זיך טיפערע „זעמלאנקעס". אין אזא גרויסן פראָסט זיינען מיר אויך אזוי געלאָפן, בעת א גרויסער אָבלאווע, ממש באָרוועסע און נאקעטע, אין טיפן שניי פון וואָליער וואלד אין א צווייטן. איך האָב געטראָגן איין קינד אויף די הענט. די קעלט, דער פראסט און שניי האבן געשניטן באם הארצן. פויערים און פויערטעס, וואָס האָבן אונז געזען אזוי לויפנדיק פון וואלד צו וואלד, האָבן זיך געצלמט פאר פחד, צוקוקנדיק זיך צו אונזער אויסזען.

דאס איז געווען יענע גרויסע אָבלאווע, אין וועלכער די פארטיזאנער האבן געקעמפט העלדיש, אויף טויט און לעבן. אין יענעם ביטערן קאמף איז געפאלן ד״ר אטלאס, א טייערער איד און פריינט פון די „סעמיינע". ניט איינמאל

האט ער אונז באשיצט פאר די קריסטלעכע פארטיזאנער.

זיינען מיר פון דער אבלאווע אויך ארויס לעבעדיקערהייט. מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אויפן אלטן פלאַץ אין וואַליער וואלד און דאָרטן אַנגעטראָפן דעם אמתן חורבן. אממערסטן האבן געליטן די „סעמיינע״.

12 טעג אין שבט האט זיך ווידער אמאל געעפנט א שיסעריי פון אלע זייטן. מענטשן זיינען געלאָפן צו די דייטשן אין די הענט אריין. ניט ווויסנדיק, אז דער דייטש אטאקירט די פארטיזאנער, זיינען א סך פון אונז געלאָפן זוכן שוץ בא די באוואפנטע קעמפער אונזערע, אבער אנשטאט שוץ האבן זיי זיך אנגעשטויסן אויף א שטארקן דייטשן פייער.

יענעם טאג זיינען אומגעקומען פיל פון אונזערע דערעטשינער, און איך וועל דעם טאג פון י״ב בשבט קיינמאָל ניט פארגעסן: ס׳איז געפאלן מיין טייערע טאכטערל ליזינקע, צוזאמען מיט מיין שוועסטער חנה פרידמאן און מיט די משפחות פון שמואל בוטענסקי מיט זיין פרוי און קינד, יאכע בוטענסקי מיט איר זון, ישראל סאלוצקי מיט דריי קינדער, — זייער אלעמענס יארצייט פאלט אויס 12 טעג אין שבט. תנצב״ה.

שווער צו באשרייבן אלץ וואס מיר האבן דורכגעלעבט אין וואלד, ביז ס׳איז אָנגעקומען דער זומער פון 1944־טן יאָר.

אָבער דא האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צרות. די רוסישע קאָמאנדירן האָבן זיך אָנגעזעצט אויף די „סעמיינע״, ניט געוואלט אונז מער שטיצן און באשיצן. זיי האבן אונז פשוט איבערגעלאזן אויף גאָטס באראָט.

יענעם זומער זיינען מיר שוין געווען אָפגע־ריסן און אפגעזונדערט פון אלץ און אלעמען. מיר זיינען געבליבן א גרופע פון 22 נפשות. האבן מיר זיך געמאכט א פארמאסקירטע זעמלאַנקע, טיף אין א גרוב. הונגעריקע, אויס־געשעפטע, אן כוחות אפילו א וואָרט ארויס־צוריידן, זיינען מיר געזעסן א גאנצן טאג אין גרוב און זיך צוגעהערט צו דער שיסעריי ארום.

מיר האָבן ניט געוואוסט, ווער און וואו מ׳שיסט. מיר האָבן שוין דאן אפילו ניט געוואוסט, וואו די פארטיזאנער זיינען און קיין אנונג ניט געהאט וואו מיר אליין געפינען זיך. ביינאכט פלעגן מיר זיך ארויסכאפן אין דרויסן, אבער קיין פייער האט מען ניט געטאָרט מאכן.

איך אליין בין געווען אזוי אָפגעשוואכט פון הונגער און מאטערנישן, אז איך האב קוים געזען אויף מיינע אויגן.

זיינען מיר אזוי איינמאל געזעסן טיף אין דער זעמלאנקע, ווי ס׳האט זיך פון דרויסן דערהערט א געשריי: „קאמענעצקי! קאמע־נעצקי!״, און דער געשריי האט ניט אויפ־געהערט, כסדר זיך איבערגעחזרט איבערן וואלד.

מיין מאן האט ניט געענטפערט, ער האט אויך מיר ניט געלאָזן ענטפערן. אבער איך האָב א טראכט געטאן: ניטא שוין וואס צו פארלירן, — און איך האב געענטפערט. האט זיך ארויסגעוויזן, אז דאס האבן צוויי באקאנטע פויערים, די ברידער קארענקא, אונז געזוכט. אז זיי האָבן אונז דערזען, האבן זיי זיך פון שרעק געצלמט. מ׳קען זיך פאָרשטעלן, ווי ווילד מיר האָבן אויסגעזען.

אויף מיין פראגע, ווי אזוי זיי קומען אהער אונז זוכן, האט איינער פון זיי דערציילט פאר אלע וואס זיינען געווען מיט אונז אין גרוב, אז זיין פרוי סטעפקען זיינען געקומען צו חלום אידן מיט בערד און שטעקענער און געזאגט איר, אז מיר געפינען זיך אין בערעזניאק און אז מיינע קינדער שטארבן פון הונגער. אויב זיי וועלן זיך ניט איילן ברענגען עסן אונזערע קינדער, וועט מען זיי אלע, די קארענקא׳ס, טויטן. די גויים האָבן זיך דערשראָקן פארן חלום און אונז געבראכט א לעבל ברויט און א קרוג מילך, וועלכע מיר האבן, פארשטייט זיך, באלד צעטיילט צווישן אלע אידן אין זעמלאנקע.

פון זיי האבן מיר זיך דערוואוסט די פריילעכע בשורה, אז עס דערנענטערט זיך אונזער גאולה, דער דייטש האט די אמתע מפלה און לויפט שוין צוריק דורך די וועלדער.

די פויערים האָבן אויף אונז רחמנות געהאט, און מיר זיינען אוועק צו זיי אין שייער. פונדער־ווייטנס האט מען שוין געהערט די סאָוועטישע „קאטיושעס״.

# ד״ר יחזקאל אטלס — הרופא־הפארטיזן / ד״ר י. רקובר

אי־הידיעה השוררת בפרק הגבורה היהודית בשנות השואה היא מדהימה; יש בה משום עלבון לאומי ואנושי כאחד. (ב. דינור)

מועטים הרופאים בארצנו, אשר ידוע להם, כי ד״ר יחזקאל אַטלס, הרופא הצעיר מפולין, הוא הדמות המרכזית של התנועה הפארטיזנית־היהודית בזמן השואה.

לחימת יהודים נגד הכובש הנאצי מקיפה שני אספקטים: את מרד הגיטאות והלחימה ביערות. כשם שמרדכי אנילביץ מסמל את תנועת המרי בגיטאות, כך מסמל ד״ר יחזקאל אַטלס את מלחמת הפארטיזנים היהודים. בגי־טאות עקרו הגזירות והרצח אצל רוב היהודים את הרצון להתנגדות. ההכרה שאי־אפשר לנצח את הגרמנים ושאין מנוס מההשמדה הטוטאלית שיתקה את רצון־החיים אצל רבים. הם לא ראו צורך בלחימה שכל־כולה היו סבל וכליון. המנהיגים היהודים ברוב המרכזים היהודים הושמדו תיכף בהתחלת הכיבוש הנאצי, בפעו־לות הראשונות נגד האינטליגנציה היהודית, ושוב לא היתה קיימת מנהיגות במרכזים אלה. ובכל זאת נוצרו יחידות, שהשתדלו לשמור על התגובה היחידה אשר נותרה לאדם בעל חוש־כבוד, והיתה קיימת בגיטאות — כוננות נפשית רבה להילחם. אך היה חסר לקבוצות האלה נשק ובעיקר מקום־אחיזה ללחימה. כל קבוצה פארטיזנית היתה נאלצת לחפש קשרים עם האוכלוסיה בכפרים. היהודים שהיו מוקפים איבה, חסרו עורף באוכלוסיה עד שאי־אפשר היה להחזיק מעמד בתוך הסביבה הכפרית העויינת. ביערות שוטטו קבוצות שונות: פא־שיסטים פולנים (א. ק.), אוקראינים (בנדרה), ביאַלורוסים (סאמוכובה), וקבוצות „פראיות" פרו־סובייטיות. היו קיימים ביניהם ניגודים עמוקים, אך גם אצלם היה קיים הסכם כללי בלתי־כתוב — השמדת היהודים.

אכן, אירגון התנועה הפארטיזנית היה הרבה יותר קשה על היהודים מאשר על כל אומה אחרת. העקרון היסודי של הכוח הפארטיזני היה לפעול ביחידות קטנות ובהפתעה. בהתאם לכך היתה ההצלחה תלויה בהרבה בסגולותיו של היחיד ובעיקר בסגולותיו של המפקד.

ד״ר י. אַטלס היה פארטיזן ללא חת. כל אלה אשר הכירו אותו היו מוקסמים מדמותו של המפקד היהודי, מדינאַמיותו העצומה, מסירותו ללא גבול ומענוותו ופשטותו. בעל קומה בינו־נית, רזה, ובעל עיניים כחולות עם מבט טוב ופיקח, עשה קודם כל רושם של רופא, ולא של מפקד פארטיזנים, שעל הרוב צריך להיות אכזרי וגס. אך כאשר היה מדריך את הנערים שלו בהכרת המאבק ולהט הנקמה אי־אפשר היה להכיר אותו. קולו היה חותך ופניו שקטים. בקרב לא היה גבול להקרבתו העצמית ולעוז רוחו. בתנועה הפארטיזנית ההמונית היוותה פלוגתו רק חוליה אחת מני רבות. אך אין לשכוח שלפני התנועה הזאת עמדה מכונת המל־חמה הגרמנית הכבירה חסרת־אונים. ההערכה של המטה הגרמני היתה, שהתנועה הפארטיזנית היוותה גורם כבד־משקל במפלתם.

### גדוד פארטיזנים יהודים

ד״ר יחזקאל אַטלס נולד בשנת 1913, בעיירה ראַווה מאַזוביצקה שבפולין. לאחר שגמר את חוק לימודיו ברפואה במילאנו חזר לפולין ועבד בבית־החולים בלודז׳. בפרוץ המלחמה, ב־1939, נסע ד״ר אַטלס יחד עם משפחתו מזרחה והגיע לעיירה קוזלובשצ׳יזנה שברוסיה הלבנה. בחסותו של השלטון הסובייטי אירגן כאן בית־חולים ושימש מנהלו. הוא התפרסם בכל האזור כרופא מוכשר. עם פלישת הצבאות הנאציים ניסה לברוח עם משפחתו לרוסיה, אך כל הדרכים נחסמו על־ידי הצבא הגרמני, אשר התקדם בצורת יתד עמוקה. הוא נשאר כרופא בקוזלוב־שציזנה, הירבה לבקר בכפרים וקשר קשרים עם האיכרים, אשר העריצוהו בגלל מסירותו לחוליו וכוננותו לעזרה בכל עת, ביום ובלילה.

בתחילת האביב הושמדו כל יהודי קוזלוב־שציזנה וביניהם משפחתו של ד״ר אַטלס —

הוריו ואחותו. את הרופאים היו הגרמנים משאירים בחיים באותה התקופה כיהודים „חיוניים". המטה גרמני פחד מאוד מטיפוס בהרות — מחלה אשר תמיד היתה מלווה את הצבאות במזרח אירופה.

אכן, זכה ד״ר אטלס להישאר בחיים ונשלח לנקודה סאַניטאַרית בכפר וולה־רבתי („וולה ויילקה") לשם מלחמה בטיפוס הבהרות. בוולה־רבתי אשר באזור סלונים המשיך ד״ר אַטלס להושיט עזרה לאוכלוסיה הכפרית וגם לקבוצות פארטיזניות ראשונות, אשר אתן קשר יחסים הדוקים.

ב־22 ליולי 1942, ערכו הגרמנים טבח בעיירה דרצ׳ין, שליד סלונים. כאלפיים וחמש מאות יהודים נרצחו, ורק כשלוש מאות ברחו מהטבח ליער. הפליטים שוטטו ביער הבלתי־נודע, מיואשים, רעבים, חסרי־אונים. יום זה נבחר ע״י ד״ר אַטלס להגשמת שאיפתו: אירגון גדוד פרטיזנים יהודים, למלחמה ולנקמה. מפליטי דרצ׳ין, שהיו מסוגלים לשאת נשק, הקים פלוגה לוהמת. את הטף, הנשים והזקנים ריכז בתוך „מחנה משפחתי". שלושת הרובים הראשונים שהובאו ע״י ד״ר אַטלס הכניסו רוח־חיים באנשי הפלוגה. מזויינים ברובים יצאו אנשי־אַטלס עם מפקדם לפעולות עונשין נגד משתפי־פעולה עם הגרמנים בכפרים הסמוכים. רכוש משפחות השוטרים הוחרם ולמחנה־הצבאי והמשפחתי הובאו כלים ודברי־אוכל בשפע. הדוקטור בילה ימים שלמים בכפרים והשיג נשק מאיכרי הסביבה. האהדה אשר רחשו לו בכל האזור בתור רופא סייעה לו מאוד ברכישת נשק ובאירגון רשת מודיעין בסביבה. ילדי־הכפר, רועי־הבקר, היו ספקים חשובים של נשק, שהיה יקר־המציאות באותה התקופה. בשנת 1941 השאיר הצבא הרוסי, בשעת נסיגה מבוהלת, נשק רב, אשר האיכרים ובייחוד ילדיהם טמנוהו באדמה. מהם היה מביא אטלס כל יום כלי־זין. כוחה של הפלוגה גדל והלך. הופיעו שש מכונות־יריה קלות ושתים כבדות. הופיעו גם תותחים, אשר הרוסים השאירו בעת הנסיגה ונמצאו גם פגזים בשבילם. בין בחורי־אַטלס היו תותחנים, אשר שירתו בצבא הפולני, וגם מסגרים אשר תיקנו תותח עזוב. גם „המחנה המשפחתי" קיבל כמה רובים להגנה עצמית.

קיום „המחנה המשפחתי" הכביד במידת־מה על גדוד הפארטיזנים, שהיה צריך להיות קל־תנועה, אך במרוצת הזמן הפך המחנה לבית־מלאכה לפארטיזנים ולמקום אספקה, תיקון בגדים, לבנים, נעליים וכו׳... בשעת המצודים היו מוכנים בשבילם מקלטים תת־קרקעיים, אשר הצילו גם הרבה נפשות. האזור הפאַרטיזני, בו פעל אַטלס, השתרע בין סלונים ונובוגרודק. האזור היה משופע יערות עבותים, מוקפים ביצות טובעניות ושימש בסיס טבעי לקבוצות שונות של פארטיזנים יהודים, פולנים, ביאַלו־רוסיים, סובייטיים. במרכז היערות הללו, בין שפך הנהר שצ׳אַרה לבין ניימאַן, משתרע היער הגדול — הפושצ׳ה הליפיצ׳אַנית — אשר שימש בסיס לפלוגתו של ד״ר אַטלס, ולשם הגיעו יהודים מהעיירות בסביבה: דרצ׳ין, ז׳לודוק, ביאליצה, קוזלובשציזנה, נובויאֶלניה, מולצ׳אַדז, דבוראֶץ, ז׳אֶטל (דזיאַטלובו), נובוגרודק, לידה ועוד. כשבאו היהודים הראשונים ליער נתקלו בקבוצת פארטיזניות סובייטיות פראיות — שאריות של הצבא האדום. שוד ואונס בלבד היו תכניותיהן של הקבוצות הללו. בנסיבות אלה עמדו קבוצות היהודים לפני סכנה של השמדה. כך נרצחה קבוצה קטנה של פארטיזנים יהודיים של אלטר דבוראֶצקי מז׳אֶטל. יוקרתו של ד״ר אַטלס באוכלוסיה הכפרית ובקבוצות הפראיות עזרה להתגבר על האנטישמיות ששררה ביער והופנתה כלפי יוצאי הגיטאות.

### נקמת הדם היהודי שנשפך

ב־10 לאוגוסט 1942, 16 יום לאחר הטבח בדרצ׳ין, יצא ד״ר אַטלס עם 120 פארטיזנים יהודים לעיירה זו לנקום את הדם היהודי שנשפך. התכנית האופרטיבית היתה לכתר את העיירה ולנתקה מסלונים ומזאֶלווה, לחסל את תחנת המשטרה על מאה וששים שוטרים ו־15 הז׳נדרמנים שבה ולחלק את הנשק לפליטים. עם פלוגתו של ד״ר אַטלס השתתפו בהתקפה על דרצ׳ין, גם הפלוגה הסובייטית של בוריס הגידם והפלוגה של האיכר המקומי — בולק. שמואל בורנשטיין, המחבר של הספר „פלוגת ד״ר אַטלס", אשר השתתף בקרב על דרצ׳ין כותב: „השעה היתה בדיוק ארבע. עלה השחר. מכונות היריה התחילו מנהמות, האדמה רעדה

מקול רימונים מתפוצצים... הסתערנו קדימה. מעבר בניין הז'נדרמריה ענו לנו ביריות... הבחורים של אַטלס הוציאו מבית המשטרה את השוטרים המבוהלים השוטרים הלכו חיוורים ורועדים, ידיהם מורמות למעלה. מן הצד ראיתי את יקותיאל חמלניצקי, מכונת־יריה בידו, ראשו פרוע, דם נוזל מאפו... החולצה היתה קרועה והוא צחק צחוק פראי כמטורף וקרא: ,הא, יפה לכם, הא?' השוטרים נורו במקום בו נרצחו לפני שבועיים יהודים. על־יד תחנת הז'נדרמריה נמשך קרב קשה. הסנדלר שלקוביץ שיצא לקרב עם מקל בידו החזיק עתה תת־מקלע גרמני חדש... הבחורים טענו על העגלות את הפצועים, את הנשק ואת יתר השלל — וחזרו ליער... הצבא הגרמני שהגיע מסלונים מצא את העיירה אחוזה להבות".

לאחר דרצ'ין בא התור של רודה יאבורסקה. כפר זה שכן בצומת־דרכים שבין יערות הפארטיזנים. כוחות גדולים של אוקראינים וגרמנים כבשו את הכפר, דבר ששיתק את התחבורה בין פלוגות הלוחמים. גדידים מאוחדים של פארטיזנים יהודים ורוסים הסתערו על הכפר. התגוננות האויב היתה עזה ביותר. בוגדוש, אחד מנערי אַטלס, הטיל רימון לתוך חפירות האוקראינים, השמיד קן של מכונת־יריה כבדה, השתלט עליה וכיוון אותה נגד האויב. שבירת קן־ההגנה ע"י פלוגת־אַטלס הכריעה את גורלו של הקרב הקשה הזה. הנאצים ברחו בהשאירם הרוגים רבים ונשק רב.

במשך כמה שבועות לאחר מכן גרש אַטלס את הגרמנים מרוב האזור שלו. הוא התקיף את חיל־המצב של האויב בהולינקה, בסנקבשציזנה וחיסל אותם. ההתקפה על קוזלובשציזנה לא הוכתרה בהצלחה מלאה. הגרמנים התבצרו עתה היטב בכל העיירות שבסביבה והפארטיזנים נתקלו בהתנגדות עזה. התקפה חזיתית לא היתה כדאית, שכן היה הדבר כרוך באבידות כבדות. הטאקטיקה הפארטיזנית המובהקת היא השיטה של „פגע וברח". אַטלס שמר ככל האפשר על יתרון ההפתעה. במקרה שנתקל בכוחות עדיפים של האויב השתדל להימנע מהתנגשות ישירה.

## חבלות בלתי־פוסקות

בתוך האזור היו הפארטיזנים חפשים לגמרי. בכל כפר היה יושב מפקד מטעם הפארטיזנים. תפקידו היה להבטיח מזון ומקום־לינה ללוחמים שנזדמנו למקום. מכפרים אלה אסור היה ליטול אספקה. הכוחות הגרמניים איבדו צעד אחר צעד את השליטה על האזור ולבסוף הצטמצמה שליטתם על הערים והיישובים הגדולים בלבד. לאחר טיהור האזור מן האויב, התמסר אַטלס כולו להשגת חומר־נפץ למעשי־חבלה. הוא החל לשלוח כיתות־חבלה מעבר ליערות — לפגוע באובייקטים צבאיים חיוניים: מסילות־ברזל, תחנות־רכבת, מפעלי אספקה ותעשייה. במשך זמן קצר חוסלו כל המחלבות אשר סיפקו חמאה וביצים לגרמנים. כמו כן פוצץ בית־החרושת למלט בעיירה רוש. הריסת הגשר של הניימן, שניתק למשך זמן רב את הקשר בין שתי גדות הנהר, הביאה לו תהילה בכל התנועה הפארטיזנית של האזור. כל יום הביא אַטלס עגלות מלאות פגזים של תותחים אשר נשארו בשדות ובתוך הנהר שצ'ארה על־יד וולה־רבתי. הוא הוציא מהפגזים את חומר הנפץ, רכש מציתים ויצא לפעולות.

החזית היתה הרחק על יד הוולגה, ולעבר החזית נחפזו ללא הפסק רכבות גרמניות שנשאו נשק לצבא. אחת החבלות המפורסמות של ד"ר אַטלס היתה פיצוץ הגשר על־יד תחנת רוזיאנקה, בעת שעברה עליו הרכבת, שגרם להרוגים ופצועים רבים מאוד. במבצע אחר הוא השמיד מטוס גרמני על צוותו, כאשר נחת נחיתת־אונס כשלושים קילומטרים מבסיסו. התחבורה של הקו ברסט־ברנוביצי־מוסקווה הופסקה על־ידי אַטלס לעתים קרובות. קווי־הרכבת הוצאו מכלל שימוש אחרי חבלות בלתי־פוסקות. השיירות שהובילו את האספקה לחזית הותקפו על־ידי פלוגות אַטלס. הגרמנים נקטו בשורה של אמצעי הגנה. כדי להקשות את הגישה לפסי הרכבת ניקו שטח של 300 מטרים משני צדי המסילה. כל אזרח, אשר נראה בקרבת הפסים, נורה במקום. הגרמנים בנו בונקרים לאורך המסילה ובהם הגנה צמודה למסילה. פטרולים וצוותים של מגלי־מוקשים סיירו לאורך פסי־הרכבת. הם הגבירו את מהלך הרכבות ביום

והפחיתו את הנסיעות בלילה. נלקחו בני־ערובה מהכפרים שבסביבה. התושבים היו אח־ראים על קטע המסילה הקרוב לכפריהם. במקרה של מעשי חבלה ברכבת נורו בני־ערובה. שיטות הטירור לא השיגו את מטרתן, הן רק הגבירו את שנאת האוכלוסיה ואת הבריחה אל היער וההצטרפות לפארטיזנים. הגרמנים הגיבו במצו־דים מדי פעם בפעם. ב־15 לספטמבר 1942 יצאו הגרמנים יחד עם האוקראינים של ולאָסוב, ביחד כאלף איש, למסע־עונשין נגד הפארטיזנים. אַטלס תפס עמדה ליד הכפר וולה־זוטא שעל־יד נהר שצ׳אַרה. חלק של כוחות האויב החליט לעבור את הנהר. כאשר הרפסודה עם המכוניות נמצאה באמצע הנהר פתח אַטלס באש לעברה מתותח וממכונת־יריה. למעלה משבעים גרמנים ואוקראינים נפלו בקרב, שלל ונשק רב נפלו לידיהם של הפארטיזנים. זמן קצר אחר־כך ערכו שלושת אלפים חיילים גרמנים וליטאים מצוד בפושצ׳ה. שיטות הטירור, הצתות כפרים, רצח המונים — הוסיפו שוב תנופה לתנועה הפארטיזנית. פלוגתו של ד״ר אַטלס נסוגה והתפצלה ליחידות קטנות. לאחר שבועיים, כאשר נסוג האויב, חזרו היחידות לפושצ׳ה, התארגנו מחדש וחידשו את מלחמתן באויב. המצוד בדצמבר היה קשה באופן מיוחד. חורף והפשרת שלגים הכבידו מאוד על התנועה. היו הרבה קרבנות במחנה המשפחתי. הכוח הגרמני מנה שלושים אלף איש, מטוסים, טנקים ותו־תחים כבדים הפגיזו ללא הרף את הפושצ׳ה.

### העם לא הלך כצאן לטבח

גורל התושבים הכפריים היה כגורל היהודים. הגרמנים ציוו עליהם לחפור בורות עמוקים, אילצו אותם להיכנס לתוך הבורות וירו בהם. הטבח נעשה ללא אבחנה כלשהי בין משתפי־פעולה עם הפארטיזנים לבין מתנגדיהם — ה„קולאַקים״. פלוגתו של ד״ר אַטלס המשיכה במסורת ושמרה על המעבר של הנהר שצ׳ארה בכפר וולה־רבתי. הגרמנים ריכזו אש אוטו־מאַטית חזקה מאוד על הפלוגה. רק בהפוגות הקצרות אפשר היה לזחול כמה מטרים. יומיים נמשך הקרב במקום הזה. המצב החמיר והלך. אַטלס חיפש דרך כיצד לפרוץ מן המעגל. בקרב זה נפצע אַטלס ברגלו. הכדור פגע כנראה בעורק הירך. הדם שתת מרגלו ללא הפסקה. למרות הנסיונות שנעשו לחסום את העורק לא הצליח הרופא להציל את עצמו. הוא הספיק עוד למנות כממלא־מקום את אליהו ליפשוביץ ול־הגיד: נקמה!.. ואיבד את הכרתו. הוא נפטר כחצי שעה לאחר שנפצע.

למרות היאוש עם מות המפקד הצליחה הפלוגה לצאת מסכנת הכיתור ולהתרכז בבסיס חדש. שנת 1943 היתה שנה של דיסנטים סובייטים סדירים ואירגון מחדש של התנועה הפארטיזנית, הוקמו חטיבות. באופן רשמי לא היה יותר מקום ליחידות פארטיזניות יהודיות. פלוגתו של ד״ר אַטלס עברה לפיקוד רוסי, אך היא המשיכה את המסורת היהודית ושמו של ד״ר אַטלס הוסיף לשמש לה סמל. בפושצ׳ה המשיכו לקרוא להם „אטלסובצי״ — נערי אַטלס.

מערכתו של ד״ר אטלס בפושצ׳ה הליפיצ׳נית אינה בבחינת מיבצע צבאי בלבד. הוא הניח יסוד לריכוז יהודים שברחו מהגיטו העומד בלהבות, שתעו ושוטטו ביערות. היה מברך אותם בבואם, מנחם את האומללים, ומעל לכל נותן להם את ההרגשה שיד יהודית מזויינת שומרת עליהם. נוסף לכך הוא היה רופא, מלאך רפאל לחולים ולפצועים.

על ההיסטוריונים להבליט את המערכה של ד״ר אטלס בתולדות השואה. הקרב על דרצ׳ין, שבו פליטי־מוות שנמלטו מהטבח בגיטו ליערות התקיפו שבועיים לאחר מכך את העיירה, וערכו טבח ברוצחי אבותיהם וילדיהם — כדאי שייכלל בפרקי־קריאה נבחרים של ספרות השואה לנוער. פרקי הגבורה היהודית בשנות השואה מן הראוי שימצאו את דרכם ללבות הצעירים למען ידעו, כי העם היהודי לא הלך כצאן לטבח אלא לחם על קיומו ועל כבודו.

# עם לוחמי דרצ׳ין ביער / שמואל בורנשטיין

24 ביולי 1942

חזרתי בשעה מאוחרת בלילה. זמן רב לא יכולתי להרדם. הנה מתקרב יום השנה השלישי למלחמה. תקופה רבת־תלאות עברה עלי. קשה לי להודות בכך, אבל כבר השלמתי עם הרעיון על מות הורי ואחי. ברגע זה הרהרתי על האנשים הקרובים־ללבי אשר עזבתי בדרצ׳ין המתענים ביסורים יום־יום, וידי קצרה מלעזור להם.

עם שחר העירני קול רעש משנתי.

— בסביבה מתרחש דבר־מה, — העירו הבחורים.

ואמנם, מצד דרצ׳ין הגיע טרטור בלתי־פוסק של מכונות־יריה. הצצתי בהרשל. חיוור כסיד הקשיב להדי היריות. הבינונו איש לנפש רעהו. בדרצ׳ין מומתים יהודים. ביום ההוא היה לבנו קשה עלינו מאוד. האוכל נשאר תקוע בגרוננו, הכל היה נופל מידינו. עינתה אותנו החרדה לגורל יהודי דרצ׳ין.

בערב חזר מישה, שנשלח לסייר בשטח. נתברר שהשערותינו היו נכונות. מפי איכרי הסביבה נודע לו, למישה, כי מאז הבוקר יורים בדרצ׳ין ביהודים.

הודעתו היבשה הלמה בנו כמהלומת פטיש. אותו רגע ביקשנו להיות לבדנו, ובקוצר־רוח חיכינו לשעה שתשתרר במחנה דממת הלילה.

זכורים לי דבריו של אחד הבחורים הרוסים, שראני בצערי. ברצותו לנחמני אמר:

— בן־חייל! בעוד מועד נחלצת משם.

להם קשה היה להבין את כאבנו.

למחרת נודע לנו מפי הבחורים, החוזרים ממילוי תפקידם, כי בבוראָלום נמצאת שארית יהודי דרצ׳ין, שהצליחו להינצל מן הטבח. קיבלנו מאת המפקד רשות לבקר את הפליטים.

מיד יצאנו ליער בוראָלום. נחפזנו מאוד בלכתנו. האיצה בנו החרדה לגורל האנשים הקרובים לליבנו. תיארנו לנו את מצב־רוחם של פליטים אלה, שנמלטו אל היערות הבלתי־ידועים להם והשאירו מאחוריהם את גוויות אבותיהם, אמותיהם, אחיהם וילדיהם. רצינו לנחם את האומללים, לעודד אותם ככל האפשר.

את החבורה הראשונה מבני דרצ׳ין פגשנו בכניסה ליער. ילדה קטנה קפצה לקראתנו מאחורי העצים. הכרתי בה את בת חברי, המורה לנדאו. חיבקתי את הילדה בת התשע בזרועותי. אף־על־פי שלבוש הייתי במדי צבא, ורובה על כתפי, הכירתני הקטנה מיד. היא התרפקה עלי, כי חשה בי שאגן עליה. שתי עינים גדולות, שחורות, מהן נשקף הפחד, הציצו בי.

ביום הנורא ההוא, שעה שנכנסו הגרמנים לדירתם, היתה מאַניה הקטנה מסתתרת מאחורי תיבת־עץ. בעיניה ראתה איך אנשים זרים ורעים מכים את אבא, את אמא ואת סבתא. חוש נסתר הגיד לה, לילדה, כי עליה לשבת דומם מאחורי התיבה הגדולה. את האנשים הבוכים הוציאו הגרמנים בכוח החוצה. מאַניה ידעה כי דבר־מה איום מתרחש, כי הקרובים לה ביותר הולכים ולא ישובו עוד. היה ברצונה לצעוק, לגשת אל האנשים הרעים ולבקש מהם, שירפו מן האהובים עליה. אבל הצעקה נשארה תקועה בגרונה. אחרי־כן נדם הכל.

עד מהרה פילחו יריות את הדממה. מאניה הבינה: עתה גוססים הם, סבתא, אבא ואמא. אל הדירה נכנסים בלי־הרף גרמנים ומחפשים אנשים. ז׳אנדארם שמן אחד שלח אפילו מבט לעבר התיבה, שמאחוריה היא מסתתרת. היא ראתה אותו, את מבטו, אך הוא לא ראה אותה. בלילה התגנב מי־שהוא לתוך הדירה. היה זה הדוד, שיצא מן הבונקר לראות את הנעשה. יחד התחמקו מן העיירה ויצאו ליער.

הדברים שסיפרו לי הפליטים עלו באימתם ובאכזריותם על כל מה שאפשר להעלות על הדעת. במרחק־מה יושבת אשה, ארשת־פניה קהה. רושם משונה עושים פניה הצעירים, העטורים שערות־שיבה.

— חטאתי, חטאתי, — חוזרת האשה ומשננת בעקשנות.

האנשים היושבים על ידה מספרים: בשעת הטבח בעיירה היתה אשה זו עם עוללה בבונקר. מדי רגע התפרצו אל הבית שוטרים וחיפשו יהודים. הפעוט לא חדל מלבכות, והמסתתרים חששו פן ייגלה מחבואם. האם חינקה את תינוקה בידיה.

והנה יושב גבר צעיר, שניצל בנס מן המוות. בעיניו ראה את בנו הקטן מתחנן לפני הרוצחים:

— הביטו, הלא צעיר אני כל־כך, עוד לא חייתי בעולם הזה, השאירוני בחיים!

האנשים מסרו לי כי בעמקי היער נמצאים כמאתיים יהודים; קצתם עברו אל מעבר לנהר שצ׳ארה.

העשן המיתמר מעל לעצים הורה לי את הדרך אל מחנה הפליטים. כעבור חצי שעה הייתי במקום. כמה שונה המחנה הזה ממחנה הפרטיזנים! כאן אין איש שר; כאן אין אנשים עליזים ומרוצים. הפליטים יושבים קודרים, המומים; אף לרגע אחד אינם יכולים להסיח דעתם ממאורעות היום הנורא. כל אחד מהם השאיר מאחוריו את האנשים הקרובים לו ביותר. וכאן — הורים בלי בנים, ילדים בלי הורים. חיי־משפחה שנבנו במשך שנים רבות, נחרבו ביום אחד. ועתה: יער בלתי־ידוע; שמים רחבים פרושים, במקום קורת־גג, מעל לראשיהם.

אתמול בא לכאן המפקד הראשי של כל הפרטיזנים בכל החבל, בוריס בולאט. הוא הבטיח לצרף את האנשים המסוגלים לשאת נשק אל פלוגות־הפרטיזנים. והנשארים יהוו „מחנה משפחה", כפי שקראו לכך: הם יקבלו כמה רובים להגנה עצמית, וצידה תספקנה להם חבורות הפרטיזנים.

### מסע שהצליח

28 ביולי 1942

ערב אחד יצאנו, חבורה שלימה, לתפקיד של קרב. המפקד הסביר לנו את מטרת המסע. בכפר „יאָזיורקי הגדול", מרחק ארבעה קילומטרים מדרצ׳ין, עתיד שוטר אחד להיכנס לחופה עם בת אחד האיכרים. עלינו להשתמש בהזדמנות ולהרוג גרמנים רבים ככל האפשר. זאת לי הפעם הראשונה להשתתף בשליחות מסוכנת כל־כך.

בשעה תשע, בערך, ניגשנו ליאָזיורקי. היו אתנו שתי מכונות־יריה, כמה תת־מקלעים, וכן שני רימונים לכל אחד מאתנו. תחילה שלח המפקד אותי ואת קוליה, חייל בקי ורגיל, לסייר במקום. חרש, בזהירות, התקרבנו אל הביקתה שבקצה הכפר. מרחוק הגיעו לאזנינו צלילי מפוחית, רקיעת רגליהם של מרקדים וצווחות שיכורים.

רתחתי:

— זה עתה נמחו עקבות הדם היהודי מידיהם, וכבר הם מתהוללים!

קוליה דפק על חלון הביקתה. מעבר לזגוגית נראתה דמות לבושה לבנים.

— מי שם? — עלה מבפנים קול נפחד.

— פתח, פרטיזנים. — ענה קוליה בלחש.

אני נשארתי בחוץ. נלחצתי אל קיר העץ של הבקתה, והתאמצתי לקלוט כל צליל המגיע מן הרחוב.

קוליה שב כעבור רגע, ואנחנו חזרנו אל החב־רים המחכים לנו ומסרנו למפקד את מה שנודע לנו.

המפקד ערך את האנשים. בקצה הכפר, מאחו־רי הביקתה, בה נודעו לקוליה הידיעות הדרו־שות לנו, נשארו שני אנשים ומכונת־יריה עמהם. עליהם הוטל לשמור את הדרך לדרצ׳ין. אנו, כל השאר, התקרבנו אל המטרה על פני השדה, מאחורי הבקתות. אפלת הלילה היתה בעזרנו. לבסוף נמצאנו במרחק עשרים מטרים בערך מן המקום בו נערכה החתונה. בפנים היו האנשים רבים, ורבה היתה ההמולה. לפני הבית, בחוץ, תינו אהבים בחורים ובחורות. באמצע הרחוב ראינו, לאורה של סיגריה מהבהבת, דמות של מישהו.

— כפי הנראה זקיף הוא, שהועמד כאן, — לחש המפקד.

הוטל עלינו לפתור בעיה קשה. אי־אפשר היה לנו לירות סתם כך לעבר הבקתה, שהרי עלולים היו ליהרג אנשים חפים־מפשע. לכן הוטל על קוליה להתקרב בזהירה ולירות בזקיף. קול היריה צריך היה לשמש אות לפתיחת מטח יריות באוויר. לפי חישובי המפקד צריכים יהיו השוטרים הנפתעים לברוח לעבר דרצ׳ין ולהית־קל במכונת־היריה שלנו החבויה שם. כך ילמדו האיכרים לקח, שאין הם צריכים להשתתף בשמחות מעין אלה, והשוטרים יפסיקו מעתה את ביקורי־הלילה שלהם.

— עוד מעט תהא כאן השמחה מרובה — לחש לי מישה.

פתאום נשמע קול יריה, שהפסיק את צלילי ריקוד הפולקה העליזה. ראיתי שהסיגריה הבוע־רת בפי אחד האנשים נפלה ארצה. בחלונות כבה האור. נשמע קול צעקות ובכיות. כמה אנשים נחפזו החוצה. פתחנו באש חזקה. כדורי תבערה התעופפו בשריקה מעל לבתים. התחלנו מטילים רימונים לאמצע הדרך. מקצה הכפר הגיע לאז־נינו קול טרטורה של מכונת־היריה.

— שלנו הם אלה! קרא מישה בשמחה.

גם מעבר דרצ׳ין טרטרה קצובות מכונת־יריה כבדה.

לבסוף השתררה דממה. נכנסנו במרוצה לרחוב. על־יד חלל מתבוסס בדמו עמד קוליה, לראשו כובע־שוטרים שחור ובחגורתו אקדח־מאוזר גרמני חדש.

— כפי הנראה הרגיש את עצמו בטוח מכל רע, אם היה מעשן בעמדו על משמרתו, — אמר קוליה.

ואניה שלחני לתור את קצה־הכפר השני. הבחורים הסירו את המגפים החדשים מעל רגלי השוטרים המתים.

— בכן, הצלחנו, — אמר אלי מישה. — אין צורך ללכת אל המחסנים; המחסנים באים אלינו, — המשיך בהתבוננו בקורת־רוח במגפים החדשים, שנעלו הבחורים במקום הנעלים הבלות, מהוכן הציצו האצבעות.

חזרתי למקומי. בחלון נראה שוב אור. מן הבקתה הגיע קולו החמור של המפקד. ברחוב שוחחו הבחורים על הקרב שנסתיים לפני שעה קלה. כעבור רגע הופיע ואניה ברחוב.

— ועתה, בחורים, — אמר, לדרך; מדרצ׳ין עלולה להגיע אליהם תגבורת.

בשעה שהחלפנו סיסמאות עם הזקיפים העומ־דים על המשמר, ליד המחנה, כבר הנץ השחר.

יום אחד לאחר המסע ליאַזיוֹרקי נודעה לי חדשה משמחת מפי שני חברים חדשים בפלוג־תנו, שהתקבלו ממחנה הפליטים היהודים: מעבר לנהר שצ׳ארה מתארגנת פלוגה לוחמת יהודית. בראש הפלוגה עומד הד״ר אטלס, ושם נמצאים בלה ואיזיו, ידידי, שניצלו מן הטבח, ועוד חב־רים שנמנו בשעתם על הארגון החשאי בדרצ׳ין.

מיד פניתי בבקשה אל המפקד, והוא הרשני להיעדר מן המחנה למשך יומיים.

### פלוגת הד״ר אטלס

אוגוסט 1942

בשעת־הצהריים הייתי על שפת נהר השצ׳ארה. מעבר לנהר נראו יערות־רודה הגדולים, ששימ־שו מקלט לפרטיזנים. שם שכן הכפר „וולה הגדולה״. ידעתי כי חיל־המצב הגרמני הקרוב ביותר חונה בעיירה קוזלובשצ׳יזנה. אבל הגרמ־נים והשוטרים למדו לקח מידי הפרטיזנים, שלא לשוטט על פני „הטריטוריה האדומה״. על כל צרה שלא תבוא שאלתי את איש־המעברה, שהסיעני אל החוף השני של שצ׳ארה, אם אין הגרמנים נראים בסביבה.

— אלינו מפחדים הכלבים הללו לסור, — ענה האיכר בגאווה.

הכפר הקטן נראה כישוב עני מאוד. אדמת־החול הצחיחה פירנסה בצמצום את תושביו. המכמרות התלויות על הגדרות העידו, שהאוכ־לוסיה עוסקת בדיג. מדרך הסתכלותם של אנשי הכפר בי, למדתי שרגילים הם למראה אורחים כמוני. נמצאתי באמצע הכפר ושקלתי בדעתי לאיזה צד עלי לפנות, והנה יצא מאחת הבקתות אדם, רובה על זרועו. לפי תלבושתו הכרתי בו שפרטיזן הוא.

— הי, חבר! — קראתי.

הפרטיזן הפנה את ראשו. הצצנו איש בפני רעהו ומיד נחפזנו זה לקראת זה. היה זה אחד מידידי מעיר דרצ׳ין, חבר הארגון החשאי, חיים־יהושע ליפשוביץ׳, חיים־יהושע בא לכפר בעג־לה. הוא מנהל המשק בפלוגה שלהם, ועתה הביא לאיכרים קמח כדי שיאפו לחם למען הפלוגה. מיד עלינו לעגלה ופנינו לעבר מחנהו, השוכן במרחק ארבעה קילומטרים מן הכפר.

נסענו במהירות במשעול היער. העגלה היתה חורקת ומנתרת על גבי השרשים הגדולים. יער גדול היה זה, שכדוגמתו לא ראיתי עד עתה. הרהיבוני האילנות הזקנים, הגבוהים, שהתנשאו בהדר מלכות והציצו קודרים מעמקי הסבך.

לבסוף נטינו הצדה. תחת עץ־אלון ענף עמד זקיף, ועל־ידו מכונת־יריה. אף זה היה כבר ישן שלי, האופה מדרצ׳ין יקותיאל חמלניצקי.

געווען זיינען מיר אלע דערשלאָגן און דער־דריקט. פון צייט צו צייט פלעגן אונז די באַקאַנטע גויים דערציילן, אַז אין דער און אין יענער פון די אַרומיקע שטעט און שטעט־לעך האָט מען אויסגעהרגעט אַלע אידן. זיינען מיר געזעסן און געוואַרט אויף אונזער ביטערן גורל.

און דער טרויעריקער טאָג איז געקומען, פון פאַרטאָג אָן זיינען צו אונז דערגאַנגען די שיסערייען. און גלייך האָב איך דערזען בא יעדער פענסטער פון אונזער געביידע שטיין ווייסרוסישע פּאָליציאַנטן. איך האָב באַלד גע־שיקט מיינע צוויי עלטערע קינדער זיי זאָלן זיך פאַרבאַהאַלטן אויפן בוידעם, אָבער דער עלטערער זון איז צוריק אַראָפּ — ער האָט ניט געקענט אַריינקריכן אין דער דאָפּלטער פּאַדלאָגע אַריין. דער צווייטער זון איז דאָרטן געבליבן פאַרבאַהאַלטן.

די ווייסרוסן האָבן גענומען אונז טרייבן צום אויטאָ און געשלאָגן אונז מיט די פּריקלאַדן. זעענדיק, אַז אָט קומט אונזער סוף, האָב איך מיט מיין עלטסטן זון, און מיט נאָך אַ פּאָר מענטשן פון די משפחות וואָס האָבן געלעבט מיט אונז אין די קאַזאַרמעס, גענומען לויפן פון אויטאָ צו די פעלדער. די דייטשן האָבן אונז נאָכגעשאָסן און צו מיין גרויסן אומגליק האָבן זייערע קוילן געטראָפן מיין זון, און ער איז געפאַלן טויט פאַר מיינע אויגן. איך בין ווייטער געלאָפן, ניט וויסנדיק וואוהין זיך צו ווענדן. אַזוי בין איך אַריינגעלאָפן אין אַ קאַר־טאָפל־פעלד פון איינעם אַ פּויער און איך בין דאָרטן אָפּגעלעגן פון 6 פרי ביז אַרום 10 אין אָוונט.

ביינאַכט בין איך אַרויס פון מיין באַהעל־טעניש און גענומען לויפן צו די וועלדער. געווען בין איך צעטומלט און צעדולט פון דעם גרויסן אומגליק מיט מיין זון און פון די געדאַנקען וועגן גורל פון מיין פרוי מיט די צוויי קינדער און פון מיין זון וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין די קאַזאַרמעס אויפן בוידעם. האָב איך אַזוי געבלאָנדזשעט ביינאַכט איבער די פעלדער און בייטאָג האָב איך זיך באַהאַלטן אין קאָרן. איך בין שוין דאַן זיכער געווען, אַז מיין פרוי מיט צוויי איינגערע קינדער זיינען אומגעקומען.

נאָך דעם ווי מ׳האָט אוועקגעפירט די אידן צו די גריבער איז מיין צווייטער זון אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און אוועק אין וואַליער וואַלד. דאָרטן איז ער אויפגענומען געוואָרן אין אָטריאַד פון דאָקטאָר אַטלאַס. איך האָב אָבער פון דעם ניט געוואוסט, ביז דעם פּאַר־טיזאַנישן אָנפאַל אויפן שונא אין דערעטשין.

נאָכן בלאָנדזשען דריי טעג און דריי נעכט בין איך אָנגעקומען אין אָזשאָרקער וואַלד. כ׳האָב זיך דאָרטן געטראָפן מיט פיל פון אונזערע דערעטשינער, ביז רוסישע פּאַרטי־זאַנער האָבן אונז געטראָפן, געגעבן אונז צוויי רעוואָלווערן צום פאַרטיידיקן זיך, און דער עיקר כדי מיר זאָלן קענען יעדע נאַכט אַרויס־גיין פון וואַלד אין די אַרומיקע דערפער און כוטאָרס און נעמען בא די פּויערים עסנווארג פאַר די געראַטעוועטע אידן אין וואַלד. דאַן זיינען געקומען עטלעכע פּאַרטיזאַנער, רייטנדיק אויף פערד, און אונז געמאָלדן, אַז מענער אָן פאַמיליעס קענען גיין מיט זיי אין אָטריאַד אַריין, עלטערע און משפחות דאַרפן גיין אין אַ פאַמיליע־לאַגער. איך בין געווען אַן איינזאַמער און בין אַוועק, מיט פיל אַנדערע דערעטשינער, אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד אַריין. דאָרטן האָבן מיר באַקומען געווער און זיינען אוועק אויף „זאַדאַניעס״.

אונזער אָטריאַד, און איך מיט אים, האָט אָנטייל גענומען אין דער באַרימטער אַטאַקע אויף דערעטשין. אינמיטן היסן קאַמף איז פאַר־ביי מיר דורכגעלאָפן איינער, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט מיין זון אין אָטריאַד פון דאָקטאָר אַטלאַס, און האָט אויסגעשריען צו מיר: „משה, אייער ישראל איז מיט מיר אין אַטלאַסעס אָטריאַד!״ האָב איך אים צוריק געשריען: „איך בין אין אָזשאָרקער וואַלד! אויב מיר וועלן איבערלעבן די שלאַכט, זאָל ער קומען צו מיר!״

גאָט האָט געהאָלפן און מיר האָבן איבער־געלעבט די שלאַכט. צומאָרגנס איז מיין זון געקומען צו מיר און איך בין אוועק מיט אים אין אַטלאַסעס אָטריאַד. און מיר זיינען געב־ליבן לעבן — צוויי פון דער גאַנצער משפחה.

# ניצלנו ממלכודת־אימים / מאשה קולאקובסקי

שלהי דצמבר 1942. כחמישה חדשים כבר עברו עלינו ביערות. לאט־לאט התחלנו להתרגל לרעיון, כי אלה הם החיים וכי לא נוסיף עוד לראות את יקירינו. יערות אלה הסובבים אותנו הם ביתנו החדש.

ככל שזה נראה מוזר, נזכרת אני בעובדה, כי כל פעם שהפרטיזנים הרוסים היו מזכירים בשיחה את ביתם הרחוק ומחכים בקוצר־רוח לרגע המאושר בו יוכלו לחזור למולדתם, הייתי מזדעזעת מעצם המחשבה, שאולי נצטרך אף אנו לחזור ביום מן הימים לדרצ׳ין ולחיות שם בין קברות אחים ועיי חרבות.

החורף בא בהססנות. עד דצמבר כמעט שלא ירד שלג. גשמים עזים, מלווים רוחות קרות, הטרידונו בלי הרף. בלילות הכפור היו השבי־לים ביערות מתכסים במעטה קרח חלקלק שהכביד על התנועה.

ב־12 בדצמבר הגיעתנו ידיעה, כי כל כפרי הסביבה תפוסים ע״י הגרמנים והאוקראינים וכי הם מתכוננים לפתוח במצוד גדול עלינו. לא עבר זמן רב ותותחי הקלגסים ועוזריהם התחילו רועמים. תנועת הפרטיזנים לא הגיעה אז עדיין לממדים גדולים והיא מנתה ביערותינו רק כמה מאות איש. הגרמנים הגיעו ליער ברבבותיהם וסגרו על כל מבואותיו. פרץ קרב לחיים ולמוות. הפרטיזנים גייסו את כל כוחו־תיהם נגד הגרמנים, אבל לא יכלו לאורך זמן לעמוד במלחמתם הנואשת, וכעבור ימים מספר הוחלט לעזוב את הבסיסים ביער ולנוע מזרחה.

זכור לי היטב ליל הנסיגה. תשושים, אחרי כמה ימי קרבות מרים, הלכו הפרטיזנים בש־בילים הצרים. אפילה שררה ביער ורק מזמן לזמן פילחה את החשיכה דליקה שפרצה בסביבה. הדרכים היו מכוסות קרח. הייתי אז בחדשי־הריון אחרונים ואחרי כמה ימי־מסע מייגעים הרגשתי שכוחותי עוזבים אותי ואין ביכולתי להתקדם יחד עם כולם. ביקשתי את בעלי שיעזבני לבדי וימשיך בדרכו עם הנסוגים מזרחה. בעלי מיאן לשמוע את תחנוני. המפקד שלנו, אדם נבון וחביב, רוסי מברית־המועצות שהספיק כבר להתיידד אתנו, ראה את מצבי והפציר בבעלי שיישאר אתי יחד. הוא צייד אותנו בתחמושת נוספת, נתן לנו עוד 120 כדורי סטן, שהיו אז יקרי המציאות, דרש מבעלי שישמור עלי ונפרד מעלינו. באותו מעמד נואש ומייאש נפרדתי מחברתי מימי הילדות, מהפרטיזנית המהוללת טייבל ליפשוביץ.

נשארנו שנינו, אני ובעלי, לבדנו ביער הגדול.

אחרוני המחנה עברו. דומיה השתררה מס־ביב, והיא הופרעה רק ע״י נהמות חיות־היער הרבות. לבי נצבט בקרבי: האומנם נזכה לראות את הפרטיזנים בשובם ליערנו? הנצליח שנינו לעבור את הימים הקשים הצפויים לי, או שחלילה ניפול מידי המרצחים, ובגללי יפול גם בעלי? מחשבות נוגות אלה תקפוני לאחר שנשארנו לבדנו בשטח המחנה ביער.

כעבור שעות מספר החלטנו לעזוב את המקום, כי חששנו שמיקומו של המחנה ידוע בוודאי לגרמנים. וחששנו זה התאמת. עברנו כברת־דרך די ארוכה, ככל שהיה בכוחי ללכת, וישבנו בסמוך לדרך צדדית ביער. בעלי בחר לו מקום נוח לתצפית ואני התיישבתי בתוך גומה של עמוד לסימון קילומטרים. ליתר בטחון הסווה בעלי את הגומה בענפי עצים יבשים. כשנשקנו על ידנו ישבנו דרוכים לקראת הבאות.

יום־החורף הקצר נטה לקיצו. הקור חדר לעצמות. פתאום נשמעה שעטת סוסים. בעלי היה בטוח, שהרוכבים הם אנשי הכפרים הסמו־כים, שגם עליהם עברה כוס־היסורים והם נמלטו היערה מפני המרצחים. על כן יצא בעלי לדרך, כדי להיוודע מפי הכפריים על מצב הדברים מסביב ליער. כעבור דקות ספורות חזר נפעם ונרגש: שיירה של כ־20 מגררות התנהלה לאיטה בדרך ועל ידה כמה עשרות גרמנים.

אודה, שרוחי נפלה בי באותו רגע. כיצד

זה קרה שבדרך זו, בטבור היער, ישוטטו הגרמנים בבטחון כזה? אכן, כנראה שלא נתקלו בפרטיזנים וחוצפתם גדלה. לבי חדל לפעום. מתי תעבור כבר השיירה הארורה הזאת? הצטנפתי בגומה, אך כל עומקה היה כ־30 סנטימטרים. הדקות זחלו בעצלתיים.

הנה מתקרבת עגלת־החורף הראשונה, והנה השנייה, השלישית. ופתאום — מה קרה? הם אינם נוסעים הלאה! המקום מצא חן בעיניהם והם החליטו לסדר כאן את חניית־הלילה וללון כאן!

במרחק של פחות ממטר אחד ממקום שבתנו החלו מקימים את המחנה הארעי שלהם. פקודות עפות מכל עבר. נכרתו שיחים וענפים והודלקה מדורה ענקית.

ובינתיים ירד הלילה. ברור היה לי אז, כי אלה הם רגעי חיי האחרונים. בלחש אני מתחננת לפני בעלי, שלא יאריך את יסורי ויירה בי, אבל הוא דוחה זאת מרגע לרגע. האמנם מקווה הוא לצאת מן המלכודת האיומה?

לנגד עיני עוברות תמונות של זוועות שראיתי וששמעתי עליהן. שמעתי שהתעללותם של הגרמנים בפרטיזנים שבויים היא למעלה מכל דמיון שטני. ידוע היה, שלנשים הרות היו חותכים את הבטן ועוקרים את הולד.

הכרתי צלולה. אני שוב מבקשת את אברהם לירות בי והוא שוב דוחה את היריה הגואלת הזו.

פתאום ניגש מישהו אל גומתנו והרים מה־זרדים היבשים שכיסוה. היה זה גרמני, שכמעט דרך עלי בלקטו ענפים למדורה. כאב חד פולח את לבי. מותי יבוא איפוא מידי המרצחים, ומי יודע כמה זמן יתעללו בי לפני שיגאלני המוות. זהו הסוף. אברהם לא הצליח להצילני באקדוחו מידי בני־הבליעל הללו...

השתררה אפילה. אנו שומעים היטב את צעקותיהם של הגרמנים, את שיחתם עם הביילורוסים — אבל קיצנו התמהמה לבוא. מדורה ענקית הודלקה, הם כולם יושבים סביבה, מכינים כנראה קפה, ואנחנו שנינו שרויים בתוך מלכודת־המוות האיומה הזו! אמנם, יש לנו נשק, אבל מה יכולים לעשות שניים כנגד עשרות?

הרגעים מתמשכים עד לאימה. חשיכה גמורה



גאלא שעפלאן, געפאלן אין וואלד

מסביב למדורה. אברהם החליט לנסות ולצאת מתוך המלכודת. הוא פותח בזחילה ואומר לי להתקדם אחריו. אברהם כבר יצא מהגומה, וכעבור רגעים מספר אני מנסה את מזלי — אך לפתע פתאום ראיתי במרחק של מטר ומשהו גרמני שפניו מופנות אל המדורה. האור החזק מסנוור אותו ומעמיק עוד יותר את האפילה, עד שהוא אינו רואה את הנעשה ממש לידיו. תקוותי לעזוב את המקום הארור הזה אפסה.

אברהם עבר כבר כמה מטרים, אבל בראותו שאינני זוחלת בעקבותיו, חזר אלי. חיכינו יחד כמה דקות ושוב ניסינו מזלנו. הפעם הצלחנו להתקדם עשרות מטרים, אבל כנראה שהגרמנים הרגישו ברשרוש חשוד ורקיטות התחילו להאיר לנו את דרכנו. כיצד לא הבחינו בנו — אין אני יכולה להבין זאת עד היום הזה.

כשהתרחקנו מהגרמנים קמנו על רגלינו ופתחנו בריצה כל עוד כוחנו בנו. נכנסנו לחלקת יער בלתי־מוכרת. כמעט שקרחה היתה, עם מרחקים גדולים בין עץ לעץ. המקום לא התאים למחבוא.

בלית־ברירה ניגשנו לשיח גדול והתכוננו לשבת תחתיו, כשלפתע הבחנו בחזיר־בר. נדמה היה לנו אז, שאף הטבע רודף אותנו. נמלטנו משם ובסוף מצאנו לנו מקלט בין שרשיו של עץ שנעקר באחת הסערות, אשר פקדו את היער מאז ימי הסתיו.

יום תמים ישבנו שם. כל הזמן הדהדו יריות ולפי כיוון קולותיהן ידענו, שהגרמנים נמצאים במחנה שלנו ועוסקים בהריסתו.

זה לנו יום שלישי שאף פירור של אוכל לא בא לפינו. רטובים עד לשד עצמותינו, קפואים ורועדים, בלי בגדים להחלפה, בלי גפרור להדליק אש, להעלות מדורה ולהתחמם קצת — היינו במצב שלאחר ייאוש.

יצאנו לחפש אנשים ומזון. הגענו לביקתה, שבה היו האיכרים מאחסנים את השחת. נכנסנו ומצאנו בה — — — אפר חם, אך בלי אף ניצוץ אחד. האנשים עזבו את הביקתה לפני כחצי שעה. לא ידענו מי היו המבקרים שבאו הנה והתחממו ליד מדורתם הקטנה. ואולי היו אלה גרמנים? אין זמן להרהר. המשכנו בדרכנו, רעבים, רטובים, קפואים ומיואשים.

סוף־סוף נתקלנו בכמה פרטיזנים, שגם הם נשארו ביער כמונו והסתתרו בתוך ביקתה עזובה ונידחת. כמה זרדים דלקו בפנים, ייבשנו את בגדינו ובפעם הראשונה מזה שבוע ימים התחממנו ואכלנו משהו חם.

כשסיפרנו לפרטיזנים על אשר קרה לנו ביער, הצטלבו והציעו לנו להציב בגמר המלחמה במקום מחבואנו לשעבר מצבת זכרון להצלתנו המופלאה.

עד היום אינני מבינה, איך הצלחנו להימלט מצפרני המרצחים.

## מיין לעבן אין די וועלדער — חיה בעקנשטיין־פילזער

1942 איז געווען פאר אונז זייער א שלעכ־טער און גרויזאמער יאָר. נאָכן אָנקומען פון די דייטשן קיין דערעטשין האבן מיר אלע געארבעט און אויסגעפירט וואס נאָר מען האָט פארלאנגט פון אונז, געקערט גאסן, געראמט וועגן און גערטנער. אזוי האט עס געדויערט ביז איך בין אריין ארבעטן אין דער קיך פון די ס.ס. לייט. צוזאמען מיט נאָך עטלעכע מיידלעך האָבן מיר געוואשן די פּאָדלאָגעס, געשאָבן קארטאָפל און געשווענקט געשיר פון 4 אזייגער פארטאָג ביז שפעט ביינאכט, — געדארפט זיי באדינען און אָנקוקן די מערדע־רישע פנימער. מיר זיינען דאן אלע געווען גרייט צו טאָן וואס זיי ווילן, אבי בלייבן מיטן לעבן. מיר האבן צוערשט גאָרנישט געוואוסט וואס זיי טוען די אידן, אז זיי פארניכטן גאנצע שטעט און שטעטלעך אין שיקן טויזנטער אין לאגערן, ביז דער ביטערער אמת איז ארויס, און ס׳איז קלאר געוואָרן אַז אויך מיר וועלן פארניכטעט ווערן.

יעדע נאכט האָט מען זיך געריכט אויף א שחיטה. מען האָט צוגעגרייט באהעלטענישן אין די קעלערן, אבער אונז האט עס ניט געקענט העלפן, ווייל מען האָט אונז ארויס־געשיקט פון די הייזער און מיר האבן זיך אריינגעקליבן אין די קאזארמעס מיט נאָך עטלעכע משפחות.

דעם טאָג ווען מען האט אונז ארומגערינגלט האבן א סך פון די קינדער גענומען זיך צעלויפן אין די פעלדער, און צווישן זיי מיין ברודער מאָטל. איך בין געוואָרן צעטומלט און אין א סעקונדע האָב איך זיך געפונען אויף א לאסט־אויטא צוזאמען מיט מיין טאטע־מאמע און מיין קליינעם ברודערקע יאנקעלע. מען האט אונז געהייסן זיך לייגן, כדי די מענטשן אין שטעטל זאָלן נישט וויסן וואָס זיי טוען. א שטאָטישער דייטש האָט דערקענט מיין טאטן און געהייסן אים מיט דער מוטער מיטן קליינעם ברודערל ארונטערלאזן פון אויטא. מיר האט מען נישט דערלויבט אראָפּצוגיין, זאָגנדיק, אז איך בין שוין גרויס גענוג פאר זיך צו זאָרגן. ס׳האָבן ניט געהאָלפן קיין געוויינען, מען האָט מיין מוטער אוועקגעיאגט פון אויטא און מיר זיינען אָפּגעפאָרן. נישט ווייט פון הויז האָב איך געקראָגן מוט און אראָפּגעשטופּט איינעם פון די פּאָליציאנטן וואס איז געזעסן אויפן זייט פון אויטאָ־קאסטן און געשפרונגען נאָך אים, האָפנדיק צו ווערן דערשאָסן פון הינטן. די דייטשן האָבן אָבער נישט געוואָלט מאכן קיין טומל און שיסעריי אין מיטן שטאָט און זיי האָבן זיך געמאכט נישט זעענדיק דעם אינצידענט און געפאָרן ווייטער. דאָס איז געווען מיין מזל און איך בין אריינגעלאָפן אין א גאָרטן הינטער א הויז, דורכגעוואָרט א

ווײלע און געלאָפן אהיים, וואו מײנע עלטערן זײנען געלעגן און מיך באוויינט. זיי האבן נישט געגלויבט זייערע אויגן ווען זיי האָבן מיר דערזען.

מיר זיינען דאן אלע אוועק אין הויז פון דער פוילישער משפחה קלימאשעווסקי, וועלכע האָט מסכים געווען אונז צו באהאלטן. א טאג שפּעטער בין איך מיט איינעם פון זייערע זין געגאנגען זוכן מיין ברודער מאָטעלע, און גייענדיק עטלעכע קילאָמעטער צווישן פעלדער און וועלדער, האבן מיר אים געפונען ליגן א טויטן אין א פעלד. די דייטשן האָבן אים דערשאָסן און די אָרטיקע קריסטן האָבן באַ־וויזן ארונטערצונעמען פון אים די שטיוול, זיי האָבן גאָרנישט דערכגעלאָזן פון וואָס זיי האָבן געקענט עפּעס געניסן. איך האָב געבעטן קריסטן פון דעם נאָנטן דאָרף מען זאל אים באערדיקן און מאכן א סימן אויפן קבר. אהיים בין איך געקומען מיט דער ידיעה, אז איך האָב אים נישט געפונען. ערשט א טאָג שפּעטער האָט א קריסט פארבייגעענדיק אָנגע־זאגט מיין מאמען, אז איר זון איז טויט.

מיר האבן באשלאָסן אלע אוועקגיין אין וואלד אזוי שנעל ווי עס וועט זיך אביסל בארואיקן און די וועגן וועלן ווערן ריין פון דייטשן, אָבער אונזער וואַרטן האט ניט לאנג געדויערט, ווייל זונטיק פרי האט מען ארומגערינגלט אונזער הויז און אונז אלעמען געוואָלט אוועק־נעמען. איך האָב נישט געקאנט נאָך א מאָל שטיין און קוקן דעם טויט אין די אויגן. איך בין ארויסגעשפרונגען דורך א פענסטער און געלאָפן אין פעלד. איך האב געפילט און גע־הערט ווי די קוילן פליען פארביי און איך בין געלאָפן און געפאלן און ווידער געלאָפן. א פּאָר מייל הינטערן שטעטל האָב איך זיך געטראָפן מיט די צוויי זין פון דער קריסטין בא וועלכער מיר האָבן זיך אויסבאהלטן; אויך זיי האבן געלאפן פאר מורא, און פון דאן זיינען מיר געגאנגען צוזאמען. מיר זיינען אָנגעקומען אין א דאָרף וואו איינער פון זיי האָט געארבעט און עס איז פאר אים געווען לייכט אריינצוגיין צו א פויער און נעמען עסן, ווי אויך פאר מיר א פּאָר הויזן, ווייל מיינע פּיס זיינען געווען אינגאנצן צעשטאָכן פון די קוסטעס און מיין קלייד איז געווען צעלעכערט פון די קוילן. זייער שוועסטער איז באלד געקומען צולויפן זיי רופן אהיים, ווייל אויב זיי וועלן פארלאזן זייער היים, וועט מען שיסן זייער מוטער.

איך בין געבליבן אליין אין וואלד.

עס איז געוואָרן פינצטער און א שרעק איז מיר באפאלן. פון יעדן שאָרך פון די בלעטער האָט זיך מיר געדאכט, אז אָט קומט מען נאָך מיר. איך האָב בא זיך געהאט א שטריקל, וואָס האָט געהאלטן די הויזן, האָב איך עס געוואָלט פארווארפן אויף א צווייג און זיך אויפהענגען, אָבער עפּעס אין מיר האָט מיר פארהאלטן, און איך האָב זיך דערמאנט די ווערטער פון א רוסישן אָפיציר, וועלכער האָט געזאָגט, אז שטארבן איז זייער גרינג, לעבן איז א סך שווערער. און געדענקענדיק דאָס האָב איך געקראָגן מוט צום לעבן און זיך געשטארקט מיטן געדאנק נקמה צו נעמען פון די מערדער פון מיין משפחה און פון אלע אידן. איך האב דאן דערקראכן צום עק פון א קליינעם דאָרף און געזען ווי א פייער ברענט אין קוזניע, בין איך אריין, זיך אוועקגעלייגט אויף דער ערד און איינגעשלאָפן, ביז קולות האָבן מיך אויפגעוועקט. איך האָב פאר זיך דערזען איטשע שעלובסקין מיט נאָך א פּאָר אידן פון שטעטל. שטעלט איך פאָר ווי איך האב זיך דערפרייט צו זען אז נאָך עמיצער לעבט, אז איך בין נישט די איינציקע לעבן־געבליבענע פון שטעטל.

מיר האָבן גענומען וואנדערן צוזאמען, ביז מיר האָבן זיך צוזאמענגעטראָפן מיט נאָך דע־רעטשינער, און אין א פּאָר טעג ארום זיינען אלע לעבן־געבליבענע געווען צוזאמען. מיר האָבן געהערט וועגן די רוסישע סאָלדאטן, אנטלאָפענע קריגס־געפאנגענע, וועלכע האָבן געשאַפן פארטיזאנער־גרופן, און מיר האָט זיך זייער געוואָלט אָנשליסן צו זיי, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט נעמען קיין פרויען און קינדער, און נאָך דערצו אָן געווער. מיר האבן זיי צוגעזאָגט, אז מיר וועלן שאפן ביקסן און מיט איין ביקס און מער שטעקענער זיינען מיר געגאנגען צו די קריסטן אין די דערפער און געפאָדערט געווער. מיר האָבן ביסלעכווייז

זיך געשאפן ביקסן און די רוסן האָבן באשלאָסן אונז צו אָרגאניזירן. די פרויען מיט די קינדער, ווי אויף די עלטערע מענער, האָט מען אָפּגע־רוקט אַן א זייט, שאפנדיק פון זיי א פאמיליע־גרופּע, די מענער האבן זיי גענומען צו זיך און מיר, מיידלעך, האָבן זיך אָרגאניזירט אין א גרופּע, אונטער מיין אָנפירונג, און מיר האָבן זיך געלערנט שיסן און מושטירן ווי סאָלדאטן.

עס האָט ניט לאנג גענומען, ווי די דערע־טשינער יוגנט האט איבערצייגט די גרופּן־קאמאנדירן, מען זאָל באפאלן דערעטשין און פארניכטן די דייטשן מיטן שטאב און די אלע וואָס האָבן זיי געהאָלפן רואינירן אונזערע היימען. א פלאן איז אויסגעארבעט געוואָרן. מיר מיט נאָך איין מיידל האבן זיי באשלאָסן צו נעמען. איך בין געווען אין א פּאָזיציע אויפן זעלוועד שאָסיי, כדי צו באשיסן די דייטשן וואָס וועלן פרובירן אנטלויפן. עס איז געווען א שווערע נאכט, אָבער אָן מורא זיינען מיר געגאנגען און נקמה גענומען פון די באנדיטן. דאָס שטעטל האָט געברענט און די שיסעריי האָט זיך געטראָגן איבער דער גאנצער געגנט. מיר האָבן געהאט אונזערע קרבנות, וואס זיינען געפאלן ווי העלדן קעמפנדיק קעגן די מער־דער. דערעטשין איז געווען אָן אַ מאכט אַ לאנגע צייט. די דייטשן האבן מורא געהאט אריינצוקומען אין שטעטל, ווייל ס׳האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאנצער געגנט, אַז ארום שטעטל געפינען זיך העלדישע פּארטיזאנער.

מיין לעבן מיט די דערעטשינער פּארטיזאנער האָט לאנג ניט געדויערט. ווען די דייטשן האָבן אונז ארומגערינגלט פון אלע זייטן און געמאכט אויף אונז אַן „אָבלאווע" האבן מיר באשלאסן זיך צעטיילן אין קליינע גרופּעס און גיין צווישן די וועלדער אויף אייגענער האנט. איך בין געווען מיט 4 מענער, צווישן זיי צוויי אידן, חיים גראטשוק און נחום, א „בעזשענעץ" פון א שטעטל אין פּוילן. מיר זיינען ארומגעגאנגען אין די וועלדער, דערווייטערנדיק זיך פון אונ־זער געגנט, און נאָך א וואָך פון וואנדערונגען האָבן מיר זיך באגעגנט מיט א גרופּע פּאר־טיזאנער, וועלכע האבן אונז ניט געגלויבט און מיר האבן צו זיי אויך קיין צוטרוי ניט געהאט. אָבער נאָך א ווײַלע האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען א גרופּע וואָס איז געקומען פון ארום לידע, כדי צו זוכן געווער אין דער שטשארער געגנט. דאס זיינען געווען די „זאַלאַטאָוצעס" (אזוי האבן זיי געהייסן), אלע יונגע רוסישע מענער, חוץ איין ווייס־רוס, וועל־כער האט געדינט ווי א וועג־ווייזער. אונזער פינפטל האָט זיי זייער אימפּאָנירט, נישט מיט אונזער אויסזען, נאָר מיטן געווער וואָס מיר האָבן פארמאָגט. אויף א גרופּע פון 5 האבן מיר געהאט א מאשין־ביקס און אלע האָבן געהאט ביקסן, רעוואָלווערן און גראנאטן. זיי האבן אונז צוגערעדט צו גיין מיט זיי און מיר זיינען מסכים געווען. עס איז דאָך נישט קיין אונטערשייד פונוואנען מיר וועלן שלאָגן דעם דייטש — אונזערע וועגן זיינען געגאנגען אין דער זעלבער ריכטונג.

זייענדיק יונג און קליין האָב איך זיך אביסל געפילט פארלאָרן צווישן די אלע בחורים, אבער איך האָב זיי באלד דערקלערט, אז איך בין נישט געקומען צו זיי זוכן א חתן, איך בין געקומען מיטן זעלבן ציל וואס זיי, — נקמה צו נעמען פון די דייטשן, און דעריבער דארפן זיי נישט באהאנדלען מיר ווי א מיידל, נאר ווי איינע פון זיי. זיי האָבן עס טאקע געטאָן. חיים גראטשוק האָט מיך אויך באשיצט ווי אַן אייגן קינד. אלע בחורים האבן זיך מיט מיר באלד באפריינדעט און טראקטירט מיט גרויס רעספּעקט. אין דער גרופּע איז געווען א גארמאשקע און ארום דער פייער האט מען געשפּילט און געזונגען. זייענדיק מיט די רוסן צוויי יאר האב איך זיך שוין אויסגעלערנט רוסישע לידער ווי אויך זייער שפּראך און איך האב זיך געפילט גאנץ היימיש.

עס האָט ניט לאנג גענומען ווי אונזער גרופּע איז באפאלן א פּאָליציי־סטאציע און אונזער קאָמאנדיר איז דערהרגט געוואָרן. דער וואָס האָט אים פארטראָטן און נאָך צוויי אנדערע זיינען פארוואונדעט געוואָרן. ניט האבנדיק קיין שום מעדיצינישע הילף האָבן די פּאר־טיזאנער, פארשטייט זיך, געוואָלט פון מיר די הילף. דעם אמת געזאגט, האָב איך נישט געקענט פארטראָגן קיין בלוט, אבער דאָ האָב איך ניט געהאט קיין ברירה און געדארפט באדינען די פארוואונדעטע, וועלכע האבן גע־

קוקט אויף מיר מיט האָפענונג אז איך וועל זיי העלפֿן. האב איך געמאכט א הארץ און זיי ארומגעוואשן און באנדאזשירט מיט דעם וואָס איך האָב געפונען אין דער מעדיצינישער טאָרבע און געהאָפט צו גאָט אז אלץ וועט זיין בשלום.

די קאלטע און נאסע טעג און נעכט אין די וועלדער האָבן זייער שלעכט געווירקט אויף די פארוואונדעטע און די וואונדן זייערע האָבן זיך נישט געהיילט. דעם קאָמאנדיר פון דער גרופע האבן מיר דעריבער אריינגעלייגט בא א קריסט אויף א „כוטאָר", ווי איינעם פון זיין משפחה, און איך בין יעדע נאכט אויף א פערד רייטענדיק געפאָרן אים איבערבאנדאזשירן די וואונדן. ער האָט זיך גוט אויסגעהיילט, און מיט דער צייט אויך די אנדערע.

עס זיינען פון אונזער זייט געפאלן קרבנות און פארוואונדעטע נאך יעדן צוזאמענשטויס מיט די דייטשן. איך בין געווען זייער חבר אין שלאכט און נישט פארלאָזן זיי אויב זיי האָבן געדארפט מיין הילף. איך בין געווארן ביי זיי א „פראָפעסאָר", אז אפילו ווען ס'איז שפעטער געקומען א דאקטאר אין גרופע, האָט מען אים נישט געטרויט ביז איך האָב זיך איינגעבעטן מען זאל אים לאָזן מיר העלפן.

ווען אונזער גרופע „זאלאָטאָוו" איז אָנגעקומען צוריק אין איר ראיאָן, האָבן מיר זיך געטראָפן מיט נאָך א קליינער גרופע „גראָזני" און מיר האבן באשלאָסן זיך מיט איר פארבינדן און צוזאמען זיין טעטיק. איך האָב ווידעראמאָל באדינט די פארוואונדעטע פון ביידע גרופעס. איך בין ניט געזעסן אויף איין פלאץ כדי צו ווארטן אויף פארוואונדעטע, נאָר בין מיטגעגאנגען מיט די מענער אין אלע שלאכטן און זאסאדעס. מיין לעבן האָט בא מיר דאן ניט געשפילט קיין גרויסע ראָלע. איך האָב געוואוסט, אז מיר שלאגן זיך מיט דעם שונא און מיר האבן פאר אים מורא פונקט אזוי ווי ער האט מורא פאר אונז.

אין יאר 1943 האָבן זיך די פארטיזאנער גענומען אָרגאניזירן אין גרויסע גרופעס — „בריגאדעס" און זייערע שטאבן זיינען איינגעשטאנען אין דער נאליבאָקער פושטשע. דאָרטן האָבן מיר געבויט זעמלאנקעס, א באָד, א בעקעריי, פארשיידענע ווארשטאטן צו באדינען די געברויכן פון די פארטיזאנער. דאָרטן האָבן מיר ברחבות געקענט זיך אָפּרוען און אויסטאָן צום שלאָפן. דאָס איז געווען דער צוזאמענטרעף פון די קעמפער נאָך אלע שלאכטן און זאסאדעס. פון דאנען האָבן מיר אויך געהאט ראדיאָ-פארבינדונגען מיטן שטאב פון ארמיי אין רוסלאנד.

די ווייסרוסישע באפעלקערונג פון אונזער געגנט איז געווען א געמישטע: איניקע דערפער זיינען געווען קעגן אונז און אנדערע מיט אונז. די לעצטע האָבן אונז פיל געהאָלפן און אדאנק זייער הילף האבן מיר געהאט פארבינדונגען מיט אפטייקן אין די גרעסערע שטעט ווי אויך געקראָגן אינפאָרמאציע פאר אונזערע „ראזוועדטשיקעס" וואו ס'געפינען זיך נייע לאגערן פון דייטשע סאָלדאטן און אנדערע מיליטערישע פונקטן. ווען מיר פלעגן באקומען די נויטיקע אינפאָרמאציע, איז זי איבערגעגעבן געוואָרן קיין מאָסקווע און אויף צומאָרגנס האָבן מיר געקענט זען ווי די דייטשע מיליטערישע פונקטן ווערן באָמבארדירט.

אן אינטערעסאנטע פאסירונג איז פאָרגעקומען אין יאָר 1943, בשעת די דייטשן האבן געשיקט א סך אמוניציע און סאָלדאטן קיין רוסלאנד. פון מאסקווע איז אנגעקומען א באפעל אויפצורייסן די באן-ליניעס פון לידע-באראנאָוויטש ביז מינסק. די אָפעראציע האָט מען אנגערופן „קאָנצערט" און קיינער פון די פארטיזאנער האט וועגן דעם נישט געוואוסט, ביז מען איז אָנגעקומען צו דער באן-ליניע. יעדער פון אונז האָט באקומען דינאמיט, וואס האָט אויסגעזען ווי שטיקלעך זייף צום וואשן זיך. אין דעם האָט מען אריינגעזעצט א שנור וואָס איז געווען ברען-פעאיק סיי אין דער ערד און סיי אין וואסער. צום עק פון שנור איז געווען צוגעטשעפעט א שטיקל שנור ענלעך צו וואטע, וואָס ברענט לאנגזאם, כדי אונז געבן א מעגלעכקייט אוועקצולויפן. מיר פאַרשטעקן די שטיקלעך דינאמיט, ווייל די רעלסן זיינען געווען געלייגט אויף האלץ און ארום איז געווען ריין פון ערד, כדי צו זען אויב עס ליגט נישט דאָרט א באָמבע. דעם דינאמיט האָט מען געלייגט אין א זיגזאג אונטער ביידע רעלסן.

ליגנדיק רואיק און נידעריק ביי די רעלסן האָבן מיר געקענט זען ווייט אויפן האָריזאָנט, ווי דער אָנפירער פון דער גרופע האט געגעבן א סימן מיט א היטל אָנצוצינדן די שטריקלעך מיט א פאפיראס, וועלכן מיר האָבן געהאלטן אָנגעגרייט אין ארבל פון דער מארינארקע. באלד ווי די פעדים האבן גענומען ברענען, האבן מיר געדארפט אוועקלויפן אין וואלד אוןווארטן אויפן אויפרייס. מיר האָבן קוים דערלאָפן ביז די בוימער ווי דער קאָנצערט האט זיך אָנגעפאנגען. פון אלע זייטן האָט מער געהערט די שיסעריי און די רעלסן האבן געטאנצט אין דערלופטן. דער באפעל איז געווען, אז ווען אלץ וועט ווערן שטיל, דארפן מיר גיין צוריק צו די רעלסן און אויסזוכן די שטיקלעך דינאמיט וואָס האָבן זיך ניט אויפגעריסן, כדי נאָכאמאָל פרובירן זיי אויפצורייסן, און אויב עס איז נישט מעגלעך, אוועקנעמען עס, כדי די דייטשן זאָלן ניט וויסן פון וואנען דער קאָנצערט קומט און ווי אזוי מען האָט עס געמאכט. צומארגנס האבן מיר געהערט די גייעס, ווי די דייטשן זיינען געלאָפן פון אלע זייערע פונקטן אָן הויזן, געקוקט צום הימל גלויבנדיק צו זען עראָפלאָנען אדער געפינען ארום זיך א גאנצע ארמיי מיט סלדאטן. ניט זעענדיק קיינעם און קיין זאך, זיינען זיי געווען אינגאנצן צעמישט און צעציטערט פון דער געשעעניש, ניט פארשטייענדיק ווי אזוי דאס אלץ האָט פאסירט. ווען זיי האָבן פרובירט פארריכטן די רעלסן, זיינען קליינע גרופעס געגאנגען אויף צומאָרגנס און ווידעראמאל עס אויפגעריסן. דאס איז אָנגעגאנגען א גאנץ לאנגע צייט און האָט זיי געשטערט צו שיקן סאָלדאטן און אמוניציע צום פראָנט.

און נאָך אן עפיזאָד פון מיין לעבן אין די וועלדער, וועלכן איך וועל אָנרופן „דער ווילן צו לעבן איז זייער און זייער שטארק". אין די גרויזאמע ווינטער־מאָנאטן. ווען דאָס לעבן אין די וועלדער און פעלדער איז געווען זייער שווער, ווען די פארטיזאנער האבן געוואנדלט פון דאָרף צו דאָרף, פון איין זאסאדע צו א צווייטער אפעראציע, און די שנייען זיינען געווען טיף, פלעגן מיר דארפן טראָגן ווייסע שמאטעס, כדי צו זיין פארמאסקירט פארן שונא, ער זאָל אונז נישט קענען ארויסזען אין שניי. אונזער אויפגאבע איז געווען ארומצורינגלען א דאָרף, וואו עס איז געווען א גרויסע קאָנצענטראציע פון דייטשן מיליטער. מיר זיינען אויך געווען א גאנץ גרויסע גרופע, געוואָרן צעטיילט אויף דריי טיילן און געדארפט ארומרינגלען דעם דאָרף פון אלע זייטן. ביינאכט זיינען מיר געגאנגען און אויף פארטאָג איז געווען באשטימט דער אָנפאל. אלץ איז געגאנגען לויטן פלאן. אונדזער גרופע האט זיך צעטיילט אין צוויי טיילן, איינער איז געגאנגען נענטער צום דאָרף, דער צווייטער האָט געדעקט די ערשטע. איך בין געווען מיט די וואָס זיינען געווען נאָנט צום דאָרף. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די כוחות פון די דייטשן זיינען געווען גרעסער ווי מיר האָבן דערווארט. זיי האבן אויך באוויזן ארויסצורופן הילף פון א נאָנטן שטאב. די גרופעס וואָס האָבן אטאקירט פון די אנדערע זייטן פון דארף האבן געקעמפט העלדיש און נאָכן פארלירן א סך פון זייערע מענטשן זיך גענומען ציען צוריק. מיר זיינען דערווייל געווען זייער נאענט פון דארף, און עס האָט ניט לאנג גענומען ווי מיר זיינען געוואָרן אָפגעשניטן פון אונזער צווייטער העלפט. וואָס האט אונדז געדארפט דעקן און באשיצן. מען האט געשאָסן אויף אונדז פון אלע זייטן. איך געדענק ווי איך בין געלאָפן און געפאלן אין שניי און ווידעראמאָל גענומען לויפן. איינער פון די פארטיזאנער האט א נעם געטאָן פון מיר מיין מאשין ביקס, כדי מיר צו מאכן גרינגער. איך האָב ניט געקאָנט פיל לויפן, דער שינעל איז געווען לאנג און האָט זיך מיר געפלאָנטערט צווישן די פיס. עס איז געוואָרן שטיל ארום מיר. מיינע חברים זיינען געווען ווייט פון מיר און ווען איך האָב א דריי געטאָן מיין קאָפּ, האָב איך געקענט זען א פּאָר דייטשן לויפן נאָך מיר. זיי זיינען געווען גאנץ נאָנט פון מיר און האָבן געגלויבט מיר צו כאפן לעבעדיקערהייט. וויסנדיק וואס מיר דערווארט אויב זיי וועלן מיר כאפן, האב איך ארויסגעכאפט דעם רעוואָלווער פון מיין גארטל און געוואָלט זיך אליין שיסן. איך ווייס ניט וואָס פּאר א אינסטינקט האָט מיך צוריקגעהאלטן

פון א דריק טאָן דעם צינגל, אָבער א פונק פון האָפנונג האָט מיר געגעבן מוט דאָס ניט צו טאָן און פּרובירן לויפן. איך האָב נישט געקענט פארשטיין, פארוואָס די עטלעכע מענער וואָס זיינען געווען מיט מיר צחאמען און זיינען שוין געווען ווייט אוועק פון מיר, האבן נישט געשאָסן צוריק. אָבער עס האט לאנג ניט גענומען ווי איך האָב דערהערט א שיסעריי פון דער ריכ־טונג וואוהין איך בין געלאָפן. מיינע חברים זיינען דערגאנגען ביז א פלאץ פון וואנען זיי האָבן געקענט עפענען א פייער אויף די דייטשן. איך בין אויך געפאלן אין שניי און איך ווייס ניט מיט וועלכע כוחות איך בין אָנגעקומען צו מיינע חברים, וועלכע האָבן ניט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן זעענדיק ווי איך בין לעבן געבליבן.

דעם זעלבן ווינטער, נעמענדיק אָנטייל אין א זאסאדע מיט א גרופע מענער, בין איך אליין פארוואונדעט געווארן. די מענער האָבן מיר ארויסגעצויגן דורכן שניי מיט א לעדערנעם פאס און געבראכט אין א כוטאָר. קיינער פון זיי האָט ניט געהאט קיין הארץ מיר צו באדינען און איך האָב אליין, נאָך דעם ווי איך האָב אויסגעטרונקען א גלעזל שנאפס, אויפגעשניטן מיין שטיוול און די הויזן און זיך אליין פארבאנדאזשירט. ווען איך האב מער ניט געקענט זיך שטעלן אויפן פוס, האָב איך פארשטאנען אז עפעס האָט געמוזט פאסירן מיטן ביין. מען האָט מיר ארומגעשלעפּט פון אָרט צו אָרט און געהאָפט אז מען וועט געפינען א דאָקטאָר. א וואָך שפּעטער האָט מען געב־ראכט א דאָקטאָר, וואָס איז אנטלאָפן פון באראנאָוויטש און ער האָט באשלאָסן, אז ער מוז צוזאמענשטעלן מיין ביין גוט, אויב ניט וועל איך בלייבן א קאליקע. איך האב זיך אויסגעלאכט, א גרויסער אונטערשייד וועט זיין, צי מען וועט מיר שיסן א קאליקע אדער מיט א גלייכן פוס. דער דאָקטאָר האט אויסגעפירט דאס זייניקע און צוזאמענגעשטעלט מיין ביין. איך בין געלעגן ווי אין געהאקטע וואונדן מיט הילצערנע ברעטלעך ארום פוס. נישט קאנענ־דיק אויסהאלטן צו לאנג, בין איך נאָך א פּאָר וואכן אראָפּגעשפּרונגען פון בעט און זיך ארויסגעלאָזט אויף דער פריי. אז עס איז באשערט צו לעבן, קען קיין טייוול אויך ניט אויספירן.

מיין לעבן צווישן די פארטיזאנער איז געווען פול מיט סאטיספאקציע פון נקמה איבערן שונא, מיט ליבע פאר מיינע חברים אין שלאכט און מיטן געפיל אז איך קען זיי העלפן ווען זיי דארפן מיר. זייער ליבע און רעספּעקט צו מיר האָבן מיר געגעבן מוט און ענערגיע אויסצופירן מיין ארבעט. אין די שווערסטע מאָמענטן, נאָך א לאנגן נאכט־מארש, ווען מען איז צוגעקומען צו א הויז, האָט ניט קוקנדיק אויף דער מידקייט פון די מענטשן, די גאר־מאָשקע גענומען שפּילן און די רוסישע לידער האבן אנגעפילט דאס הויז ביי דעם קליינעם פייערל פון א נאפט־לעמפּל און דאָס הארץ האָט געקוואָלן, פארגעסנדיק די שווערע שעה'ן וואס זיינען פאריבער און נישט טראכטנדיק וואָס דער מארגן וועט ברענגען.

## אין וואלד מיטן ברודער / מושע גראטשוק־נאוויטסקי

אין וואלד האָב איך געטראָפן פארטיזאנער און אויך אלטע לייט און קינדער פון קאָסאָווע. ווער ס'האט נאר געקענט איז פון קאָסאָווע געלאָפן אין וואלד אריין.

ווי גרויס איז געווען מיין איבערראשונג און פרייד, ווען כ'האב אין גרויסן טומל און גערודער ארום באגעגנט מיין ברודער איטשע! מיר זיינען ארויפגעפאלן איינער דעם צווייטן אויף די העלזער און אזוי געשטאנען פארשטארטע פון ווייטאָק און פרייד, אָן א טרער אין די אויגן.

מיין ברודער זאָגט מיר, אז מ'מוז באשליסן

וואס מ׳טוט און האנדלען שנעל. ער אליין געהערט ניט צו דער גרופע פון די קאָסאָווער, נאָר צו דער געמישטער 51־טער גרופע. דער קאָמאנדיר פון דער גרופע, זאגט ער, איז א איד, פעדאָראָוויטש. דער ברודער נעמט מיר מיט זיך און זאגט מיר אָן, איך זאָל זאגן אז כ׳בין ניט קיין פארהייראטע און מיין נאָמען איז גראטשוק.

### פרויען וויל מען ניט אָננעמען

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין 51־טן אָטריאד, האט מיר דער קאָמאנדיר געמאלדן, אז קיין פרויען קענען זיי ניט האלטן בא זיך. דאן האט מיין ברודער געזאגט דעם קאָמאנדיר, אז וואו ער וועט זיין — וועט אויך זיין שוועסטער זיין. מיר זיינען ביידע גרייט צו קעמפן צוזאמען, און אויב מ׳וועט מוזן שטארבן, וועלן מיר שטארבן צוזאמען.

מ׳דארף באמערקן, אז מיין ברודער האט מיט זיך מיטגעבראכט אין אטריאד א סך געווער, וועלכע ער האט ארויסגעשלעפט גע־היימערהייט פון בויטע־לאגער, וואו ער האָט געארבעט. אָן געווער האט מען ניט אזוי לייכט געקענט אנשליסן זיך אן א פארטיזאנישע גרופע, אזוי וויכטיק איז געווען די ראָל פון א שטיקל געווער.

ווען דער קאָמאנדיר האט געהערט פון מיין ברודער, אז ער וויל מיר האלטן בא זיך, האט ער געגעבן אן אנווייזונג צוצונעמען בא מיין ברודער דאס געווער. זיי האָבן אים איבערגעלאזן בלויז איין ביקס און צוויי קוילן.

געווען אין דער גרופע נאָך עטלעכע מענער מיט זייערע פרויען. מיר, 9 פערזאן — 4 פרויען און 5 מענער, — וועלכע זיינען געווען פארבונדן איינער מיטן צווייטן, האבן באשלאָסן צו פארלאזן דעם 51־טן אטריאד און אוועקגיין אין א צווייטן פארטיזאנער־אטריאד. אבער נאָך פארן פארלאזן איז אונז אויסגעקומען אנטייל צו נעמען אין א שווערער שלאכט מיטן שונא. דאס איז געווען די שלאכט באם צענטן שלויז, לעם א גרויסער בריק מיט א סך וואסער ארום. אין דער שלאכט איז געפאלן דער קאָמאנדיר פעדאָראָוויטש.

### מיר זוכן אן אנדער אָטריאד

נאָך דעם איז אונזער גרופע פון 9 אַוועק פון 51־טן אָטריאד און אנגעהויבן זוכן קאָנ־טאקט מיט אנדערע פארטיזאנער. גייענדיק אזוי איבערן וואלד האָבן מיר באגעגנט א פויערטע, זאגט זי אונז, אז ניט ווייט פון דאנען איז דא א כאַטע און אהין וועלן היינט ביינאכט קומען פארטיזאנער. מיר באשליסן, אז צוויי מענער וועלן גיין באגעגענען ביינאכט די פאר־טיזאנער און מיט זיי שמועסן וועגן אָנשליסן זיך אן זייער גרופע.

אבער ווער זאל גיין? אפשר נארט אונז די פויערטע אָפּ און אָנשטאָט פארטיזאנער וועלן אונז דארטן אָפּוואַרטן דייטשן? די ריזיקע איז גרויס, פון יעדן ווינקל לויערט דער טויט. האט מען געוואָרפן גורל און מיין ברודער מיט נאָך איינעם איז אויסגעפאלן גיין צו דער באַגעגעניש.

מיט טרערן אין די אויגן האָבן מיר זיך מיט זיי געזעגנט און ארויסבאגלייט צו דער ריזיקאלישער שליחות, וואס איז געפאלן אויף זייערע פלייצעס. אז זיי זיינען אוועק אין דער ריכטונג פון דער כאטע, זיינען מיר געבליבן ווארטן אויף זיי מיט קלאפנדיקע הערצער און יעדע מינוט איז געווען ווי א יאָר.

זיי זיינען צוריקגעקומען מיט פרייד — זיי האבן טאקע געשמועסט מיט פארטיזאנער. אבער יענע האָבן זיי ניט געגלויבט און געפאָדערט אז מיר אלע 9 זאָלן קומען אהינצו, כדי זיי זאָלן מיט אלעמען שמועסן. אז מיר זיינען אהין אנגעקומען, האט מען אונז גענומען אויף א קרייץ־פארהער. די פארטיזאנער האָבן זיך געוואלט איבערצייגן, צי זיינען מיר ניט קיין דייטשע שפיאָנען...

שפעט ביינאכט האָבן זיי אונז געהייסן זיך לייגן שלאָפן אין שטאל און זיי אליין האבן זיך געלייגט אויבן, אויפן בוידים.

דעם ביקס האבן מיר געהאלטן די גאנצע נאכט צוקאָפּנס און קיין אויג האָבן מיר ניט צוגעמאכט פון פחד, מ׳זאל פון אונז דאס שטיקל געווער ניט צונעמען.

א שבועה און א גראנאט

צומאָרגנס פרי, ווען מיר זיינען אויפגעשטאַנען, האָבן זיי אונז געזאגט וואוהין צו גיין און וואו זיך צושטעלן. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אויפן אָרט, האט אונז באַגעגנט דער קאָמאַנדיר. ער האט אונז צוגעשטעלט צו דער פּאַרטיזאַנישער שבועה און אונז איבערגעפירט אין פּאַרטיזאַנער־לאַגער אריין. דאָרטן האט מען אונז געגעבן עסן און יעדן איינעם א גראנאט, מיט אַן אינסטרוקציע, אז דעם גראנאט, דאַרפן מיר ווארפן בא דער ערשטער געלעגנהייט אויף דייטשן, און אויב ס׳וועט זיין צו שפּעט אים צו ווארפן אויפן שונא, דאַרפן מיר מיטן גראנאט אויפרייסן זיך אליין, כדי ניט אריינצופאַלן לעבעדיקערהייט אין די הענט פון דייטש.

אזוי בין איך אָפּגעווען מער ווי צוויי יאר אין דעם פּאַרטיזאַנישן אטריאַד און געדינט דאָרטן ווי א סאלדאט אויפן פראָנט. איך האָב געקעמפט מיטן שונא, פּאַרוואונדעט געוואָרן אין זייט, אָנטייל גענומען אין שלאַכטן אין די פּינסקער בלאָטעס און געקראָכן אין די זומפּן ביזן האלז. כמעט יעדן טאג האָב איך געזען דעם טויט פאר די אויגן. געזומערט און געווינטערט אין די וועלדער — ביז די סאָוועטישע ארמיי האט אונז באפרייט און געבראכט קיין פּינסק.

איך געפין מיין צווייטן ברודער

מיין ברודער איטשע איז מאביליזירט געוואָרן אין דער ארמיי און איך האָב געארבעט אין אַן ארטעל. איך בין געווען איין און איינציקע, איינזאמע אידישקע צווישן 28 ארטעל־ארבעטער. אין ארטעל האָבן מיר גענייט פאר די פּאַרטיזאַנער.

איך האב זיך א געוויסן טאג דערוואוסט, אז מיין ברודער חיים לעבט און געפינט זיך אין מינסק. בין איך גלייך אהין געפאָרן — און די באַגעגעניש מיט אים איז ניט צו באשרייבן.

אויך ער האט פארלאָרן זיין פרוי און קינדער. האבן מיר ביידע זיך געלאָזן פאָרן קיין זשעטל, וואו ס׳איז סטאַנציאָנירט געווען אונזער ברודער איטשע. ניט אזוי לייכט איז אונז אנגעקומען די רייזע קיין זשעטל, אָבער סוף־סוף זיינען מיר אָהינצו געקומען און געווען א קורצע פּאָר טעג אלע דריי צוזאמען.

חיים מוז צוריק פאָרן צו דער ארבעט קיין מינסק. איטשע בלייבט אין דער ארמיי. וואס טו איך? וואוהין פאר איך? צו מיין מאמען, צו מיין מאַן, צו מיינע פעטערס און מומעס וואס לעבן שוין ניט? ס׳ציט מיר דאך קיין דערעטשין. פאר איך פון זשעטל קיין סלאָנים, פונדאָרטן קיין זעלווע, וואוהין כ׳קום אָן אין א פינסטערן, רעגנדיקן אָוונט. איך שלעפּ זיך ארום איבער די גאסן — ביז איך טרעף פויקע געלמאַנען. ער אָרדנט מיר איין צום נעכטיקן און באלד פרי גייען מיר ביידע קיין דערעטשין.

אין דער חרובער היים־שטאט

קודם כל זיינען מיר ארויף אויפן בית־עולם — ניטאָ קיין זכר פון מצבות. בהמות פאשען זיך דאָרטן. מיר קומען אָן אין שטעטל — כמעט אלץ איז פארברענט, צעבראָכן. וואו ניט וואו שטייט א הויז. מיר גייען אויפן ברידער־קבר אויף די פעלדער הינטער מעשעלס הויז.

מער האָב איך אין דערטשין ניט געקענט אויסהאלטן קיין מינוט, ניט געקענט טרעטן אויף דער ערד, וואס האט איינגעזאפּט אזויפיל בלוט פון אונזערע טייערסטע.

מיט די זכרונות פון עבר

איך פאָר צוריק קיין פּינסק און בלייב דאָרטן ביזן סוף פון דער מלחמה. דאן בין איך אוועק קיין לאדזש, געווען צוזאמען מיט אלע פון דער שארית הפליטה. פון לאדזש זיינען מיר געפאָרן קיין איטאליע און פונדאָרטן האבן אונז אריבערגענומען אונזערע קרובים קיין אמעריקע.

אזוי האָב איך פארלאָרן כמעט אלעמען. דעריבער האט מיר געצויגן צו קרובים, צו אייגן בלוט — און זינט 1948 לעב איך דאָ אין אמעריקע מיט מיינע טרויעריקע זכרונות פון שוידערלעכן עבר.

# אנטיסעמיטיזם אין וואלד / משה קוויאַט

ס׳איז דאָ אַזויפיל צו דערציילן פון פארטיזאנישן לעבן און פון אלץ וואָס מיר, אידישע פארטיזאנער האָבן דורכגעמאכט אין די וועלדער, אָבער איך גלויב, אז אנדערע דערעטשינער האָבן שוין געשריבן וועגן דעם. איך וויל נאָר צוגעבן עטלעכע זכרונות, וואָס לאזן מיר ניט צורו זינט כ׳האָב דאָס איבערגעלעבט.

געווען בין איך א גוטער, איבערגעגעבענער פארטיזאַן, כאָטש איך בין שוין ניט געווען אזוי יונג ווי דער גרעסטער טייל פון אונזערע קעמפער. מ׳האָט מיר באשטימט אלס אויפזעער אויף דער טראנספאָרט־אָפּטיילונג. צווישן די פארטיזאנער זיינען געווען אידישע „איזוואָזטשיקעס", מיט פערד און וועגענער, צווישן זיי שמחה קרעסנאָווסקי פון קאָלאָנע סינייסקע (ער איז אומגעקומען א וואָך פאר דער באפרייונג), יאַנקל דזענצעלסקי, אַ געוועזענער שוסטער (געפינט זיך אין ישראל), א. אנד. מיר זיינען געווען דריי אידןביים שטאב, אין וועלכן באָריס, אָן איין האנט, איז געווען דער הויפטנאטשאלניק.

זייענדיק א מוליער פון פאך בין איך אָפט געשיקט געוואָרן אין פארשיידענע פונקטן אויפצושטעלן אויוונס אויף באקן ברויט און קאָכן עסן.

פאר מיין איבערגעבנקייט אלס פארטיזאן האָב איך באקומען א מעדאל. מ׳דארף געדענקען און דערמאָנען כסדר, אז די אידישע פארטיזאנער זיינען געווען פון די בעסטע קעמפער אין וואלד און האָבן אויסגעפירט די שווערסטע „זאדאניעס". באזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט די דערעטשינער פארטיזאנער.

און דאָך זיינען מיר אָפט געווען קרבנות פון אנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געהערשט אויך אין וואלד. ניט איינמאָל איז אונז אויסגעקומען צו הערן אזעלכע באמערקונגען אויף אונזער אדרעס, אז די בלוט פלעגט אויפקאָכן.

די אנטי־אידישע שטימונגען אין וואלד, בעיקר מצד די נאטשאלניקעס, האָבן זיך געשטארקט אין די שווערע צייטן אין וואלד, בעת די דייטשע אָבלאוועס אויף אונזערע לאגערן. דער בריסקער נאטשאלניק האָט דערשאָסן צוויי דערעטשינער מיידלעך,ביילע בעקער און סימע שעלובסקי, פאר פארלירן זייערע ביקסן ווען זיי זיינען אנטלאָפן בעת א גרויסער דייטשער אָבלאווע. ווען עס פלעגן באגיין קריסטלעכע פארטיזאנער אזעלכע אָדער ענלעכע מעשים, פלעגט מען דאָס פארווישן און פארשמירן און בלויז פאר זייער גרויסע פארברעכנס האָט מען זיי פארמישפט צום טויט.

און כ׳קען ניט פארגעסן דעם פאל, ווען צוויי ברידער, אידישע יונגעלייט, זיינען דערשאָסן געוואָרן, ווייל מ׳האט זיי באשולדיקט אז זיי האָבן געדרעמלט בעתן שטיין אויף וואך. אפילו פאר אזעלכע פארברעכנס פלעגט מען זעלטן־ווען פאראורטיילן קריסטלעכע פארטיזאנער צו טויט־שטראָף.

ניט איינמאָל האָבן מיר געטראכט, אז מיר זיינען געלאָפן פון וואסער אין פייער, אנטלויפנדיק פון דערעטשין אין וואלד אריין. אָבער מיר האָבן געהאט פאר זיך א הייליקע אויפגאבע — נקמה נעמען פון די דייטשן, און דאָס האָט אונז געהאָלפן זיך האלטן אין דער פארטיזאנקע אפילו אין די צייטן, ווען ס׳האָט דאָרטן געבושעוועט דער אנטיסעמיטיזם. אונזער נקמה־דורשט האָט אונז געטריבן צו דרייסטע מעשים קעגן דעם דייטש, מיר האָבן אלץ געטאָן כדי צו דערפילן אונזערע פארטיזאנישע פליכטן אויפן בעסטן אופן.

# מיט די פארטיזאנער / אברהם־יצחק מעדוועצקי

אויף מארגן נאָך דער גרויסער שחיטה האט זיך איינגעגעבן די אויסבאהאלטענע און לעבן־געבליבענע אידן, פרויען און קינדער ארויסצורייסן זיך פון געטאָ און פון זייערע בונקערס און באהעלטענישן און מיט אלערליי וועגן דערגרייכן די ארומיקע וועלדער לעם אָסטראָווע, שליזען און וואָליע. עטלעכע וואָכן נאכדעם האָבן די דייטשן ארומגערינגלט אונזער לאגער און אים שטארק באשאָסן. דאן זיינען געפאלן וואָסערע 120 אידן, צווישן זיי מיין שוואָגער עליע שולקאָוויטש. דאן איז געקומען דער גרויסער פארטיזאנישער אָנפאל אויף דער דערעטשינער פּאָליציי און זשאנדארמעריע. פארטאָג, נאך א שטארקער באלאגערונג, איז געעפנט געוואָרן אויפן שונא א שטארקער פארטיזאנישער פייער. די פּאָליציאנטן, וואָס זייען געכאפּט געוואָרן לעבעדיקערהייט, האָט מען דערשאָסן אויפן מאָגילניק. אויך איז באשאָסן געווארן די דייטשע זשאנדארמעריע. פון דער אטאקע אויף דערעטשין האָבן מיר געבראכט פיל געווער, אויך פון דעם וואָס אונזערע יונגעלייט האבן נאָך פריער געהאט פארבאהאלטן אין געוועזענעם געטאָ־ווארשטאט בא בליזניאנסקין אין הויז.

א שטיקל צייט נאכדעם זיינען די פארטיזאנישע כוחות באפאלן קאזלאָווישטשינע. דאָרטן איז געווען א שווערער קאמף.

ארום חנוכה־צייט זיינען מיר ווידער ארומגערינגלט געוואָרן דורך 35 טויזנט דייטשן, וועלכע זיינען געווען אויפן וועג צום מזרח־פראָנט. צוויי טעג האָבן מיר זיך געשלאָגן מיט זיי לעם וואָליע. א סך פארטיזאנער זיינען געפאלן דאן אין שלאכט צווישן זיי אויך דער באליבטער קאָמאנדיר דאָקטאָר אטלאס. צום סוף זיינען מיר געווען געצוואונגען פארלאָזן אונזער וואלד און אריבערגיין אין אנדערע וועלדער, כדי זיך צו ראטעווען פון די דייטשע קוילן. ווען מיר זיינען צוריק געקומען אין אונזער וואלד, האָבן מיר אונזער לאגער געפונען א פארברענטן און צעשטערטן. א פאר וואָכן זיינען מיר אין יענע קאלטע ווינטערטעג געלעגן טאג און נאכט אויף דער פארשנייטער ערד.

ס׳דערמאָנען זיך מיר פארשיידענע „זאדאניעס", וועלכע מיר האָבן געדארפט אויספירן, און ווי אזוי ס׳איז געוואקסן אונזער כוח, ס׳איז צוגעקומען ניי געווער, ס׳רוב אוועקגענומען פון די דייטשן און זייערע מיטהעלפער; ס׳דערמאנען זיך די נקמה־אקטן אָן פויערים וואָס האָבן געמסרט די דייטשן אונזערע לאגערס; די טויט־קלעפּ, וועלכע מיר האָבן ניט איינמאל פארשאפן דייטשע עשאלאָנען; און ס׳דערמאָנען זיך אלע יענע שלאכטן, אין וועלכע ס׳זיינען געפאלן אדער פארוואונדעט געוואָרן אונזערע דרייסטע חברים און באקאנטע פון די פארטיזאנישע רייען.

ס׳ווילט זיך דערציילן וועגן די העלדישע מעשים פון די דערעטשינער פארטיזאנער, וועגן דער אָנפירנדיקער ראָל וועלכע אייניקע פון זיי האָבן געהאט אין די וועלדער און וועגן דעם גוטן נאָמען פון העלדישע קעמפער, וואָס זיינען בארימט געווען אין אלע ארומיקע וועלדער: טייבל ליפשאָוויטש, וועלכע איז בא יעדער אויפגאבע געקראָכן אין שטארקסטן פייער, צוזאמען מיט די העלדישסטע פארטיזאנען, ביז זי איז געפאלן אין א ביטערער שלאכט מיט די דייטשן; חיים־שיע ליפשאָוויטש, וואס האט, פונקט ווי יוסף אין מצרים, באזארגט אלע פארטיזאנער מיט שפייז, — ער האט זיך דאָס לעבן גענומען, כדי ניט אריינצופאלן אין די הענט פון די דייטשע פייניקער, ארום א מאָנאט פאר אונזער באפרייאונג; דער אלגעמיין באקאנטער און באליבטער עליע ליפשאָוויטש, וואָס האט זיין טויט געפונען שוין אין באפרייטן פוילן; יוספקע בליזניאנסקי, וואס לעבט היינט אין באָסטאָן; סיאָמע שעלובסקי, מאָטקע דעם שניידערס זון, יאנקל דייכעס, דער בעסטער

„ראזוועדטשיק״ אונזערער משה־חיים אגולניק און נאך טייערע זין און טעכטער פון דרעצ־טשין, וועלכע האָבן אין די וועלדער ניט גערוט ניט בייטאָג און ניט ביינאכט, ניט זומער אין די היצן און ניט ווינטער אין די פרעסט, אראָפּגעלאָזן באַנען, געשניטן טעלעפאָן־סלופּעס באַפאלן דעם שונא׳ס עשאלאָנען און באַזאָרגט דעם קעמפנדיקן וואלד מיט געווער און עסנ־ווארג.

און ווען מיר זיינען שוין באפרייט געוואָרן דורכן רוסישן מיליטער, זיינען די יונגע און פעאיקע פארטיזאנער באלד געשיקט געוואָרן צום ביאַליסטאָקער פראָנט און א סך פון זיי זיינען געפאלן און פארוואונדעט געוואָרן.

דאס איז דער סך־הכל פון אידישן דרעצ־טשין. זאלן די נעמען פון אונזערע גוטע אידן און דרייסטע קעמפער קיינמאל ניט פארגעסן ווערן און זאלן זיי זיין גוטע בעטער פארן אידישן כלל.

## מיין שוועסטער רוזשע פאלט אין וואלד /

קאטיע כלעבניק־ביאלאַסטאָצקי

חודש מאי, 1943, ס׳איז פאַריבער די דייטשע אָבלאווע אויפן דאָרף קרופּיצי און אומגעגנט. איך מיט מיין שוועסטער רוזשע געפינען זיך צייטווייליק אין ליפּיטשאנסקער פּושטשע, צווישן זשעטלער מענטשן. דער שטח אין וואלד, וואו ס׳איז געווען דער פאמיליע־לאגער, האָט געהייסן „מאיאק״, ווייל ניט ווייט פון דאָרטן, אויפן וועג, איז געשטאנען א הויכער טורעם נאָך פון די פּוילישע צייטן.

מיר גארטלען זיך אָן מיט געדולד און ווארטן, אז די לאָגע פון די פארטיזאנער זאָל זיך פארבעסערן און ס׳זאָל אלץ ווידער ווערן איינ־געשטעלט ווי פריער.

22 מאי אין אָוונט. מיר זיצן, א גרויסע גרופּע, ארום א פייער. ס׳איז אלעמען לייכטער א ביסל אויפן געמיט, כאָטש מיר ווייסן, אז די געפאר וואָס האָט אונז געדראָאָט מיט עטלעכע טעג צוריק איז נאָך ניט אינגאנצן פארביי. זיך קלייבן אין וועג אריין איז נאָך ריזיקאליש. עס דערגייען צו אונז ידיעות, אז צומאָרגנס, דעם 23־טן מאי, גרייטן זיך די פארטיזאנער אטאקירן דעם דייטשן פּאָסטערונעק אין נאָק־רישאָק, א דאָרף נעבן זשעטל. אזעלכע ידיעות פלעגן אונז שטענדיק מוטיקן און באַפרידיקן, כאָטש מיר האָבן געוואוסט וויפל קרבנות מ׳דארף געבן אין אזא שלאכט.

די יונגעלייט ארום פייער בעטן רוזשען זי זאָל זינגען א ליד. רוזשע דערפילט באלד די ביטע און אין פינסטערן, שטילן וואלד צעק־לינגט זיך איר זיסער קול אינם ליד „היימ־לאנד״. ס׳גיט מיר פּלוצלינג א קלאַפּ אין הארצן, א ציטער גייט מיר דורך ווי א שטראָם איבער אלע גלידער.

— רוזשע, — זאָג איך, — ס׳איז נאָך ניט די צייט פון זינגען. די וואונד איז פריש, און ווער ווייס וואָס דער מאָרגעדיקער טאָג וועט אונז ברענגען...

— קלער ניט איבער צופיל, קאטיע, — ענטפערט מיר רוזשע, — דו ביסט א פּעסי־מיסטקע. וועסט זען, מאָרגן וועט מען צעקלאַפּן נאקרישאָק, און עס וועט ווידער ווערן ווי געווען.

איך ענטפער גאָרניט, לאָז אראָפּ דעם קאָפּ און זינק אריין מיט די אויגן אין גוססדיקן פייער.

12 ביינאכט לעשט זיך דאָס פייער לאנגזאם אויס, נאר דער רויך רייסט זיך צום הימל, פונקט ווי גאָט וואָלט אויפגענומען א קרבן... מיר זאָגן „א גוטע נאכט״ איינע דער צווייטער און לאָזן זיך אוועק אין די זעמלאנקעס שלאָפן.

23 מאי, 7 פרי. איך קריך ארויס פון דער זעמלאנקע און פונעם אויבערשטן שטאָפּל פון לייטער קוק איך זיך ארום איבערן שטילן וואלד. דער טאָג ווייזט אויס צו זיין א שיינער און זוניקער, אָבער א קילער. איך גיי ארויס און קלייב זיך פארלייגן א פייער, כדי אויפ־

צוקאָכן א ביסל קאווע. רוזשע איז שוין אויך וואך, זי זאָגט, אז ס׳טוט איר ווי דער קאָפּ. אין דער זעמלאַנקע ליגט א פרוי קראנק אויף פלעק־טיפוס.

ארום 8 אזייגער הערט זיך פון גאָר ווייט א שאָס פון א ביקס. איך גיי אראָפּ צו רוזשען און דערצייל איר וועגן דעם. „ס׳איז גארניט" — זאָגט זי, „זיכער א פארטיזאנישער שאָס". אלע ארום זיינען מסכים מיט איר און זיינען זיכער, אז קיין שום געפאר דראָט ניט אין דעם אָרט. איך גיי ארויס צוריק צום פייער, ווייל איך האָב געפילט א קעלט אין די גלידער. נאך א 20 מינוט גייען פארביי — און ס׳דערהערט זיך א צווייטער שאס, דאָסמאָל שוין נענטער. איך גיי ווידער אראָפּ צו רוזשען און זאָג איר, אז מ׳דארף ארויסגיין פון זעמ־לאנקע. „דאָס זיינען פארטיזאנישע אָנגריפן אויף נאקרישאָק" — באשליסט רוזשע מיט זיכערקייט, און גיט צו: „אין א האלבע שעה ארום וועל איך ארויפגיין". איך גיי צוריק ארויס, און אין א 15—20 מינוטן ארום האָט זיך אָנגעהויבן א שיסעריי אויף אונז, די קוילן האָבן גענומען פליען פון אלע ריכטונגען. איך לויף צו דער זעמלאנקע און שריי אויס: „רוזשע, ראטעווע זיך!" און אליין ווער איך געטריבן פון אָרט דורך א שטארקן, אינסטינ־קטיוון כוח.

איך לויף, די קוילן פליען מיר איבערן קאָפּ. איך לויף מיט אלע כוחות אין אן אומבאוואוס־טער ריכטונג, אויסמיידנדיק אלע וועגן און אויסגעטראָטענע שטעגלעך, איבער בלאָטעס און וואסערן. נאָכן אָפּלויפן עטלעכע קילאָמעטער האָב איך אָנגעטראָפן אויף נאך עטלעכע געראטעוועטע. איך פרעג זיי אויף רוזשען — זיי ווייסן ניט, זיי האָבן זיך מיט איר ניט געטראָפן בעת זייער אנטלויפן. א בייזער פאַר־געפיל מאטערט מיר. מיר זעצן זיך אויף א בלאָטע אין א נאסן וועלדל, זייענדיק זיכער, אז דאָרטן וועט אונז שוין די קויל ניט טרעפן.

אזוי זיינען מיר געזעסן, יעדער איינער פאר־זונקען אין זיינע זכרונות, מער ווי א האלבן טאָג. אז עס איז שטיל געוואָרן ארום אונז אין וואלד, זיינען מיר אוועק לאנגזאם צוריק צום פריערדיקן אָרט. אויפן וועג האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף דערשאָסענע. מיין הארץ האט אין מיר געקלאפט מיט האמערס. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די זעמלאנקעס, האָט זיך פאר מיינע אויגן געעפנט א טרויעריק בילד. רוזשע איז געלעגן טויט. זי האָט נאָך באוויזן אָפּצולויפן פון זעמלאנקע וועלכע 30 טריט, און איז געפאלן.

אזוי האָט רוזשע איר לעבן פארענדיקט, ניט געוואוסט אז איר געזאָנג מיט אן אָוונט פריער וועט זיין דער לעצטער. און זי איז דאָך ערשט נעכטן אין אָוונט געווען אזוי מוטיק!

אַרעמע שוועסטער, מיט א ליד האָסטו דאָס לעבן אָפּגעזעגנט. מיר אין הארצן האָסטו מיט דיין טויט געעפנט אן אייביקע וואונד, א פיינ־פולן זכרון, א טרויער נאך מיין ליבער שוועס־טער, וואָס איז געפאלן אין א פרילינגדיקן פרימאָרגן אין ווייטן, פרעמדן וואלד.



נעכע און מיכל פּעטרוכאָוויטש
ארויס לעבעדיק פון וואַלד

# חלום ציון בעבי היערות / מאשה קולקובסקי

בערבי ה„הווי" מסביב למדורה ביער, כשמצב־הרוח היה מרומם, לעתים ללא כל סיבה סבירה, נשמעה לא פעם מפי הפרטיזנים המלה „ארץ ישראל" — ואז פסקה לפתע השירה, נדמו השיחות, ורק עיני הנוכחים אורו בברק מיוחד: אלוהים, הייתכן הדבר שנצא חיים מהתתופת הזו ונגיע לארצנו? האם מותר לנו בכלל להעלות על הדעת אפשרות „בלתי־אפשרית" כזו?

וכמיהה זו גברה בליבותינו כאשר אפסה כל תקוה. השתיקה אפפה את כולנו ליד האש בלילות כאלה, עד שאחד מן החבריא פתח במשפטים קטועים על שנות הכשרתו, על שאיפתו במשך שנים לעלות ארצה. לאט־לאט היתה האווירה מתחממת, גל של זכרונות וחוויות ותקוות ושאיפות וחלומות היה גואה ועולה בלב, ואז היתה השיחה זורמת בשטף וכל אחד היה מרבה לספר על קשריו העמוקים עם תנועת השחרור של עמנו, על הכמיהה לחיים חדשים בארץ האבות, על כל אשר חלם — עד שבאה השואה וניתקה חוט חלומותיו.

בעבי היערות הביילורוסיים ישבה בלילה חבורה של יהודים, שלא היה להם שום מקום בארצות מגוריהם, שגם היער לא הסביר להם פניו הזעומים — ועד כאב פיסי היתה צורבת את כל ישותם המחשבה על ארץ ישראל.

משגבר הכאב, והשיחה השוטפת לא ידעה להשקיטו, היה מישהו פותח חרש־חרש בזמר ארץ־ישראלי. מיד היו מתלווים אליו שכניו ליד המדורה, ולעתים היה השיר מרגיע את כאב הערגון.

ביוני 1944 גבר לחצה של הצבת הגרמנית על הפרטיזנים ביערותינו. ביודעם שמפלתם קרובה החלו הקלגסים הגרמניים, ואתם עבדיהם הנאמנים הפולניים, ביילורוסיים ואוקראיניים, חודרים לתוך היערות, רודפים את הפרטיזנים בלי הרף וגורמים להם אבידות כבדות.

גם כאשר החלו להגיענו הדי תותחי־החזית המתקרבת וכשלאזנינו כבר הגיע הדה העמום של ה„קאטיושה" הסובייטית, גם בימים האחרונים לנסיגתם המבוהלת של הגרמנים נפלו עדיין קרבנות מבין הפרטיזנים. נפלו רבים, כשהכמיהה לארץ ישראל בלבם העוצר פעימותיו.

שוחררנו. ביום ה־14 ביולי 1944 הפסיק היער להיות ביתנו ומעוזנו הנצור ע"י האויב. יצאנו אל הדרכים, אל הכבישים ההומים — אל הערים והעיירות השוממות.

הנה התגשם חלום שלוש השנים על שחרורנו מעול הנאצים. היתגשם גם חלומנו על חיים בארץ ישראל? הנוסיף לחיות על חרבות עיירותינו, או נגיע לחוף הארץ היעודה?

ארמיי, אין וועלכער כ׳האָב פריער געדינט, האָט ער מיר מיט אַ שמייכל געענטפערט, אז דאָס אַלץ איז פאַרן פּראָטאָקאָל, אבער דעם אמת ווייס ער גוט.

מיין באַפרייונג איז געווען א גרויסע רעטע־ניש פאַר אַלע מיינע באקאַנטע. ס׳האָט מיר געקומט א גרויסע שטראָף, ווייל מ׳האָט בא מיר געפונען צוויי פּאַספּאָרטן, אויף צוויי אַנ־דערע נעמען. די זאַך איז מיר קלאָר געוואָרן אין יאָר 1945, ווען איך האָב דעם אויספאָרשער פון נ.ק.וו.ד. געטראָפן אין ווין, אין באקאַנטן ראָטשילד־שפּיטאָל, וואָס האָט געדינט אלס טראנזיט־לאַגער פאַר פּליטים. מיר האָבן זיך ארומגענומען, געקושט זיך און געוויינט פאַר פרייד. ער האָט מיר געזאָגט: „האָסט מיר דאַן ניט געוואָלט דערציילן, האָב איך אליין געפונען דעם וועג קיין ארץ־ישראל...״

איך ווייס ניט, וואו ער געפינט זיך איצטער, אָבער וואו ער זאָל ניט זיין, זאָל אים מיין ברכה באַגלייטן.

רוסלאַנד איז געווען א גוטע שולע פאַר קאָמוניסטן, וואו זיי האָבן זיך געקענט דערוויסן דעם אמת פון באָלשעוויסטישן רעזשים. איך מוז דערמאָנען שמואלן, דעם דרעטשינער יונגן, פאַרביסענעם קאָמוניסט. דאָס האָט ער געפאָדערט אין דערעטשין פון מיין טאַטן, ער זאָל ארויסגעבן דעם גלח, וועלכער האָט זיך אויסבאהאלטן בא אונז. ער האָט טריי געדינט דער סאָוועטישער מאכט אין דערעטשין, און ווען די רוסן זיינען אָפּגעטראָטן, האָבן זיי שמואלן מיטגענומען מיט זיך.

אין 1943 איז צו מיר איינמאָל אריין זאַכאַ־ר׳עוויטש דער פאָטאָגראַף און דערציילט, אז ער האָט געטראָפן א דרעטשינער יונגן מאַן אין א שרעקלעכן צושטאַנד. דאָס איז געווען שמואל. ער איז אנטלאָפן פון אן ארבעטס־לאַגער, אין וועלכן ער האָט געדאַרפט „איבער־דערצויגן ווערן״...

מיר האָבן אים גענומען צו זיך, איינגעאָרדנט, באַקליידט און געמאַכט צוריק פאַר א מענטשן. ער איז געוואָרן א גוטער, טרייער איד און האָט יעדן איינעם געהאָלפן מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט. ביז ער איז ווידער ארעסטירט געוואָרן און מ׳האָט אים באשולדיקט אין שפּיאָ־נאַזש... ער איז פון אונז אָפּגעריסן געוואָרן און קיינער ווייס ניט, וואו ער געפינט זיך איצטער.

די אַרקטיקע בוכארישע אידן האָבן אונז אויפ־גענומען ווי ברידער, כאָטש מיר האָבן מיט זיי קיין געמיינזאַמע שפּראַך ניט געהאַט. געווען זיינען זיי טרייע אידן, אָפּגעהיט די רעליגיעזע מנהגים און געבענקט נאָך ציון און ירושלים.

### צוריק אין דער חרובער היים

קיינער האָט ניט געוואוסט, ווי לאַנג די מל־חמה וועט דויערן און ווען ס׳וועט נעמען אן עק צו אונזערע וואָגלעניש. א טייל פון די אידישע פּליטים פון פּוילן זיינען אוועק אין אנדערסעס פּוילישן מיליטער, כדי אָנצוקומען דורך איראַן קיין ארץ־ישראל. אנדערע זיינען אוועק אין די פּוילישע רעגימענטן פון סאָוועטישן מיליטער, וועלכע ס׳האָט אָרגאַניזירט די לינקע שרייבערין וואַנדא וואַסילעווסקאַ. די ערשטע, די וועלכע זיינען אוועק מיט אנדערסן, זיינען אָנגעקומען אין לאַנד פון אונזערע האָפע־נונגען און אָפט זיך געשטעלט צום דינסט פון אונזער מדינה אונטערוועגס. די אנדערע האָבן מיטגעמאַכט דעם בלוטיקן מאַרש ביז בערלין און אויפן וועג האָבן זיי געפונען חרובע שטעט און שטעטלעך, אָן אידן און אָן זייערע נאָנסטע און טייערסטע.

נאָך סטאַלינגראַד איז געקומען דער איבער־ברוך אויף די פראָנטן און ס׳האָט זיך אָנגעע־הויבן דער צוריק־מאַרש פון די דייטשן. זומער 1944 זיינען שוין באַפרייט געוואָרן אונזערע געגנטן, אָבער ערשט אין יאַנואַר 1945 האָב איך געקענט אָנקומען צוריק קיין באַראַנאָוויטש און דערעטשין. א מילדער שניי איז געפאַלן און לייכט באדעקט די אויסגעליידיקטע, חרובע שטאָט באַראַנאָוויטש. ניטאָ קיין אידן, און בכלל איז געווען פּוסט ארום. שווער צו שיל־דערן מיין טרויעריקן געמיט אין יענע טעג, ווען כ׳האָב קיין זכר ניט געפונען פון מיין קליינע משפחה׳לע און פון מיין היים.

קיין דערעטשין בין איך געפאָרן מיט א ציטער אין הארצן. אמאָל־אמאָל, דאַכט זיך מיט יאָרן צוריק, אָבער סך־הכל 4—5 יאָר זיינען אוועק פון יענער צייט. פלעג איך קומען

אהיים אויף וואקאציעס און געפינען א ווארעמע משפחה. איצטער, נאָך יאָרן פון וואָגלען איבער ווייטע, פרעמדע געגענטן, האָב איך אין דערעטשין קיינעם ניט געפונען און זיך געדרייט ווי א יתום איבער מיינע אמאָליקע יוגנטגאסן. יעדער גוי, וואָס האָט מיר באגעגנט, האָט מיר אָנגעקוקט פארוואונדערט: וויאזוי איז דאָס א איד ניצול געוואָרן?

א ביסעלע טרייסט האב איך דאָך געפונען אין דערעטשין: צוויי קליינע קינדער פון מיין שוועסטער מלכה, צוזאמען מיט איר מאן ניאמע ווײַנשטיין, זיינען ניצול געוואָרן פון דער שחיטה און לעבן געבליבן נאָך אזעלכע יאָרן פון פיין, הונגער און טויט. מיין שוועסטער מלכה האָט געזאָלט מיט זיי לויפן צוזאמען, אָבער ממש אין לעצטן מאָמענט איז זי צוריקגעלאָפן אין איר הויז, כדי נאָך עפעס צו נעמען פאר אירע צוויי עופעלעך — האָבן איר געכאָפּט די מערדער, געפייניקט און געפאָרשט, ביז זי איז אין עינויים אויסגעגאנגען.

טאטע־מאמעס הויז האָב איך ניט דערקענט. אלץ ארום איז געווען פארברענט, גאסן, געסלעך און סתם וועגן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין גרויסן, חרובן שטח.

צוזאמען מיט נאָך א ביסל דערעטשינער געראטעוועטע אידן פלעגן מיר יעדן פרימאָרגן גיין צו די ברידער־קברים אויף בליזניאנסקיס פעלדער, זאָגן קדיש, זיך אויסוויינען און ווידער בלאָנדזשען איבערן חרובן דערעטשין.

כ׳האָב געארבעט אין באראנאוויטש און יעדע עטלעכע טעג געפאָרן „אהיים", קיין דערעטשין, כדי צו זיין נאָנט צום גייסט פון מיינע שטוביקע, וואָס האָט געשוועבט איבער די חורבות און כדי ווידער איבערלעבן די זכרונות פון מיינע יוגנט־יאָרן אין אונזער שטעטל.

פארן פארלאזן דערעטשין האָב איך נאָך דערפילט א מיסיע — געהאָלפן אידן ארויסצושמוגלען זיך פון רוסלאנד קיין פוילן. ביז ס׳איז געפאלן א חשד אויף מיר און דעם 9־טן מאי 1945 האָב איך פארלאָזן אונזער היימשטאָט און אוועק קיין פוילן.

מיין ברודער בן־ציון האָב איך געפונען אדאנק חיה׳קע רודנשטיין. זי האָט אים צופעליק געטראָפן אין די ניי־צוקאָאָפּיטירטע צו פוילן געביטן. זי האָט מיר פאָרזיכטיק צוגעגרייט צו דער באגעגעניש מיט מיין ברודער. זי האָט דאָס געטאָן מיט מוטערלעכער צערטלעכקייט און איידלקייט, ווי נאָר זי האָט דאָס געקענט טאָן, — זי, חיה׳קע, וואָס האָט צוגעזען ווי ס׳ווערן אומגעבראכט איר מאן און קינדער, געבליבן אליין און געפונען נאָך די שוידערלעכע יאָרן א טרייסט אין העלפן יענעם. אזוי האָט זי מוטערלעך, אָן קנאה, געהיט און דערצויגן מיין שוועסטערס קינדער.

אָבער איר הארץ האָט לאנג ניט אויסגעהאלטן אזא צער און איינזאמקייט, אין וועלכע זי האָט געלעבט. נאָך גאנץ יונג איז זי פון אונז אוועק דאָ, אין ישראל.

זינט כ׳האָב צוריק געפונען מיין ברודער בן־ציון, זיינען מיר די גאנצע יאָרן צוזאמען און טראָגן אויס דעם טרויער נאכן אומקום פון אונזער משפחה און פון אונזער שטעטל דערעטשין.

נאָך א שטיקל צייט האָב איך געוואנדערט אין פוילן, עסטרייך, ביז כ׳בין אין 1949 אָנגעקומען קיין ישראל, אין איינציקן לאנד וואָס איז די היים פון אונזער אויסגעמאטערטן פאָלק.

# מן הנכר למולדת / רבקה בקר

עד פרוץ המלחמה בין גרמניה ורוסיה הייתי בדרצ׳ין יחד עם הורי ועם יתר בני המשפחה. עבדתי במרפאת השיניים של יודל שליובסקי. למחרת פרוץ המלחמה החלו הרוסים נסוגים ואת משפחותיהם שלחו לרוסיה. כל היום חגו אוירוני הגרמנים מעל ראשינו.

אמא פנתה אלי ואל אחותי בהצעה לאסוף מעט בגדים ולברוח לשדות. למחרת בבוקר פנה אלינו מפקד רוסי, יהודי, שנשא את דבורה שלקוביץ לאשה, ואמר: מי שרוצה להציל עצמו יברח אתנו. הלכנו אחריו, עברנו את הנהר שצ׳ארה ברגל, קיבלנו רובים מהרוסים והגענו עד הגבול הפולני־רוסי שלפני המלחמה, — סטולפצי. חלק מהבורחים, וביניהם אחותי, חזרו לדרצ׳ין ואנו נשארנו בחזית יחד עם הצבא הרוסי. משם נשלחתי לבית־חולים רוסי בעורף. עבדתי 4 שנים בבית־החולים הזה, בעיר קלוגה, על־יד מוסקבה. כשהתקרבו הגרמנים הועברתי יחד עם בית־החולים לקזכסטן. כחדשיים היינו בדרך עם בית־החולים עד שהגענו לפרונזה. עם התחלת נסיגתם של הגרמנים נסגר ביה״ח שם והועבר לוויטבסק, ואני עם כל הפרסונל עבדתי שם עד שנת 1944.

ב־1945 שוחררתי מהצבא ושלחו אותי חזרה לדרצ׳ין.

בהיותי עוד בפרונזה שלחתי מכתבים לדר־



איסר לעוו (יושב ראשון מימין) עם תלמידיו בבית־הספר במחנה־עקורים בבינדרמיכל (אוסטריה)

צ׳ין המשוחררת ולא קיבלתי במשך זמן רב תשובה. רק בשנת 1945 נתקבל מכתב מיו״ר ההנהלה בדרצ׳ין ובו הוא כותב, שלא נשארו יהודים בעיירה, כי כולם הושמדו ע״י הגרמנים.

בהגיעי מוויטבסק לסלונים בשנת 1945 מצאתי שם רק את יהודה לנצביצקי וינקליביץ, בנוסף לעוד משפחה אחת.

לדרצ׳ין הגעתי דרך זלבה. בדרצ׳ין מצאתי חמישה בורות, בהם נקברו הקדושים שלנו שנרצחו ע״י הנאצים הטמאים, שלושה בורות בשדות אחרי בליזניאנסקי, שניים בבית־הקב־רות הישן.

פגשתי בדרצ׳ין רק 3 משפחות יהודיות: לוז׳ה (אליעזר) דעם פרייסילס, זיידל פרדר, אלתר בקר, כיום בעלי.

גרתי בדרצ׳ין כשנה. מראה העיירה עם בואי היה איום: השוק ורחוב הגרמנים שרוף, חצר בתי הכנסת על בתיה — שרופים. הכל עלה באש. הבתים היחידים ששרדו ברחוב השוק: בית יהודה וולפוביץ ומאחוריו ביתו של פייטל בוסק ושל בומה גרצ׳וק, ואילו רחוב זלבה נשאר בשלימותו. המשפחות שניצולו גרו ביחד בבית קוויאט ברחוב זלבה.

כשהרשו הרוסים לפולנים לעזוב את דרצ׳ין עברנו יחד אתם ללודז.

לפני עזבנו את דרצ׳ין התאספנו כולנו, שארית הפליטה, ליד הקברים ואמרנו קדיש ואל מלא רחמים בבכיה קורעת לב. וכך נפרדנו מהורינו, אחינו ואחיותינו, בנינו ובנותינו הק־דושים והטהורים.

לאחר הפוגרום בקילץ החלטנו לעזוב את לודז׳ ועברנו לוורוצלב ומשם הברחנו את הגבול לצ׳כיה. משמר הגבול הצ׳כי תפס אותנו ורצה לשלח אותנו חזרה לפולין. אחרי בכי ותחנונים הסכימו לשלוח אותנו לפראג. הועברנו למחנה פליטים בצ׳כיה ומשם לגרמניה. כאן פגשנו עוד בני דרצ׳ין. בגרמניה היינו, אני ובעלי, 3 שנים במחנה הפליטים. במחנה פתח בעלי מאפיה ובה אפו חלות לשבת ובתנור שמו את החמין לשבת.

בשנת 1949 הגענו ארצה.



חתונה דרצ׳ינאית במחנה־עקורים בגרמניה

# נעקרתי מכס־הרבנות בסינייסק / הרב ר׳ ישראל ב״ר ח. מ. קפלינסקי

בל״ג בעומר שנת תרצ״ד באתי לשבת על כסא הרבנות במושבה (קולוניה) סינייסק, אחת המושבות הנדירות של יהודים עובדי־אדמה, שנוסדה לפני למעלה ממאה שנה. הוזמנתי לשמש כרב לפי המלצת ר׳ משה מזלבה, יהודי תלמיד חכם נודע. זכרון הדברים שהוסכם ונחתם ביני לבין ראשי קהילת סינייסק כלל תנאים אלה: ראשי המושבה קיבלו עליהם לכלכל אותי ומשפחתי ע״י הספקה מתוצרתם החקלאית, כגון ירקות, פירות, חלב ותוצרת חלב, וכן הכנסה כספית ממכירת נרות וחלק ממכס הבשר; ואני מצדי קיבלתי עלי לטפל בענייני שאלות ותשובות בדיני ישראל; לדרוש בשבתות שלפני החגים; להגיד שעור בחברת ש״ס, משניות; לשקוד על חינוך הדור הצעיר ולהכשיר את אלה הראויים לכך לשלחם ללמוד בישיבת סלונים. מלבדי היה במושבה שו״ב, יהודי תלמיד חכם וירא שמים.

במשך הזמן נתהדק הקשר ביני לבין תושבי סינייסק והיה לקשר אמיץ של ידידות. יהודי סינייסק, רובם ככולם עובדי אדמה ישרים וחרוצים, הוציאו את לחמם מהאדמה וממלאכה והיו יהודים שומרי מצוות. הם התיחסו אלי בכבוד רב ותמיד דאגו לי ולמשפחתי שלא יחסר לנו מאומה. גם אני השתדלתי להשביע את רצונם. בכל שמחה ומאורע השתתפתי, ביתי היה פתוח לכל אחד ואחד. לעתים היו באים אלי לשאול עצה אישית ומשפחתית; גם גויי הסביבה התיחסו אלי בידידות והיו מקדמים את פני בברכה.

בשנת תרצ״ה עלו כ־13 משפחות מהמושבה לארץ ישראל, בעזרת התאחדות האכרים בארץ ישראל ע״י שליחה המיוחד מר סיטקוב ז״ל. עלייתם של הנ״ל היתה מורגשת מאד במושבה, כי הם היוו כשליש מכל התושבים.

במושבה היה קיים חדר, שבו למדו ילדים וילדות יחד ומספרם הגיע עד 15—13 ע״י רבי שהיו מזמינים לכל „זמן״.

עם פרוץ מלחמת־העולם השניה עברו דרך המושבה יהודים שנמלטו מפולין. כל הקהילה הקטנה קיבלה אותם בזרועות פתוחות והגישה להם עזרה בכל מה שאפשר היה. עם הכיבוש הרוסי של החלק המזרחי של פולין עברה המושבה סינייסק לשלטון הסובייטי. המצב נשתנה לרעה, ביחוד מצבי שלי. בתור רב הייתי כצנינים בעיני השלטונות רודפי „הצדק והיושר״ והגויים, שקודם התיחסו אלי בכבוד, שינו טעמם והתחילו כבר לדבר בסגנון הסובייטי הידוע לשמצה. מצבי היה בכל רע ונוכחתי לדעת שאין לי שום עתיד במקום, ואף צפויה לי הסכנה הגדולה להישלח לארץ גזרה, לסיביר, כמו שעשו כבר לרבנים אחרים. אז החלטתי לסכן את חיי וחיי משפחתי ולהימלט בעוד מועד מצפרני החיות הטורפות. מפחד שמא לא יתנו לי כבר לצאת אמרתי לשלטונות, שהוזמנתי להיות רב בעיר אחרת ובסתר נמלטתי עם משפחתי. ואחרי טלטולי־דרך ויסורים רבים הגעתי לווילנה, שהיתה אז בידי הליטאים. באחד מטלטולי, כאשר הברחנו את הגבול לליטא, נתפשתי ע״י שומרי הגבול הליטאי, נאסרתי והובאתי למשטרה בעיירה אחת שעל־יד הגבול, אשתי והילדים לא הצליחו לעבור את הגבול ולא ידעתי על גורלם. מפקד המשטרה, שונא ישראל, שמח מאד שעלה בידו לתפוש רב יהודי, „ספיקולנט״, ואיני יודע מה היה צפוי לי. והנה הקדוש ברוך הוא נתן לי רעיון ועצה והצלחתי להינצל מידי הרשע. במשטרה היו שני חדרים, המפקד ישב בחדר אחד ואותי הושיב בחדר השני, עד שיבוא השוטר להובילני לכלא. הדלת של החדר היתה פתוחה ואז בטחתי באלוקים וברחתי מהחדר בשקט. על הספסל השארתי חבילה קטנה, אמרתי בלבי שאם חס ושלום יתפסו אותי, אצטדק שהלכתי לקנות סיגריות ומזון. בצאתי מהמשטרה רצתי ונכנסתי לבית יהודי וקראתי בקול: „יהודים רחמנים, הצילו אותי!״ ואמנם בני הבית הצילו אותי, פתחו את המרתף שהיה תחת הרצפה והכניסוני פנימה ועל דלת המרתף העמידו רהיט. וכך שכבתי יום שלם ולילה במרתף, המשטרה הפכה את כל העיירה בחיפושיה אחרי, אבל בעה״ש לא מצאוני. היהודים החליטו להצילני מהסכנה, גזזו את זקני וכך

נעשיתי צעיר בלי זקן. הלבישוני בגדי עגלון, הושיבוני על עגלה אחת עם עוד עגלון והו־ציאוני מהעיירה, וכך הגעתי לווילנה. כעבור זמן־מה הגיעו גם אשתי ובני לווילנה.

במשך הזמן התרכזו והתלכדו שם רבים מבני ישיבת מיר והצלחנו ע״י תחבולות שונות ובעזרת עסקנים לקבל ויזה טרנזיט ליפאן. קבוצה שלמה של תלמידי ישיבת מיר הגיעה באווירון לעיר היפאנית קובּה שם ישבנו עם אנשי ישיבת מיר ולמדנו, תמך בנו הג׳וינט וכן ועד ההצלה של אגודת הרבנים באמריקה ויהודי קהילת קובה. מצבנו היה טוב, ישבנו ולמדנו תורה.

בסוף 1941, שבועיים לפני התקפת היפאנים על פירל הרבור, לא רצו שלטונות יפאן להאריך את שהייתנו והגלו אותנו מקובה לשנחיי, שהיתה אז עיר חפשית ונכבשה ע״י היפאנים. מצבנו נעשה קשה מאד. חיינו בדוחק רב מחוסרי עזרה. 28 חדשים רוכזנו בגיטו מיוחד, עד סוף מלחמת־העולם. באלול 1946 הצלחנו להגיע לארצות־הברית, בעזרת בן משפחתי ששלח לי דרישה והוצאות הדרך.

פה, בארצות־הברית, התחלנו להרגיש את החופש הגדול. למרות המרחק הרב, הנני קשור גם עכשיו עם אנשי סינייסק הנמצאים בארצנו הקדושה והנני בא אתם בחליפת מכתבים. ובעזרת השם זכיתי לבקר פעמיים בארצנו הק־דושה יחד עם משפחתי ונפגשתי עם אנשי סינייסק שקיבלוני בשמחה וברצון. עם כל הכאב והיגון על חורבן המושבה סינייסק עם כל קהילות הקודש ע״י הנאצים ימח שמם, שמחתי למצוא חלק מתושבי סינייסק, שזכו לעלות ארצה והכו שרשים בארצנו וכולנו זכינו בעזה״ש לקוממיות ישראל ולנסים ונפלאות שעשה אתנו הקב״ה והדביר את כל אויבינו ע״י חיילינו גיבורי ישראל. ואני תפילה לאלוקי ישראל שנזכה לביאת משיח צדקנו במהרה בימינו אמן.



משפחת קמנצקי, שיצאו מן היער, במחנה בינדרמיכל

# צוריק אין דערעטשין / שרה וואכלער־אגולניק

דעם 13־טן יולי 1944 האָט זיך געענדיקט בא מיר א תקופה פון 2 יאָר פּארטיזאנקע. אין דעם טאָג האָבן די פרויען־פּארטיזאנערינס באקומען א דאָקומענט, אז זיי האָבן אָנטייל גענומען אין דער מלחמה קעגן די דייטשע אָקופּאנטן. די מענער זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט, מיט דער סאָוועטישער ארמיי. דאָס ביסל אידן, וועמען ס׳איז געלונגען לעבן צו בלייבן נאָך די שווערע פּארטיזאנקע־יאָרן, זיינען נאָכדעם געפאלן אין פארשיידענע שלאכטן, אלס זעלנער פון דער ארמיי וואָס האָט געקעמפט מיט די דייטשן ביז בערלין איז געפאלן. זיי האָבן נקמה גענומען פאר אלץ וואָס די דייטשן האָבן אונז אָפּגעטאָן. נאָר ווייניקע זיינען לעבן געבליבן נאָכן שוידערלעכן גיהינום, וועלכן זיי האָבן געדארפט דורכמאכן און וועמענס גלייכן די געשיכטע האָט ביז איצטער ניט געקענט.

די עטלעכע פרויען פון דערעטשין האָבן זיך גענומען גיין צוריק פון וואלד אהיים — צוריק צו דער היים וואָס האָט שוין ניט עקזיסטירט. נאָר דאָך, וואוהין זאָל מען גיין? איז מען געגאנגען אויף די קברים פון טאטע־מאמע, שוועסטער און ברידער.

פארן אָנקומען אין שטעטל האָט מיר דאָס הארץ געציטערט. אָט דערנענטער איך זיך צו די גריבער, וואו אונזערע טייערע און אייגענע ליגן — די אומשולדיקע, די געפּייניקטע, די דערמאָרדעטע, ארויסגעריסן פון לעבן דורך די דייטשע מערדער. פאר וואָס?! פאר ווען?! טרערן האָבן מיט געשטיקט. אָבער וואָס קען שוין העלפן דאָס געוויין? ביזן היינטיקן טאָג ווינטש איך דעם גאנצן דייטשן פאָלק מיט זיינע קינדער דעם טעם און די געפילן פון אלע אידן, וואָס האָבן געליטן אונטער דער נאצישער הערשאפט, דאָס וואַרטן טאָג־טעגלעך אויפן טויט — ביזן טאָג פון דער שחיטה, און די גרויזאמקייט, די אומבאשרייבלעכע סצענעס פון יענעם שרעקלעכן שחיטה־טאָג. אונזערע ברידער און שוועסטער האָבן זיי אויסגעראָטן אָן קיין שום שולד, חוץ „חטא״ וואָס זיי זיינען געווען אידן. אָבער זיי, דעם דייטשן פאָלק פון היטלערס שעפּעלעך און וועלף, דעם פאָלק פון אָרגאניזירטער אכזריות — זיי קומט אזא סוף ווי ס׳האָט אונז געטראָפן! זיי האָבן אומגעבראכט דעם גרעסטן טייל פון אייראָפּעאישן אידנטום — זיי, סיי די שלעכטע און סיי די „גוטע״ דייטשן. ווער ס׳האָט זיי ניט געזען בשעת די אקציעס, קען זיך גאָרניט פאָרשטעלן וויאזוי ס׳זעט אויס א פאָלק פון מערדערס, מיט רוצחישע אויגן, מיט פארברעכערישע מיטלען, מיט אויסגעארבעטע פּלענער פון פארניכטן א פאָלק. אָבער אפילו די נקמה, די גרעסטע נקמה אויפן דייטשן מערדער וועט ניט שטילן דעם ווייטאָק און ניט היילן די וואונד, וואָס דער מאָרד פון אונזערע טייערע, פון הונדערטער אידישע קהילות, האָט פארשאפן יעדן איינעם פון אונז און דעם גאנצן אידישן כלל.

מיט אזעלכע טרויעריקע געדאנקען און ברענענדיקן האס האָב איך זיך לאנגזאם, אָן מוט געשלעפּט מיטן וועג קיין דערעטשין און געוואנדערט אָן א ציל איבער אירע פארשרפעטע, חרובע גאסן. אלץ איז פארברענט, אפילו שוין פארוואָקסן מיט גראָז. אלץ איז צעשטערט, אויסגעגליכן מיט דער ערד. ס׳איז מיטאק־צייט, און מ׳זעט קיין לעבעדיקן נפש ניט ארום. א טויט־שטילקייט אין אלע גאסן און געסלעך. נאָר אין יענעם עק שטעטל, בא בעקנשטיינס מיל, שטייען עטלעכע פויערישע פורלעך. ווי מיט א נאָדל אין הארצן און אין מוח שטעכט מיר דורך דער געדאנק, אז ערשט מיט דריי־פיר יאָר צוריק איז דאָ געווען א לעבן, מיט גאסן און הייזער, מיט קראָמען און שולן, מיט יוגנט, מיט חלומות, אידעאלן און מיט אלע גוטע און שווערע זייטן פון א

פולסירנדיקן, אידישן לעבן. אָט דא איז געווען דער שולהויף, און דאָ — דער מארק־פלאַץ מיט די שיינע גאנקעס פאר די הייזער, און דאָרטן — די קאזארמעס. נאר דער קלויסטער מיטן קאָשציאָל שטייען, ווי אויף צו להכעיס, מיט זייערע הויכע צלמים אין הימל אריין.

אָט קום איך צום אָרט, וואו ס׳האָבן ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק געוואוינט שמואל אבעלאָוויטש מיט זיין פרוי באשע און מיט די צוויי טעכטער, ציפע און שיינדעלע. ציפע איז געווען מיין חברטע פון די קינדער־יאָרן. מיר פלעגן צוזאמען גרייטן די לעקציעס. וואָס פארא ווארעמע אידישע שטוב דאס איז געווען! אזא געטריישאפט און ליבשאפט האָט זיך געפילט צווישן די ווענט פון זייער הויז. איצטער איז דאָ קיינער ניטאָ, וואָס זאָל אפילו קענען דערציילן די ליידן און פיין, די געפילן און מחשבות פון דער משפחה אין די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן...

נאָך זייער הויז איז דער פארברענטער, צעשטערטער שולהויף. דאָרטן פלעג איך זיין אזוי אָפט. ביים רב אין הויז האָבן געוואוינט מיינע צוויי חברטעס, מלכה און זינע דובינטשיק ז״ל. די מערדער האָבן קיינעם ניט אויסגעמיטן. די ברוטאליטעט פון די דייטשע אקציעס ווערט נאָך שארפער, ווען מ׳גייט איבער די חרובע גאסן פון א געוועזענעם לעבן.

דאָ, צווישן די פארוואָקסענע חורבות, איז געווען דאָס הויז פון מיין חברטע עלקע ליפשאָוויטש, נח׳ס טאָכטער. דאָ איז זי אויסגעוואקסן, אין א בעלי־בתישער משפחה מיט אזעלכע פיינע. קינדער. אויך דאָרע אגולניק האָט זיך דאָ געפונען. מיר זיינען אלע געווען אין איין קלאס, צוזאמען זיך געלערנט, צוזאמען געחלומט, געשטרעבט — און איצטער שטיי איך דאָ איינע אליין, מיט מיינע זכרונות און מיט א ווייטאק אין הארצן אויף יונגע לעבנס וואָס זיינען פארשניטן געוואָרן.

אָט קום איך שוין צו צו דער סלאָנימער גאס. דאָ איז אמאָל געשטאנען אונזער הויז. ווײ, ווי איז מיר, וואָס ס׳איז דערפון געבליבן! א וויסטעניש, מ׳זעט נאָר א גרוב, וואו ס׳איז אמאָל געווען דער קעלער פון אונזער שטוב. ס׳ליגן צעשמאָלצענע שטיקער גלאָז אין יענעם ווינקל, וואו ס׳איז אויפן בוידעם געלעגן דאס פסחדיקע געפעס...

דאָ איז געווען מיין משפחה, מענטשן האָבן געלעבט, געארבעט, געליטן, געהאָפט, זיך געפרייט און געווארט שטענדיק אויף עפעס בעסערס. דאָ, אין הויז וואָס איז אמאָל אויף דעם פלאַץ געשטאנען, האָבן קינדער געלאכט, געזונגען, זיך געשפילט, געשפרונגען, איצטער זיינען זיי אלע, מיט טאַטע־מאמע, מיט פריינט און חברים, אלע, אלע אין די גריבער ארום, — און איך לעב. ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך ניט. אין וואָס פארא זכות איך בין לעבן געבליבן פון אלע מיינע נאָנטע און טייערע.

איך שטיי בא מיין אָפגעברענטן הויז און פאר מיינע פארטרערטע אויגן גייען פארביי די זכרונות פון אונזער נאָנטער פארגאנגענהייט. די פרייטיק־צו־נאכטס אינדערהיים, די ליכט וואס פינקלען פריילעך און שבתדיק פון אלע פענסטער ארום, דער ליכטיקער טיש מיט די מאכלים אויף זיין ווייסן טישטוך, דער קידוש פון מיין פאטער און אונזער כאָראלער „אמן“... ס׳איז געווען אזוי שבתדיק־יומטובדיק, אזא מין הייליקייט האָט געשוועבט איבער אונזערע קעפּ, א קדושה וועלכע מ׳קען שוין היינט ניט געפינען.

איך גיי אוועק מיט טרויעריקע טריט פון די חורבות פון מיין אמאָליקער היים. איך בין שוין אויף סאוויטשער גאס. דאָרטן פלעגן מיר, אלע חברטעס, זיך אויפקלייבן בא רחל נאָזשניצקי, וועלכע איז געווען פון די בעסטע תלמידות בא אונז אין קלאס. בא זיי אין הויז פלעגן מיר זיך פילן בעסער ווי אומעטום. ארום זייער הויז איז געווען א שיינער סאָד מיט פרוכטן און בינשטאָקן. מ׳האט דארטן געקענט אזוי פריי אָטעמען, די ביימער אין פעלדער ארום האָבן אונז שטענדיק פארשאפן א גוטע שטימונג. פרילינג און זומער־צייט איז דאָרטן געווען ממש א דאטשע. מיר פלעגט גאנץ פרי ארויסגיין שפאצירן אין די פעלדער, רייסן בלומען, זינגען, דערציילן פארשיידענע זאכן, ערנסטע און שפאסיקע, און אונזערע לידער און געלעכטער האָבן געהילכט וויי

איבער די גרינע פעלדער. איז שטוב גופא פון די נאָזשניצקיס האט שטענדיק געהערשט אזא װאַרעמקייט און ליבשאפט צווישן די עלטערן, רחל׳ס צוויי שוועסטער, יהודיתקע און מיניע, און די צוויי ברידערלעך, ז״ל. אויך ווינטער, אין די גרויסע פרעסט, פלעגן מיר זיך בא זיי צונויפקלייבן. בא זיי איז שטענדיק געווען וואַרעם און אנגענעם. רחל׳ס עלטערן פלעגן אונז קיינמאל ניט מאכן קיין באמערקונג, אז מיר שטערן עמיצן מיט אונזער פריילעכן ריידן און זינגען. ס׳געדענקט זיך אזוי גוט די מוטער, תמר, און די באָבע, רבקה. ווי צוויי שטילע טויבן זיינען זיי געווען אין וואַרעמן הויז פון דער ליבער משפחה. דער פאָטער פון דער משפחה פלעגט קומען שפעט אהיים פון זיין ארבעט, אָבער אפילו דאן איז ער געווען ליבלעך, גוט און שטיל, און דאָס האָט אויף אונז אלעמען געווירקט אזוי שטארק, אז מיר פלעגן גיין אהין מיט גרויסן פארגעניגן.

און איצטער שטיי איך דאָ ביים קבר פון אזא וואַרעמען משפחה־לעבן, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן. אזעלכע טייערע מענטשן, אזא אידיליש, פאָלקסטימלעך, אידיש לעבן — אלץ, אלץ איז פארשניטן געוואָרן, צוזאמען מיט אלע טייערע מענטשן פון דערע־טשין און פון הונדערטער שטעט און שטעט־לעך...

חוצן ווייטאק אין הארצן האָט מיין באזוך אין חרובן דערעטשין פארשטארקט מיין שנאה צו די, וואָס האָבן — אָן קיין שום נוצן פאר זיך און פאר דער וועלט — אויסגעמאָרדעט א אידיש לעבן. איך האָב געזען א שטיקל נקמה אָן די דייטשן, אָבער דאָס איז ווי א טראָפן אין וואסער.

וואָס האָב איך נאָך צו טאָן אין וויסטן ו׳ערעטשין? קוקן אויף די פאלשע פנימער פון די קריסטן, וואָס ריידן כלומרשט מיט רחמנות אויף אונז און אין הארצן פרייען זיי זיך מיט אונזער ירושה, מיט די גאנץ־געב־ליבענע הייזער, אין וועלכע זיי באהאלטן אוועק־גערויבטע האָב־און־גוטס פון אונזערע מש־פחות? רחמנות האָבן אויף די קריסטלעכע משפחות, וואָס זיינען געבליבן אָן פרנסה, ווייל אָן אידן איז ניט געווען וועמען וואס צו פארקויפן און פאר וועמען צו ארבעטן, בא וועמען וואס קויפן און א בגד באשטעלן?

איך וויל ניט פון זיי קיין רחמנות אויף זיך. איך פיל ניט אין זיך קיין רחמנות אויף זיי.

שטיל און טרויעריק איז געווען מיין היים־שטעטל. שטיל און טרויעריק האָב איך פאר־לאָזן אירע חורבות.

אבער געדענקען וועל איך ביזן לעצטן טאָג פון מיין לעבן אונזער דערעטשין, וואו איך האָב זיך געהאָדעוועט, געלערנט, געטרוימט און אין וועמענס ערד ס׳ליגן די ביינער פון אונזערע קדושים. אָט איבער די גאסן און געסלעך זיינען זיי געטריבן געוואָרן, מיט די קליינע קינדערלעך אויף די הענט, צוגעטוליעט צום הארצן, אין זייער לעצטן גרויליקן וועג — די מענער, וואָס האָבן זיך אפשר געקענט ראטעווען, אָבער האָבן אויסגעקליבן דעם טויט צוזאמען מיט זייערע פרויען, די טאטע־מאמעס, וואָס זיינען מיט זייערע קליינע קינדערלעך געגאנגען צו די טויט־גריבער...

קדושים אונזערע, טאטעס און מאמעס און שוועסטער און ברידער! תהי נשמתכם צרורה בצרור החיים!

# ניטאָ וואוהין זיך אומצוקערן / חיה בעקנשטיין־פּילצער

די טראַגעדיע איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, ווען איך האָב אויסגעפונען אַז אונזער מלחמה האט זיך געענדיקט, און ס׳איז ניטאָ וואוהין צוריק צו גיין. מיר האָבן זיך געטראָפן מיט דער רוסישער אַרמיי, וועלכע איז געגאַנגען ווייטער צום פראַנט, און די אַלע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אַזוי געפרייט, אַז זיי וועלן שוין קענען גיין אהיים און זיך טרעפן מיט זייערע משפחות. איך האָב דאָך געוואוסט דעם ביטערן אמת, אַז קיינער וואַרט ניט אויף מיר און איך האָב ניט צו וועמען צו גיין. איך האָב זיך באַ זיי געבעטן, זיי זאָלן מיר נעמען מיט זיך אויפן פראָנט, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן. איך האָב געדאַרפט גיין וואוהין מען האָט מיר געשיקט. און איך בין אָנגעקומען קיין האראַדישטש, אַ שטעטעלע צווישן באַראַנאָוויטש און נאַוואַרעדאָק. דאָרטן האָב איך געאַרבעט אין דער פּראָקוראַטור און מען האט מיר צוגעזאגט, אַז אַזוי שנעל ווי די מלחמה וועט זיך ענדיקן וועט מען מיר שיקן סטודירן (דאָס וואָס איך האָב געוואָלט). מיין לעבן דאָרטן איז געווען זייער גרוי. איך האָב זיך באַקאַנט מיט די איינציקע לעבן־געבליבענע אידן פון שטעטל — די 4 שוועסטער מירסקי. צו זיי פלעג איך אַריינלויפן יום־כיפור און פרעגן, ווי לאַנג איך דאַרף נאָך פאַסטן; און ווען קריסטן פון אַ דאָרף פלעגן מיר ברענגען הינער, אייער און פּוטער פאַרן שרייבן זיי אַ פּאַפּיר צום געריכט, האָב איך מיטן האַנט באַוויזן, אַז זיי זאָלן עס ברענגען קעגנאיבער (וואו די שוועסטער האָבן געוואוינט).

איינמאָל האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין דערעטשין און זען, וואָס און ווער עס איז איבערגעבליבן. דער געדאַנק אַליין האָט מיר געשראָקן, אָבער איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך אויסגעקליבן אין וועג אַריין. קיין רעגולערע קאָמוניקאַציע־מיטלען זיינען ניט געווען, האָב איך געדאַרפט שטיין אויפן וועג און מיטפאָרן מיט אַרמייאישע לאַסט־אויטאָס, וועלכע זיינען געפאָרן אין יענער ריכטונג. איך בין געפאָרן קיין באַראַנאָוויטש, שפּעטער קיין סלאָנים, זעלווע און אַזוי ביז דערעטשין. ווען איך בין אַריינגעפאָרן אין שטעטל אַריין און די סאָלדאַטן האָבן מיר געפרעגט וואו זיי זאָלן מיר אַרונטערלאָזן, האָב איך ניט געוואוסט וואָס זיי צו זאָגן. אַלץ וואָס איך האָב געזען זיינען געווען חורבות און דער הימל אַרום. ביז איך האָב דערזען דעם קאַטוילישן קלויסטער, האָב איך פאַרשטאַנען אַז איך בין שוין אויסערן שטעטל. בין איך אַרונטער, באַדאַנקט די סאָלדאַטן און געגאַנגען אין דער ריכטונג פון די הייזער לעם קאָסציאָל. מיט טרערן אין די אויגן און אַ קלאַפּעניש אין האַרצן בין איך אַריין אין אַ הויז און די פרוי האָט מיר באַלד דערקענט, זאָגנדיק אַז איך מוז זיין פון די בעקנשטיינס. ווען איך האָב זיך באַרואיקט פון וויינען, האָב איך אויסגעפונען אַז עטלעכע אידן געפינען זיך אין שטעטל. זי האט מיר געזאָגט וואו איך קען זיי געפינען און איך בין אַוועק. אין אַ געוועזענעם בראַנפן־געשעפט האָב איך געטראָפן ניאַמע וויינשטיינען מיט די קינדער און חייקע פון מיל. איך האָב זיך דערוואוסט, אַז נאָך עטלעכע פאַמיליעס זיינען דאָ אין דערעטשין. איך בין געווען זייער אַנטוישט, זעענדיק ווי זיי אַלע לעבן צווישן די חורבות. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי זיי קענען לעבן צווישן די גויים און די קברים פון זייערע ליבע און טייערע. זיי האָבן מיר אַלע געזאָגט, אַז זיי וועלן נישט בלייבן לאַנג אין דערעטשין.

פאַרצאָרנט און פאַרביטערט האָב איך פאַרלאָזן מיין טייער שטעטעלע דערעטשין, כדי מער זיך נישט צוריקצוקערן אויף אירע חורבות.

# על חורבות חלומות־הנעורים / מאשה קולקובסקי

אבלים וחפויי ראש אנחנו יוצאים מהיער ושמים פעמינו — לדרצ׳ין, לעיר הולדתנו, עיר חלומות־הנעורים שלנו.

אנו נוסעים בעגלה, אלפי חיילים חולפים על פנינו. אנחנו כבר שוחררנו, אבל תפקידם הם טרם תם. הם נוהרים מערבה, לחזית שהוזזה לעבר וולקוביסק. הם רודפים אחרי המפלצת הנאצית, כדי למגר אותה כליל.

הגענו לדרצ׳ין למחרת צאתנו מן היער. קומץ של יהודים התקבץ בעיירה. מקבלים את פני כולנו קברות ההורים, האחים והאחיות. הלב נצבט. פולנים אחדים יוצאים לרחוב, נדהמים בראותם את אלה שהצליחו לגבור על האויב ולחזור לביתם.

אבל „הבית" איננו. חלק הארי של העיירה הפך לתל־חרבות. נשארו רק כמה בתים של יהודים, ואנו פונים לשם.

מה נעשה? כיצד נשב בבתים הללו, כשמנגד נראים הקברות, כשעלינו לחיות בצידם של הנוצרים — ואנו זוכרים את תעלוליהם בימי הכיבוש הנאצי, את התנהגותם ביום הטבח. הרי אין לנו אתם שפה משותפת והתחסדותם מעוררת בנו סלידה.

כבר ביום הראשון ידענו, שלא נוכל להחזיק כאן מעמד לאורך ימים. שאיפת הנעורים שלנו לעלות לארץ ישראל נתעוררה ביתר שאת.

התחלנו לעבוד, כי לפי החוקה הסובייטית מי שאינו עובד — אינו אוכל. לפתע צצו גם מארגני משלוחים של פועלים לרוסיה הסובייטית, לעבודה בחקלאות או במכרות. לא התחשבו בעובדה, שהיהודים יצאו מהיערות תשושים ורצוצים. דווקא אותם רצו לגייס לעבודות אלו בניכר.

לא עבר זמן רב ובעלי אברהם עבר את הגבול לפולניה. כעבור חדשים מספר הגעתי גם אני אליו לביאליסטוק.

לראשונה ראיתי בביאליסטוק חיים יהודים מאורגנים לאחר החורבן הגדול שפקד אותנו. אמנם, גם שם היו יהודים מעטים, ואף אלה היו כצנינים בעיני הנוצרים. אבל היה קיים מטבח לחוזרים ובו היינו מקבלים ארוחה אחת חינם כל יום. אבל תנאי החיים, בעיקר המגורים, היו קשים מאד. ועוד יותר קשים היו היחסים בין הנוצרים והיהודים. אירעו כמה מקרי רצח של יהודים שניצלו מן השואה, וכמובן שהרוצחים לא נתגלו אף פעם. בו בזמן שבשוק כמעט שלא היו מזונות, אפשר היה לקנות סבון, שעל אריזתו התנוססו שלוש האותיות הגרמניות ר.י.פ. — „שומן יהודי טהור".

עשינו בעיר בימי חג הסוכות, אורגנו שם כמה מניינים, אך התפילות עברו בבכי מר.

חיש מהר התנפצו אל סלע המציאות אשליותי מן היער, שיחסם של הנוצרים אל היהודים ישתנה לטובה.

החלטנו לעזוב את ביאליסטוק, סידרנו רשיונות והמשכנו ללובלין. שם היו יותר יהודים, אך המגע אתם השרה עלינו רוח נכאים. היו ביניהם רבים, שרק עתה יצאו ממחבואיהם, והיו שבדרך נס ניצלו מן המוות. היה אחד שהגרמנים כבר שחטו אותו — והוא יצא עם החתך בצווארו והתהלך בינינו עם קנה־נשימה מלאכותי. והיו שם ילדים, בני יהודים צ׳כיים, שהגרמנים הובילום ממש בימים האחרונים לטבח, אבל טנק סובייטי, חסם את דרכם לתאי הגאזים — הגרמנים נהרגו והילדים נמסרו לידי יהודים. הם, ואתם רוב הניצולים, התהלכו בינינו שפופים, עקומים, כשהפחד עדיין ניבט מעיניהם התועות.

ביקרנו במחנה־המוות מאידנק, שמענו על משפטם של הגרמנים שנתפסו במחנה זה, על הוצאתם להורג — אך האנטישמיות הוסיפה להשתולל סביבנו בכל אשר היינו. החלטנו לעזוב את פולין. נדדנו מעיר לעיר, בכיוון הגבול הצ׳כי. החורף הפולני נתן בנו אותותיו, לבושי בלויים היינו והקור היה ללא נשא.

וככה, בדרך־לא־דרך, עברנו יום אחד את הגבול לצ׳כיה. משם עשינו דרכנו לרומניה — ועוד רבות נדדנו עד שהגענו לארץ אבותינו.

## פון וואלד־גריבער צו ברידער־קברים / מלכה בולקאָוושטיין

די דייטשן טרעטן אָפּ. מיר ליגן נאָך אַלץ פאַרבאהאלטן אין די גריבער, — ביז ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען מיר זיינען ארויס פון סכראָן.

דער „סעמיינער לאגער״ האָט באקומען א באפעל זיך אויפצוזאמלען בא די פארטיזאנער. מיר האָבן געהאט א לאנגן וועג דורכצומאכן און זייער פיל געגאנגען. אין דאָבראווישטשינע האָבן מיר געטראָפן הויכע אָפיצירן פון דער סאָוועטישער ארמיי. מיר האָבן זיי געפרעגט, צי מיר קענען גיין אהיים, האָבן זיי אונז געענטפערט: „ניין, גייט נאָך ניט, זיצט דאָ נאָך א וואָך צייט. איר האָט אזויפיל איבער־געלעבט און געווארט באפרייט צו ווערן, ווארט נאָך א ביסל איידער איר וועט צוריק גיין אהיים...״

פונקט מיט א וואָך שפעטער, צום יארצייט פון דער שחיטה אין דערעטשין, זיינען מיר א פרייטיק פארנאכט אָנגעקומען „אהיים״. מיר זיינען די לעצטע קילאָמעטערס געלאָפן, ניט געגאנגען. פון די קאָרן-פעלדער האָט מען אויף אונז געשאָסן, אָבער מיר זיינען אָנגעקומען קיין דערעטשין.

צווישן די פארברענטע הייזער איז אונזער הויז געבליבן גאנץ. ס׳האָבן אין אים געוואוינט צוויי קריסטלעכע פאמיליעס, פון די ערגסטע אין שטאָט, קאטשוק מיכאש און אגאנאָווסקי. דער לעצטער איז גלייך צומאָרגנס נאָך אונזער אָנקום אוועק פון אונזער הויז, אָבער קאטשוק איז נאָך מיט אונז געבליבן ארום א חודש צייט.

זונטיק זיינען מיר געגאנגען צו די ברידער-קברים. איר קענט זיך פאָרשטעלן, ווי ס׳איז אונז געווען אויפן הארצן, ווען מיר זיינען געשטאנען בא די בערגלעך ערד, נעבן שעלו-בסקעס מיל, וואו ס׳זיינען געלעגן די ביינער פון אונזערע ליבסטע און טייערסטע. שפעטער האָבן מיר געפונען צעוואָרפענע ביינער פון הענט און פיס, מיר האָבן דאס באגראָבן און ארומגעצאָמט דעם קבר אָרום און ארום. ווילאַנג מיר זיינען געווען אין דערעטשין, איז דער אָרט אָפּגעהיט געוואָרן. איצטער ווייס איך ניט וואָס פון דעם ברידער־קבר איז גאנץ געבליבן.

## מיותמים, מיותרים, מיואשים / משה וישראל קוויאט

...ככלי מלא בושה מרגיש את עצמו יהודי בתוך עירו. מעטים מבין רבים, מיותרים, זרים. כמתגנב הנהו עובר את ככר העיר השוממה. אין גם האכרים מרבים לבוא העירה: אין למי למכור ואין ממי לקנות. הם מתכנסים בימי ראשון בשבוע או בחגים בסמוך לכנסיה ומבי־עים בקול את השתוממותם למראה יהודי בן־העיר: — כיצד נשארתם בחיים?

היהודים גרים בצפיפות בצוותא, כדי להפיג את רגש הכאב, הפחד והשממון מפני צללי הקרובים שנספו.

השיחות? דברי הספד למתים.

הנוער היה מחוייב להתגייס מיד עם השח־רור, רק מעטים מבין הצעירים נשארו בעיירה לשם מילוי תפקיד אחראי במקום־העבודה. יוקר החיים היה מבהיל והמשכורת נמוכה. מיצרכים שונים אפשר היה להשיג, אבל בשוק השחור.

לבטים רבים עברו עלינו עד אשר עזבנו את דרצ׳ין: להישאר ולחיות חיים עלובים סמוך לקברות המתים, מבלתי יכולת להביט בעיני הגויי, אשר הביעו תמהון על שנשארת בחיים? או לעזוב את גיא־ההריגה ולשים את פעמי לד־רך, בתקוה להגיע לארץ יותר טובה? אבל איך נעזוב את קברות המתים? נדמה היה שהם מביטים עלינו בעיני תוכחה: אל תעזבונו!

לפני ראש־השנה תש״ו עזבנו את דרצ׳ין. הגויים המעטים, אשר ידעו על צאתנו, הבטיחו: ספר נספר לבנינו אחרינו, כי היה פעם עם יהודי אשר היטלר השמידו וכי גם בעירנו ישבו יהודים...

אולי יקיימו הבטחתם זו, אך כיצד יבינו את סיפורם הדורות הבאים של הנכרים? והרי העיר חרבה, אין מי שיקומם הריסותיה. נת־פזרו היהודים המעטים על פני תבל כולה — והם היחידים המבכים את הריסות עירם וקהי־לתם.

## א כשרער פסח צווישן חורבות / נחמה פעטרוכאָוויטש

ווען מיר זיינען געווען אין וואלד האָבן אונז פארטיזאנער דערציילט, אז אונזער הויז איז ניט אָפּגעברענט געוואָרן און עס שטייט גאַנץ — אזויווי ס׳וואָלט געווארט אויף אונזער צוריקקומען. האָב איך געטראכט בא זיך, אז אויב דער ליבער גאָט וועט אונז ברענגען געזונטערהייט אהיים, וועט מיין שטוב שטיין אָפן פאר אַלעמען.

און ווען מיר זיינען שוין אָנגעקומען צוריק קיין דערעטשין, האָט מען טאקע בא מיר געבאקן ברויט, אָפּט אפילו צוויי געבעקסן א טאָג, און ס׳איז מיר שווער ניט געווען. דאס איז געווען נאָך אונזער אָנקומען פון וואלד.

דערווייל איז אוועק דער ווינטער און ס׳האָט זיך דערנענטערט פסח. האָב איך מיט מיין מאַן גענומען גרייטן זיך צו מאכן בא אונז א פאַדראַד און באקן מצות פאר די געראַטעוועטע. וואלגערהאָלצן און רעדלעך האָבן מיר געפונען אויפן בוידעם, בעקנס האָבן מיר גענומען בא ד׳ גויים, און מיר האָבן אלץ גוט אויסגעכשרט.

ברעטער האָבן מיר אויך געקריגן. אלץ איז גרייט געווען צום באקן — אָבער ס׳האָבן אונז געפעלט אונזערע טייערסטע און קיין יום־טוב׳דיקע שטימונג איז בא אונז ניט געווען.

אלע האָבן זיך דאָך צונויפגעקליבן און גע־נומען באקן די מצה. ס׳האָט געקלעקט מצה פאַר אלעמען — און וויפל זיינען מיר בסך־הכל געווען? מיר האָבן אפילו געבאקן פאַר איסר מעכעס און אים געשיקט די מצה קיין זעלווע, און אויך פאר נח גאָלדבערגן און פאר די שעלקאָוויטשעס, וועלכע זיינען אויך געקומען צו אונז צו די סדרים. בא די סדרים אין אונזער הויז זיינען געווען אלע דערעטשינער. מיר האָבן אויך געמאכט מעד פון האָניק, געשטעלט באַצייטנס בוריקעס — ס׳איז געווען א סדר מיט אלע פּיטשעווקעס...

ס׳איז געווען א כשרער פסח, אָבער אָן אונזערע טייערסטע און ליבסטע, א כשרער און אומעטיקער פסח צווישן די חורבות פון דערעטשין.

## איבער חרובע גאסן און געסלעך / מאיר באקאלטשוק

קיינער האָט ניט געוואוסט, און אויך ניט געקענט וויסן, ווען די מלחמה וועט זיך ענ־דיקן. ווען מיר זיינען געזעסן ערגיץ ווייט און טיף אין גרויסן רוסלאנד, מיט אן אָפענער וואונד אין הארצן נאָכן אויסגעוואָרצלט ווערן פון אונזערע שטעט און משפחות, האָט קיינער ניט געקענט וויסן, ווען וועט ער ווידער זיין „אין דער היים", וועמען וועט ער דאָרטן געפינען. אין די בייזסטע חלומות האָט קיינער פון אונז ניט געקענט זיך פאָרשטעלן דעם שוידערלעכן חורבן פון אלעמען און פון אלץ וואָס איז אונז געווען אזוי ליב און טייער.

נאָך דער מפּלה פון דייטשן מיליטער בא סטאלינגראד האָט זיך אין אונזערע הערצער אָנגעצונדן א פונק פון האָפענונג, אז מיר וועלן בקרוב זוכה זיין אָנצוקומען צוריק אין אונ־זערע אלטע היימען. די ערשטע וואָס האָבן דאס דערלעבט און געזען מיט זייערע אויגן דעם גרויסן אומגליק פון די אידן אין די געביטן פון דער דייטשער אָקופּאציע, זיינען געווען די וואָס האָבן זיך פרייוויליק מאָבילי־זירט אין די פּוילישע רעגימענטן פון דער רויטער ארמיי, וועלכע ס׳האָט אָרגאניזירט די פּוילישע לינקע שרייבערין וואנדא וואסילעווו־סקא.

די צאָל אידן אין די פּוילישע רעגימענטן איז ניט געווען גרויס, און פון זיי זיינען געפאלן ניט ווייניק אין די שווערע קאמפן קעגן דייטשן מיליטער, באזונדערס אין די שלאַכטן בא לענינא. אָבער זיי זיינען זוכה געווען צו טראָגן די ערשטע הילף יענע אידן,

וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, מיט נסים און דורך פּיין און הונגער, פון די אלף מיתות מיט וועלכע די דייטשן האָבן אומגעבראַכט די אידישע באַפעלקערונג אין די אָקופּירטע געביטן. אויך זיינען זיי זוכה געווען צו נעמען נקמה אַז יענע דייטשן און זייערע באַהעלפער, וועלכע זיי האָבן אַנגעטראָפן אין די באַפרייטע געגנטן. אָבער זיי זיינען אויך געווען די ערשטע צו זען דעם חורבן פון אונזערע שטעט און מש־פּחות.

די ידיעות וועגן גרויסן אומגליק זיינען דער־גאַנגען צו אונז פון פאַרשיידענע קוואַלן, און דאָך האָט נאָך געטליעט אין די הערצער א שטיקעלע האָפענונג, אַז עמיצער פון די נאָנסטע און טייערסטע האַט מצליח געווען זיך צו ראַטעווען.

יעדער פון אונז האָט זיך געריסן אהיים, האָפנדיק עמיצן דאָרטן צו געפינען. דעם 2 יאַנואַר 1945 בין איך אָנגעקומען מיט דער באַן אין פאַרשנייטן באַראַנאָוויטש. א מילדער, ווייסער שניי איז געפאַלן פון הימל, אָבער אין הארצן האָט געהערשט א שוואַרצער חושך און אַלץ ארום איז געווען וויסט און פינסטער, ווען איך האָב געזען, אַז ס׳זיינען מער קיין אידן ניטאָ און פון מיין פרוי און קינד, קרובים און באַקאַנטע איז קיין זכר ניט געבליבן.

צוזאַמען מיט נאָך אָנגעקומענע אידן האָב איך געבלאָנדזשעט איבער די גאַסן ווי א פאַרשעמטער און שולדיקער — איך האָב זיך געראַטעוועט און מיינע טייערע זיינען אומגע־קומען. די שווידערלעכסטע בילדער פון פּיין, וועלכן ס׳האָבן דורכגעלעבט מיינע טייערסטע אין די לעצטע טעג פאַר זייער אומקום, און אויך פריער אין געטאָ, האָבן מיר ניט געלאָזן צורו גאַנצענע טעג און נעכט.

פון באַראַנאָוויטש בין איך געפאָרן קיין דערעטשין. אָנשטאָט יענער וואַרעמקייט, מיט וועלכער כ׳פלעג אויפגענומען ווערן יעדעס־מאָל אָנקומענדיק אהיים, האָט מיר דאָסמאָל אויפגענומען א חרובע היים. כ׳בין אריינגעפאַלן אין א פּוסטן חלל. קיינער האָט מיר ניט באַגעגנט, קיינער האָט מיר די האַנט ניט אויס־געשטרעקט. א גוי איז פאַרביי און זיך געוואונ־דערט, וויאַזוי בין איך לעבן געבליבן.

איין פונק פון גליק האָט מיר באַהערשט אין יענע וויסטע טעג: די צוויי קליינע קינדער פון מיין שוועסטער מלכה, משה׳לע און פייגעלע, צוזאַמען מיט זייער טאַטן ניאָמע וויינשטיין, האָט זיך איינגעגעבן אויסצובאַהאַלטן און בלייבן לעבן. איך האָב זיך געפילט גליקלעך, ווען כ׳האָב זיי באַגעגנט. מיין שוועסטער מלכה איז אומגעקומען. זי האָט געזאָלט זיך אויס־באַהאַלטן צוזאַמען מיטן מאַן און קינדער, אָבער אין לעצטן מאָמענט איז זי געלאָפן צו זיך אהיים כדי צו נעמען נאָכוואָס פאַר די קינדער־לעך, און די בלוטיקע פּאָליציי האָבן זי גע־כאַפּט, געפּייניקט, געוואָלט פון איר ארויסבאַ־קומען וואו ס׳באַהאַלטן זיך אירע קינדער און מאַן — און זי איז אויסגעגאַנגען אין פּיין פון זייערע מערדערישע הענט. היינט זיינען שוין ביידע קינדער אירע טאַטעס און מאַמעס אין אַמעריקע. געדענקען זיי, וויאַזוי זייער טרייע מאַמע האָט באַצאָלט מיט איר לעבן פאַר זייער ראַטעווען זיך?

די שטוב פון מיין טאַטע־מאַמע אין דערע־טשין האַב איך ניט דערקענט. אַלץ ארום איז געווען פאַרברענט. כ׳בין ארומגעגאַנגען אין אַלע ווינקעלעך פון אמאָליקע קינדערשע שפּילערייען און בחורשע דמיונות ווי אין א בית־הקברות. ארום מיר האָבן כסדר געשוועבט די נשמות פון מיינע משפּחה־לייט, חברים און באַקאַנטע.

ס׳דוכט זיך מיר, אַז די הייליקע נשמות ווילן פון מיר איך זאָל דערציילן דער וועלט זייער לעבנס־געשיכטע, כדי ס׳זאָל נאָך זיי בלייבן אַן אָנדענק צווישן אונזערע שטעטלשע מענטשן. די חורבות פון הייזער, וועלכע זיינען אמאָל געווען היימען פון משפּחות — יעדעס הויז א געשיכטע פאַר זיך, יעדער משפּחה א לעבן פאַר זיך.

אָט גיי איך איבער די חורבות, און פּלוצלינג גיט א קלונג אין די אויערן דער געזאַנג פון דערעטשינער חזן בעשקין. און פאַר מיינע אויגן שטייט זיין שיינע געשטאַלט, איינגעוויקלט אין טלית, אין דער גרויסער שול, ווי ער זינגט ראש־השנה דעם „ונתנה תקף״. מיט זיין שטאַר־קער שטימע זינגט ער אויס דעם „וכחלום יעוף״ און דעם „הבן יקיר לי אפרים״. ער האָט זוכה

געווען נפטר צו ווערן נאך פארן קריג און ניט איבערלעבן די שוידערלעכע נאצישע גיהינום־יאָרן.

און דא איז געווען הענאך דעם אפטייקערס הויז, וואָס איז פאר אונז אלעמען געווען א סימבאָל פון קולטור, וויסן, אידעאליזם.

און דאָס הויז פון בערל דעם קירזשנער, וועלכער איז ממש געווען אן אינטעגראלער טייל פון דערעטשין, און פון שלום סאקער. און ס׳דערמאָנט זיך דער שטענדיקער שמייכל פון באָמע גראטשוק, וועמענס קינדער זיינען געווען די וואָרטזאָגער פון דערעטשינער יוגנט, שטאָלצע און קלוגע. לייבע ביאַלאָסטצקי, וואָס האָט קיינמאָל מיט קיינעם קיין ויכוח ניט געהאט און האָט געפירט א רואיק און באשיידן לעבן, אָן טענות און מענות. און די פאר־צווייגטע משפחה פון די ברידער בעקנשטיין. און דאָס הויז פון די שעלובסקיס, מיט זייער ערלעכקייט, שטילקייט און קולטור. און פייוועו בליזניאנסקי מיט זיין שטורמישן לעבן, דער שטענדיקער בעל־תפילה אין דעם רב׳ס בית־המדרש. מער וועט מען שוין ניט הערן זיינע תחנונים ערב יום־כיפור: „הנני העני ממעש...".

אלע, אלע דערעטשינער אידן זיינען דאן פארבייגעגאנגען אין מיין זכרון אין די טעג פון וואנדערן איבערן חרובן היים־שטעטל. זאָלן מיר מוחל זיין אלע, וועמענס נעמען ס׳איז מיר שוין היינט שווער זיך צו דערמאנען, אָבער זיי זיינען מיר אזוי טייער היינט, פונקט ווי אין די טרויעריקע טעג איבער די דערע־טשינער חורבות, איבער דער גרויסער נייער גאס פון די האָרעפּאשנע אידישע בעלי־מלא־כות, איבער די געסעלעך, וואו ס׳איז שטענדיק געשטאנען אָפן דער שוסטערשער בית־המדרש, און דער חייטים־בית־המדרש, מיט זייערע מת־פּללים, די אידן וואָס האָבן בזיעת־אפיים ארויס־געשלעפּט פרנסה פון זייערע מלאכות.

ניט איך, נאָר די, וואָס האָבן דורכגעמאכט די נאצישע גיהינום־אָקופּאציע און די העלדישע פּארטיזאנער־מלחמה, וועלן דערציילן וועגן די אנטפלעקונגען פון אידישער ווירדע און שטאָלץ אפילו אין יענע יאָרן פון דערדריקונג און דערנידעריקונג. אָבער איין אידן, וועמענס אָנ־דענק ס׳איז אונז אלעמען טייער, מוז איך דערמאָנען, מענדל פעלדמאנען, וועלכער האָט מיט זיין טויט געהייליקט דעם נאָמען פון אלע ווירדיקע אידן.

די משפחה פעלדמאן האָט ניט געהערט צום טראדיציאָנעלן דערעטשינער דור, אָבער ס׳איז געווען א אידישלעכע משפחה, וועמענס ראש איז שבת און יום־טוב געקומען דאווענען מיטן גאנצן קהל אין שול. מענדל פעלדמאן איז תמיד געווען פיין אָנגעטאָן, קאָרעקט אין זיינע באציאונגען און שמועסן מיט יעדן איינעם. גלייכצייטיק איז ער געווען פריינטלעך און צוטריטלעך צו אלע, וואָס האָבן זיך צום אים געווענדעט ווי צום פּאָרזיצער פון דער אי־דישער קהילה און ראש פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין דערעטשין.

אלע וויסן, ווי שטאָלץ ער האָט אָפּגעענט־פערט די דייטשע מערדער — זיי האָבן אים ניט אומגעבראכט, ער האָט זיך דאָס לעבן גענומען, ווען ער האָט געזען, אז אלץ איז פארפאלן און דער גורל פון אידן איז אומצו־קומען. דעם דייטש איז ניט געלונגען צו ברעכן מענדל פעלדמאנס אידישן שטאָלץ. אין די לעצטע מאָמענטן האָט ער ניט פארלאָרן דעם צלם־אלוקים.



אזוי האָב איך אין משך פון א פּאָר חדשים געבלאָנדזשעט פון צייט צו צייט, ווען כ׳בין געקומען קיין דערעטשין פון מיין ארבעט אין באראנאָוויטש, איבער די חורבות פון אונזער היים־שטעטל און פאר מיינע אויגן איז פארביי די גאנצע אידישע קהילה, פון גרויס ביז קליין, פון רייך ביז אָרעם, — אלע, אלע וואָס זיינען אונז היינט, נאך זייער אומקום, נאך ליבער און טייערער.

# די גרינדונג פון „דערעטשינער סאסייעטי״ / דזשאַ (יונה) סילקאָוויטש

געגרינדעט געוואָרן איז אונזער סאָסייעטי דורך די ערשטע דערעטשינער, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין אמעריקע שוין איבער 60 יאָר צוריק. די עמיגראַציע איז דאַן געווען גרויס און דער אריינפאָר קיין אמעריקע — פריי. ווער ס׳האָט געהאט געלט אויף א שיפסקארטע האָט געקענט אָנקומען קיין אמעריקע.

ווער האָט דאַן עמיגרירט? מענטשן, וועמען ס׳איז שווער געווען צו מאכן א לעבן אין דער אלטער היים, אין די שטעט און שטעטלעך פון אידישן תחום-המושב אין גרויסן, צארישן רוסלאנד. אַזוי איז אויך געווען די עמיגראַציע פון דערעטשין. אויך אידן, וואָס גאָט האָט זיי געבענטשט מיט א פינף-זעקס טעכטער, זיינען געפאָרן קיין אמעריקע, כדי צו מאכן א ביסל געלט אויף נדן פאר די טעכטער. א סך אידן זיינען טאקע דאַן געקומען קיין אמעריקע נאָר אויף אייניקע יאָר און שפעטער צוריקגעפאָרן אהיים צו זייערע משפחות.

די וואָס האָבן באשלאָסן צו בלייבן אין אמעריקע און שפעטער אהין אראָפּגעבראַכט זייערע פאמיליעס, זיינען געווען איינזאמע מענטשן, פול מיט בענקשאפט צו דער אלטער היים, וואו זיי האָבן איבערגעלאָזן זייערע נאָענטע און ליבסטע, צום רואיקן קליינשטעטל-דיקן לעבנס-שטייגער און צו די טראדיציאָנעלע לעבנס-פאָרמען. זייענדיק אזוי אליין, אָן נאָענטע און אָן א שפראך, האָבן לאנדסלייט געקומענע פון פארשיידענע שטעט און שטעטלעך גענומען זיך צונויפקלייבן צוזאמען, און אזוי זיינען געגרינדערט געוואָרן די פארשיידענע „סאָ-סייעטיס״, אין וועלכע מענטשן האָבן געפונען א טרייסט פאר זייער עלנטקייט.

אויך אונזער דערעטשינער סאָסייעטי איז אזוי געגרינדעט געוואָרן. ראשית-כל האָבן זיך די גרינדער אויסגעלערנט, וויאזוי אזא פאריין דאַרף זיך פירן. מ׳דאַרף צונויפשטעלן און אויפשרייבן א קאָנסטיטוציע פון דער סאָסייעטי, אויסוויילן א פרעזידענט, א וויצע (וואיס)-פרעזידענט, א סעקרעטאר, פינאנס-סעקרעטאר און האָספיטאלער. דער פרעזידענט פירט די מיטינגען, דער סעקרעטאר פארשרייבט אלץ אין פּראָטאָקאָל, דער פינאנס-סעקרעטאר פירט די געלט-חשבונות, דער האָספיטאלער זאָרגט פאר מעמבערס, וואָס ווערן קראנק, גייט זיי באזוכן און ברענגט זיי א קראנקען-בענעפיט, א קליינע געלט-סומע מיט וועלכער דער קראנ-קער קען זיך אויסהאלטן א געוויסע צייט, ווען ער ארבעט ניט און פארדינט ניט צוליב זיין קראנקהייט.

אונזער סאָסייעטי איז געווען זייער טעטיק פון דער ערשטער צייט פון איר גרינדונג. מ׳האָט אָפט גערופן מיטינגען און זיך געטראָפן מיט א געפיל, ווי מ׳וואָלט נאָך אלע געווען אין דער אלטער היים, אין דערעטשין. אלע האָבן זיך געהאלטן צוזאַמען, נאָענט. ווען עס זיינען אָנגעקומען נייע לאנדסלייט פון דערע-טשין, זיינען זיי גלייך אריין אין סאָסייעטי, אזוי אז מיר האָבן דאַן געציילט ארום 150—160 מעמבערס.

ווען מיר, די אינגערע, זיינען אָנגעקומען קיין אמעריקע און אריין אין אונזער סאָסייעטי, איז געוואָרן א ביסל לעבעדיקער, די פירונג — מער ליבעראל און פריי. ווען מ׳פלעגט קומען צו א מיטינג, פלעגט מען זיך פילן ווי צווישן אייגענע.

די סאָסייעטי האָט געטאָן פיל גוטע זאכן פאר אירע מיטגלידער, ארויסגעהאָלפן זיי אין נויט, געזאָרגט אויך פאר די פאמיליעס פונ-דערווייטן — און אז ס׳האָט פאסירט, ווען איינער פון די מעמבערס האָט זיך ארויפ-געארבעט, גענומען פארדינען מערער, פאר-



דזשאָ (יונה) סילקאָוויטש און זיין פרוי ע״ה

געסן זיין פרוי און קינדער אין דערעטשין, פארליבט זיך אין אן אנדער פרוי, אָן א פאטשיילע און אָן א שייטל אויפן קאָפּ — האָט די סאָסייעטי געשיקט נאָך דער פרוי און קינדער, זיי געבראכט צו זייער מאן און טאטן קיין אמעריקע און אים פארשאפן א „סורפּרייז״.

אין יענע צייטן איז אויך געווען א מאָדע איינצואָרדנען יערלעכע בעלער, מיט מוזיק. יונגווארג פלעגט קומען, זיך פארוויילן, טאנצן א גאנצע נאכט. פילע, וואָס האָבן געלעבט ניט אין ניו-יאָרק, פלעגן קומען צופאָרן צו די דאָזיקע בעלער. מיר האָבן שוין געוואוסט, אז אויף די בעלער, באנקעטן און מיטינגען קענען מיר זיך טרעפן מיט אלע דערעטשינער.

ניט אלע אונזערע לאנדסלייט זיינען אריין אין אונזער סאָסייעטי. געווען פאלן, ווען א דערעטשינער האָט זיך פארליבט אין א מיידל פון אן אנדער שטאָט אדער לאנד, ווי, למשל, אין א גאליציאנער מיידל, און ער איז אוועק און געוואָרן א מעמבער אין דער סאָסייעטי, צו וועלכער ס׳האט געערט דער כלה׳ס פאָטער, — כאָטש ער האָט זיך דאָרטן געפילט פרעמד און אפילו זייער שפראך ניט פארשטאנען.

ווען דער עמיגראציע-שטראָם איז שוואכער געוואָרן, איז אויך שוואכער געוואָרן די טעטיקייט פון אונזער סאָסייעטי. אָבער ווען ס׳זיינען געקומען די יאָרן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה און נאך איר, האָבן מיר געשאפן א הילפס-קאָמיטעט, וועלכער איז צוערשט געגרינדעט געוואָרן דורך אייניקע היימישע בונדיסטן און שפעטער זיינען צו אים צוגעצויגן געוואָרן נאָך דערעטשינער. צו די מיטינגען פלעגן דאן קומען אלע דערעטשינער, מיר האָבן געזאמלט געלט, געהאָלפן אויפשטעלן אין דערעטשין א ליי-קאסע און עפענען א מאָדערנע שולע פאר די קינדער.

ווידער זיינען פארביי די יאָרן, און ס׳איז אָנגעקומען ווי א שטורעם די צווייטע וועלט-מלחמה מיט אירע גרויסע אומגליקן. מיר זיינען ווידער טעטיק געוואָרן, בונדיסטן מיט ציוניסטן צוזאמען, אפילו אזעלכע, וואָס זיינען ניט געווען קיין מעמבערס אין אונזער סאָסייעטי. מיר האָבן גערופן פארזאמלונגען אין פריוואטע הייזער, געשאפן געלט אויף צו שיקן פעקלעך צו די געראטעוועטע פליטים, וואָס זיינען נאָך דאן געווען אין די לאגערן אין דייטשלאנד, איטאליע. געשיקט הילף די, וואָס זיינען אָנגעקומען נאָך לאנגע וואָגלענישן קיין ישראל און צו אונז, קיין אמעריקע. אונזערע פרויען האָבן אָרגאניזירט א ספעציעלע „ליידיס-אוקזיליערי״ — א פרויען הילפס-פארבאנד, און האָבן געטאָן גרויסע, וויכטיקע ארבעטן. איבער 700 פעקלעך זיינען געשיקט געוואָרן צו אונזערע ברידער און שוועסטער, די פליטים וואָס זיינען לעבן געבליבן נאך די שחיטות און קאמפן.

די ארבעט איז געטאָן געוואָרן דורך די מעמבערס פון קאָמיטעט און פון דער סאָסייעטי, צוזאמען מיט נאָך פרייוויליקע, דערעטשינער לאנדסלייט און אפילו ניט קיין דערעטשינער; עס זיינען טעטיק געווען: בערקאָוויטש, מינקאָוויטש, נייטען בליס ע״ה, מיסטער און מיסעס סילקאָוויטש, רחל פעלדמאן, מיסטער און מיסעס אבראמאָוויטש. פיל ארבעט האָט אריינגעלייגט דער טרייער קדיש פעדער מיט זיין פרוי און צוויי שוועסטער. זיי פלעגן אליין פאקן די

פעקלעך, נאָכדעם ווי די פרויען פלעגן איינ־קויפן די פראָדוקטן און קליידונג. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן ווי א הייליקע ארבעט, אין די נאכט־שעה׳ן נאָך א גאנצן ארבעטס־טאָג. מ׳האָט די פעקלעך געמאכט בא פעדערן אין סטאר און ער האט שוין געזאָרגט וועגן זייער עקס־פּעדיציע.

פיל פון די, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן בא דער וויכטיקער און שווערער ארבעט זיינען שוין היינט, צום באדויערן, ניטאָ מיט אונז. לאָמיר זיי געדענקען און אָפּגעבן ערע זייער זכרון.

איצטער איז די סאָסייעטי קליין, אָבער זי איז נאָך אַלץ וואָס אמאָל געוועזן. אַלץ וואָס איז פארבונדן מיטן אָנדענק פון דערעטשין איז אונז ליב, טייער און הייליק.

ווארטן מיר אלע מיט אומגעדולד אויפן פנקס־דערעטשין, פאר וועלכן מיר האָבן אויך געטאָן וויפל מיר האָבן געקענט. דער פנקס וועט דינען אלס מצבה פאר אונזערע אומ־געקומענע ברידער און שוועסטער, און אויך אלס בריק, וואָס פארבינדט אונז אלעמען, די דערעטשינער, וואָס לעבן אין ישראל, אין אמעריקע און אין דער גאָרער וועלט.



קאָמיטעט פון דערעטשינער סאָסייעטי אין אמעריקע

# די ארבעט פון דער׳עטשינער רעליף קאמיטעט אין ניו-יארק

אברהם קדיש פעדער, סעקרעטאר
פון רעליף קאמיטעט

איך וויל דערציילן אלץ וואס איך געדענק וועגן דער טעטיקייט פון דערעטשינער רעליף קאמיטעט, פון זיין גרינדונג ביז די לעצטע צייטן. אויב געוויסע דאטעס, נעמען, ציפערן אדער אנדערע איינצלהייטן וועלן ניט שטימען, בעט איך אנטשולדיקונג, ווייל איך שרייב פון זכרון.

אמת, עס האט זיך געפונען אין מיין רשות דער פולער מאטעריאל פאר דער גאנצער צייט פון אונזער רעליף ארבעט אין ניו־יארק: אלע בריוו פון די דערעטשינער געראטעוועטע, פון די ׳ארשיידענע לאגערן, צוזאמען א פאר הונ־דער ׳ בריוו; אלע פראטאקאלן פון אונזערע זיצונגען; בריוו פון אונזערע לאנדסלייט אין אמעריקע, בריוו פון ישראל, קארעספאנדענץ מיט די רעדאקציעס; קאפיעס פון אלע בריוו וועלכע מיר האבן ארויסגעשיקט; נאטיצן פון די צייטונגען; רשימות פון די געלט־סומען וועלכע מיר האבן צעטיילט און געשיקט קיין ישראל. דעם גאנצן מאטעריאל האב איך געהאל־טן ביז מיט עטלעכע יאר צוריק, און עס פארדריסט מיר באמת זייער שטארק, וואס איך האב אים ניט מער. מיר וואלטן א טייל פון רעליף־מאטעריאל געקענט אויסנוצן פארן „יזכור בוך".

שרייב איך די שורות פון זכרון און איך גלויב, אז איך דערצייל דעם עיקר.

אין די מלחמה־יארן, אומגעפער אין 1941 אדער 1942, האט דער דערעטשינער לאנדס־מאנשאפט פאראיין („דערעטשינער סאסייעטי") אין ניו־יארק צוזאמענגערופן א פארזאמלונג פון אלע דערעטשינער לאנדסלייט וואס וואוינען אין ניו־יארק. דער ציל פון דער פארזאמלונג איז געווען — אנצופאנגען עפעס טאן פאר אונזער באליבט שטעטל דערעטשין.

דאס איז געווען אין מיטן ברען פון דער מלחמה, אין צייטן ווען שווארצע וואלקנס זיינען געהאנגען איבער דער וועלט, און אידן אין אייראפע זיינען געווען ארומגערינגלט דורך די מלחמה־פלאמען. די נאצישע ארמייען האבן בליץ־שנעל מארשירט פון לאנד צו לאנד, פון שטאט צו שטאט. ווי נאר זיי האבן אקופירט א שטאט, איז זייער ערשטע פינסטערע אויפ־גאבע געווען צו דערדריקן און פארניכטן, מיט כלערליי שוידערלעכע מיטלען, די אידישע באפעלקערונג. טויזנטער און טויזנטער אידן, אחינו בני ישראל, זיינען שוין דאן אומגעבראכט געווארן. מיר אין אמעריקע האבן נאך דאן ניט געוואוסט דעם אומפאנג פון דער קאטאסטראפע, דעם גרויסן אומגליק וואס האט געטראפן אונ־זערע נאנסטע און ליבסטע אין דער אלטער היים דערעטשין, צוזאמען מיטן גאנצן אידישן כלל אין די לענדער פון נאצישער אקופאציע. די ידיעות וועגן דעם אין די צייטונגען זיינען געווען קורצע און מאגערע אבער גענוג כדי אונז אלעמען אויפצוציטערן.

אט אויף דער פארזאמלונג, וועלכע ס׳האט צוזאמענגערופן די דערעטשינער סאסייעטי, איז געשאפן געווארן א געוויסע סומע געלט און ס׳איז גלייכצייטיק פארמירט געווארן א קאמי־טעט, וואס האט געהייסן „דערעטשינער רעליף קאמיטעט". צום קאמיטעט האבן זיך אנגעשלאסן די פאלגענדע לאנדסלייט: יונה סילקאוויטש, סילע סילקאוויטש, נייטען בליס, שפרה בליס, יצחק בערקאוויטש, פענע בערמאן, הירשל פעדער, איידע סארנאטסקי, ראזע סיסקינד, איצעל וויסנבערג, אברהם קדיש פעדער, מאריס מינקאוויטש, רחל עפראס, זשאו אבראמאוויטש, משה גאלדפארב, משה בליס, בעקי טיקאטסקי. אלס באאמטע פון קאמיטעט זיינען אויסגעוויילט געווארן: יצחק בערקאוויטש — פארזיצער;



פעני בערמאן־פעדער

אברהם קדיש פעדער — סעקרעטאר; מאריס מינקאוויטש — קאסירער.

ביים אנהויב פון זיין ארבעט האט דער קאמיטעט געשטעלט פאר זיך די אויפגאבע צו קריגן די אַדרעסן פון אלע לאנדסלייט אין גרויס ניו־יאָרק און אויסער ניו־יאָרק, איבערן גאנצן לאנד און זיך שטעלן אין פארבינדונג מיט אלע דערעטשינער. ווי ווייט מעגלעך איז אויך געטאן געווארן צום פארבינדן זיך מיט אויסלאנד. דאס אלץ איז דאן געווען ניט פון די לייכטע ארבעטן, אבער נאך א געוויסער צייט איז אונז געלונגען זיך צו פארבינדן מיט לאנדסלייט אין די גרעסערע שטעט, ווי טשי־קאגא, קאליפארניע, וואשינגטאן, באזונדערס אין באסטאן, פונוואנען מיר זיינען ארויסגעהאלפן געווארן פינאנסיעל.

STOWARZYSZENIE
[illegible] Chesed
w Dereczynie
dnia 1 czerwca 1938 r.
№ 88

ב״ה [illegible]!

להגבירה הנכבדה והנעלה ומפורסם לתהלה
מ׳ [illegible] פעדער

די פארוואלטונג פון חברה גמילות-חסדים אין דערעטשין האט דעם כבוד
אייך צו מעלדן, דאס לויט אייער מעלדונג, וועלכע איר האט געשיקט דעם 28/1938, האט
די פארוואלטונג אויסגעפירט [illegible] פון אונזער חברה
גמילות-חסדים פאר אייער [illegible] צום גרינדן אייער קאמיטעט [illegible] אונזער
גמילות-חסדים און פאר די הילף וואס איר האט אונז שוין געשיקט אין דער
הויך פון 100 $.

אין נאמען פון דער גאנצער
פארוואלטונג:

Preze

אונזערע זיצונגען זיינען אפגעהאלטן געווארן יעדן זונטיק אין הויז פון אונזער פארזיצער בערקאוויטש, און דאס האט אונז זייער א סך געהאלפן, ווייל זיין וואוינונג איז געווען אין צענטער פון ניו־יארק. זיינע טירן זיינען שטענדיק געווען אפן פאר אונז און טראץ זיין הויכן עלטער האט ער געטאן פאר דער ארבעט פון רעליף־קאמיטעט וויפל נאר זיינע כוחות האבן אים דערלויבט.

ביסלעכווייז, דורך בריוו, טעלעפאן און נאטיצן אין די צייטונגען, האבן מיר געקראגן א צאל אדרעסן פון דערעטשינער לאנדסלייט, און אפילו פון ניט דערעטשינער געבוירענע, נאר אזעלכע וואס האבן געהאט קרובים אין דערעטשין. גלייכצייטיק האבן מיר זיך פארבונדן מיט קאנאדע, ארגענטינע און באזונדערס מיט ישראל.

דער ערשטער בריוו פון ישראל האט אונז דערגרייכט א קורצע צייט נאכן אנהויבן אונזער טעטיקייט אין ניו־יארק. דעם בריוו האט געשריבן מלכה אלפער. פון איר בריוו האבן מיר זיך דערוואוסט, אז די דערעטשינער אין ארץ ישראל זיינען ארגאניזירט און גרייטן אויך א הילפסטעטיקייט. דאס האט אונז צוגעגעבן מוט אין אונזער ארבעט.

דורך בריוו און דורך דער פרעסע האבן מיר זיך געווענדעט צו אונזערע לאנדסלייט איבערן לאנד, זיי צו וויסן געגעבן וועגן דער עקזיסטענץ פון אונזער קאמיטעט און וועגן זיינע אויפגאבן. א גרויסער טייל פון אונזערע לאנדסלייט האט זיך אפגערופן, ווער מיט א גרעסערער און ווער מיט א קלענערער באשטייערונג. פיל פון זיי האבן אונז געשיקט אויך בריוו, אין וועלכע מ׳האט אונז געשריבן מער וויניקער דעמזעלבן אינהאלט: א שאד וואס מיר זיינען ווייט פון אייך, אבער מיר זיינען מיט אייך אין אייער וויכטיקער ארבעט און וועלן זיין מיט אייך צו יעדער צייט ווען איר וועט זיך נאר ווענדן צו אונז. גאט זאל אייך געבן דעם כוח און די צייט צו טאן די הייליקע ארבעט. אזעלכע בריוו האבן אונז נאך מער דערמונטערט און פארשטארקט אונזער ענערגיע ביים אויספילן די הילפס־ארבעט.



איידע סארנאטסקי־פעדער

ווען די מלחמה האט זיך געענדיקט, איז אונז געלונגען זיך צו פארבינדן מיט א טייל געראטעוועטע דערעטשינער, וועלכע האבן געוואגלט איבער די לאגערן אין דייטשלאנד, עסטרייך, איטאליע און שאנכיי. אזוי שנעל ווי ס׳פלעגט אנקומען א ידיעה פון אימיצן א דערעטשינער פון די לאגערן, פלעגן מיר גלייך שיקן אים פעקלעך שפייז און אויך קליידונג.

שיקן די פעקלעך האט אונז גענומען א סך צייט. די שעה׳ן און טעג זיינען געווארן וואכן און חדשים, וועלכע מיר האבן מיט איבערגעבנקייט און ענערגיע אוועקגעגעבן אט דער ערשטער הילפס־טעטיקייט פאר די נויט־באדערפטיקע. מיר האבן אליין געפאקט די פעקלעך מיט שפייז, כאטש עס איז געווען א סך לייכטער זיי שיקן דורך געוויסע פירמעס. מיר האבן אויסגערעכנט, אז קויפן אליין די פראדוקטן, זיי פאקן און אוועקשיקן דורך פאסט וועט אונז קאסטן פיל ביליקער, אדאנק דעם וואס מיר האבן געהאט אין אונזער קאמיטעט עטלעכע עקשנותדיקע פרויען, וואס האבן אפילו פאר־

נאכלעסיקט זייער אייגענע הויז־ארבעט און געקומען מיטהעלפן ביים איינארדענען די פעק־לעך, האבן מיר איינגעשפארט א היבש ביסל געלט און צוגעגעבן דער הילפס־ארבעט דעם כאראקטער פון הארציקער פריינטשאפט. די פרויען האבן, ווי געזאגט, אליין איינגעקויפט די שפייז און מיר האבן עס אליין געפאקט אין מיין סטאר. ביז איצטער ווילט זיך מיר הארציק באדאנקען יענע פרויען וואס האבן מיט איבער־געבנקייט געטאן די הייליקע ארבעט אין יענע טעג, און א באזונדערן דאנק די פרויען פעני בערמאן, איידע סארנאטסקי, פאלע דזשייקאב־סאן; זאל אונז אלעמען ליכטיק זיין דער אנדענק פון בעקי טיקאטסקי ז״ל און סילע סילקאוויטש ז״ל, וועלכע זיינען געווען פון די טעטיקסטע פרויען אין דער אקציע פון די פעקלעך.

א גרויסן אנטייל אין דער ארבעט פון די פעקלעך, און בכלל פון רעליף־קאמיטעט האט אין יענע יארן גענומען יונה סילקאוויטש. מיט א שווערן הארץ דערמאן איך דעם אקטיוון מיטארבעטער פון קאמיטעט, נייטען בליס (בליז־ניאנסקי) ז״ל, וועלכער איז שטענדיק געווען דער ערשטער צו דער ארבעט, געפאדערט פון יעדן איינעם ער זאל געבן זיין חלק, געמוסרט און אליין געטאן מער ווי ער האט געקענט. ער האט אויך אנטייל גענומען אין דער ארבעט פארן „יזכור־בוך״. צו אונזער אלעמענס גרויסן באדויערן איז ער מער ניטא מיט אונז און ער האט ניט דערלעבט צו זען דעם ספר־דרעטשין ארויס פון דרוק.

גאר א שווערע און אנגעשטרענגטע ארבעט האט אין יענע יארן גענומען אויף זיך אויך מיין ווייניקייט, דער שרייבער פון די דאזיקע שורות. מיין ארבעט איז באשטאנען ניט נאר אין העלפן פאקן און בינדן די פעקלעך, שרייבן אויף זיי די אדרעסן און זיי אוועקשיקן דורך פאסט. איך האב זיך פארנומען מיט דער גאנצער ארבעט פון קאמיטעט, געווען דער אדרעס פאר די בריוו פון אלע געראטעוועטע דרעטשינער, וואס האבן אונז געשריבן מיט בלוט און מיט טרערן וועגן זייערע מלחמה־איבערלעבונגען. איך האב אויף זיך גענומען די וויכטיקע ארבעט זיי צו ענטפערן, געפינען עטלעכע טרייסט־ווערטער פאר יעדן איינעם. דעם קאמיטעט האב איך איבערגעגעבן אלע בריוו און באריכטן פון אלץ וואס איז געטאן געווארן פאר דער דרעטשינער שארית־הפליטה. ס׳איז געווען מיין ארבעט צו שטיין אין פארבינדונג מיט אלע דרעטשינער לאנדסלייט אין ניו־יארק און איבערן לאנד, ווי אויך מיט די לאנדסמאנשאפטן אין אנדערע לענדער. איך האב געשריבן די נאטיצן אין די צייטונגען און געווען ענג פאר־בונדן מיט אונזערע דרעטשינער אין ישראל.

אט די ארבעט האב איך געטאן אין משך פון אלע יארן וואס דער רעליעף־קאמיטעט האט עקזיסטירט. דאס האט צוגענומען א סך, גאר א סך צייט. איך האב דאס געטאן מיט הארץ, מיט ליבע, מיט נשמה.

אין יענע יארן האבן מיר אויך געטראכט וועגן ארויסגעבן א יזכור־בוך און וועגן שטעלן א מצבה נאך די אומגעקומענע אין אונזער דרעטשין. מיר האבן זיך געווענדעט צו דער „דרעטשינער סאסייעטי״, אז זיי זאלן אונז געבן פלאץ אויף זייער בית־עולם אויפצושטעלן די מצבה. אויף אן אסיפה פון דער סאסייעטי איז באשלאסן געווארן אונז צו געבן א פלאץ גרויס גענוג צו אויפשטעלן א מאנומענט נאך אונזערע קדושים. צום גרויסן באדויערן איז צוליב פי־נאנסיעלע שוועריקייטן גארניט געווארן פון דעם פלאן.

איצטער ווערט פארווירקלעכט דער יזכור־בוך. לאמיר נאך האפן, אז מיט דער צייט וועט אויך אויפגעשטעלט ווערן א מאנומענט צום אנדענק פון די אומגעקומענע דרעטשינער.

א געוויסע צייט נאכן אנהויב פון דער הילפס־ארבעט פאר דער שארית־הפליטה, האבן אייניקע פון אונזערע לעבנגעבליבענע לאנדסלייט דער־גרייכט די ברעגן פון אמעריקע. מיר האבן זיי געהאלפן א ביסל פינאנסיעל. מיר האבן אויך עטלעכע מאל געשיקט געלט קיין ישראל אלס הילף פאר יענע דרעטשינער, וועלכע זיינען עולה געווען און זיך געניטיקט אין הילף ביים איינארדענען זיך.

סוף אקטאבער 1946 איז אין ניו־יארקער „טאג״ (היינט „טאג — מארגן־זשורנאל״) פאר־עפנטלעכט געווארן אין זעקס פארזעצונגען די

גאנצע געשיכטע פון אונטערגאנג פון אידישן דרעטשין, געשריבן דורך די קולאקאווסקיס. עס האט געהייסן: „ווי אידן האבן געליטן און געקעמפט אין דרעטשין". דעם כתב־יד האבן מיר באקומען איבערגעשיקט פון ישראל. אומ־געפער אין דערזעלבער צייט איז א קיצור פון די איבערלעבונגען פון דער דרעטשינער אידישער עדה פאר די יארן פון דער מלחמה און פון דער דייטשער אקופאציע אפגעדרוקט געווארן אויך אין „פארווערטס". א רשימה פון די לעבנגעבליבענע דרעטשינער איז פאר־עפנטלעכט געווארן אין „טאג", „מארגן־זשור־נאל", „פארווערטס" און „פרייהייט".

צו אונזער אלעמענס גרויסן באדויערן זיינען עטלעכע פון די אקטיווע רעליף־קאמיטעט־מיטגלידער מער ניטא מיט אונז. מיר וועלן תמיד געדענקען די פריינט סילע סילקאוויטש, נייטען בליס, יצחק בערקאוויטש, איצעל ווייסענבערג, זשאו אבראמאוויטש, משה גאלדפארב, משה בליס, בעקי טיקאטסקי — ז"ל.

מיט ישראל זיינען מיר געשטאנען אין פאר־בינדונג אלע יארן פון דער רעליף ארבעט. וועגן דער ארבעט פון אונזער ישראלדיקער לאנדסמאנשאפט וועלן זיי אליין דערציילן אין יזכור־בוך, מיר ווילט זיך נאר דערמאנען מיט א פאר ווערטער דעם טעטיקן אנטייל פון מלכה אלפער אין אלע דרעטשינער ענינים. מיר דא אין אמעריקע זיינען כסדר געווען אונטערן איינפלוס פון אירע בריוו, דערמאנונגען, פא־דערונגען און אפעלן — און דאס אלץ האט זי געטאן מיט איידעלער חכמה און פריינטלעכער געדולד.

זאל אונזער יזכור־בוך נאך שטארקער איינ־קריצן אין אונזערע הערצער די צוואה פון דער פארשניטענער אידישער קהילה אין אונזער היימשטאט דרעטשין, וואס איז אפגעמעקט געווארן פון דער ערד און איר אנדענק וועט אייביק בלייבן אין אונזער זכרון און אין אונזערע הערצער.

ניו־יארק, יב' כסלו תשכ"ז,נאוועמבער 1966.

## צום אנדענק פון אונזער חבר נייטען בליס / יונה סילקאָוויטש

אין א שיינעם זומער-טאָג האָט זיך אין דרעטשין באוויזן א שיינער בחור, אָנגעטאָן נאָך דער לעצטער מאָדע, מיט א ווייסן קראגן און א געפרעסטער העמד, מיט א שטעקן אין האנט. „דאס איז נחום מעשלס" — האָבן לייט געזאָגט. געקומען איז ער דאן קיין דרעטשין פון ווארשע. אלע אין שטעטל האָבן גערעדט וועגן אים, באזונדערס — די מיידלעך. „א שיינער בחור!" — האָט מען געשעפטשעט אין די ווינקעלעך.

זיינע עלטערן זיינען געווען גוט באקאנט אין שטעטל. זיין טאטע — א שיינער איד מיט א שטאָלצן גאנג, דערצו א בעל-בית פון א מויער אין דער דייטשער גאס. די מאמע — אויך א שיינע פרוי, אן אשת-חיל, געפירט א גרויסן געשעפט און געהאָדעוועט א גרויסע משפחה. דער טאטע איז געווען פון די נכבדים אין שול. איך געדענק ביז איצטער: ווען די אינגלעך פלעגן ארויס אין דרויסן בעתן לייענען די תורה און כאפן א הויכן שמועס און א רוישיקן שפיל — פלעגט נחומס טאטע ארויס־גיין אין דרויסן און א געשריי טאָן: „שטיל זאָל זיין, שקצים!" — און מ׳האָט געהערט זיין געשריי פון איין עק שולהויף ביזן צווייטן.

אזעלכע זיינען געווען זיינע עלטערן.

ס׳האָט לאנג ניט גענומען, און מ׳האט אָנ-געהויבן דערציילן אין שטעטל, אז מ׳האט געטראָפן נחום מעשלס אין אָוונט אין סאָד זיך חברן מיט — ארבעטער! איר קענט אייך פאָרשטעלן, וויאזוי ס׳האָבן דאָס אויפגענומען זיינע עלטערן, ווען די קלאנגען זיינען צו זיי דערגאנגען. א קלייניקייט: א זון פון דייטשער גאס זאָל זיך חברן מיט יונגעלייט פון סלאָ-נימער אָדער זעלווער גאס, אָדער גאָר פון



נחום־נייטן בליס ע״ה

דער נייער גאס! ווייזט אויס, אז ער האָט פון ווארשע געבראכט די נייע אידייען פון דער ארבעטער-באוועגונג. אין יענער צייט האָבן שוין עקזיסטירט קרייזן פון אינטעליגענטן, וועלכע מ׳פלעגט אין דער שטיל אָנרופן „ציציליסטן" (סאָציאַליסטן). א לענגערע צייט זיינען דאס געווען קרייזן פאר זיך, און דאָ האָבן זיי אָנגעהויבן זיך מישן מיט די ארבעטער-יונגען און מיידן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שארפער קאמף צווישן די טראדיציאָנעלע עלטערן און די רעוואָלוציאָנערע קינדער.

דארף נאָך פאסירן, אז נחום פארליבט זי׳ך אין אן ארבעטער-מיידל, א שניידערקע, א זעלטן-שיינע, פון א פיינער, אָבער אָרעמער משפחה פון זעלווער גאס. דאָ האט נחום ארויסגעוויזן זיין שטארקן כאראקטער. זיין מאמע האָט ממש איבערגעקערט וועלטן, כדי צונישט צו מאכן דעם שידוך. זי האָט ניט איין מאָל באליידיקט נחומס געליבטע מיידל אינמיטן גאס. ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן — זיי האָבן התונה געהאט און זייער ליבע האָט אנגעהאלטן ביזן לעצטן טאָג, ביז ער האָט זי פארלאָרן. זיי האבן דערצויגן דריי פיינע קינדער, 2 זין און איין טאָכטער.

יאָרן זיינען אוועק, איך בין שוין געווען אין אמעריקע, ווען כ׳האָב זיך דערוואוסט אז נחום מיט זיין פאמיליע געפינט זיך אין ארגענטינע און קען זיך דאָרטן ניט איינאָרדנען. ער איז דאן געקומען קיין אמעריקע און אוועק ארבעטן. איך האָב אים געטראָפן אין אונזער דרעטשינער סאָסייעטי, וועלכע איז דאן געווען גרויס, געציילט איבער 150 מיטגלידער. מיר האָבן זיך באפריינדעט, און איך האָב זיך איבערצייגט, וואָס פאר א ליבעראלער מענטש נחום איז געווען.

אין יענע יאָרן איז די דרעטשינער סאָסייעטי, פונקט ווי דער גרעסטער טייל פון אלע סאָסייעטיס אין אמעריקע, באשטאנען פון די לאנג-אָנגעקומענע, טראדיציאָנעל-דענקענדע אידן. נחום-נייטען בליזנאנסקי-בליס איז געווען א פריי-דענקענדער איד און ער האָט געשטרעבט צו פארוואנדלען די סאָסייעטי אין א מאָדערנעם, ליבעראלן פארבאנד. ס׳האט ניט לאנג געדויערט, און דער אקטיווער נייטען בליס איז אויסדערוויילט געוואָרן אלס פרעזידענט פון אונזער סאָסייעטי.

דאן איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט-מלחמה. מיר האָבן באלד געגרינדעט א קאָמיטעט און געזאמלט געלט, כדי צו שיקן שטיצע קיין דרעטשין, פאר א ליי-קאסע, פאר דער שולע און די חדרים. די דרעטשינער אין ניו־יאָרק האָבן זיך ווארעם אָפּגערופן, אבער די געזאמלטע סומען זיינען ניט געווען גענוג צום שטיצן אונזערע ברידער אין דער אלטער היים. אין באָסטאָן זיינען אויך געווען דרעטשינער לאנדסלייט, אָבער זיי זיינען ניט געווען אָרגאניזירט. זיי האָבן געוואָלט, אז אונזער קאָמיטעט זאל מיט זיי אָפּהאלטן א מיטינג.

מיר האבן באשלאָסן, אז צוויי פון אונזערע ניו-יאָרקער לאנדסלייט זאָלן ארויספאָרן קיין באסטאן און דורכפירן דאָרטן די געלט-זאמלונג. אָבער די מערסטע טייל פון די דרעטשינער זיינען געווען ארבעטער, וואָס האָבן

ניט געקענט אפילו אויף איין טאָג פארלאָזן זייער ארבעטס-פלאַץ.

ביז א געוויסן טאָג קומט אריין צו מיר נייטען מיט א באפעל: „דזשאָ, דו פאָרסט קיין באָסטאָן, אָן קיינע תירוצים!״. אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאנט אן זיין טאטן, מיטן תקיפותדיקן טאָן פון זיינע באפעלן.

נייטען האָט גוט געוואוסט, אז איך בין שטארק פארנומען מיט א נייעם געשעפט. ער פלעגט אָפט צו מיר אריינקומען וועגן דער ארבעט פון אונזער סאָסייעטי — אָבער קיין שום תירוצים וואָלטן סיווי ניט געהאָלפן. איך האָב מיטגענומען די פרוי פון אפרים („פּוי-טשע״) בערקאָוויטש און מיר זיינען געפאָרן קיין באָסטאָן. מיר זיינען פארפאָרן צו משה ביילע-ראשעס, א שוסטער פון שוסטערשן בית-המדרש, א איד א גוטער בעל-תפילה און בעל-קריאה, א ליבער מענטש, וואָס האט אונז זייער ווארעם אויפגענומען. ער און זיין פרוי האָבן זיך מיט אונז ארויסגעלאָזן איבער די דרעטשינער לאנדסלייט און מיר זיינען צו-ריקגעקומען קיין ניו-יאָרק מיט א שיינע פאָר הונדערט דאָלאר.

זיינען ווידער אוועק א פאָר צענדליק יאָר, די צווייטע וועלט-מלחמה האָט חרוב געמאכט אונזער אלטע היים און די דייטשע מערדערס האָבן אויסגעקוילעט כמעט אלע אידן פון אונזער שטעטל. מ׳האָט געדארפט העלפן די לעבנגעבליבענע פליטים — איז ווידער געשאפן געוואָרן א קאָמיטעט, מיט נייטען בליסן בראש. ווי זיין שטייגער, האָט ער זיך אריינגעוואָרפן אין דער הילפס-ארבעט מיט לייב און לעבן, געקומען צו די מיטינגען אין רעגן און אין שניי. צום באדויערן, זיינען שוין פיל מעמבערס פון אונזער סאָסייעטי ניט געווען מיט אונז, אָבער פון די יינגערע איז זייער טעטיק געווען די משפחה פעדער. אינמיטן זיין אק-טיווער טעטיקייט האט נייטענען געטראָפן זיין גרויסע טראַגעדיע — נאָך לאנגע קראנקהייטן איז אים געשטאָרבן זיין ליבע פרוי. ער איז געווען צעבראָכן, אָבער ער האָט אלץ געטאָן כדי זיך א ביסל צעשטרייען. ער איז אפילו געפאָרן אויף א באזוך קיין ישראל, און פון דאָרטן איז ער געקומען מיטן געדאנק צו טאָן פארן יזכור-בוך.

ער האָט ניט דערלעבט צו זען דעם אָנדענק-בוך פאר זיין ליבער, אלטער היים — ס׳האט אים פאסירט אן אומגליק, אן אויטאָ איז אים איבערגעפאָרן. ער האָט זיך געמאטערט צוויי יאָר, ביז ער איז אויסגעגאנגען.

א גוטער פריינט און חבר, א ליבער דרעט-טשינער לאנדסמאן, וואס איז תמיד געשטאנען בראש פון אלע טעטיקייטן, איז אוועק פון אונז. כבוד זיין אָנדענק!

## דרעטשינער אין אמעריקע / דוד ראבינאָוויטש

איך געדענק נאָך עד היום, ווי מ׳פלעגט בא אונז אין דרעטשין דערציילן ממש לעגענדעס פון דער גאלדענער מדינה איבערן ים — פון אמעריקע. ס׳איז קיין וואונדער ניט געווען, דעריבער, אז א גרויסער טייל פון אונזער יוגנט האָט עמיגרירט אין יענעם וועלטן, פיל-צוזאָגנ-דיקן לאנד. געווען אזעלכע, וואס זיינען געלאָפן פון פריזיווו, און אַזעלכע, וואָס האָבן זיך גע-ראַטעוועט פון ארעסט פאר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. דער גרעסטער טייל זיינען דאָס גע-ווען מענטשן, וואָס האָבן בשום אופן ניט גע-קענט פארדינען אויפן אָרט און אויסהאלטן זיך און זייערע משפחות. אין יענע יאָרן איז נאָך ארץ-ישראל ניט געווען באקאנט אלס לאנד וואָס קען אויפנעמען עמיגראנטן.

דער צופאל האָט מיר געבראכט מיט א פאָר יאָר צוריק קיין אמעריקע, אויף א באזוך פון א פאָר מאָנאטן. עס איז מיר געווען באזונדערס אינטערעסאנט זיך צו פארבינדן מיט אונזערע לאַנדסלייט, אָבסערווירן זייער לעבנס-שטייגער און זען, צו וואָס זיי זיינען דערגאנגען און וואָס זיי האָבן דערגרייכט נאָך אזויפיל יאָרן אין

איינעם פון די גרעסטע, רייכסטע און הויך־אנטוויקלטע לענדער אין דער וועלט — אין די פאראייניקטע שטאטן פון צפון-אמעריקע.

דער גרעסטער טייל פון אונזערע לאנדסלייט זיינען שוין אין אמעריקע ארום 50—60 יאָר, און אויך לענגער. נאָר א קליינער פראָצענט איז אהין אָנגעקומען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אונזער ערשטע באגעגעניש איז געווען, באלד דעם ערשטן טאָג פון אונזער אָנקום, מיט רחל פעלדמאן-אפרת, וועלכע איז, לויט מיין אָפּשאצונג, די איינציקע גוט-סיטואירטע פון אלע אונזערע לאנדסלייט אין אמעריקע. זי וואוינט אין א גרויסער, שיינער דירה אין סאמע צענטער פון ניו-יאָרק, אין סענטראל-פּארק, א קווארטאל פון דיפּלאָמאטן, ארטיסטן און סתם רייכע מענטשן. מיר האָבן צוזאמען מיט אירע משפחה-לייט באזוכט זייער זומער-וואוינונג, אויסגעשטאט מיט די נייסטע און שענסטע איינריכטונגען און אויסגעבויט אין א פּרעכטיקער געגנט. רחל פעלדמאן האט גלייך טעלעפאָנירט צום קאָמיטעט פון דערעטשינער סאָסייעטי און צווישן געגעבן וועגן אונזער אָנקום. ארום 10 אין אָוונט איז צו אונז אראָפּגעקומען א דעלעגאציע פון סאסייעטי-קאָמיטעט, צווישן זיי דער פרעזידענט פון סאָסייעטי, קדיש פעדער מיט זיין פרוי, די סעקרעטארין חאַמע אבעלאָוויטש (וועלכע האָט שוין באזוכט ישראל א פּאָר מאָל), די קאסירערין פרוי זלאָטניק.

מיטן פרעזידענט קדיש פעדער האָב איך געלערנט צוזאמען אין חדר בא אייזיקאָוויטשן (דעם „מיכויסקער״). אין 1918 האט פעדער עמיגרירט קיין אמעריקע. ער איז דאן געפאָרן צו זיין פאָטער, וועלכער איז שוין געווען דאָרטן עטלעכע יאָר. ס׳איז שווער צו געפינען אזא ווארעמען מענטש, איד און פריינט, אזא ליבן דערעטשינער, ווי ס׳איז קדיש פעדער. ער ארבעט שווער, פון 7 פרי ביז 10 ביינאכט, כדי צו מאכן א לעבן. אלע זיינע יאָרן איז ער א חבר איו פועלי-ציון-פארבאנד, און עד היום האט ער זיך ניט געקענט דערלויבן צו מאכן א רייזע קיין ישראל, אין לאנד וועגן וועלכן ער חלומט און פאר וועלכן ער איז טעטיק זיין גאנץ לעבן. אין 1945, גלייך נאָך דער מלחמה, ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען די ערשטע ידיעות פון דער דערעטשינער שארית-הפליטה פון לאדזש, פון עסטרייך, דייטשלאנד און איטאַליע, האָט פעדער אָרגאניזירט און אָנגעפירט אן אקציע פון שיקן פעקלעך צו אלע געראטעוועטע. אזוי־ווי ער א״ז דעם גאנצן טאָג געווען פארנומען בא זיין ארבעט, פלעגט ער אויפשטיין 3 פארטאָג און שטעלן זיך פאקן די פעקלעך און זיי צוגרייטן אויף עקספּעדיציע דורך פּאָסט. ווען א טייל פון די געראטעוועטע דערעטשינער איז אָנגעקומען קיין אמעריקע, האָט ער געזאָרגט יעדן איינעם צו שטיצן, כדי ער זאָל די ערשטע צייט האָבן פונוואנען צו לעבן. דערציילט האָבן מיר דאָס אנדערע לאנדסלייט, ער אליין רעדט ווייניק וועגן זיך און וועגן זיין ארבעט.

פעדערס פרוי איז די טאָכטער פון א רב, זייער הויז איז שטרענג כשר. די פרוי מאכט מיט אַלע געזעלשאפטלעכע אויפגאבן, וועלכע פעדער האט גענומען אויף זיך. דאס איז אן אָפּן אידיש הויז, וואָס נעמט אויף יעדן איינעם ברייטהארציק-אידישלעך.

ווען איך האָב זיי באזוכט, זיינען פעדערס מחשבות געווען פארנומען מיט איין און איינציקער אויפגאבע — מיט שאפן געלט אויף ארויסצוגעבן דעם דערעטשינער אָנדענק-פּנקס. די אקציע פון שאפן געלט איז ניט לייכט אין אמעריקע. אונזערע דערעטשינער זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאנצער מדינה, קיין גרויסע גבירים זיינען צווישן זיי ניטאָ. פאר א גרויסן טייל פון אונזערע לאַנדסלייט זיינען אפילו 5 דאָלאר א גרויסע מטבע. אדאנק דער טרייער איבערגעבנקייט פון קדיש פעדער, חאמע אבעלאָוויטש און פרוי זלאָטניק, דעם זעלוזער רבס טאָכטער, איז געלונגען אויפצוזאמלען א באדייטנדיקע סומע און איבערשיקן דאָס קיין ישראל, כדי צו דערמעגלעכן ארויסצוגעבן דעם פּנקס.

מיט פרוי זלאָטניק האָבן מיר זיך באקענט מיט עטלעכע יאָר צוריק אין ישראל, ווען זי איז געקומען אהער אויף א באזוך. איר משפחה האט איבערגעלעבט א גרויזאמע טראגעדיע: איינער פון אירע זין איז געווען א באקאנטער כעמיקער און דערפינדער; ער האָט מיטגע-

ארבעט מיטן וועלט-בארימטן אטאָם-פאָרשער פּראָפעסאָר אָפּענהיימס. איר זונס נאָמען איז באַוואוּסט געוואָרן אין די וויסנשאפטלעכע קרייזן אין אמעריקע, נאָכדעם ווי ער האָט פארעפנטלעכט א ריי ארטיקלען אין די וויכטיקסטע פאַך-זשורנאלן און די אלגעמיינע אמעריקאנער פרעסע האט געשריבן וועגן אים און וועגן זיינע דערפינדונגען. א געוויסן טאָג איז ער ארויסגעפאָרן אויף א שפּאציר, צוזאַמען מיט זיין נאָנסטן חבר, מיט א שיפל. ס'האָט פאסירט אן אומגליק — ער איז דערטרונקען געוואָרן. זיין חבר איז לעבן געבליבן. א קורצע צייט נאָכדעם האָט דער חבר פארעפנטלעכט, אונטער זיין נאָמען, א וויכטיקן וויסנשאפטלעכן ארטיקל, וועגן וועלכן די פאמיליע איז איבערצייגט, אז דאס איז פארפאסט געוואָרן דורך זייער זון. אויפן חבר איז געפאלן א פינסטערער חשד פון אומברענגען זייער זון און אוועקרויבן זיין וויסנשאפטלעכע דערגרייכונג. די פאמיליע זלאָטניק איז בוכשטעבלעך צעבראָכן געוואָרן. די פרוי זוכט א טרייסט אין איר ארבעט פארן דערעטשינער פנקס.

אויפן באנקעט, וועלכער איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד אונז, די ישראלדיקע געסט, האָבן זיך באטייליקט ארום 80 דערעטשינער לאנדסלייט. א טייל פון זיי זיינען שוין געווען לאנגע יאָרן פון דערעטשין, נאָך פון פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווי פייגע-לאה אבראַמאָוויטש, אַ זעלטענע פרוי, יהודה שמואלס א טאָכטער, שעלקאָוויטש — א סימפּאַטישער איד פול מיט הומאָר און לעבן, און נאָך אייניקע, וועלכע איך געדענק ניט און ווייס ניט זייערע נעמען; א געוויסער טייל פון די אָנטיילנעמער איז געקומען קיין אמעריקע שוין נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה, ווי מושע פערדער, צירל פרידמאַן-קאמענעצקי א. אנד. מערסטנטיילס זיינען זיי ארבעטס-מענטשן, מיד פון לאנגע, שווערע יאָרן און לאנגע, שווערע ארבעטס-טעג. קיין גרויסע מזל-ברכה האָבן זיי אין זייער ארבעט ניט געפונען. ווען איך האָב זיך צו זיי צוגעקוקט, האָט זיך מיר געדאכט, אז דאָס לעבן פון די ארבעטס-מענטשן אין ישראל איז סיי לייכטער, סיי אינטערעסאנטער. קיין יוגנט האָבן איך אויפן באנקעט ניט גע-זען — דאָסזעלבע ווי בא אונז אין ישראל. די איינציקע יונגע פאַרפאַלק זיינען געווען קלמן אבראמאָוויטשעס ברודער מיט זיין פרוי, — ער איז שוין אויך עטלעכע און פופציק יאָר אלט.

די קינדער פון אונזערע לאנדסלייט, די אמעריקאנער געבאָרענע, זיינען גאַנץ אנדערע, בכלל ניט ענלעך צו זייערע טאטע-מאמעס. זיי שטודירן אלע, טייל זיינען שוין אינזשעניערן, אדוואָקאטן, ווי די זין פון חאַמע זיסקינד און פון די פעדערס.

מיין באזוך אין אמעריקע איז אויסגעפאלן א קורצע צייט נאָך דער זעקס-טאָגיקער מלחמה און דער אינטערעס צו הערן און וויסן פון ישראל און פון איר גלענצנדן נצחון איבער די שונאים, וואָס האָבן זיך געגרייט אונז צו פארניכטן, איז געווען זייער גרויס. מ'האט ממש געשלונגען יעדן גרוס פון ישראל. דאס זיינען, על פי רוב, אידן ווייטע פון ציוניזם, אָבער אונזער זיג און ישראל'ס שטאַרקער דראנג צו לעבן און זיך אנטוויקלען טראָץ די אראבישע שונאים און זייערע שטארקע מיטהעלפער און באשיצער, האָבן אזוי באגייסטערט די אידן אין אמעריקע, אז א סך פון זיי וואָלטן אהער געקומען, ווען זייער מאטעריעלע לאגע וואלט דאָס זיי דערלויבט.

א גרויסער טייל פון די אלטע דערעטשינער לאנדסלייט אין אמעריקע איז אויסגעשטאָרבן. זיי האָבן איבערגעלאָזן א ירושה — די דערעטשינער סאָסייעטי, מיט א קליינער צאָל מיטגלידער, וועלכע פארנעמען זיך מיט זאָרגן פאר א בית-הקברות פאר די דערעטשינער. די אינגערע פארלאָזן ביסלעכווייז די סאָסייעטי און פארנעמען זיך מיט מער וויכטיקע פראגן ווי א בית-הקברות. אין דער דערעטשינער געמיינדע אין אמעריקע קומען פאָר אויף דעם געביט אָפטע קאָנפליקטן.

אונזערע לאנדסלייט אין אמעריקע קומט א דאנק פון טיפן הארצן פאר זייער ליבע צו אונזער היימישן דערעטשין, פאר זייער מי צו העלפן יעדן איינעם און פאר זייער איבערגעבנקייט ביים אויפשטעלן די מצבה פאר אונזער דערעטשינער קהילה — ביים ארויסגעבן אונזער אָנדענק-פנקס.

# שרה סלאטניק-יאנאווסקי ז״ל



שרה סלאַטניק מיט איר מאַן ע״ה

שרה איז געבאָרן געוואָרן אין דרעטשין, געווען די טאָכטער פון ר׳ מאיר יאַנאָווסקי — א מלמד, וועלכן אלע זיינע תלמידים האָבן אָפט דערמאָנט צום גוטן פאר זיין האַרציקער באַצי־אונג צו זיי (אויך מיין ברודער דוד ע״ה פלעגט אים זייער אָפט דערמאָנען).

דער גוטער מלמד ר׳ מאיר האט, ווייזט אויס, געהאט אַ שטאַרקע השפעה אויף זיין שרה׳ן: זי פלעגט זיך צוהערן און איינלערנען, צוזאַמען מיט די תלמידים, די קאפיטלעך פון חומש, און דאָס איז בא איר טיף איינגעקריצט געוואָרן אין זכרון, ווי אויך אין אירע געפילן.

ווען זי האָט באַזוכט ישראל קורץ נאָך דער פראָקלאמירונג פון אונזער אידישער מדינה, האָט זיך איר געדאַכט, אַז איר טאַטנס חומש־לערנען איז לעבעדיק געוואָרן און אַלץ, וואָס זי האָט פון זיין מויל געלערנט און געדענקט, האָט באַקומען א ממשותדיקן ווערט אין אלע וויב־קעלעך פון אונזער לאַנד.

זי איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז דער „ספר דרעטשין״ זאָל געשריבן ווערן און דערשיינען וואס גיכער און שענער. זי האָט אָנגעהויבן ריידן און אַרבעטן וועגן דעם נאָכן צוריקקערן זיך פון ישראל. ס׳איז אָבער ניט געגאַנגען אזוי שנעל, און דאָס האָט איר פיל געזונט געקאָסט.

ווען איך האָב באַזוכט אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1964, האָבן מיר זיך א פּאָר מאָל געטראָפן און דאַן איז אויסגעקליבן געוואָרן דער „בוך־קאָמי־טעט״, אין וועלכן זי האָט אַקטיוו אָנטייל גע־נומען. מיר זיינען געשטאַנען אין אָפטע בריוו־פאַרבינדונגען, ביז דאָס איז פלוצלינג איבער־געריסן געוואָרן מיט איר פריצייטיקן טויט.

איר אָנדענק וועט שוועבן אין די בלעטער פון אונזער יזכור־בוך!

**מלכה אלפער**

# איר זון מאיר ע״ה



מאיר־מורריי סלוטניק איר זון מאיר ע״ה

דעם 6־טן אקטאבער 1951 אין אָוונט איז אין גרויסן באַרטאָן־באסיין אין אַן־ארבאר, מיטשיגען, דערטרונקען געוואָרן דער 24־יאָרי־קער פראָפעסאָר־אסיסטענט פון פיזיק אין מיט־

שיגענער אוניווערסיטעט מאיר־מורריי, סלאָט־ניק, ווען דאס שיפל, אין וועלכן ער איז געווען צוזאמען מיט א חבר, א סטודנט, האָט זיך איבערגעקערט און ביידע רודערער זיינען אריינגעפאלן אין וואַסער.

א שטאַרקער ווינט האָט אויפגעהויבן כוואַליעס אין וואסער און איבערגעדרייט דאס שיפל מיט ביידע יונגעלייט. דער סטודענט איז באלד אוועקגעשוואומען צום ברעג נאך הילף, און אַסיסטענט סלאטניק, וועלכער איז געווען אַ שוואכער שווימער, האט זיך געהאַלטן ביים ראַנד פון איבערגעדרייטן שיפל. ווען די הילף איז אָנגעקומען, האָט מען סלאָטניקן שוין ניט געפונען. ערשט צומארגנס האט מען ארויסגעצויגן זיין קערפער פון וואַסער.

מאיר סלאטניק איז צו 20 יאָר געווען איינער פון די יינגסטע סטודענטן, וועלכע האָבן באקומען פ. ד. אין קאָלומביא־אוניווערסיטעט און איידער ער איז אוועק קיין מיטשיגען אלס פּראָפעסאָר־אסיסטענט, האָט ער שטודירט נוקלעאר־פיזיק אין אינסטיטוט פאר פארגעשריטענע סטודיעס אין פרינסטאן, אונטער דער לייטונג פון אלבערט איינשטיין און ראָבערט אָפּענהיימער.

סלאָטניק איז געבארן געוואָרן אין ברוקלין, אַלס זון פון לעאָ און שרה סלאָטניק און האָט געענדיקט די שול אין מאנהעטן, אין יאר 1944, ווען ער איז אלט געווען בלויז 15 יאָר. ער איז באַשטימט געוואָרן אלס אַסיסטענט 3 וואָכן פאַר זיין טראגישן טויט.



דער מלמד מאיר יאנאָווסקי, פאָטער פון שרה סלאָטניק (ערשטע פון לינקס), מיט זיין משפחה.

# די הילפס־ארבעט פון דער׳עטשינער אין ארץ-ישראל / מלכה אלפער

ביז נאך דער מלחמה זיינען מיר, דערעטשי-נער, געווען אין ארץ־ישראל א קליינע צאל. ספעציעל פארבונדן צווישן זיך זיינען מיר ניט געווען: מ׳האָט זיך אינטערעסירט איינעם מיטן צווייטן, באמיט געבן אַן עצה — אז מ׳האָט געפרעגט. די באגעגענישן זיינען מערסטענ־טייל געווען צופעליקע, ביז — — —

— — — ס׳זענען אנגעקומען די ערשטע ידיעות פון אונזערע געראטעוועטע, וועלכע זיי־נען פארוואגלט געוואָרן אין די מחנות אין אי-טאליע. דאָ האָבן מיר זיך ארגאניזירט און גע-זוכט וועגן און עצות, ווי צו העלפן זיי און ברענגען זיי אהער. גלייך מיטן באקומען די ידיעות פון די געראטעוועטע דערעטשינער, האָבן מיר איבערגעשיקט די רשימה אין „פארווערטס״ און דאן האָבן אונזערע ברידער אין אמעריקע זיך פאראייניקט מיט אונז צו דער הילפס-אק-ציע.

אין לאנד האָבן מיר געארבעט דורך דער סוכנות.

אדאנק דעם אמעריקאנער רעליעף, מיט ה׳ בליס נחום ע״ה אין דער שפיץ, און אונזער חבר אברהם-קדיש פעדער אויף לאנגע יאר, האָבן מיר געקענט שטיצן די וועלכע זיינען געווען אין די פליטים-לאגערן אין איטאליע, דייטשלאנד, און עסטרייך ווי אויך געבן די ערשטע געלט-שטיצע, אַ באשיידענע אָבער אַ שטיצע, די געקומענע אין לאנד.

נאך אין 1946 האָבן מיר ארויסגעגעבן דעם ערשטן ביולעטין וועגן וואס עס הערט זיך אין



מראשוני העליה החלוצית מדרצ׳ין
מימין — יושבים: דב גורינובסקי, אסתר גורינובסקי, ז״ל, רחל פולצ׳יק ז״ל, אידל ברניקר;
עומדים: דוד רבינוביץ ז״ל, מלכה אלפר, שמעון אברמוביץ.

אירגון, און אין אים זיינען געדרוקט געווארן אויסצוגן פון דער קאָרעספּאָנדענץ און דינים וחשבונות וועגן דער טעטיגקייט פון ועד (מ׳מוז דא דערמאנען 2 אקטיווע טוער פון ארגון, וועל־כע לעבן שוין ניט: עלקע ליכטענשטיין און ירחמיאל עדעלשטיין ז״ל), די ביולעטינען זיינען געדרוקט געוואָרן א טייל אין אידיש פאר אויס־לאנד און א טייל אין העברעאיש, פאר די אַר־טיקע.

כדאי צו באמערקען, אז פון דער נאציאנאלער ביבליאטעק אויפן הר הצופים אין ירושלים, וואוהין מיר פלעגן איבערשיקן יעדן נומער, איז געווען א זייער גוטע אָפּשאַצונג וועגן אונזערע ביולעטינען. 4 ביולעטינען זיינען דערשינען, ביז ס׳זיינען אויסגעבראָכן די שלאכטן אין נא־וועמבער 1947. דאן האט אויפגעהערט דער ביולעטין צו דערשיינען.

מיטן פראקלאמי׳רן די מדינת ישראל האט זיך דער אירגון אויפגעלעזן, אָבער מיר, דערעטשי־נער, זיינען שטארק געבונדן און פאראייניקט. ס׳איז קלאָר, אז מיר היטן אָפּ דעם יאָרצייט פון אונזער קהילה, דעם 10-טן אב, נעמען אנ־טייל אין די שמחות ביי חברים, נעמען אויף אלע דערעטשינער טוריסטן, וואס באזוכן יש־ראל — הלואי זאלן זיי קומען אלס עולים! — און מיטן ארויסגעבן דעם „יזכור בוך" פון דע־רעטשין ליגט אויף אונז א פליכט צו דערציען דעם יונגן דור פון דערעטשינער, אז זיי זאלן איבערנעמען אויף זיך די פליכט פון לזכור ולא לשכוח!



מסיבת דרצ׳ינאים לכבוד ר׳ ח. צ. סיני־מילר

# ידיעות

-= דברי-דפוס =-

לכבוד

ארגון עולי דרצ׳ין בארץ-ישראל

(x) --= 3 =--  אדר תשח״ז - פברואר 1947. רחוב נחום 11, אצל אלפר.

א י נ ה א ל ט:-

1. אין 4-טן יארצייט פון אונזערע קדושים, יוד באב תש״ו:
   א. חיים צבי סיני (סילער): ערעפונגס-רעדע,
   ב. יוסף קאסלארסקי : אין "יעגע טעג",
   ג. אברהם קולאקאווסקי: אין נאך "יענע טעג",
2. פון דער געשיכטע פון דער דערעטשינער קהלה:
   די תקופה פון די גרויסע רבנים אין דערעטשין - ח.צ.סיני(סילער)
3. אליהו ליפשאוויטש : חברים דערציילן.
4. אויסצוגן פון בריף: א. פון די וואס וואנדערן אויפן וועג אין אמי
   ב. פון עבר-לים.
5. ברכות,
6. די רשימה פונשפענדער (המשך)
7. געלד-באריכט.

... היום ההוא יהי חשך, אל ידרשהו אלוה ממעל ואל תופע עליו נהרה. הלילה ההוא יקחהו אופל, אל יחד, בימי שנה במספר ירחים אל יבוא. הנה הלילה ההוא יהי גלמוד, אל תבוא רננה בו. ורוח על פני יחלוף תסמר שערת בשרי.

(איוב ג׳)

פאַדער־בלאַט פון א ביולעטין פון פאַרבאַנד אין ישראל

# מסינייסק — לארץ ישראל / אסתר דלוגולנסקי (פ"ת)

שמחה בן יעקב ושרה דלוגולנסקי נולד בקו־לוניה סינייסק, נשא את אשתו חיה־באשה מה־עיר זולודק. במושבה יהודית זו הקימו את משפחתם. ששה בנים היו להם: לייבקה, משה, מנשה, יושקה, נתן־נטע ושלום. הבנים גדלו, המקום היה צר להם ובזרם ההגירה הגדולה שלפני מלחמת העולם הראשונה נשאו עיניהם למרחקים. משה היה הראשון שהיגר לאמריקה, גויס לצבא וזמן קצר אחרי כן נפל חלל. השני שעזב את המקום היה לייבקה עם משפחתו, אחריו מנשה, וגם שלום לא רצה להישאר ול־חיות על חקלאות. לאחר שלא הצליח להגיע לארה"ב, נסע לארגנטינה והקים שם את מש־פחתו. נשארו במושבה רק שני בנים: יושקה, אשתו לאה מבית נוז'ניצקי מדרצ'ין עם ילדיהם שינה־אסתר, שלמה, משה ורבקה, — כל המש־פחה הזאת הושמדה ע"י הצורר הנאצי; נתן, הוא בעלי.

נשאתי לבנם נתן בשנת 1933. חיינו יחד עם ההורים בקולוניה עד שנת 1935, כשהתחילו נושבות רוחות ארס של אנטישמיות ושמו של היטלר היה נערץ אפילו בפי השכנים הגויים מבני הכפרים הסמוכים. שמחה ואשתו חיה־באשה החליטו שלא שם המקום בשבילם, ומה עוד שהיה ידוע כאיש עשיר.

איש חכם היה, הכיר היטב את איכרי הס־ביבה, כולם כיבדו אותו.

לא אשכח את ימי החורף, בהם מרובה הפנאי לאיכרים. רבים מהם היו באים לביתנו, מי לבקש עצה ומי סתם לשפוך את לבו. שמחה, גבר גבה־קומה ורחב־כתפיים, עטור זקן רחב, היה יושב בראש השולחן כשופט או דיין, מטכס



איינע פון די דערעטשינער באגעגענישן

עצות, כי מכיר היה את בעיותיו של כל אחד ואחד, ואם היה למי חסר כסף, ידעו גם ידעו שאצל שמחה ישיגוהו. אבל משעלה היטלר לשלטון בגרמניה והשנאה ליהודים פשתה חיש מהר גם בפולין, אי אפשר היה להכיר את אותם האיכרים. הם השתנו מן הקצה אל הקצה בדיבורם, בהעזתם ובכל התנהגותם, אז קם שמחה ואשתו ובשנות ה־70 לחייהם עזבו את המקום ופניהם לירושלים עיר הקודש. אנשי מצוות היו בחייהם, ואת שהתפללו יום יום על ארץ ישראל וירושלים הגשימו לעת זקנה. בירו־שלים, בבית ישראל הישנה, קבעו את מקום מגוריהם. הימים היו קודש לתפילה, בית־הכנסת היה מספק להם את כל הדרוש לחייהם הרוחניים.

חיה־באשה נפטרה ביום י״ד לחודש חשון שנת תש״ד ונטמנה בהר־הזיתים. 20 שנה מנעו הערבים גישה למקומות הקדושים שבירושלים וכן נהרס הר הזיתים בחלקו. במלחמת ששת הימים שוחררה ירושלים בידי צה״ל וזכינו שוב לעלות על קברה של אמנו. זכותה עמדה לה וקברה נשאר שלם.

שמחה הספיק לעבור בעת מלחמת השחרור מירושלים אלינו לפתח־תקוה. גם פה העביר את ימיו באמירת פרקי תהילים ומעשה צדקה. הוא נפטר בשיבה טובה בט״ז לחודש אדר א׳ שנת תשי״א בפתח־תקוה.

## יעקב איזיקוביץ, „משוגע לשחמט" בקרב עיוורים / משה גוטר

באחד במאי 1966 עמד באחד ממועדוני עירית חיפה אלוף ישראל בשחמט לנוער, יצחק בליימן, ושיחק משחק סימולטני נגד עשרים צעירים — כולם עיורים. די היה להתבונן קצת למשחק בשביל להיווכח, כמה יפה שולטים חשוכי־האור בסודות משחק־המלכים, ובאיזו זריזות הם מזיזים מלכות ומלכים, פרשים ורצים על הלוח.

וכמובן, כי זה אותו הלוח שמשחקים בו פקחים, אלא שיש בו חורים במשבצות, ולתוכם נועץ המשחק את בסיסי הכלים. צבעי הכלים נבדלים בכך, שהכלי הלבן יש לו בראשו זיז; הכלי השחור חלק.

עיוורים בישראל התחילו לשחק בשחמט ב„אשמתו" של אדם אחד, הוא יעקב איזקוביץ בן ה־67, פנסיונר עירית חיפה וסבא לשלושה נכדים.

איזקוביץ עוסק זה שלוש שנים בתחביבו — הפצת משחק־המלכים בקרב עיוורים — וכרגיל בכגון הא, בא לדבר בדרך־מקרה, פעם, הוא אומר, נזדמן להרצאה על עיוורים ובה שמע, כי אין כמעט פעולה שאין חשוך־אור מסוגל לעשות, בתנאי שאחד מאושר ממנו, בעל אור־עיניים, עוזר לו. וכיוון שזה שנים רבות מקדיש איזקוביץ לשחמט את כל זמנו הפנוי, החליט להיות לעזר לעיוורים בהפצת המשחק האציל.

עד־מהרה נוכח לדעת, כמה גדולה התועלת שעיסוק בתחביב זה מביא לעיוורים. מעצם טבעו מפותחת בעיוור הנטיה לריכוז, והמשחק בשחמט מוסיף להעמקתה. הוא לומד בו סבלנות, התמדה, מחשבה הגיונית, תפיסתו מתחדדת וכוח־הבינה משנין בו.

כאשר התחיל בפעולה המשוגע־לדבר לפני שלוש שנים, הוצרך להילחם בשתי חזיתות: גם לשכנע עיוורים, כי הם מסוגלים לשחק בשחמט ככל אדם, וכי הדבר גורם לעוסק בו הנאה נדירה, וגם לשכנע מוסדות שונים, כי הדבר ראוי למאמץ הנדרש. איזקוביץ הצליח גם בכך וגם בכך. לפני חמש שנים היו בארץ רק שישה שחמטאים עיוורים — מספרם מגיע היום לחמישים. והיום תומכים באיזקוביץ המח־לקה לספורט ולנוער של עיריית חיפה, האגודה למען העיוור בחיפה והאיגוד הישראלי לשחמט; מהם מקבל הוא עזרה ברכישת כלים, חומר מקצועי בכתב־בראיל ועוד.

את רוב המלאכה, ואולי כולה, עושה איזקו־ביץ בעצמו, כדי שיוכל לעבוד עם עיוורים למד כתב־בראיל, פירסם שיעורים לשחמט ב„הלפיד", בטאון העיוורים בישראל היוצא לאור בנתניה, הוציא עשרה שיעורים למתחילים,

מוסיף להוציא עלון למתקדמים ובו בעיות ופתרונות, אֶטיודים, דוגמאות, קרבות עד 25 מסעים ועוד. בשנת 1964 הוציא איזקוביץ שלוש חוברות בעיות למתחילים, ובשנת 1965 (לפי הצעת איגוד הפרובלמאים הישראלי) — עוד חוברת ובה 50 בעיות קלות למתחילים ופתרונות להן.

לזכותו של איזקוביץ צריך לזקוף גם תחרויות אחדות לעיוורים, ובכללן תחרויות־אליפות אר־ציות ומשחקים סימולטניים. במשחקים הסימול־טניים הופיעו אמן־השחמט י. דוראו מפורטוגל ושלושה מצמרת השחמט בישראל — משה צ׳רניאק, יצחק אלוני ויוסף פורת.

הודות ליזמתו של איזקוביץ יש היום מועדוני שחמט לעיוורים, מלבד המועדון בחיפה, גם בירושלים, תל־אביב, אשקלון, באר־שבע, קרית חיים, פתח תקווה ורמת־גן.

האמביציה של איזקוביץ היא להכפיל בזמן קצר את מספר משחקי־השחמט בין העיוורים.



יש בארץ 700 עיוורים, ולדעתו אין זה מוגזם לצפות, כי כל שביעי מהם יהיה משחק בשחמט.

(„דבר", 21 ביוני 1966)

## מה למדתי מפי אמא / יצחק וכלר

מדי פעם, כשמתאספים בביתנו ידידים של הורי והשיחה קולחת על דא ועל הא, מגיעה היא תמיד לנושא השואה. אמא מתחילה להפליג בזכרונותיה אל שנות הנעורים ללא חדוה, הלילות ללא שינה, אל הנדודים ללא הפסק בעבי היערות, כאשר נאלצה, יחד עם חבריה להסתתר כחיה נרדפת מהנאצים ועוזריהם. שוב ושוב שומע אני את הסיפורים על כפור, מחלות ורעב, שהיו מנת־חלקם של היהודים בגיטו וביערות.

אמא מספרת: לפנות בוקר, ביום קיץ של 1942, פרצו המרצחים לכל בית יהודי בעיירה, הוציאו את כולם מהמיטות במכות, צעקות וצריחות: „שנל, שנל!", העלו אותם למכונות שחיכו ליד הבתים, וכשנתמלאו המשאיות אנשים, ילדים וזקנים, זזה השיירה לעבר הבורות שנחפרו קודם־לכן בידי יהודים. שם הוצאו כל היהודים והועמדו ליד הבורות, ואז נפתחה עליהם אש־תופת מכל הצדדים, שקצרה בהם ללא רחם. ההרוגים נפלו לתוך הבורות, דם רב נשפך באותו יום.

אמי ועוד שלושה אנשים הצליחו לקפוץ מהמכוניות ולהגיע ליערות, שם הצטרפו אל הפרטיזנים.

בעקבות הסיפורים ששמעתי התחלתי להת־עניין בספרות השואה והמרד ובין היתר קראתי גם את „פלוגת הדוקטור אטלס", מנהיג הפר־טיזנים היהודים, שאמא הכירה אותו אישית. כן קראתי הרבה על מרד גיטו ורשה.

אני חושב, שאילו הייתי שם, הייתי גם אני מצטרף לפרטיזנים או ללוחמי הגיטאות, כדי לנקום את דם יקירינו. אני כולי ספוג רגשות חרון ונקם כלפי הגרמנים שטבחו שליש מבני עמנו. אל לנו לשכוח לעולם את אשר הם עוללו להורינו ולכל בני ישראל בימים ההם.

# לזכרם של בני דרצ׳ין הנעדרים

## דברים לזכרו של דוד רבינוביץ ז״ל / קלמן ליכטנשטיין



חוט של חיוך שובה־לב היה תמיד נמתח על פניו. סבר־פנים מלבב ולבבי כאחד — זה הבי־טוי המתאים להבעתו החיצונית, שהיתה כאילו חלק אורגני של כל הוויתו.

אך הבעה טובה, אופטימית ומרנינה זו כלפי חוץ היתה גם בבואה נאמנה לעולמו הפנימי, ששפע טוב־לב והשפיע ברוח זו על כל סבי־בתו. הוא דרש טוב לכל דורשיו. מאור־פניו העיד על הלב הטוב. הוא ראה, לפי נטיות לבבו את מיטב־האדם ורצה להתעלם מ„יצר האדם הרע מנעוריו״. הוא היה כולו מבית־הלל והתרחק במתכוון מבית־שמאי. הוא הש־תדל תמיד ליישר הידורים, לעגל זויות חדות, לפשר ולהפשיר. בכל בעיה קשה ראה תמיד את הניתן להפתר פתרון שמתקבל על דעת כולם. לכן פנו אליו כל־כך הרבה אנשים הנתו־נים במריבות, בסיבוכים עסקיים ובלבטים קשים, כי הוא־הוא יטיל על עצמו את העול לברר, ללבן, להתיר בעיות, להגיע לידי פשרה. ולכן הוא המשיך כל כך יפה את המסורת הידועה לנו מדרצ׳ין ומסלונים, את המסורת של איש „הברירות״, המברר ופוסק לא רק במידת הצדק, אלא גם במידת הרחמים וההב־נה לזולת. בעיניו „כל העקוב היה למישור״.

הוא שידע גם סבל ומכות הגורל, ידע להת־יחס לרעות בחכמת־חיים וסבלנות, שתי תכונות הנפש, אשר או שהן מוענקות בחסד מלידה, או שהן נקנות במשך הזמן, ככל שהאדם מתקרב לסף הזקנה.

על־אף גילו, — שהרי עוד היה רחוק מזקנה — הוא גרס, ש„מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל״. ללמדנו, שתכונות אלה היו עצם מע־צמיותו השופעת מתינות, סבלנות ו„עשיית־טובה״.

נוסיף לכך את עממיותו הלבבית, את הגישה הפשוטה, הבלתי־אמצעית של איש־העם, נעדר מחיצות כל שהן, העלולות לחייץ בינו ובין ההמון.

ואם השתמשתי במלה המון, התכוונתי כאן במיוחד לאותם ילידי או יוצאי אותו חבל־ארץ בבילורוסיה המערבית, שציריו היו נובוג־רודק — סלונים — וולקוביסק. לאותם יוצאי הערים והעיירות, קהלות רבות ועתיקות־יומין, — מדרצ׳ין, שבחיקה הוא נולד וגדל ועד סלו־נים, שבה הוא קשר את המשך־חייו.

בשביל אנשים רבים, בהם ידידיו, מכיריו שהיו גם מוקיריו, וכן בשביל כל יוצאי הקה־לות הנ״ל בארץ — זוהי אבידה קשה. כולם יזכרוהו לטובה מתוך געגועים והוקרה, וכולם יתרפקו על זכר האיש הטוב והמיטיב, בעל מאור־הפנים ומאור־הלב, ישר־הדרך ושלם בה־ליכותיו דוד רבינוביץ זכרו לטובה.

# אבא זכרונו לברכה / אילן רבינוביץ

אין בפי מלים בהן אוכל להביע את כאבי המר ורגשותי על מות אבא. הפצע טרי עדיין והזכרונות כה ברורים וחיים.

לגבי הוא היה לא רק אב אוהב ומסור מאין כמוהו, אלא גם ידיד ורע. למרות פער הגילים שבינינו, פיתחנו לנו שפה משותפת, שפת ידידים אוהבים, אשר שילבה להפליא את היחס המשפחתי הפורמלי עם אהבת רעים עמוקה. כמעט ולא עשיתי צעד חשוב בחיי מבלי להיוועץ תחילה באבא. ומחשבתו היתה תמיד פקחית, ריאלית ואוהדת. היינו מתכתבים ארוכות בעת שהותי בארה״ב ומתייעצים איש עם רעהו על בעיות שונות מסוגים שונים, ממש כשני חברים בני גיל זהה.

תמיד היה גאה בי ומה רבה היתה שאיפתו שאתקדם ואצליח.

רבים מחברי פגשו באבא, חלקם בנוכחותי וחלקם בהזדמנויות של מסירת דרישת־שלום או סתם ביקורים. רובם ככולם התפעלו מאבא וסיפרו לי על התרשמותם מאישיותו. תמיד היה מלא חיים ומרץ, כשחיוך נסוך על פניו, חיוך של טוב־לב מלווה מבט צחקני כנה ולבבי. היה נוהג להתבדח עם חברי ולעיתים היה מצמיד כינוי היתולי לחלק מהם.

ביתנו היה תמיד מלא אנשים שונים, ממקומות שונים ומשכבות שונות, אשר המשותף שבהם היה, שרבים מהם חיפשו באבא עוגן הצלה, עזרה, משענת ועצה טובה. והוא לא היה מאכזבם. לא אחת היה נוהג להיעלם מהבית בשעות אחה״צ ולשוב בשעות הערב המאוחרות עייף ורצוץ. סיבת ההעדרות היתה תמיד זהה — עזרה לידידים. פעם היה זה עבור בני עירו דרצ׳ין, פעם היה עבור בני עירה של אמא, סלונים, פעם עבור קרובים ופעם עבור סתם ידידים.

כשבוע לפני כניסתו לבית־החולים מיהר לחפש באחת מפינות הארץ אחד מבני עירו, שנזקק היה לעזרה כספית. אבא נסע למסור לו צ׳ק, אשר הגיע למענו מארה״ב. מלאך־המות היה כבר אז בעקבותיו והוא נאלץ היה לשוב הביתה, פשוט משום שלא עלה בידו למצוא את המקום.

כולם אהבו אותו וכולם כיבדו אותו ומעולם לא היו לו שונאים. כאשר נהגתי לבקר במשרדו, או להחליפו בעבודתו, היה כל אחד מהמבקרים, ללא הבדל מקצוע, גיל או מעמד, משבח בפני את אישיותו של אבא ומוסיף: „עליך להיות גאה בתור בנו של אבא שכזה״. ואמנם, כך הרגשתי תמיד.

אחר מותו, כאשר נתקלתי במספר אנשים שלא הכרתים, אלה שעבדו עם אבא, לא היה איש מהם אשר לא דיבר ארוכות על דמותו החביבה, טובת הלב והנמרצת של אבא, אשר איש לא יכול היה לעמוד בפניה מבלי להתרשם עמוקות.

זכורה לי הפגישה עם עורך דינו של אבא, מכס קריצמן, אשר עבד אתו שנים. אמנם, ראיתיו בהלווייה עומד מן הצד בראש מורכן, אך מעולם לא ידעתי את אהבתו ומסירותו לאבא, ועתה גם למשפחה כולה. כאשר ישבתי במשרדו, דחה לקוחות ממתינים על מנת לספר לי על מעשיו של אבא, שלא היו ידועים לי ואשר עברו דרך משרדו. „אפילו אתה אינך יודע, איזה אבא היה לך ומה עשה עבור אחרים״ — ציין קריצמן. ואולם לא ידעתי ששכנים, אשר גרו אתנו שנים במקום מגורינו הקודם ובבית הנוכחי, הכירו כה טוב את אבא. פגישותיהם אתו ברחוב, במדרגות, באוטובוס או באספות ועד דיירי הבית הספיקו להם להכירו, לחבבו ואף להעריצו. מסירותם העצומה בזמן מחלתו ולאחר מכן הוכיחו לי שוב, שאבא היה בן־אדם לא רגיל.

הוא היה בעל אופי רגיש ביותר. היה סבא אידיאלי לנכדיו, אבא גאה בילדיו ובעל מסור לאשתו. מעולם לא יכול היה להיפרד ממני לתקופה ארוכה ללא בכי ודמעות. לעיתים, כאשר נהגתי לטלפן מניו־יורק הביתה, לא הייתי מסוגל לשוחח אתו, כי מיד פרץ בבכי והתרגשותו היתה עוצרת בו מלדבר. כאשר הגעתי מארה״ב ישר למיטת חוליו בבית־החולים, והוא היה אז בראשית מחלתו, פרץ בבכי ובקושי רב הצלחתי לשכנע אותו לעצור את התרגשותו.

גם בשלבי מחלתו האחרונים, כאשר מצבו הלך והחמיר, הוסיף לדאוג לעתידי. היה חוזר ודורש ממני להפסיק ול„בזבז" את זמני היקר ליד מיטתו ולנצל את חופשתי למטרות יותר מעשיות. מעולם לא חשב על עצמו ומעולם לא ראיתיו פוחד מן המוות. תמיד עמדה לפניו טובת האחרים. הוא היה סבא מסור לנכדיו. היה ממש מאושר כאשר טייל עם הנכדים ומצא עמם שפה משותפת, כפי שעשה זאת עם אנשים בגילו. היה קונה להם מכל טוב, משחק אתם כילד ומדבר בשפתם. מותו היה עבורם מהלומה קשה, הניכרת בהם עד היום.

ביקורו בארה״ב עם אמא היה עבורו חוויה עצומה. גם כאן נהג לחפש את המשפחה והידידים, הכיר קרובי משפחה שמעולם לא ראה אותם ונפגש בחוג ידידיו מדרצ׳ין, אשר ערכו עבורו קבלת־פנים מרגשת. שוב שמעתי ספורים על אבא, על טוב לבו, מסירותו וידידותו עם כולם. שוב נוכחתי בכושרו לרקום יחסי ידידות עמוקה עם כולם.

בארץ היה הרוח החיה בארגון הדרצ׳ינאי, אבל בעיקר שימש עמוד־התווך למשפחה כולה. בכל הפגישות המשפחתיות היה הראש והמייעץ, אם בשמחות ואם באסונות. גם את הפגישה המשפחתית האחרונה בפורים (בה מקריאים את מגילת התוספת יום טוב), ארגן ודאג לביצועה. תמיד נהג לשמור על קשר משפחתי עם כל קרוביו וידידיו בארץ ובחו״ל, ועלי לציין, כי למדתי זאת מאבא, ממש כפי שלמדתי ממנו דברים רבים אחרים.

אבא גם היה איש הביצוע והעמידה על עקרונות. מרצו הרב דחף אותו תמיד קדימה לרעיונות חדשים ועסוקים מגוונים ועוד. אך תמיד שמר על זכויותיו. תוך שכנוע ויושר־לב, עד שגם אלה, אשר ניסו להעמיד מכשולים בדרכו, הפכו להיות חבריו וידידיו הכנים עד היום הזה.

המוות פגע בו בהיותו עדיין בשיא מרצו ופועלו. לא מילים כתובות ולא מילים אמורות ינחמו את משפחתי ואותי. עבורנו, ובטוחני שגם עבור קרוביו וידידיו הרבים, שימש אבא סמל לנועם, טוב לב, אהבת הזולת, יושר, פשטות ושמחת חיים. לנגד עיני תעמוד תמיד דמותו האצילית של אבא, אשר כל חיי אשאף ללכת בדרכיה.

יהי זכרו ברוך.

## אלקה ליכטנשטיין / מלכה אלפר

אם מסורה ועקרת בית מצויינת, בעלת מאור־פנים, שביתה פתוח היה לקרוב ולרחוק — לבן העיר ולתייר, לעולה החדש ולכל מר לב. היתה חברה בארגון בני עירה דרצ׳ין, מסורה לעניני הארגון, לא חסה על כוחה וזמנה כדי לפעול ולהפעיל.

נולדה במשפחת עמלים ובנתה ביתה בארץ על העבודה וערכי־העם והמולדת. צעירה לימים באמצע שנות העשרים, עלתה לארץ, רבות עָברו עליה; אבל מאור פניה והאופטימיות שבה לא עזבוה עד שיצאה לדרך־המלך: הילדים גדלו, מהם בנו בתים, והיא, האם והסבתא המסורה, קורנת מאושר. נוסף על כל אלה ניחנה בתבונה וטוב היה לשאול עצה מפיה. אין מלים לנחם את המשפחה האבלה.

# ליום השנה / מרים מוזיקנט

חלפה שנה, והנה כבר אזכרה. קשה להביע את רחשי הלב והצער הרב על הילקח האשה היקרה, השכנה טובת־הלב אשת המדות הנע־לות, שכנתי הבלתי־נשכחת אלקה ליכטנשטיין. ראיתי בה תמיד מאור פנים, יחס לבבי לכל אחד. מסירותה לזולת היתה ללא גבול.

שמחה היתה להושיט עזרה בפעולה, בייעוץ, בהדרכה. בהיותי אם צעירה זכיתי במשך הש־נים, בהן גרנו באותו בניין, ליהנות מעצותיה ומהדרכתה. עשתה הכל בשמחה ובחיוך, במלים חמות שהשרו עלי רוח ערה וכיוונו אותי להת־מצא בענייני החיים, לפתור בעיות קטנות, הנר־אות בעיני אם צעירה קשות מנשוא.

בלטה ביותר מידת הכנסת האורחים שלה. בסבר פנים, בנפש חפצה ראיתי בה מסירות־נפש לכל דבר טוב.

השנים עוברות, וטרם התרגלנו למחשבה שהיא אמנם איננה ולא תחזור עוד. חסרה היא לנו מאד.

נפש יקרה היתה בינינו ובאמצע שנות חייה הטובות ביותר נלקחה מאתנו. ועד היום רב



הכאב והיגון כביום המר ההוא, ביום הילקחה מאתנו.

תהיה נשמתה צרורה בצרור החיים.

# אלקה ליכטנשטין לבית דייחובסקי ז״ל / דוד רבינוביץ

בטרם עת נסתלקה אלקה. נולדה בדרצ׳ין להורים עמלים, הגיעה ארצה בגיל צעיר בשנת 1925. הכירה את בעלה יצחק, ייבדל לחיים ארוכים, ובנו את קינם באחד הצריפים בשכונת הקווקזים. את ייעוד חייה מצאה במסירותה ודאגתה לבני עירה. כשנודע לנו, לחלוצים הרא־שונים מדרצ׳ין, דבר קיומה של המשפחה המלבבת הזו, היינו בין המבקרים הקבועים בצריפה. מצאנו שם תמיד בית חם ולא פעם כובדנו גם בארוחה, שהיינו זקוקים לה מאד בשנות חוסר העבודה ששרר אז בארץ.

אלקה היתה אשה ישרה וטובת לב, וכל יד שהיתה מושטת אליה בבקשת עזרה לא הוחזרה ריקם. אף פעם לא התאוננה על מצבה. עם גמר המלחמה היתה בין הפעילות בועד עולי עירנו ולא אחד מהעולים החדשים מצא בדירה הקטנה שלה בשכונת הקווקזים מקום מקלט עם אש״ל מלא עד שהצליח להסתדר.

אחרי שנים רבות של עבודה קשה הצליחו הליכטנשטיינים לחסוך קצת כסף ועברו לדירה מרווחת בצפון תל־אביב. גם בדירתה החדשה הוסיפה אלקה לטפל במסירות ובדאגה אמהית בצרכי ניצולי השואה. לא התאוננה בימי מח־לתה הקשה, ואת כל מבקריה בבית־החולים קיבלה תמיד בסבר־פנים ובחיוך. עד שבא המוות.

השאירה בעל, שהשתתף תמיד אתה בהגשת עזרה לנזקקי עירה, בת ושני בנים נשואים ונכדים. דמותה הנלבבת תישאר חרותה בלב כל מכיריה ומוקיריה וזכרה יהיה ברוך בקרבנו.

# לציון דמותה של המנוחה חוה שרר ז״ל לבית סלוצקי

את חוה הכרנו זה כארבעים שנה. זכינו בתקופה ארוכה זו להכירה מקרוב, ולהוקיר את סגולותיה התרומיות והנאצלות, את רוחב ליבה וטוהר נפשה — את יחסה הלבבי והחם לא רק לבני משפחתה, כי אם גם לזולת, לכל אדם באשר הוא אדם.

ביתה — שאותו הקימה בכפר חסידים יחד עם בעלה אליעזר ייבדל־לחיים־ארוכים — היה פתוח תמיד לרווחה. פניו של איש לא הושבו ריקם. עשתה ככל יכולתה, ואף למעלה מזאת, למען הזולת. היתה שותפת־אמת לשמחותיו ויגוניו של הזולת — שמחה בשמחתו ואבלה ב׳גונו.

עשרות בשנים שירתה באמונה ובטוהר־כפיים את קופת העזרה הסוציאלית שבמושב. ולעיתים, כאשר היתה הקופה ריקה מממון ונסתבר כי יש צורך דחוף לתמוך בנצרך זה או אחר, לא היססה ליטול מכספה שלה ולהלוות סכומי־כסף לקופה המצומקת, למען לא יושבו ריקם פניו של המבקש, כדי למנוע צער וסבל ובושת־פנים מן הנצרך.

תכונות אלה של עזרה לזולת ירשה מהוריה ז״ל. עוד בהיותם בחו״ל — והמצב הכלכלי בביתם לא היה שפיר — נרתמה לעזרת המשפחה, משנאלץ האב לנטוש לזמן מה את ביתו ולמצוא פרנסתו באמריקה הרחוקה. האם ובני המשפחה נשארו בדרצ׳ין — ועול הפרנסה והקיום הוטל על צווארה. ואולם, למרות קשיים אלה נשאר הבית כבעבר פתוח בפני עניים, שמצאו בתוכו לב פתוח ונכונות לסייע להם.

וכשחזר האב לעירו ולמשפחתו והוחלט להגר נפולין, החליטו הבנות לעלות לארץ־ישראל. לא חיים קלים ביקשו להן, הן העדיפו התישבות בתנאים חלוציים על פני הכרך הסואן. התנאים שנכונו למתיישב באותם ימים היו קשים מנשוא והעבודה שציפתה להן היתה מפרכת ומייגעת לאין־שיעור. ואף על פי כן לא נפלה רוחה של חוה והיא המשיכה לשאת בעול ולהתנחם בתקווה, כי בעתיד ישתפר המצב, בו ראתה חבלי קליטה והתנחלות — בבחינת יסורים שיש לקבלם באהבה לקימום חורבות הארץ ע״י הבנים השבים לגבולם.



בראשונה התגוררה עם בעלה יבל״א בין כתליו הטחובים והמטים לנפול של צריף־עץ רעוע. קשים היו התנאים, אך גברה עליהם שמחת היצירה. עוד באותם ימים רחוקים ידעו הכל — ובעיקר בני משפחה שהעפילו ארצה — כ׳ ראשית לכל עליהם לבקר בצריפה ולשהות בו תקופת־מה. את כולם קיבלה בסבר־פנים יפות, ואף כשעזבוה כוחותיה לא העלתה דברי־תלונה וקובלנות.

תמיד שמחה לשמוע על התפתחותה של ארצנו, התקדמותה, התבססותה ושגשוגה. ליוותה בלב חרד ובנפש אוהבת את מעשי בניין הארץ, וראתה בכך אתחלתא דגאולה.

ואז — כאשר יכלה סוף־סוף באחרית ימיה לרוות נחת מהמשפחה שגידלה, מהמדינה שהתפתחה, מהמצב שהשתפר לאין־שיעור — נלקחה לבית־עולמה בגיל 64.

ולוואי שזכויותיה המרובות יגנו על המשפחה שהותירה — הבעל, הבנות והנכדים ועל עם ישראל כולו.

יהי זכרה ברוך!

מנחם רהט

